# שאָלעמ-אלײכעמ

## געזאמלטע װערק

באנד XIX

מעלוכע־פארלאג פאר די נאציאָנאלע מינדערהײַטנ אינ אוסר״ר
כארקאָװ 1932 קיִעװ

Printed in USSR
(Russia)

שאָלעם־אַלייכעם

# דראַמאַטישע שריפטן

ערשטער בוך

אַרייַנפיר און קאָמענטאַר
פון נ. אויסלענדער

מעלוכע־פאַרלאַג פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין אוסר״ר
קיִעוו 1932 כאַרקאָוו

די ביבליאָגראַפֿישע פֿאַרצייכע־
נונג פֿונעם בוך און די שיפֿערן
פֿאַר ביבליאָטעק־קאַטאַלאָגן זײַ־
נען אָפּגעדרוקט אין „צײַטשריפֿט
פֿון דרוק" און אין דעם „קאַרטן־
רעפּערטואַר" פֿון דער אוקראַיִ־
נישער ביכער־פּאַלאַטע.

פֿאַראַנטוו. רעדאַקטער — מ. ל ע כ ט
טעכנישער רעדאַקטער — כ. ל י ו מ ק י ס
קאָרעקטער — כ. ל י י ב אָ װ י ט ש
הילע און סופּער־הילע — אי. פּ ל ע ש ט ש י נ ס ק י

אלוקר. פּאָליגראַפֿ. פֿאַראייניקונג
אינטערנאַציאָנאַלע דרוק. קיִעוו,
דריטער פּלאַץ, 2a. באַשט.—768
טיראַזש 3.000 15 דרוק-בויגן.
שטאָטליט—593.

# וועגנ דער סעריע „דראמאטישע שריפטנ״

(ארײַנפיר)

אינ דער סעריע „דראמאטישע שריפטנ״ גייענ ארײַנ דראמאטישע ווערק, וואָס שאָלעמ־אלייכעם האָט געשאפנ אינ פארשיידענע צײַטנ, בא פארשיידענע אומשטאנדנ אונ מיט פארשיירענעמ קינסטלערישנ דערפאָלג. נאָכ גאָר אינ דער אָנהייב־צײַט פונ זײַנ שאפנ — סאכאקל פיר יאָר נאָכ זײַנ ליטערארישנ דעביוט אינ ייִדיש — טרעט שאָלעמ־אלייכעמ ארויס מיט זײַנ ערשטנ פרווו צו שרײַבנ אינ דער דראמאטישער פאָרמ — „א דאָקטער״ (1887), אונ אינ מעשעכ פונ אלע קארגע דרײַסיק יאָר פונ זײַנ ווײַטערדיקער ליטערארישער טעטיקײַט הערט ער ניט אופ זיכ אָפצוגעבנ מיט דער דראמאטישער פאָרמ, פארטרויענדיק איר צו פארקערפערנ די הויפט־מאָטיווג אונ הויפט־געשטאלטנ פונ זײַנ שאפנ.

טעוויע דער מילכיקער, מענאכעמ־מענדל, די גרויסע גאלעריי אמכאָ־געשטאלטנ, אָנגעהויבנ מיט רעב אלטער דעמ פאקנטרעגער פונ „מאזלטאָוו״ אונ פארענדיקט מיט שימעלע סאָראָקער פונ „גרויסנ געווינס״, די שארפ־געצייכנטע געשטאלטנ פונ דער ייִדישער בורזשואזער סוויווע — אלע דידאָזיקע צענטראלע שאָלעמ־אלייכעמס געשטאלטנ — בלויז מיטנ אויסנאמ פונ די קינדער־פערסאָנאזשנ, וועמענ שאָלעמ־אלייכעמ האָט קיינמאָל ניט געוואָלט ארײַנפירנ אינ א דראמאטיש ווערק [1]) — זעענ מיר, ווי זיי גייענ דורכ פאר אונדז אינ שאָלעמ־אלייכעמס פיעסעס.

שאָלעמ־אלייכעמ אליינ האָט זײַנע דראמאטישע ווערק ניט אופגעזאמלט אינ פעסטע, שטײַפ געפלאנירטע בענדער. פונקט אזוי ווי א גרויסע צאָל דערציילונגענ שאָלעמ־אלייכעמס האָט מענ ערשט נאָכ

---

1) צווישנ שאָלעמ־אלייכעמס בריוו געפינענ מיר נאָר איינע אנ אָנווײַזונג אפ א פיעסע, וואָס װעט זײַנ „א סכוירע פאר קינדער, ווי געווונטשנ״ (זע „שאָלעמ־אלייכעמ־בוכ״ ז. 202). געהאנדלט האָט זיכ אינ דעמ בריוו וועגנ דער פיעסע „דער ראָוו מיט דער רעבעצנ״. דער ייִדישער אָריגינאל פונ דער פיעסע איז, ווי מע טיילט מיט אינ „שאָלעמ־אלייכעמ־בוכ״, פארלאָרנ געגאנגענ. די פיעסע איז דערשינענ נאָר אינ א העברעיִשער איבערזעצונג.

זײַנ טויט אָנגעהויבנ אופזאמלענ אינ גרעסערע בענדער, אזוי זײַנענ אויכ די דראמאטישע ווערק ערשט אינ דער פאָלקס־פאָנד־אויסגאבע, וואָס האָט אָנגעהויבנ דערשײַנענ אינ 1918־טנ יאָר, צום ערשטנ מאָל ארויסגעגעבנ געוואָרנ געזאמלטערהייט, אינ דרײַ גרעסערע בענדער.

שאָלעם־אליכעם האָט בא זײַנ לעבנ געמאכט בלויז איינ פרווו אופצוזאמלענ אונ אויסרעדאגירנ זײַנע דראמאטישע ווערק. דאָס איז געווענ אינ יאָר 1905, בעשאס דער פארלאג „ביכער פאר אלע" האָט אָנגעהויבנ ארויסגעבנ שאָלעם־אליכעמס ווערק אינ דער פאָרמ פונ קליינע ביכלעכ. דער פארלאג האָט דעמאָלט אינ זײַנ אנאָנס אָנגעזאָגט דעמ לייענער־אוילעמ, אז צווישנ די ווערק שאָלעם־אליכעמס, וואָס וועלנ דערשײַנענ אינ פארלאג „ביכער פאר אלע", וועט זײַנ א באזונ־דער סעריע דראמאטישע ווערק. אָט איז דער אנאָנס, וואָס איז דע־מאָלט געדרוקט געוואָרנ:

---

## „ביכער פאר אלע"

אונטער דעמ נאָמענ גיבנ מיר ארויס פארנ פאָלק שיינ אונ ביליק, אינ קליינע ביכלעכ, דערציילונגענ, מײַסעס, דראמאטנ אונ סצענעס פונעמ יידישנ לעבנ אלע וואָכ א ביכל.

### דערוויַל דרוקנ מיר:

א) דערציילונגענ, מײַסעס אונ מאָנאָלאָגנ פונ שאָלעם־אליכעמ [1].

ב) דראמאטנ, קאָמעדיעס אונ סצענעס פונ שאָלעם־אליכעמ:

1) צעזייט אונ צעשפרייט
2) סטעמפעניו
3) דער געט
4) די בערזע
5) מאזלטאָוו
6) א דאָקטער

---

1) מיר לאָזנ דורכ א גאנצ גרויסע רעשימע דערציילונגענ — 14 נומערנ — נ. א.

פון דעמדאָזיקן אנאָנס דערוויסן מיר זיך, אז שאָלעם־אַלייכעם האָט אין יאָר 1905 געפּלאַנירט זײַן סעריע „דראַמאַטן, קאָמעדיעס און סצענעס" גאַנץ ברייט. מיר זעען דאָ ניט נאָר די קליינע איינאַקטערס („דער געט", „מאַזלטאָוו", „אַ דאָקטער"), נאָר אויך די פּיעסע „די בערזע", וואָס מוז, קאָנטיק, זײַן אַן איבעראַרבעטונג פון דער גרויסער פּיראַקטיקער קאָמעדיע „יאַקנעהאָז" (צום ערשטן מאָל דערשינען 1894), און אויך די פּיעסע „סטעמפּעניו", וואָס שאָלעם־אַלייכעם האָט אָנגע־שריבן אין יאָר 1905 לויטן ראָמאַן „סטעמפּעניו".

אין דעם אויבנציטירטן אנאָנס ציט צו אונדזער אויפמערקזאַמקייט נאָך איין וויכטיקער מאָמענט. דער אנאָנס איז געדרוקט אַף דער הילע פון די ערשטע ביכלעך, וואָס זײַנען דערשינען אין פאַרלאַג „ביכער פאַר אַלע" אין מעשעך פונעם יאָר 1905 [1]. דער טעמפּ פונעם דרוקן שאָלעם־אַלייכעמס ווערק אין פאַרלאַג „ביכער פאַר אַלע" איז געווען אַ גאַנץ אינטענסיווער (אַלע וואָך אַ ביכל—ווי ס'ווײַזט אָן דער אנאָנס). דערפון לאָזט זיך דרינגען, אַז אין יאָר 1905, ווען דער אויבנציטירטער אנאָנס האָט זיך אָנגעהויבן רעגלמעסיק דרוקן, האָט דער פאַרלאַג „ביכער פאַר אַלע" שוין געמוזט האָבן אין זײַן פּאָרטפעל שאָלעם־אַלייכעמס דראַמאַטישע ווערק, וואָס זײַנען איבערגעציילט אינעם אנאָנס. מיר האָבן דאָס פולע רעכט אָנצונעמען, אַז דאָס צוגרייטן צום דרוק די איבערגעציילטע דראַמאַטישע ווערק האָט שאָלעם־אַלייכעם דורכגע־פירט נאָך אינעם זעלבן יאָר 1905, האַגאַם אייניקע פון די אָנגע־סירטע פּיעסעס זײַנען דערשינען אין יאָר 1906 און אַפילע 1907 [2].

וואָס האָט צו יענער צײַט סטימולירט שאָלעם־אַלייכעמען, ער זאָל אָנהייבן זאַמלען פון פאַרשיידענע זשורנאַלן און זאַמלביכער זײַנע עלטערע און נײַערע דראַמאַטישע ווערק, וועלכע ער האָט געוויס ניט

---

1) אַזוי, לעמאָשל, געפינען מיר דעם אנאָנס אַף דער הילע פון שאָלעם־אַלייכעמס דערציילונג „פישל דער מעלאַמעד", וואָס איז דערשינען אין 1905־טן יאָר אַלס דריטער נומער אין דער סעריע „ביכער פאַר אַלע". דעמזעלבן אנאָנס טרעפן מיר אויך אַף דער הילע פון שאָלעם־אַלייכעמס דערציילונג „האָדל", וואָס איז דערשינען אַלס נײַנטער נומער אין זעלבן יאָר 1905.

2) אַז אַזוי האָט עס געקאָנט זײַן, באַווײַזט דער פאַל מיט דער פּיעסע „צעזייט און צעשפּרייט". צו דער פּיעסע איז צוגעגעבן געוואָרן אַ האַקדאָמע. די האַקדאָמע איז דאַ־טירט: קיִעוו, מײַ 1905. דערשינען איז אָבער די פּיעסע אין פאַרלאַג „ביכער פאַר אַלע" מיט אַן אָנצייכענונג: 1906.

צופעליק אינגאנצנ אויסגעמיטנ ארייַנצונעמענ אינ דער ערשטער אויסגאבע פונ זייַנע געזאמלטע ווערק אינ 1903־טנ יאָר? א געוויסנ ענטפער גיבנ דערופ די איינצלנע צופעליקע יעדיִעס, וואָס ווארפנ זיכ דורכ אינ שאָלעמ־אלייכעמס בריוו פונ יענער צייַט. פונ דידאָזיקע בריוו איז צו זענ, אז ארומ 1905־טנ יאָר הייבט שאָלעמ־אלייכעמ אָנ אלצ אָפטער אונ אָפטער קומענ אינ באריר מיטנ יידישנ טעאטער. אויב וועגנ דער פיעסע „צעזייט אונ צעשפרייט", וואָס איז צומ ערשטנ מאָל דערשינענ אינ 1903־טנ יאָר, האָט שאָלעמ־אלייכעמ געהאט רעכט צו זאָגנ: „האגאמ דידאָזיקע בילדער זייַנענ געשריבנ אינ א דראמאטישער פאָרמ, דאָכ האָט זיכ מיר אפילע ניט געכאָלעמט, אז איכ וועל אמאָל זוכע זייַנ צו זעענ זיי אופגעפירט אפ דער בינע", — האָט מענ דאָסזעלבע שוינ ניט געקאָנט זאָגנ וועגנ די דראמאטישע ווערק, וואָס שאָלעמ־אלייכעמ האָט געשריבנ שפעטער, אָנהייבנדיק פונ דעמ יאָר 1905.

צו דער צייַט זעענ מיר קוידעמקאָל, ווי שאָלעמ־אלייכעמ הייבט אָנ אָנקניפנ פעסטע באציִונגענ מיטנ יידישנ טעאטער אינ אמעריקע. פונ זייַנע בריוו צומ ד"ר מאָריס פישבערג, געשריבנ אינ 1905־טנ יאָר, איז צו זענ, וויאזוי שאָלעמ־אלייכעמ זוכט מיט פארשיידענע מיטלענ צו שאפנ פאר זיכ א וועג צו דער יידישער בינע אינ אמעריקע. ער שרייַבט צוליבנ אמעריקאנישנ יידישנ טעאטער א ספעציעלע פיעסע „דער לעצטער קאָרבנ" אָדער די בלוטיקע טעג[1], וואָס דארפ באקאנט מאכנ דעמ אמעריקאנישנ צושויער מיט די געשעענישנ אינ רוסלאנד אינ די אזויגערופענע קאָנסטיטוציע־טעג פונ אָקטיאבער 1905־טנ יאָר. שאָלעמ־אלייכעמ דראמאטיזירט ספעציעל פאר דעמ אמעריקאניש־יידישנ טעאטער דעמ ראָמאנ „סטעמפעניו", וואָס באקומט דערבייַ א טענסאציאָנעל־צוגעווירצטנ נאָמענ „דער יידישער פאגאניני"; אויכ די פיעסע „יאקנעהאָז", וואָס שאָלעמ־אלייכעמ ארבעט איבער צוליב דעמזעלבנ צוועק, באקומט א ספעציפישנ נאָמענ: „דער אויסווורפ אָדער שמועל פאָסטערנאק". דאָסזעלבע קומט פאָר אויכ מיט דער פיעסע „צעזייט אונ צעשפרייט", וואָס ווערט באמ ארי־

1) דער טעקסט פונ דער פיעסע איז, ווי ס'ווערט מיטגעטיילט אינ „שאָלעמ־אלייכעמ־בוכ", פארלאָרנ געגאנגענ. מיר דרוקנ ווייַטער אינ די „צוגאָבנ", ז. 316, שאָלעמ־אלייכעמס א בריוו, ווו עס ווערט אָנגעגעבנ אייניקע יעדיִעס וועגנ דערדאָזיקער פארלאָרנגעגאנגענער פיעסע.

בערשיקן קיין אמעריקע באטיטלט מיט א נײַעם נאָמען „מייער שאלאנט" [1].

ס'איז געוויס מעגלעך, אז דידאָזיקע פארבינדונג מיטן ייִדישן טעאטער אין אמעריקע האָט דערוועקט בא שאָלעם־אליינכעמען דעם פארלאנג אופצוזאמלען אלע עלטערע און נײַערע פּיעסעס און אפּסנײַ ארויסגעבן זיי. נאָך מער האָט אָבער דערבײַ מיטגעווירקט שאָלעם־אליינכעמס נאָענטע באקאנטשאפט מיטן ייִדישן טעאטער אין רוסלאנד, יענע אומיטלבארע פארבינדונג, וואָס איז שיר ניט איבערגעגאנגען אין דירעקטער מיטארבעט אין דעמדאָזיקן טעאטער. אזא פעריאָד פון אומיטלבארער פארבינדונג מיטן ייִדישן טעאטער אין רוסלאנד זעען מיר בא שאָלעם־אליינכעמען ארום 1905־טן יאָר.

1905 איז דאָס יאָר, ווען דער ייִדישער טעאטער הייבט אָן, נאָך צוואנציק יאָר אומלעגאלער עקזיסטענץ, ווידער זיך באווײַזן פאר דער עפנטלעכקײַט.

באגלײַך מיט י. ל. פּערעצן ווערט אויך שאָלעם־אליינכעם ארײַנגעצויגן אינעם ייִדישן טעאטראלן לעבן פון יענער צײַט. בא שאָלעם־אליינכעמען נעמט דאָס אפילע אָן א גאָר מאמאָשעסדיקן כאראקטער. עס האלט דערבײַ, אז שאָלעם־אליינכעם זאָל שליסן אן אָפּמאך מיט א געוויסן ייִדישן טעאטער, אן אָפּמאך, וואָס שטעלט אוועק שאָלעם־אליינכעמען אין דער ריי פון די, וואָס האָבן גענומען אף זיך די איניציאַטיוו צו בויען דעם נײַעם ייִדישן טעאטער ארום 1905 [2].

מאכמעס די אלגעמיינע סאָציאַל־פּאָליטישע אומשטאנדן, אין וועלכע עס אנטוויקלט זיך צו יענער צײַט דער ייִדישער טעאטער, ווערט דערשטיקט אויך שאָלעם־אליינכעמס איניציאַטיוו. דער אָפּמאך מיטן טעאטער ווערט צונישט [3]. אָבער דער פאקט גופע, וואָס שאָלעם־אליינכעם

1) דער טעקסט פון די פּיעסעס „דער ייִדישער פאגאניני" („סטעמפּעניו"), „מייער שאלאנט" און „דער אויסוורף אָדער שמועל פּאָסטערנאק" איז נאָך ביז אהער ניט פארעפנטלעכט געוואָרן. ס'איז אפילע ניט באוווסט, צי געפינט זיך דער טעקסט פון דידאָזיקע פּיעסעס אין שאָלעם־אליינכעמס ארכיוו.

2) מאכמעס דעם אינטערעס, וואָס ס'האָט דערדאָזיקער עפּיזאָד אין שאָלעם־אליינכעמס באציִונגען מיטן ייִדישן טעאטער אין רוסלאנד, ברענגען מיר ווײַטער אין די „צוגאָבן" שאָלעם־אליינכעמס א בריוו, דער אייגנציקער קוואַל, פונוואנען מיר באקומען אייניקע ידיִעס וועגן דעם אָפּמאך מיטן טעאטער.

3) בערקאָוויטש דערציילט וועגן דעם:

דער אָפּמאך איז שוין געווען אונטערגעשריבן (דער דאָקומענט געפינט זיך אין

איז צומ ערשטנ מאָל געקומענ אינ ענגנ באריר מיטנ יידישנ טעאטער, האָט געהאט זייער פיל צו זאָגנ פאר שאָלעמ-אלייכעמס ליטע-ראַרישער טעטיקייט.

שוינ אינעמ ערשטנ בריוו, ווו שאָלעמ-אלייכעמ באשרייבט ערשט דעמ פראָיעקט פונ זיינ אָפּמאכ מיטנ אָדעסער יידישנ טעאטער, ליי-ענענ מיר:

„פארנ ערשטנ טעזאָנ האָב איכ צוגעגרייט (און ארבעט נאָכ איצט) צוויי גרויסע און פיר איינאקטיקע פיעסעס (עס זיינענ געבוירנ אינ קאָפּ נאָכ א צוויי-דריי גרויסע, פיר-און פינפאקטיקע פיעסעס)".

פונ די בריוו, וואָס שאָלעמ-אלייכעמ שרייבט אינ די יאָרנ 1905—1907, איז צו זענ, אז די באגריפנ „פיעסנ" און „טעאטער" גייענ בא אימ איצט שטענדיק באנאנד. זיינע ליטערארישע פּלענער ווערנ אפּ א געוויסער צייט ענג פארבונדנ מיט דער ארגעט פארנ יידישנ טע-אטער' —

„מיינ גורל און אייער צוקונפט — שרייבט שאָלעמ-אלייכעמ אינ א בריוו צו זיינ טאָכטער—... זיינענ ענג פארבונדנ צוזאמענ מיטנ יידישנ טעאטער" [1]).

ס'איז גאנצ פארשטענדלעכ, אז צוליב אָט די אלע סיבעס האָט שאָלעמ-אלייכעמ זיכ פארינטערעסירט מיט די אלע דראמאטישע ווערק זיינע, וואָס זיינענ געווענ צעוואָרפנ איבער פארשיידענע זשורנאלנ און זאמלביכער; פונדאנענ האָט געשטאמט אויכ דער סטימול אפּסניי אויסרעדאגירנ און ווידער ארויסגעבנ די עלטערע און נייערע דראמא-טישע ווערק זיינע.

שאָלעמ-אלייכעמ האָט די ווערק גרינטלעכ איבערגעארבעט, זיי בא-פרייט פונ איבעריקנ „ליטערארישנ" באלאסט, וואָס שטימט ניט מיט דער ספּעציפישקייט פונ דער דראמאטישער פאָרמ, ווי שאָלעמ-אלייכעמ פארשטייט זי. טיילמאָל בויט שאָלעמ-אלייכעמ איבער גאנצע סצענעס פונ זיינער א פיעסע. דערביי קאָריגירט ער באזונדערס די אידעאָלאָגישע איינ-שטעלונג פונ זיינע פריִיקע דראמאטישע ווערק, שטרעבנדיק צו ברענגענ זי צומ איינקלאנג מיט זיינ געדאנקענגאנג ארומ 1905.

שאָלעמ-אלייכעמס ארכיוו), נאָר פונ דער גאנצער זאכ איז גאָרנישט געוואָרנ: עס האָבנ זיכ געפונענ קאָנקורענטנ, וואָס האָבנ איבערגעגעבנ אהינ, „ווו מע דארפ", אז דאָס ניי-געפּלאנטע טעאטער באהאלט אינ זיכ א רעוואָלוציאָנערע טענדענצ, און די רוסישע רע-גירונג האָט די אונטערנעמונג דערשטיקט („שאָלעמ-אלייכעמ-בוכ" ז. 64).

[1]) „שאָלעמ-אלייכעמ-בוכ" ז. 62.

עס קאָן קיין ספק ניט זײַן, אַז דערדאָזיקער פּרוּוו אויפֿצוזאַמלען און אויסרעדאַגירן זײַנע דראַמאַטישע ווערק האָט פֿאַר שלום־עליכמען, אַלס אַ דראַמאַטורג, געהאַט גאָר אַ גרויסע באַדײַטונג. אָבער דער פּרוּוו איז פֿאַרבליבן ניט מער ווי אַ פּרוּוו. אונדז איז ניט באַוווּסט די סיבה, פֿאַרוואָס שלום־עליכם האָט ניט דערפֿירט ביזן סוף די אַרבעט, וואָס ער האָט אָנגעהויבן טון פֿאַר דער אויסגאַבע „ביכער פֿאַר אַלע“. ס'איז אָבער אַ פֿאַקט, אַז פֿון די אָנאָנסירטע פּיעסעס איז דערשינען נאָר אַ טייל — די פּיעסע „די בערזע“ איז ניט דערשינען, די פּיעסע „סטעמפּעניו“ איז אויך ניט דערשינען. אַזוי אַרום האָט זיך שלום־עליכמען נאָר טיילווײַז אײַנגעגעבן צו פֿאַרווירקלעכן זײַן פּרוּוו אַרויסצוגעבן אויף אַ סיסטעמאַטישן אופֿן אַלע זײַנע עלטערע און נײַערע פּיעסעס אין פֿאַרלאַג „ביכער פֿאַר אַלע“.

מער קיין פּרוּוון אַזעלכע האָט שלום־עליכם, ווי ווײַט אונדז איז דערווײַל באַוווּסט, ניט געמאַכט.

---

אין דער אַמעריקאַנער פֿאָלקס־פֿאָנד־אויסגאַבע, וואָס האָט די ערשטע נאָך שלום־עליכמס טויט גענומען אויפֿזאַמלען זײַנע דראַמאַטישע ווערק, פֿיגורירן דידאָזיקע ווערק אין דרײַ סעריעס. איין סעריע — דער פֿערטער באַנד — הייסט „דראַמאַטישע שריפֿטן“. אַהער גייט אַרײַן: 1) דער גט, 2) צעזייט און צעשפּרייט, 3) אַ דאָקטער, 4) מענטשן, 5) דאָס גרויסע געווינס. די צווייטע סעריע הייסט „קאָמעדיעס“ (דער 24־טער באַנד). אַהער גייט אַרײַן: 1) די אַסיפֿע, 2) יאַקנעהאָז, 3) מאַזלטאָוו, 4) פֿאַרביטן די יאָצרעס, 5) אַגענטן, 6) קעניג פּיק, 7) שראַגע, 8) אוילעמהאַבע, 9) מיסטער בוים אין קלאָזעט, 10) אינצווייען אַ זעקס־און־זעכציק. די דריטע סעריע הייסט: „פֿון צוויי וועלטן“ (דער 25־טער באַנד). אַהער גייט אַרײַן: 1) שווער צו זײַן אַ ייִד, 2) טעוויע דער מילכיקער.

די ניט־באַגרינדעטקייט פֿון דערדאָזיקער אײַנטיילונג אויף דרײַ סעריעס וואַרפֿט זיך גלײַך אין די אויגן. מיט דעמזעלבן רעכט, ווי דער איינאַקטער „מאַזלטאָוו“ שטייט צווישן די „קאָמעדיעס“, וואָלט דאָ זיכער געקאָנט שטיין אויך דער איינאַקטער „מענטשן“. מיט דעמזעלבן רעכט, ווי „אַ דאָקטער“ פֿיגורירט צווישן די „דראַמאַטישע שריפֿטן“, וואָלט אין דערדאָזיקער סעריע געקענט אַרײַנגעשטעלט ווערן אויך די פּיעסע „יאַקנעהאָז“.

וואָס שייַעך דעם נאָמענ פונ דער סעריע „פונ צוויי וועלטנ“ — דאַרפ מענ באמערקנ, אז אזא נאָמענ איז, ווי וויַיט אונדז איז באוווסט, בא שאָלעמ־אלייכעמענ אינ ערגעצ ניט אָנגעגעבנ. קאָנטיק, דעמ נאָמענ האָבנ צוגעטראכט די ארויסגעבער פונ דער פאָלקס־פאָנד־אויסגאבע. אינעמ נאָמענ „פונ צוויי וועלטנ“ הערט זיכ א באשטימטער אקצענט: די ארויסגעבער זייַנענ מיט דעמ נאָמענ אויסנ געווענ אונטערצושטרייַכנ, אז אינ די ווערק פונ דער סעריע, ד. ה. אינ די פיעסעס „שווער צו זייַנ א ייִד“ אונ „טעוויע דער מילכיקער“ שטייענ קעגנאנאנדער צוויי וועלטנ — די „יִידישע וועלט“ אונ די „קריסטלעכע וועלט“. די ארויסגעבער פונ דער פאָלקס־פאָנד־אויסגאבע האָבנ זייער זאָרגעווויק אָפגעקליבנ דאָס אולטרא־נאציָאָנאליסטישע אינ שאָלעמ־אלייכעמס פיעסעס, זיי האָבנ ספעציעל צוליב דעמ צוועק אופגעשטעלט א סעריע „פונ צוויי וועלטנ“ — פאר אנדערע מאָטיוונ פונ שאָלעמ־אלייכעמס דראמאטישע ווערק — די מאָטיוונ פונ סאָציאלנ אנטאַגאָניזמ — האָבנ די ארויסגעבער קיינ באזונדערע סעריע ניט געהאלטנ פאר נייטיק אופצושטעלנ. דערמיט האָבנ זיי אפ זייער נאציָאָנאליסטישנ אופנ געוואָלט „אָריִענטירנ“ דעמ לייענער פונ שאָלעמ־אלייכעמס ווערק.

קעדיי צו כאראקטעריזירנ דעמ אופנ, וויאזוי די ארויסגעבער פונ דער פאָלקס־פאָנד־אויסגאבע פירנ דורכ דעמ אָפקלייַב פונ שאָלעמ־אלייכעמס דראמאטישע ווערק, וועלנ מיר דאָ אָנווייַזנ נאָכ אפ איינ פאקט.

די ארויסגעבער פונ דער פאָלקס־פאָנד־אויסגאבע האָבנ צווישנ די פרייִקע דראמאטישע ווערק שאָלעמ־אלייכעמס ניט פארזענ „די אסיפע“, וואָס איז דערשינענ אינ 1890־טנ יאָר אינ צווייטנ באנד „ייִדישע פאָלקס־ביבליאָטעק“. „די אסיפע“ איז דערמיט אינטערעסאנט, וואָס דאָ האָבנ מיר א געלונגענעמ פרווו צו געבנ אינ א דראמאטיזירטער פאָרמ א פעליעטאָנ אפ א פאָליטיש־אקטועלער טעמע. אָבער אזעלכע פעליעטאָנענ אינ דראמאטיזירטער פאָרמ האָט שאָלעמ־אלייכעמ ניט אופגעהערט צו דרוקנ אויכ שפעטער, באזונדערס אָפט הייבט ער אָנ נוצנ דעמדאָזיקנ זשאנר צו דער צייַט, ווענ עס באווייַזט זיכ א טעגלעכע פרעסע אפ ייִדיש. אפ די שפאלטנ פונ די צייַטונגענ „דער וועג“, „דער פרייַנד“ א. א. האָט שאָלעמ־אלייכעמ אָפגעדרוקט גאָר א היפשע צאָל אזעלכע פעליעטאָנענ, געשריבנ אינ דערזעלבער פאָרמ אונ טיילמאָל מיט דערזעלבער קינסטלערישקייַט, ווי „די אסיפע“. דער גרעסטער טייל פונ אָט די דראמאטיזירטע פעליעטאָנענ איז אפילע פארצייכנט אינ דער ביבליאָגראפישער רעשימע אינ „שאָלעמ־אלייכעמ־בוכ“, אונ

דאָכ ווערט קײנ אײנציקער פונ אָט די פעליעטאָנעו אינ דער פאָלקס־פאָנד־אויסגאַבע ניט אַרײַנגענומענ.

דידאָזיקע אונ נאָכ אנדערע דעפעקטנ פונ דער פאָלקס־פאָנד־אויס־גאַבע פאַרשוועריקנ זײער די אופגאַבע אַרויסצוגעבנ א מער־ווײניקער פולשטענדיקע אויסגאַבע פונ שאָלעמ־אַלײכעמס דראַמאַטישע ווערק. מע דאַרפ דערבײַ ניט פאַרגעסנ, אַז אײניקע דראַמאַטישע ווערק שאָלעמ־אַלײכעמס, ווי „לעמאָשל", די פיעסע „דאָוויד בענ דאָוויד", וואָס געפינענ זיכ אינ שאָלעמ־אַלײכעמס אַרכיוו, איז פונקט ווי אַסאַכ אנדערע מאַטע־ריאַלנ (וואַריאַנטנ, עסקיזנ, סכעמעס), וואָס האָבנ א שײַכעס צו דער סעריע „דראַמאַטישע שריפטנ", ביז צומ הײַנטיקנ טאָג ניט דערגאַנגענ צו דער עפנטלעכקײַט. אינ אַזעלכע אומשטאַנדנ איז, פאַרשטײט זיכ, אוממעגלעכ צו געבנ אַנ אויסשעפנדיקע אויסגאַבע פונ שאָלעמ־אַלײכעמס דראַמאַטישע ווערק, אונ אַזאַ אופגאַבע האָבנ מיר זיכ אינ אונדזער אויסגאַבע ניט געשטעלט. אונדז איז געגאַנגענ נאָר אינ דעמ, אַז אויכ בא די איצטיקע באַדינגונגענ, וואָס ווענג זײ האָבנ מיר אויבנ גערעדט, זאָל געמאַכט ווערנ דער ערשטער פרווו אָפ א קריטישנ אויפנ איבער־קוקנ דעמ טעקסט־מאַטעריאַל פונ שאָלעמ־אַלײכעמס דראַמאַטישע ווערק, ווי ווײַט מעגלעכ קלאָר מאַכנ די געשיכטע פונ איטלעכנ אײנציקנ ווערק, זײַנ באַהאַדראָגעדיקע עוואָליוציע, וואָס איז פאַרבונדנ מיט שאָלעמ־אַלײכעמס אידעאָלאָגישער עוואָליוציע. אונ אינ אײנציקע פאַלנ, ווענ דאָס שטעלט פאָר א באַזונדערנ אינטערעס פאַר דער באַלויכטונג פונ שאָלעמ־אַלײכעמס אידעאָלאָגישנ וועזנ אָפ א געוויסנ עטאַפ פונ זײַנ אַנטוויקלונג, אַרײַנעמענ אינ אונדזער אויסגאַבע אויכ אַזעלכע דראַמאַטישע ווערק שאָלעמ־אַלײכעמס, וואָס זײַנענ אינ דער פאָלקס־פאָנד־אויסגאַבע ניט אַרײַנ.

דערפאַר האָבנ מיר געהאַלטנ פאַר נײטיק אַרײַנצונעמענ אינ דער סעריע „דראַמאַטישע שריפטנ" אײניקע פעליעטאָנעו אָפ פאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע טעמעס, געשריבנ אינ א דראַמאַטישער פאָרמ [1]. מיר האַלטנ פאַר נײטיק אײַנשליסנ אַהער אויכ שאָלעמ־אַלײכעמס „קאָמעדיע בראַקאַ" (א פאַראָדיע אָפ יושקעוויטשעס קאָמעדיע מיטנ זעלבנ נאָמענ). פונעמ ערשטנ וואַריאַנט „צעזײט אונ צעשפרײט" נעמענ מיר אַרײַנ

[1]) איבער געוויסע טעכנישע סיבעס ווערנ דידאָזיקע פעליעטאָנעו, ניט געקוקט אָבנ כראָ־נאָלאָגישנ סײדער, געדרוקט ווערנ ערשט אינ צווײטנ באַנד פונ דער סעריע „דראַמאַטישע שריפטנ".

אינ אונדזער אויסגאַבע דעמ פערטנ אקט, וואָס שטעלט מיט זיכ פאָר קימאַט א זעלבשטענדיקנ איינאַקטער (אינ דער פאָלקס־פאָנד־אויסגאַבע איז ער ניט איבערגעדרוקט). אויכ בענעגייע אנדערע דראמאטישע ווערק גיבנ מיר פונ צייַט צו צייַט אייניקע אויסצוגנ פונ די ערשטע וואַריאַנטנ, וואָס איליוסטרירט דעמ פּראָצעס פונ שאָלעמ־אַלייכעמס אַרבעט אפ זייַנע דראמאטישע ווערק.

ניט געבנדיק קיינ אקאדעמיש־אויסשעפּנדיקע אויסגאַבע פונ שאָלעמ־אַלייכעמס דראמאטישע ווערק, רעגיסטרירנ מיר ניט אינ קאָמענטאַר די וויניקער־באַדייַטנדיקע ענדערונגענ, וואָס שאָלעמ־אַלייכעמ האָט אַרייַנגעטראָגנ אינ דעמ אָדער יענעמ וואַריאַנט פונ זייַנעמ א ווערק. מיר פאַרצייכענענ נאָר די ענדערונגענ, וואָס האָבנ אנ אויסגעשפּראָכנ פּרינציפּיעלנ באַטייַט אינ דעמ זינענ, וואָס זיי וואַרפנ א געוויסע שייַנ אפ שאָלעמ־אַלייכעמס קינסטלערישער עוואָליוציע. אַזעלכע ענדערונגענ פּרווונ מיר פונ מאָל צו מאָל דערקלערנ — ווי ווייַט דאָס לאָזט זיכ טונ אינ די ראַמענ פונ א קאָמענטאַר—אופדעקנ זייער צוזאַמענהאַנג מיט דעמ געגעבענעמ עטאַפּ פונ שאָלעמ־אַלייכעמס אנטוויקלונג, ניט געבנדיק — איבער מאנגל אינ פּלאַץ — קיינ ברייטערע כאַראַקטעריסטיק פונעמ גאַנצנ קינסטלערישנ סטיל שאָלעמ־אַלייכעמס, ווי ווייַט ער ווייַזט זיכ אַרויס אינעמ געגעבענעמ ווערק אונ אינ די שפּעטער געמאַכטע ענדערונגענ.

עס פאַרשטייט זיכ, אז די סעריע „דראַמאַטישע שריפטנ”, וואָס כאַפּט אַרומ אַלע עטאַפּנ פונ שאָלעמ־אַלייכעמס שאַפנ אונ גיט אַזוי אַרומ אינ א מיניַאטור־פאָרמ די געשיכטע פונ שאָלעמ־אַלייכעמס גאַנצער ליטעראַטור־אנטוויקלונג, רוקט אַרויס א גרויסע צאָל פּראָבלעמעס, וואָס קענענ באַהאַנדלט ווערנ בלויז אינ דעמ באַנד מאָנאָגראַפיעס, וואָס וועט צוגעגעבנ ווערנ צו דער גאַנצער שאָלעמ־אַלייכעמ־אויסגאַבע. אינ אונדזער קאָמענטאַר האָבנ מיר זיכ ניט געשטעלט קיינ אויפגאַבע צו באַרירנ די ברייטערע פּראָבלעמעס, וואָס שטייענ פאַר דער שאָלעמ־אַלייכעמ־פאָרשונג.

די ווערק פונ דער סעריע „דראַמאַטישע שריפטנ” ווערנ דאָ געדרוקט לויטנ כראָנאָלאָגישנ סדר. בעייסנ אייַנטיילנ אפ באַזונדערע בענדער זייַנענ מיר אַרויסגעגאַנגענ בלויז פונעמ טעכניש־עדיציאָנעלנ שטאַנדפּונקט.

נ. אויסלענדער

# די פארשוינען:

**כאַיִם־לייב קרענדעלמאַן**. אַן אויסגעקוקטענער גוויר פון אַ יאָר פופציק. אַ ייִד מיט אַ קאַפּאָטע, נאָר אָן אַ היטל.

**כאַנע־לייע**. זײַן ווײַב. קיין יאָרן ווייסט מען ניט. האַלט זיך יונג, רײַבט זיך צווישן „הײַנטיקע“. באַהאַנגען מיט גאָלד, דימענטן, בריליאַנטן און פּערל.

**וויעראָטשקע**. זייער טעכטערל. אַ שיין מיידל פון „הײַנטיקער וועלט“.

**אַבראַמטשיק**. זייער זון. אַ גײַציק באָכערל, אַ „מאַסקיל“ [1].

**רעב שאָלעם שאַדכן**. אַ ייִד אַ שאַדכן מיט אַ יאַרמעלקע און מיט אַ גרינער קאַפּאָטע.

**זלאַטקע דאָס מיידל**. אַ פּאָקאָיאָווקע בײַ די קרענדעלמאַנס.

**ברײַנע די ייִדענע**. אַ קעכן בײַ די קרענדעלמאַנס. אַ ייִדענע מיט וואָנצעס.

א גרויסער זאל. טײַער מעבל מיט סאמעט באצויגנ. גוטע דיוואַ־נעס, בראָנדזענע שפיגלענ. אסאכ טישנ מיט קלײנע טישעלעכ. גלעזערנע שאפעס, אָנגעשטעלט מיט פיל זילבער, קויסעס, טעצעלעכ, געגילטע לע־פעלעכ, גרינע אונ רויטע גלעזער. די פאָטעלנ פארוואָרפנ מיט פיל סאר־שירענע, זײַדענע אונ סאמעטענע דאמענ־קלײדער. אפנ טיש—א „בלאט לאָקשנ“. אפנ פענצטער א גרויסע קופערנע קוואָרט מיט צוויי אויערנ. פארטריקנטע, נאָר טײַערע וואזאָנעס, אפ וועלכע עס הענגענ א פאָר אויס־געבערשטלטע הויזנ מיט א ווײַסנ זשילעט. אפ א גוטער עטאזשערקע מיט ספאָרים וואלגערנ זיכ אסאכ אָנגעשניטענע שטיקלעכ קוילעטש מיט א סלוי אײַנגעמאכטס. אפנ פאָרטעפיאנ—א קישנ. דורכ—א זעלטענער „פאָראָנדעק“.

## ערשטע סצענע

**כאימ־לייב** (מאכט מיט די הענט אונ לויפט ארום איבער דער שטוב). וואָס דולט ער מיר מײַנ קאָפ?

**רעב שאָלעם שאדכנ** (לויפט אימ נאָכ מיט א בריוו אינ די הענט). נאט, זעט אלײנ, וואָס מע שרײַבט מיר וואָס; איכ וועל אײַכ אָפנארנ וועל איכ אײַכ?

**כאימ־לייב.** אָבער אז איכ בעט אײַכ ניט! איכ דארפ ניט קיינ שידעכ! איכ וויל ניט! וואָס דולט ער מיר מײַנ קאָפ?

**רעב שאָלעם שאדכנ.** אז איכ פארלאנג אָבער פונ אײַכ גאָר־ניט, בלתי[2]) וואָס איר זאָלט זיכ נאָר מאטריעכ זײַנ איבערלייענענ אָט דאָסדאָזיקע בריוועלע, וואָס מע שרײַבט מיר וואָס.

**כאימ־לייב.** וואָס האָט איר צו מיר? אָבער טשעפעט זיכ אָפ פונ מײַנ לעבנ! איכ האָב קיינ צײַט נישט מיט אײַכ צו רעדנ! איר וועט קו־מענ אנ אנדערש מאָל, איכ בעט אײַכ! וואָס דולט ער מיר מײַנ קאָפ?

**רעב שאָלעם שאדכנ** (צו זיכ אלײנ) עס פאסט אימ ניט האָרכנ פאסט אימ ניט... ער וויל ניט געבנ קיינ גאדנ, דער דאָוועראכער! (צו כאימ־לייבנ) הונדערט אונ צוואנציק יאָר זאָלט איר מיר לעבנ! עטלעכע שורעס, עטלעכע ווערטער, געציילטע דרײַ ווערטער, רעב כאימ

סערדצע, וואָס ארט אײַך עס וואָס? טוט מיר צוליב טוט מיר! גלויבט מיר, איך זאָג אײַך בענעמאָנעס זאָג איך אײַך, ס׳איז א גליק, א זעלטענע זאך, כלעבן. איין מאָל אין צען יאָר מאכט זיך אזא גליק. נאט, טוט, זײַט מויכל, א קוק אליינ מיט אײַערע אויגן, זעט, אָט־אָ...

**כאַיִם־לייב** (כאפט זיך מיט ביידע הענט פארן קאָפּ) גוואלד! גוואלד! וואָס איז דאָס פאר אן אומגליק? וואָס איז דאָס פאר אן אָנשיקעניש אף מיר? וואָס דולט ער מיר מײַן קאָפּ? גוואלד!... גוואלד!... גוואלד!... (עס לויפט ארײַן כאנע־לייע).

## צווייטע סצענע

**כאנע־לייע** (א דערשראָקענע). שא! וואָס איז דאָרטן?

**כאַיִם־לייב** (וויל רעדן, לאָזט אים ניט רעב שאָלעם שאדכן. ער האלט אים צו מיט איין האנט דאָס מויל, און אין דער אנדערער האלט ער דאָס בריוול). מ־מ־מ...

**רעב שאָלעם שאדכן.** פארשטייט איר מיך, כאנע־לייע קרוין, געזונט זאָלט איר מיר זײַן, איך ווייז זיי דאָס בריוול ווײַז איך זיי; לעמײַ זאָלן מיר זיך נארן לעמײַ? איך מיין טאקע בעעמעס מיין איך, א גליק, א גליק פאר אײַער טאָכטער, איך זאָל אזוי געזונט זײַן מיט אײַך אינאיינעם! אָט נעמט, נאט, לייענט, לייענט, וועט איר זען, אז איך זאָג אײַך ניט קיין ליגן זאָג איך אײַך! צו וואָס טויג עס מיר, איך זאָל אײַך ארײַנפירן כאָלילע זאָל איך אײַך? אָט זעט, נאט, לייענט, נאט, נאט...

**כאנע־לייע** (נעמט דאָס בריוול און גיט דאָס איבער דעם מאן אין די הענט ארײַן). פארוואָס זאָלסטו טאקע ניט איבערלייענען, כאַיִם־לייב? וואָס ארט דאָס דיך? עס קאָסט דיך געלט, צי וואָס?

**כאַיִם־לייב** (נעמט דאָס בריוול; טוט אָן א פּאָר זילבערנעברילן אף דער נאָז; זעצט זיך אנידער און הייבט אָן צו לייענען הויך, אף א קאָל. כאנע־לייע זעצט זיך נעבן אים, און רעב שאָלעם שאדכן שטייט און שאָקלט צו מיטן קאָפּ נאָך יעדן וואָרט און מאכט מיט די ליפּן; עס קומט אים צו א שטיק געזונט). „לכבוד ידידי היקר הנכבד והמופלג הנגיד והקצין איש חסיד וירא שמים כש״ת מוהר״ר שלום נ״י[3]! ריישיס אוידיִאכעם[4], אז איך בין באָרוכ־אשעם בעקאוו האכאיִם וועהאשאָלוים[5], געב גאָט דאָס נעמ־לעכע פון אײַך צו הערן אף ווײַטער ניט ערגער, אָמיין. וועהא־שייניס, זײַט וויסן, אז האשידעך אים האגוויר שעלאָכעם[6], וואָס איר

האָט מי רגעהאַט געשריבן, ווען מ האגוויר שעלאָנו[7]), האָב איך מוירע וועט ניט גיין, מאכמעס, ערשטנס, האָט איר מיסטאמע נעהערט די מייסע, וואָס האָט זיך געטראָפן מיטן מעכוטן שעל האגוויר שעלאָנו, וואָס זיין עלטערע טאָכטער האָט זיך"... צו וואָס טויג עס מיר? צו וואָס דאַרף איך עס וויסן?

ר ע ב  ש אָ ל ע ם  ש א ד כ נ (כאַפּט אים בא דער האַנט). וואָס אַרט עס אייך וואָס? לייענט, וועט איר זען ווייטער וועט איר זען.

כ א נ ע־ל י י ע. אנו? לייען, לייען, וואָס האָט זיך דאָס אזעלכעס געטראָפן מיט איר? עס קער זיין א שיינע מייסע.

כ א י מ־ל י י ב (לייענט ווייטער). „...זיין עלטערע טאָכטער האָט זיך אָנגעקלעפּט, ראכמאָנע ליצלאָן[8]), אין א לערער און איז מיט אים מעכילע אנטלאָפן אין א שטאָט אריין און האָט דאָרטן געוואָלט שטעלן א כופּע. איז ער געקומען מיט זיין פּלוניעסטע צום ראָוו שטעלן א כופּע. האָט אים דער ראָוו מיסטאמע נישט געוואָלט געבן קיין כופּע אוקעדושן. איז ער אוועקגעגאנגען צום קאזיאָנע ראָוו שטעלן א כופּע, האָט אים דער קאזיאָנע ראָוו געזאָגט"... וואָס קערט זיך דאָס אָן מיט אונדז, איך בעט אייך?...

ר ע ב  ש אָ ל ע ם  ש א ד כ נ. וואָס אַרט אייך וואָס? אָט לייענט ווייטער, לייענט!

כ א נ ע־ל י י ע. נו, מיילע, לייען שוין, אז דו לייענסט.

כ א י מ־ל י י ב (רויט ווי פייער פאַר קאַס. לייענט ווייטער). „... האָט אים דער קאזיאָנע ראָוו געזאָגט: וואָסווילט איר? האָט ער אים געזאָגט: איך וויל, איר זאָלט מיר געבן כופּע אוקעדושן. האָט אים דער קאזיאָנע ראָוו געזאָגט: וואָס הייסט איך זאָל אייך געבן כופּע אוקעדושן? איך קען אייך? האָט ער אים געזאָגט... האָט אים דער קאזיאָנער ראָוו געזאָגט... האָט ער אים געזאָגט"... טפו זאָלט איר ווערן! „האָט אים ער געזאָגט! האָט ער אים געזאָגט!" צו וואָס טויגן מיר די אַלע זאָגעכצן? וואָס ווילט איר האָבן פון מיינע יאָר און טעג? (ער טוט א שמיץ דאָס בריוול און וויל אנטלויפן. רעב שאָלעם שאדכן לאָזט אים ניט. ער האַלט אים צו בא דער האַנט און נעמט אליין לייענען דאָס בריוול).

ר ע ב  ש אָ ל ע ם  ש א ד כ נ (לייענט גיך און פאַרכליגעט זיך). „...אַי־אַי־אַי! אָט דאָס האָט איר פון היינטיקע לערערס מיט היינטיקע דאָקטוירים"... אלקאָלפאָנעם... יאָ... „איז האגוויר שעלאָנו ניט קיין מעכוטן פאַר האגוויר שעלאָכעם; אלקיין האָב איך א בעסערן, א שענערן, א פיינערן און

א גרעסערן שידעך באוווּר האגוויר שעלאָכעם[9]) אין אַלע אויסאַנים, הייַנע: עס איז דאָ אין דער שטאָט ליפּעוועץ זייער א פייַנע אַלמאָנע מאָראַס ביילע שעטיכיע[10]), ביילע גאָלדשפינער, און האגאַם זי איז ניט אזוי רייַך, ווי האגוויר שעלאָכעם, דערפאַר שטאַמט זי אָבער פון גאָר א הויך אָרט, פון רעב פינכעסל ליפּעוועצער, און איבערהויפּט — וואָס זי האָט א זון, א בעניאָכיד, אַן אַנטיקל, וואָס מע קריגט דאָס ניט בעכאָל קאַצוויי ערעץ[11]), הייַנע: שיין, פייַן, שרעקלעך געבילדעט מיט סאַקאָנעס נעפאָ־שעס! א געשטודירטער, פאַרשטייט איר מיך, אַפּ אַלע לעשוינעס, גע־בילדעט קימאַט ווי א דאָקטער, און עפּשער נאָך מער ווי א דאָקטער, וועט פאַרשטעקן אַלע דאָקטוירים אין גאַרטל...״ (צו כאַנע־לייען). נו? וואָס וועט איר עפּעס זאָגן אַפן שידעך? איר זענט דאָך, ווי זאָגט מען, קיין אייַנהאָרע, א קלוגע ייִדענע, א כאַכאָמע...

כאַנע־לייע (דרייט מיט דער נאָז). ניין, ניט דאָס מיינען מיר.

כאַיִמ־לייב. ניט דאָס האָבן מיר געמיינט.

רעב שאָלעם שאַדכן (צו זיך). אָט האָסטו דיר! הייב זיך אָן מיט די אופּגעקומענע נעגידים! דאָס טעלערל פונעם הימל איז זיי קאַרג! (צו זיי ביידן). וואָס דען האָט איר געוואָלט וואָס?

כאַנע־לייע. מיר האָבן געוואָלט, ס׳זאָל זייַן עפּעס... עפּעס... אַזעלכעס וואָס... אַן אַנטיק!

כאַיִמ־לייב. עפּעס אַן אַנטיקל זאָל זייַן!

רעב שאָלעם שאַדכן. פאַר צען טויזנט ווילט איר האַנדלען מעציִעס ווילט איר?

כאַנע־לייע. צען טויזנט? צוואַנציק טויזנט!

כאַיִמ־לייב. צוואַנציק טויזנט? צען טויזנט!

רעב שאָלעם שאַדכן (צו זיך). הייַנט דערגיי א טאָלק! צען טויזנט, צוואַנציק טויזנט! צוואַנציק טויזנט, צען טויזנט!

כאַנע לייע (הויך). אַז מע זאָגט אייַך צוואַנציק טויזנט, איז צוואַנציק טויזנט!

רעב שאָלעם שאַדכן. צוואַנציק טויזנט!

כאַיִמ־לייב (הויך). אַז מע זאָגט אייַך צען טויזנט, איז צען טויזנט!

רעב שאָלעם שאַדכן. צען טויזנט!

כאַנע לייע (נאָך העכער). צוואַנציק טויזנט!

רעב שאָלעם שאַדכן. צוואַנציק טויזנט!

כאַיִם־לײב (נאָכ העכער). צענ טויזנט!

רעב שאָלעם שאדכנ. צענ טויזנט! (צו זיכ). דול אונ מעשוגע קאָנ מענ פונ זיי ווערנ!

(עס קומט אָנ אבראמטשיק מיט א פאק ביכער אונטער די הענט, גייט צו דער שאפע).

## דריטע סצענע

כאַיִם־לײב. פונוואנענ קומט דאָס אָנ אזא ייִד, ווי דו?

אבראמטשיק (קוקט ניִשט אפ קיינעמ). אזא ייִד, ווי איכ, קומט אָנ פונ דער ביבליִאָטעקע... פו! א היצ! (דערזעט רעב שאָלעם שאדכנ). א? רעב שאדכנ? וואָס טוט איר דאָ? ווידער א שידעכ? ווידער שידוכים? גוואלד, ביז וואנענ וועט איר האנדלענ מיט לעבעדיקע מענטשנ? ביז ווי לאנג וועט איר פארקויפנ קאלעס מיט כאסאנים? איר זענט דאָכ ערגער פונ אזיִאטנ, ווילדע מענטשנ, דעספּאָטנ!

כאַיִם־לײב (לייגט צו אנ אויער, קוקט אפנ שארבנ מיט גרויס גאדלעס). הא, וואָס האָסטו געזאָגט?

רעב שאָלעם שאדכנ. וואָס האָסטו געזאָגט וואָס?

אבראמטשיק. אז איכ וועל אײַכ זאָגנ, וועט איר שוינ וויסנ?

כאנע־לײע. פארוואָס ניט? רעב שאָלעמ זענענ דענ אזא בע־היימע?

אבראמטשיק. ווער זאָגט דענ, אז ער איז א „בעהיימע”? איכ זאָג נאָר, אז ער ווייסט ניט, ווײַל ס'איז א „אינאָסטראנע” וואָרט.

רעב שאָלעם שאדכנ. אתאָסער וואָרט זאָגסטו?

אבראמטשיק (בייגט זיכ צו צו רעב שאָלעם שאדכנ). אינאָסטראַנע — ווייסט איר שוינ? אינאָסטראנאָיע סלאָוואָ!

רעב שאָלעם שאדכנ (פינטלט מיט די אויגנ). אהא! (פאָטער אונ מוטער קוועלנ).

אבראמטשיק. אהא? וואָס אהא? א ייִד זאָגט דיר באלד „אהא”!

רעב שאָלעם שאדכנ. איכ מיינ דאָס וואָרט מיינ איכ. הייסט עס, אפּאָנעם, אזא וואָרט, וואָס דער פשאט איז דערפונ... (ער מאכט מיט די פינגער). ע־ע־ע...

אבראמטשיק (כאפט זיכ מיט ביידע הענט באם בויכ). כא־כא־כא! אוי, פאנאטיקער! אוי, פאנאטיזמ! אוי, כאסידיזמ! אינאָסטראנע ווער־טער ווערנ אָנגערופנ פרעמדע ווערטער, ווערטער פונ פרעמדע שפּראכנ,

לֿעמאָשל, „דעספּאָט“, „דעספּאָטנ“. פונוואנגענ נעמט זיכ דאָס, ווייסט איר?

רעב שאָלֿעמ שאדכנ. אדעראבע, פונוואנענ, אדעראבע? איכ בינ א ייד א פּראָסטער בינ איכ, אינ די שקאָלֿעס האָב איכ ניט געלֿערנט אונ אינ די אוניווערסיטעטנ בינ איכ ניט געגאנגענ... געב מיר נאָר א פּאפּיראָס געב מיר (נעמט בא אימ א פּאפּיראָס).

אבראמטשיק (מיט גאדלֿעס). דאָס וואָרט „דעספּאָט“ נעמט זיכ פונ דעספּאָטיזמ... הייַנט ווייסט איר שוינ?

רעב שאָלֿעמ שאדכנ (שאָקלֿט מיטנ קאָפּ). אזוי? פּס!!!... וואָס־זשע הייסט דאָס „דעספּאָטיזמא“?

אבראמטשיק. דעספּאָטיזמ איז דאָסזעלֿבע, וואָס דעספּאָט.

רעב שאָלֿעמ שאדכנ. אהא, אויב אזוי ווייס איכ שוינ! עפּשער האָסטו א שוועבעלֿע? (נעמט בא אימ א שוועבעלע). וואָס־זשע הייסט דאָס דעספּאָט? (פּיפּקעט רעמ פּאפּיראָס). אדעראבע, מאכ מיר קלֿאָר, אדעראבע!

אבראמטשיק. א דעספּאָט הייסט אזא מענטש, וואָס פירט זיכ דעספּאָטיש, אונ שוינ!

רעב שאָלֿעמ שאדכנ. איכ פארשטיי, איכ פארשטיי! (רויכערט דעמ פּאפּיראָס אונ בלאָזט מיט די ליפּנ). איז וואָס־זשע הייסט דאָס דעספּאָטיש?

אבראמטשיק, דעספּאָטיש הייסט, אז ער פירט זיכ ווי א דעספּאָט, אונ א דעספּאָט הייסט א טיראנ, דעספּאָט אונ טיראנ איז קימאט אלֿציינס, אונ לֿאָזט מיכ צורו! (קוקט אינ די ביכלֿעכ אריַינ אונ מישט בלעטלעכ).

רעב שאָלֿעמ שאדכנ. איכ פארשטיי שוינ, איכ פארשטיי שוינ! עס הייסט, דער שוירעש דערפונ איז אזוי, נאָר דער פּשאט איז אנ אנדערער. אלֿפּי דיקדעק[12], הייסט עס... (מאכט מיט די פינגער). זאָג־זשע מיר, אבראמטשיק, זאָלֿסט מיר געזונט זיַינ זאָלֿסטו מיר, פונ וואָסער א שפּראכ נעמט זיכ דאָסדאָזיקע וואָרט פונ וואָסערער? פונ דיַיטשעס, צי פונ פראנטשייזשעש?

אבראמטשיק (קוקט אינ ביכלֿ אריַינ). הא? דעספּאָטיזמ? פונ לֿאטיינ.

רעב שאָלֿעמ שאדכנ. אזוי? טצא־טצא־טצא! אזש פונ לֿעטיַינ! (צו רעב כאימ־לייבנ מיט זיַינ וויַיב). א? זעט איר? אָט דאָס הייסט געקענט שפּראכ אָט דאָס! אָט דאָס הייסט הייַנטיקע וועלֿט אָט דאָס! אינ אונדזערע יאָרנ, רעב כאימ־לֿייב, האָבנ מיר עפּעס אסאכ געוווּסט פונ א שפּראכ מיט א לֿעטיַינ? הא? (דער פּאָטער מיט דער מוטער קווענלֿנ).

א ב ר א מ ט ש י ק (קוקט פונויבג אראָפּ). וואָס איז דער כאָסנ אײַערער, וואָס איר רעדט מײַנ שוועסטער: א דאָקטער מעדיצינ, צי א יוריסט? צי עפּשער גאָר א אינזשענער־טעכנאָלאָג?

ר ע ב ש אָ ל ע מ ש א ד כ נ (בלאָזט דעמ פּאפּיראָס). נישט דאָס אונ נישט יענצ אונ נישט גאָרנישט.

א ב ר א מ ט ש י ק. נישט דאָס אונ נישט יענצ אונ נישט גאָרנישט? טאָ וואָס דען איז ער? א קופּטשיק? א טונעיאדעצ?

ר ע ב ש אָ ל ע מ ש א ד כ נ. כאס־וועכאָלילע! ער איז א גווירישער קינד, וואָס איז שײַעכ — א קענער, א מוירעדיקער קענער! לעשוינעס מיט שפּראכ, מיט יידיש, מיט רוסיש, מיט דײַטש, מיט פראנצויז, מיט סאקאָנעס נעפאָשעס!

א ב ר א מ ט ש י ק. זענט איר דאָס דער מייווינ? גוטע יאָרנ! אומזיסט אײַער טירכע! מײַנ שוועסטער וועט ניט נעמענ קיינעמ, אכוץ א דאָקטער, אונ דאפקע א דאָקטער מעדיצינ.

כ א י מ ־ ל ײ ב. ווער פרעגט דיכ? וואָס ביסטו פאר א מעכוטנ אהער אפ זאָגנ דייעס?

א ב ר א מ ט ש י ק. וואָרעמ אזוי! איכ ווייס, אז וויעראָטשקע וועט ניט נעמענ קיינ אנדער כאָסנ, אכוצ א דאָקטער מעדיצינ.

כ א י מ ־ ל ײ ב. יאָ. אָבער וואָס ביסטו פאר א שילאטנ־שאמעס? דײַנ געשעפט איז ביכער אונ ביכלעכ. גיי געזונטערהייט!

כ א נ ע ־ ל ײ ע (שטעלט זיכ אײַנ). וואָס ארט דיכ, אז דאָס קינד רעדט?

כ א י מ ־ ל ײ ב. איכ האָב פײַנט אנ אזעס־פּאָנעמ! ס'איז ניט זײַנ באבעס דײַגע!

א ב ר א מ ט ש י ק (לאָזט זיכ גיינ, בלײַבט שטיינ אפ א ווײַלע אינ א טראגישער פּאָזע, שאָקלט מיטנ קאָפּ אונ רעדט צו זיכ אליינ). אָ, דעספּאָטיזמ, פאנאטיזמ, כאסידיזמ, אָבסקוראנטיזמ!... (גייט אוועק. דער פאָטער אונ די מוטער קוועלנ).

## פערטע סצענע

ר ע ב ש אָ ל ע מ ש א ד כ נ. אָט דאָס הייסט א מושלעמ[13]! אָט דאָס הייסט געקענט אָט דאָס! האקיצער, איז וויאזוי בלײַבט דאָס וויאזוי? איר האָט מיר פארשלאָגנ די פּאָמערקעס האָט איר מיר... יאָ! קלאפּ איכ, הייסט עס, אוועק א דעפּעש, אָדער איכ שרײַב ארײַנ אנ אָטקריטקע צו מײַנ שוטעפ ווענג דעמדאָזיקנ שידעכ, אז...

כ א נ ע־ל יי ע (שלאָגט אים איבער). זײַט זיך ניט מאטריעך, קלאַפּט ניט קיין דעפּעשן און שרײַבט ניט קיין אַטקריטקעס—דער שידעך איז ניט פאַר אונדז.

כ א ־מ־ל יי ב. ס׳איז ניט פאַר אונדז דער שידעך.

ר ע ב ש אָ ל ע ם ש א ד כ נ. פאַרוואָס איז?

כ א נ ע־ל יי ע. דערפאַר, וואָס מיר ווילן א דאָקטער. הײַנט ווייסט איר שוין? איינמאָל פאַר אַלע מאָל — א דאָקטער.

ר ע ב ש אָ ל ע ם ש א ד כ נ. א דאָקטער? מיילע, אויך די אייגענע מײַסע! איר זאָגט א דאָקטער? לאָז זײַן א דאָקטער לאָז זײַן.

כ א ־מ־ל יי ב (צו כאנע־לייען). א דאָקטער? אנדערש לוינט דיר ניט?

כ א נ ע־ל יי ע. אנדערש לוינט מיר ניט.

כ א ־מ־ל יי ב. נו, וויל איך דאפּקע א סויכער. איך האָב דיר וויפל מאָל געזאָגט, אז איך וויל נעמען א סויכער, ניט קיין דאָקטער! א טײַערע מעציע א „יאָקטער”! ער האָט געשטודירט און געשטודירט, קוים אויסגעשטודירט — און פונדעסטוועגן ווער קומט צו וועמען, אז עס טוט אים וויי דער בויך? ווער נעמט בא וועמען א קערבל? איך בא אים, צי ער בא מיר? ניין, אדעראבע, זאָגט שוין איר אליין, רעב שאָלעם! האקיצער, איך נעם ניט פאר מײַן טאָכטער קיין דאָקטער! איך נעם איר א סויכער! פארשרײַבט אײַך, רעב שאָלעם, א סויכער!

ר ע ב ש אָ ל ע ם ש א ד כ נ. א סויכער? מיילע, אויך די אייגענע מײַסע! איר זאָגט א סויכער? לאָז זײַן א סויכער לאָז זײַן.

כ א נ ע־ל יי ע. איז דאפּקע ווײַל דו ווילסט א סויכער, וויל איך א דאָקטער.

ר ע ב ש אָ ל ע ם ש א ד כ נ. א דאָקטער.

כ א ־מ־ל יי ב (הויך). איר הערט, רעב שאָלעם? א סויכער!

ר ע ב ש אָ ל ע ם ש א ד כ נ. א סויכער.

כ א נ ע־ל יי ע (הויך) א דאָקטער!

ר ע ב ש אָ ל ע ם ש א ד כ נ. א דאָקטער.

כ א ־מ־ל יי ב (נאָך העכער). א סויכער!

ר ע ב ש אָ ל ע ם ש א ד כ נ. א סויכער.

כ א נ ע־ל יי ע (נאָך העכער). א דאָקטער!

ר ע ב ש אָ ל ע ם ש א ד כ נ (צו זיך). מעשוגע צו ווערן פון זיי! (צו זיי ביידן). ווייסט איר גאָר וואָס? איך וועל אײַך געבן א סויכער וועל איך אײַך געבן אזעלכן, וואָס היילט, אָדער א דאָקטער, וואָס האנדלט, און לאָז דאָס האָבן אן עק לאָז דאָס, און הייסט עפּעס דער־

לאנגענ צומ טיש, דורכשוועגקענ דעמ גאַרגל, טרוקנ געוואָרנ אינ האַלדז רעדנדיק מיט אייַך, אונ טאָקע...

(כאנע-לייע טוט א קלונג. מע טראָגט אַרייַנ לעקעך מיט בראַנפּנ. עס קומט אָנ פונ דער גאַס וויראָטשקע מיטנ היטעלע, מיטנ זאָנ־טיקל אונ מיט די הענטשקעלעך).

# פינפטע סצענע

**וויראָטשקע** (צומ שאדכנ). באָנזשור, מאָנסיע!

**רעב שאָלעמ שאדכנ.** מע רופט מיך רעב שאָלעמ, ניט מאָסיי.

**וויראָטשקע.** כא־כא־כא! אָט א ניעוועזשדא! „באָנזשור מאָנ־סיע" הייסט — גוט מאָרגנ אייַך, מייַנ הער.

**רעב שאָלעמ שאדכנ.** א שיינער גוט מאָרגנ אפ איר; שוינ באַלד נאכט... א גוטער אָוונט זאָל דיר זייַנ! לעכאיִמ, רעב כאיִמ־לייב! לעכאיִמ, כאנע־לייע! נו, לאָז גאָט געבנ בא איר צו דער כופּע.

**וויראָטשקע.** כא־כא־כא! אָט א קאָמיק! וואָס טוט איר דאָ? אלצ מיקויעך כאסאנימ? אומזיסט אייַער מי, אומזיסט ברעכט איר פּיס.

**רעב שאָלעמ שאדכנ.** די פיס זענענ מייַנע, ניט קיינעמס.

**וויראָטשקע** (גייט ארומ פאַר געלעכטער). כא־כא־כא! כא־כא־כא!

**כאנע־לייע.** וואָס לאכסטו אזוי, טאָכטער?

**כאיִמ־לייב.** וואָס איז דער געלעכטער?

**וויראָטשקע** (צו דער מוטער). א קאָמיטשעסקע פיגור! כא־כא־כא! פונ־וואנענ נעמענ זיך אזעלכע ניעוועזשדעס? וואָס טוט דאָ בא אייַך דער שאדכנ?

**כאנע לייע.** וואָס טוט א שאדכנ? ער רעדט שידוכימ.

**וויראָטשקע.** וועמענ רעדט ער דאָס שידוכימ?

**כאיִמ־לייב.** וועמענ? מיר!

**כאנע־לייע.** זיי רעדנ דיר א כאָסנ, וויראָטשקע.

**וויראָטשקע.** וואָס הייסט, ער רעדט מיר א כאָסנ? א כאָסנ דארף זיך רעדנ אליינ. (טוט אויס די הענטשקעלעך). וועמענ, אשטייגער, רעדט ער מיר?

**כאנע־לייע.** זיי רעדנ דיר א דאָקטער.

**כאיִמ־לייב.** א סויכער רעדט ער דיר.

**כאנע־לייע** (הויך). א דאָקטער, ניט קיינ סויכער! (רעב שאָלעמ שאדכנ רעדט נאָך: „א דאָקטער").

כאַימ־לייב (הויכ). א סויכער, ניט קיינ דאָקטער! (רעב שאָלעמ שאדכנ זאָגט נאָכ: „א סויכער”).

כאנע־לייע (נאָכ העכער). א דאָקטער! (רעב שאָלעמ שאדכנ: „א דאָקטער”).

כאַימ־לייב (נאָכ העכער). א סויכער! (רעב שאָלעמ שאדכנ: „א סויכער”).

רעב שאָלעמ שאדכנ (צו זיכ). יאָ! עס הייבט זיכ שוינ אָנ א טרעיאַטער! (צומ פאָטער אונ מוטער). שאט! ווייסט איר גאָר וואָס? לאָמיר פרעגנ בא איר אַלײנ לאָמיר. (צו ווירעגנ). וואָס ווילסטו בעסער, מיידל, א סויכער, צי א דאָקטער?

ווירעאָטשקע. איר זענט א נאכאַל!

רעב שאָלעמ שאדכנ. א וואָס?

ווירעאָטשקע. א נאכאַל!

רעב שאָלעמ שאדכנ. ניינ, דו האָסט א טאָעס, מיידל, איכ בינ א שאדכנ בינ איכ, ניט קיינ נעכאַל; איז אויב דו ווילסט, קאָנ איכ דיר געבנ אפ אויסצוקלויבנ קאָנ איכ דיר; רעב שאָלעמ שאדכנ האָט באָרוכאשעמ געענוג. איכ קאָנ דיר געבנ א סאָכרישנ דאָקטער, אָדער א דאָקטערשנ סויכער. די ברײרע איז בא דיר די ברײרע.

ווירעאָטשקע (קײכט פאר געלעכטער). כא־כא־כא! א סאָכרישער דאָקטער, אָדער א דאָקטערשער סויכער! כא־כא־כא!..

רעב שאָלעמ שאדכנ (צו זיכ). דאָס מיידל איז מיר עפּעס פריילעכ דאָס מיידל... (צומ פאָטער אונ מוטער). לעכאַימ, רעב כאַימ־לייב! לעכאַימ, כאנע־לייע! נו, לאָז גאָט געבנ איינגיכנ צו דער כופּע!...

כאנע־לייע. וואָס שווײַגסטו, טאָכטער? זאָג אימ, דעמ טאטנ דײַנעמ, דעמ טיראַנ, דעמ דעספּאָט, אז דו וועסט נעמענ א דאָקטער, ניט קיינ סויכער! (רעב שאָלעמ שאדכנ זאָגט נאָכ: „א דאָקטער, ניט קיינ סויכער”).

כאַימ־לייב. א סויכער וועט זי נעמענ, ניט קיינ דאָקטער! (רעב שאָלעמ שאדכנ זאָגט נאָכ: „א סויכער, ניט קיינ דאָקטער”).

כאנע־לייע (הויכ). א דאָקטער! (רעב שאָלעמ שאדכנ זאָגט נאָכ: „א דאָקטער”)

כאַימ־לייב (הויכ). א סויכער! (רעב שאָלעמ שאדכנ זאָגט נאָכ: „א סויכער”).

כאנע־לייע (א טופּ מיטנ פוס). א דאָקטער! א דאָקטער! א דאָקטער!

רעב שאָלעמ שאדכנ (זאָגט נאָכ). א דאָקטער! א דאָקטער! א דאָקטער! לעכאַימ, רעב כאַימ־לייב! לעכאַימ, כאנע־לייעניו!

ווירעאָטשקע (קאטשעט זיכ פאר געלעכטער). כא־כא־כא! א דאָקטער! א דאָקטער! א דאָקטער!

(פון יענער זייַט וואנט הערט זיך א קאָל פון אבראמטשיקן: „א דאָק־טער! א דאָקטער! א דאָקטער!" — עס עפנט זיך די קיך־טיר און עס לויפט אריַין אן איבערגעשראָקענע זלאטקע דאָס דינסטמיידל מיט א האנטעך און מיט א פלעדערוויש, און נאָך איר בריַינע די יידענע מיט א האנטשערקע און מיט א ראהאטש).

## זעקסטע סצענע

זלאטקע דאָס מיידל. א דאָקטער? וועמען איז א דאָקטער? וועלכן דאָקטער? אָט לויף איך ברענגען דעם דאָקטער!

בריַינע די יידענע. א מאקע איז מיר א גרויסע! א דונער האָט מיך דערשלאָגן! וואָס איז דאָ? מע כאַלעשט? ווער כאַלעשט? פאר וועמען דארף מען דאָס דעם דאָקטער?

(וויעראָטשקע הערט ניט אויף צו קאטשען זיך פאר געלעכטער).

כאנע־לייע (לאָזט זיך צו די דינסטן מיט ביידע קולאקעס). א בייזער! א וויסטער! א פינצטערער כאָלעם צו אייַער קאָפּ און צו אייַערע הענט און פיס! וואָן, שלימאזלען! ארויס פונדאנען, דראנקעס! כצופעס!

(ביידע דינסטן לאָזן זיך צו דער טיר, באגעגענען זיך מיט רעב שאָלעם שאדכן, צעבוצקען זיך מיט די נעז).

רעב שאָלעם שאדכן. ביז עפּעס וואָס, קאָן מען דאָ כאפּן צווישן יאָ און ניין א פּאָר פּעטש קאָן מען... א שטוב פון גאָלע מעשוגאָים, כלעבן... זיי דארפן אלע א דאָקטער דארפן זיי... ווי איך לעבן אריַין א דאָקטער!

(פּאָרהאנג)

# דער געט

סצענעס פונעם אמאָליקנ ייִדישנ לעבנ,
אינ איינ אקט אונ דרײַ בילדער.

(געשריבנ אינ יאָר 1887)

## די פּאַרשוינען:

**סאָרע כאַנצי.** „אַן אײשעס כאַיל“ 1).

**רוווּן־הערש.** איר מאַן, אַ יודיײע טיפּער 2).

**עטל.** זײער טאָכטער, אַ יונג װײַבל.

**מאָטל.** זײער אײדעם, אַ פֿײַנער יונגערמאַנטשיק.

**לײװי־בינימין.** אַ יונגערמאַן אַ מאַסקיל 3), מאָטלס אַ כאַווער.

**רעב שאָלעם שאַדכן.** אַ ייִד אַ שאַדכן.

**רעב אָרקע.** דער ראָװ פֿון שטעטל.

**פֿרומע־ליבע.** די רעבעצן.

**רעב זכאַריע.** אַ סויכער, אַ ייִד מיט אַ גרינגער שאַל.

**ייִדל דער שאַמעס.** אַ װיִרעװדיק ייִדל מיט אײן אויג.

**צװײ אײדעס.**

**אַ מיניען ייִדן.**

די געשיכטע קומט פֿאָר אין אַ קלײן שטעטל אינעם פֿאָריקן יאָרהונדערט.

# דאָס ערשטע בילד

אינ א געוויינלעכ צימער, פּאָשעט מעבלירט, אפ דעמ אלטנ יידישנ אויפנ, זיצט בא א גרויסנ פירעקעכיקנ טיש, אפ א בענקל, רוונ־הערש איבער א סייפער פונ די היינטיקע ספאָרים, שטארק פארטיפט. בא דער הרובע זיצט סאָרע־כאנצי אונ ארבעט א זאָק מיט גרויס מעהירעס [4], אונ דאָס קנייַלכענ בוימוואָל קאטשעט זיכ בא אירע פיס אפ דער ערד; זי איז פארטיפט אינ דער ארבעט אונ קוקט אפ די דרעטלעכ, וואָס טאנצנ ארומ אינ אירע פינגער.

.1

## סאָרע־כאנצי אונ רוונ־הערש.

סאָרע־כאנצי (ציילט די אייגלעכ פונ זאָק). איינס, צוויי, דריַי, פיר, פינפ... רוונ־הערש! זעקס, זיבנ, אכט, נייַנ, צענ... רוונ־הערש!

רוונ־הערש (הייבט אופ די אויגנ פונעמ סייפער). הא?

סאָרע־כאנצי. האק דיר אינ קאָפּ אריַינ! צענ מאָל דארפ מענ דיכ רופנ, ביז דו וועסט זיכ אמאָל אָנרופנ.

רוונ־הערש. וואָס־זשע איז דאָרטנ?

סאָרע־כאנצי. וואָס זאָל זייַנ? גאָרניט! ער האָט זיכ אָנגערעדט מיטנ גענייִדעמ [5], מע זאָל מיכ א לעבעדיקע אריַינטריַיבנ, סאָנע־ציִענ [6], אינ דער ערד אריַינ — אונ גענוג.

רוונ־הערש. שא, א נייַעס! וואָס נאָכ וועסטו זיכ אויסטראכטנ?

סאָרע־כאנצי. אויסטראכטנ? איכ טראכט זיכ אויס? איאָ, רוונ־הערש? ווער איז גערעכט? דו מיט דעמ גענייִדעמ דייַנעמ! ווער איז א הולטייַקע? איכ! ווער ווערט אויסגעריסנ, זאָלט איר ווערנ? ווער פּרוּירט א גאנצנ טאָג אינ קלייט, אויסגעפּרוּירנ זאָלט איר ווערנ אלע איינציקווייַז? — אלצ איכ! אלצ איכ! אונ אז סע קומט צו עפּעס, בינ איכ די שלעכטע! גיי, האָרעווע, קריכ אינ דער ערד! א שיינעמ קאָוועד קאָנ מענ זיכ פונ אייַכ דערלעבנ, ברענענ זאָלט איר אפנ פייַער, ווי מיר ברענט דאָס פּאָנעמ, ריבוינעשעלוילעמ! אז טאָג

ווי נאכט ווייסט מען נאָר זיצן איבער די שיינע ביכלעך און פאטשקען אין די גאזועטן! און אז איך קום פון מארק, קוקט מען אפ מיר, ווי אף דעם הונט, און מע סוידעט זיך מיט דער ווייב, און מע שושקעט זיך מיט איר — שו־שו־שו, שו־שו־שו... וואָס שושקעט ער זיך מיט איר? הא? דו מיינסט, איך ווייס ניט, אז ער רעדט פון מיר? האָסט מוירע, איך הער ניט? וואָס פאר סוידעס איז דאָ פאר א שוויגער? איך פרעג דיך, וואָס האָט זיך אן איידעם צו באהאלטן פון א שוויגער? רוווג־הערש? רוווג־הערש! (מיט א קוועטש) רוווג־הע־ערש!

רוווג־הערש (כאפט זיך אוף). הא?

סאָרע־כאנצי. האק דיר אין מויעך! איך רעד און רעד, ווער צע־זעצט רערנדיק, און ער „האקעט” און „האקעט”, גלייך ווי א הונט בילט! אין מיר ווערט מיין גאל צע־פלאצט, מיין בלוט ווערט איבער־געזאָטן, ווי אן אָקריפ — און ער זיצט זיך מיט א גלאטן לונג און לע־בער איבער די ספאָרימלעך, און איך האווקע און האווקע, טאָמער ווייסטו וואָס? אפאָנעם, די ספאָרימלעך זענען בא דיר טייערער פונעם ווייב? דאָס איז דאָך אינגאנצן דיין כייעס! און ווער פאָרט אף א יאריד? — סאָרע־כאנצי! ווער וואָרגט זיך מיט א קארטאָפלי פאר א גאנצן טאָג, דערוואָרגן זאָלסטו ווערן, ליבער גאָט? — סאָרע־כאנצי! ס'זאָל אים אָנהייבן, אשטייגער, ארן, וואָס דער שיינער געניידעם זיינער, בורענען זאָל ער, פאטשקעט מיך אף די גאזועטן... רוווג־הערש! (בייגט זיך אָן צו אים, אין אויער ארײַן). רוווג־הערש! רוווג־הערש! רוווג־הערש!

רוווג־הערש (רייסט זיך אָפ פונעם סייפער). הא? הא? הא?

סאָרע־כאנצי. קוק אָן אביסל א האקען — האק דיר אין מויעך! איך רעד פון דיין טאכשיט, פונעם געניידעם דיינעם רעד איך, פאר־כאפט זאָל ער ווערן!

רוווג־הערש. וואָס האָסטו צו אים? וואָס האָט ער דיר געטאָן?

סאָרע־כאנצי. וואָס, האָסטו געוואָלט, זאָל ער מיר טון? ער זאָל מיך שלאָגן? ס'איז גענוג דאָס, וואָס ער באשרײַבט מיך אף די גאזועטן!

רוווג־הערש. ווער האָט דיר געזאָגט, אז ער באשרײַבט דיך אף די גאזועטן?

סאָרע־כאנצי. וואָס דען ליגט ער טאָג ווי נאכט בא לייע־דוואָסים געניידעמל, וואָס שרײַבט אין אלע בלעטער? צונויפגעקאָמפא־ניעט זיך מיט א שארלאטאן א שרײַבער, און נאָר מע לאכט, און נאָר

מע ראַהאַטשעט זיך, און אַז מע דערזעט מיך, ווערט מען אנשטומט, שטום און קרום זאָלן זיי ווערן פאַר קאָל־ייִסראָעל!

רוּווּן־הערש. כלעבן, דו טשעפּעסט זיך אומזיסט. מאָטל איז אַ יונגערמאַן אַ גאָלד! אַזאַ יאָר אַף מיר.

סאָרע־כאַנצי. אָמיין, אַזאַ יאָר אַף אײַך ביידן!

רוּווּן־הערש. ער איז אַ יונגערמאַן, וואָס קאָן גוט לערנען, און לייענען, און שרײַבן, און... און... און...

סאָרע־כאַנצי. און... און... און! איך דאַרף ניט האָבן קיין שרײַבער, וואָס זאָל מיך באַשרײַבן! באַליאַפּען!

רוּווּן־הערש. טשעפּע זיך אָפּ, ער האָט דיך ניט אַפילע אין זינען.

סאָרע־כאַנצי. וואָס איז! סע שטייט אים עפּשער ניט אָן? איך דאַרף אַף קאַפּאָרעס אַן איידעם, וואָס קען צופיל און פאַרשטייט צופיל און ־ ווייסט צופיל!

רוּווּן־הערש. וואָס־זשע אַרט עס דיך, אַז ער קען צופיל און פאַרשטייט צופיל און ווייסט צופיל?

סאָרע־כאַנצי. אַרן אַרט מיך ניט: לאָז ער זיך אָנצינדן! אַבי ער זאָל מיך לאָזן צורו, ניט פּאַטשקען מיך אַף די גאַזעטן!

רוּווּן־הערש. ווער האָט דיר געזאָגט, אַז ער פּאַטשקעט דיך אַף די גאַזעטן?

סאָרע־כאַנצי. וואָס דען טוט ער טאָג ווי נאַכט בײַ לייט־דוואָסיס בעניידעמל, וואָס אַלע ווייסן, אַז ער פּאַטשקעט אַף די קרויט־בלעטלעך, מיין איך אַף די גאַזעטן?

רוּווּן־הערש (אַרויס פון די קיילים). אַ מײַסע אָן אַן עק מיט דיר! סע וואָלט טאַקע געווען אַ מיצווע, כלעבן, מע זאָל דיך טאַקע באַשרײַבן אין די גאַזעטן, און גוט באַשרײַבן, אַזוי אַז דו זאָלסט האָבן צו זינגען און צו זאָגן!

סאָרע־כאַנצי (רויט פאַר קאַס). ניט דערלעבן וועט איר דאָס ביידע! נאַ דיר אַ מאַטאָנע! (טראָגט אים אונטער אַ פײַג).

רוּווּן־הערש. עס געזונט!

(נעמט דעם סייפער אונטער דער האַנט און גייט אַוועק, טוט אַ זעץ מיט דער טיר. פונעם אַנדערן ביידער לויפט אַרײַן עטל).

## ס אָ ר ע־כ א נ צ י א ו נ ע ט ל.

ע ט ל (איבערגעשראָקן). וואָס איז דער טאטע אזוי איגן קאס?

ס אָ ר ע־כ א נ צ י. ווייסט אים דער שווארצער יאָר! דו קענסט אים ניט, דעם קויהענ? ער וויל ניט ליַדן, לעמיַ דיַנ מאָטל איז געפּעשאכאס [7]) מיט דעם שארלאטאנ.

ע ט ל. מיט וואָסער שארלאטאנ?

ס אָ ר ע־כ א נ צ י. אָט מיט לייע־דוואָסיס געניידעמל, מיט לייווי־בינימינענ.

ע ט ל. מיט וואָס איז לייווי־בּיניאָמינ א שאו־לאטאנ?

ס אָ ר ע־כ א נ צ י. איכ וויס, מיט וואָס? ער וויל ניט, דער טאטע דיַנער, אז דיַנ מאנ זאָל זיַנ באקאנט מיט א שלימאזל, וואָס פּאטשקעט אפּ די קרויטבּלעטלעכ, שריַבּט אפּ די גאזעטנ מיינ איכ... ער וויל ניט ליַדנ, דער טאטע דיַנער, וואָס די שטאָט האלט דיכ איגן מויל, דיכ אונ דיַנ מאנ.

ע ט ל. מיַנ מאָטלענ?

ס אָ ר ע־כ א נ צ י. דיַנ מאָטלענ! וואָס, מיינסטו, איז דיַנ מאָטל? א בּאָסאָר ווּעדאָס [8]) גליַכ מיט אלע.

ע ט ל. וואָס־זשע זאָגט מענ אפּ מיַנ מאָטלענ?

ס אָ ר ע־כ א נ צ י. מע זאָגט... וואָס א שטאָט קאָנ זאָגנ! מע שמועסט, אז ער ליגט טאָג ווי נאכט בּא לייע־דוואָסינ נישט אזוי צוליבּ דע אײדעמ, ווי צוליבּ עמעצנ אנדערש.

ע ט ל (אופגערעגט). לעמאָשל, צוליבּ ווּעמענ?

ס אָ ר ע־כ א נ צ י. איכ וויס צוליבּ ווּעמענ? ווייסט זיי דער רוּעכ אלעמענ!

ע ט ל (לאכט מיט יאשטשערקעס). כאַ־כא־כא! לײדיקגײערס, פּוסטעפּאסני־קעס, רעכילעסניקעס! האָבּנ שוינ ניט וואָס אויסצוטראכטנ!

ס אָ ר ע־כ א נ צ י. אז מע קלינגט, איז א כאָגע... ווענט האָבּנ אויערנ, גאסנ האָבּנ אויגנ!...

ע ט ל (אויסער זיכ). הערסטו, מאמע? אָט די, וואָס זיי קאָנענ זאָגנ אזא זאכ, מעג זיכ זיי שטעלנ דאָס מויל אפּ א זיַט! א כידעש איז מיר נאָר אפּ דיר, מאמע, אז דו זאָלסט קאָנענ גלויבּנ אזעלכעס אפּ מיַנ מאָטעלענ...

סאָרע־כאַנצי. זע נאָר, ווי זי פּאַרציט אים אביסל אַפּ א שטרי־קעלע: מאָטעלע! מאָ־טע־לע! וואָס איז דאָרט אזעלכעס! דו מיינסט, אז ער גייט טאַקע אויס נאָך דיר, טאָכטער, אזויווי דו נאָך אים?

עטל. מאַמע, דו האָסט אין אים א גרויסן טאָעס, מאַמע! דו קענסט אים ניט! ער איז...

סאָרע־כאַנצי. אזוי? הייסט דאָס, ווייסטו מער פון מיר? גוטע יאָרן! אז אָך און ווי דער מאַמע! ניטאָ וואָס צו רעדן! מײַן טאָכטער ווייסט מער פון מיר! זי איז די כאַכאָמע! זי ווייסט אלעס! נאָר איך ווייס גאָרניט! איך בין דער נאַר! איך בין די בעהיימע!...

עטל. ווער זאָגט דען, מאַמע? איך זאָג נאָר, אז אזא יונגערמאַן, ווי מײַן מאָטל...

סאָרע־כאַנצי (נעמט די הענט פּאָדבאָקאָם). נו?

עטל. אזא יונגערמאַן, ווי מײַן מאָטל, דאַרף מען אויספאָרן די גאַנצע וועלט, וועט מען ניִשט געפינען...

סאָרע־כאַנצי (קאַטשעט זיך). כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! אזוי? דאָס האָט ער דיך אזוי אײַנגערעדט? איאָ? נו, גלויב אים, טאָכטער! ער האָט דיר עפּשער געשוואָרן אויך? כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! האָסט זיך אין אים אביסל צופיל אײַנגעגלויבט, פירט ער דיך בא דער נאָז. ווען דו זאָלסט זיך צו אים אזוי צוקוקן, ווי איך קוק זיך צו, וואָלסטו עפּשער אויך געזען דאָס, וואָס איך זע.

עטל. וואָס זעסטו אַפּ אים אזעלכעס, מאַמע?

סאָרע־כאַנצי. איך זע? האלעווײַ וואָלט קיינער ניט זען! מע זעט שוין!

עטל (דערשראָקן). וואָס זעט מען? ווער זעט? וואָס האָט מען געזען?

סאָרע־כאַנצי. מע האָט געזען דאָס, וואָס קיינער דאַרף ניט זען.

עטל (צעקאָכט). מאַמעניו! הארצעניו! ליובעניו! איך בעט דיך, זאָג מיר, וואָס האָט מען געזען?

סאָרע־כאַנצי. אזוי? ווילסטו טאַקע, אז איך זאָל דיר זאָגן? א שיינער קאָוועד פאַר דער מאַמע דײַנער! לאָז דיר אנדערע זאָגן, טאָכטער מײַנע!

עטל (וויינט). דו מוטשעסט מיך, מאַמע! איך בעט דיך, זאָג מיר כאָטש איין וואָרט, כאָטש א האלב וואָרט! איך בעט דיך, מאַמעניו! הארצעניו! נעשאָמעניו!

סאָרע־כאַנצי. וואָס זאָל איך דיר זאָגן, וואָס? וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר? גיי, לאָז ער דיר זאָגן, וווהין גייט ער אלע טאָג נאָכן דאַווענען?

עטל. וואָס הייסט וווהינ? צו לייווי־בינ׳אָמינ, צו לייע־דוואָסיס איידעמ: דאָרט לערנען זיי צוזאמען, לייענען גאזעטן...

סאָרע־כאַנצי. כא־כא־כא! אזוי טאקע? ווער האָט דיר געזאָגט? מע לערנט דאָרט אינאיינעמ און מע לייענט גאזעטן?!

עטל. וואָס־זשע דען טוען זיי? אדרבא, זאָג, מאמע, לאָמיך אויך וויסן!

סאָרע־כאַנצי. פונוואַנען זאָל איך וויסן? איך גיי אימ נאָך, צי וואָס? איך האָב מער נישט וואָס צו טון, נאָר נאָכקוקן דעמ געניידעמ מײַנעמ, וווהינ ער גייט — איך זאָג דיר! פראָמענע[9]) מעג ער גיין ניט נאָר צו לייע־דוואָסיס טאָכטער — אפילע אינ דער ערד אַרײַן, ארט מיך אויך ניט, אבי מיר און מײַן קינד זאָל ניט שאטן!

עטל. מאמע! דו ווייסט גאָרניט וואָס דו רעדסט! וואָס יענער וועט דיר דערציילן פּיזמוינעס[10]), נעכטיקע טעג...

סאָרע־כאַנצי (מיט פּײַער). הער נאָר, טאָכטער מײַנע, שוין לאנג ביסטו געוואָרן אזא פרעסטארעץ[11]), וואָס דו דערציילסט מיר מײַסעס? וואָס מאכסטו מיר אוועק מיט דער האנט: „פּיזמוינעס"! איך דארף זיך בא קיינעמ ניט נאָכפרעגן! איך פרעג נישט בא קיינעמ; מע קומט צו מיר אינ קלייט אַרײַן און מע דערציילט מיר — זאָל איך מיר פארשטעלן די אויערן? מאָל דיר, אז אָך און ווײ איז מיר, אז איך זיץ און הער אויס אָט די אלע שיינע מײַסעס! איך בינ דאָך מער נישט ווי א מענטש. נו, א מאמע איז מיסטאמע נישט אײַנגענומען, אז מע רעדט אפ איר קינד. יענעמ דאָס מויל פארשטעלן קאָן איך ניט, און גיין זיך אָפּקריגן מיט יעדן באזונדער בינ איך אויך ניט מוישע־מעכויעוו. ווי זאָגט מען: „שנײַץ די נאָז און שמיר דעמ פּאָנעמ"... ט׳איז מיר אוואדע גוט, זאָג איך דיר!

עטל (אויסער זיך). עמעצער האָט דיר אויסגעקלערט א נעכטיקן טאָג, אוואדע א סוינע מײַנער, און דו גלויבסט!

סאָרע־כאַנצי (הייס). אויסגעקלערט? א סוינע? אָ, קאָשערע בע־היימעלע! גיי הער, וואָס מע רעדט אפ דער גאס, אינ אלע הײַזער! די גאנצע שטאָט האָט צו טון מיט מיר — זאָגט זי א סוינע! מיר ליגן בא יעדן אינ מויל, קינד און קייט ווייסט פונעמ סאָד. יעדער באזונדער ווײַזט אפ מיר אָן מיטן פינגער, און אינ שול הער איך הינטער מײַנע פּלייצעס, ווי מע שושקעט זיך און מע לאכט — און זי זאָגט מיר, אז עמעצער האָט אויסגעטראכט! יענער הענגט זיך לייע דוואָסיס טעכטערל אפן האלדז, און זי זאָגט: אויסגעטראכט!

עטל (וויינט). ס׳א ליגן, מאמע, ס׳א ליגן! ס׳א ליגן!

.3

## דיזעלבע און מאָטל.

**מאָטל** (לויפט אַרײַן אַ דערשראָקענער). וואָס איז? וואָס שרײַסטו, עטעלע? דו וויינסט? וואָס וויינסטו, עטעלע? (נעמט זי אָן בײַ דער האַנט קוקט בייז אַף דער שוויגער).

**סאָרע־כאַנצי** (שטייט אוף). קוק אים אָן אַביסל, ווי ער מאַכט דעם אָנשטעל! אַ נעבעכל, גאָט די נעשאָמע שולדיק... געמאַכט אַ טעל פון מײַן קינד, אַוועקגעקוילעט, אַראָפּגענומען דעם קאָפּ — און האָט אַ פּאָ־טעפּאַלנעסט פרעגן, וואָס זי וויינט?! רעצייעך! קוילער! מאַלכאַ־מאָוועס איינער! זאָג מיר, מיט וואָס אָטוועטשאַיעסטו מיר פאַר מײַן קינד? פאַר מײַן קינד, פאַר מײַן אויג אין קאָפּ? וויינ, טאָכטער, וויינ! ווײַ איז דער מאַמע דײַנער! (כאַפּט די אַרבעט, גייט אַרויס און טוט אַ קלאַפּ מיט דער טיר).

.4

## מאָטל און עטל.

**מאָטל** (נעמט אָן עטלען בײַ בײדע הענט און וויל איר געבן אַ קוש; זי לאָזט זיך ניט און הערט ניט אויף צו וויינען). עטעלע! טײַערע מײַנע! זאָג מיר, וואָס איז דאָ אַזעלכעס? וואָס וויינסטו? איך בעט דיך, נעשאָמע מײַנע! זאָג מיר! נו, זאָג כאָטש איין וואָרט! כאָטש איין וואָרט!

**עטל** (צעגייט זיך פאַר געוויין). אוי, לאָז מיך! לאָז מיך! אוי, גיי אַוועק פון מיר! אַוועק! אַוועק! (שטופּט אים אָפּ פון זיך).

**מאָטל** (טרעט אָפּ אַביסל, בלײַבט שטיין, לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, לייגט צונויף די הענט און בלײַבט אין אַ טראַגישער פּאָזע). ריבוינעשעלוילעם! ריבוינעשעלוילעם! (גייט צו נעענטער צום ווײַב). עטל! עטל! האָב ראַכמאָנעס!... עס ווײַזט אויס, אַז די שוויגער האָט שוין ווידער אָנגערעדט אַף מיר... עטל! לעמײַ זאָלסטו פון מיר פאַרבאָרגן? ערשט נעכטן האָסטו מיר געשוואָרן, אַז וואָס מע וועט דיר זאָגן, וועסטו מיר באַלד דערציילן... אַז דו וועסט שוין מער קיין שלעכטס אַף מיר נישט גלויבן... אַז צווישן אונדז וועט טאָמיד זײַן אַ הייליקע ליבע אַף אייביק... און אַצינד, מײַן טײַערע, שטיי איך פאַר דיר און בעט ראַכמים, זאָלסט כאָטש איין קוק טון אַף מיר, כאָטש איין וואָרט מיר זאָגן, ווילסטו נישט, עטל! ווו זענען דײַנע שוועס? ווו זענען דײַנע נעכטיקע האָוטאָכעס, עטל? (ער כאַפּט זי אַרום און טוט זי אַ קוש. זי רײַסט זיך אויס פון זײַנע הענט מיט כאַס).

עטל. אוועק! אוועק צו לייע־דוואָסיס טעכטערל? אוועק פונ מײַנע אויגנ!

מאָטל (ערשטוינט). צו לייע־דוואָסיס טעכטערל? וואָס הייסט דאָס אונ וואָס באַטײַט דאָס? וואָס איז דאָס פאַר אַ נײַעס, האַ?

עטל (מיט הארצ). אַ נײַעס, זאָגסטו? ביי הער, וואָס די שטאָט רעדט!

מאָטל. די שטאָט רעדט! וואָס רעדט די שטאָט? אדעראבע, לאָמיך אויך וויסנ?

עטל. דו פרעגסט נאָכ? האַ? וואָס גייסטו אהינ אַלע טאָג? דו מיינסט, דו נארסט מיכ אָפּ? מיינ ניט, אז איכ בינ אזא נאר, ווי דו מיינסט. אָ, איכ ווייס שוינ! איכ ווייס שוינ! צו לייווי־ביניאָמינענ גייסטו? איאָ? צו איר, צו לייע־דוואָסיס קראסאוויצע מיט דער רויטער נאָז... אָ אָ אָ!!! (זי רײַסט אפ זיכ די האָר אונ איז אויסער זיכ).

מאָטל (כאפט זי בא די הענט, בעמט זי ארום מיט הייסע פלאם־פײַערדיקע קושנ). עטל! ליובעניו! וואָס רעדסטו? איכ? איכ? צו לייע־דוואָסיס טאָכטער? צו אָט דערדאָזיקער? איכ וועל דיכ פארבײַטנ אפ לייע־דוואָסיס טאָכטער? דיכ? מײַנ קעצעלע? מײַנ נעשאָמע? מײַנ לעבנ? מײַנ... איכ?.. אָ, איכ ווייס שוינ, פונ וועמענ דאָס וואקסט! איכ ווייס שוינ! דאָס האָט זי אויסגעטראכט! זי! די שוויגער! יאָ, איכ ווייס שוינ! איכ ווייס שוינ! אָ, זי וויל אונדז צעשיידנ! זי וויל מיכ אינ דער ערד ארײַנטרײַבנ א לעבעדיקנ! זי האָט זיכ גענומענ אפ מיר! ערשט הײַנט אינדערפרי האָט זי מיר דערציילט אונ אָנגערעדט אפ דיר קאָל האצאָרעס! אז דו האָסט זיכ איר געקלאָגט אפ מיר, אז דו קאָנסט מיכ ניט אָנקוקנ, אז לייווי־ביניאָמינ האָט א שיינ קאָל אונ קאָנ זינגענ אונ איכ ניט; אז לייווי־ביניאָמינ... נאָר איכ גלויב ניט, אונ דו גלויבסט! איכ זשאלעווע דיכ, אונ דו מיכ — ניט. איכ האָב דיכ ליב אונ בינ דיר געטרײַ ביז לעצט, אונ דו האָסט אפילע קיינ קאָפּ ראכמאָנעס ניט אפ מיר!... דו האָסט מיר געגעבנ א שוווע, אז דו וועסט מיכ אייביק ליב האָבנ, טאָמיד גלויבנ, צום סאָפּ ווילסטו אפילע אפ מיר קיינ קוק ניט טונ... אָ! איכ בינ דער אומגליקלעכסטער מענטש אפ דער וועלט! (פאלט אפ א בענקל אונ וויינט).

עטל (גייט צו צו אימ אונ וויל אימ טונ א קוש; ער לאָזט ניט). מאָטעלע! גאָט איז מיט דיר! טו אפ מיר א קוק — דאָס בינ איכ! דו ווילסט מיכ ניט? מאָטעלע! מאָטעלע!

מאָטל (פאלט איר אפ דעמ האלדז). עטעלע!...

עטל (מע קושט זיך). מאַטעלע!...
מאַטל (קושנדיק). קעצעלע!
עטל (קושנדיק). קאַטעקל!
מאַטל (קושט זי). נעשאַמע מײַנע!
עטל (קושט אים). לעבן מײַנס!
מאַטל (קושט זי). מײַן ענגעל!
עטל (קושט אים). מײַן הארץ!
מאַטל. און דו האָסט זיך אפּ מיר אזעלכעס געגלויבט, הא?
עטל. אָ, זײַ מיר מויכל, מאַטעלע! דאָס לעצטע מאָל!
מאַטל. זע־זשע, עטעלע, דאָס לעצטע מאָל!
עטל. דאָס לעצטע מאָל! דאָס לעצטע מאָל!
מאַטל. שווער מיר!
עטל. איך שווער דיר!
מאַטל. בא דײַן לעבן?
עטל. בא מײַן לעבן!

(ענדע פונעם ערשטן בילד)

## דאָס צווייטע בילד

**1.**

רווון־הערש זיצט איבער א סייפער אין דעמזעלבן צימער און איז צעקאָכט. רעב שאָלעם שאדכן קוקט אים גלײַך אין די אויגן ארײַן.

רווון־הערש און שאָלעם שאדכן.

רעב שאָלעם שאדכן. וואָס זענט איר אזוי צעטראָגן וואָס? מיילע, וואָס סע מאכט זיך וואָס? אײַער טאָכטער איז ניט די ערשטע איז זי! איר האָט מוירע האָט איר, זי וועט נישט קריגן קיין אנדערן וועט זי? בראָד איז נישט אויסגעשטאָרבן בראָד!

רוון־הערש. וואָס רעדט איר? איר ווילט מיר אײַנרעדן א קינד אין בויך? מאָטל איז א זעלטענער יונגערמאן; א זעלטן קינד, כלעבן, א זעלטן קינד!

רעב שאָלעם שאדכן. נו, ווער זאָגט דען ווער! ער איז אוודע נישקאָשע פון א יונגערמאן איז ער; נאָר מיסטאמע איז דאָס ניט איר זיווג [12] מיסטאמע...

ר ו ו נ־ה ע ר ש. נישט איר זיווּג, זאָגט איר? וואָס איז? וואָס גייט אים אָפּ? איך פרעג אײַך, רעב שאָלעם, מיט וואָס איז דאָס נישט גלײַך? אדעראבּע, זאָגט איר אליין! (רוקט זיך צו צו אים).

ר ע ב ש אָ ל ע ם ש א ד כ נ (רוקט זיך אָפּ). וואָס קאָן איך זאָגן וואָס? גאָט איז דער מעזאווועג זיוווּגים13) איז ער. וואָס קאָן וויסן א מענטש וואָס?

ר ו ו נ־ה ע ר ש (כאפּט אָן רעב שאָלעמען פאר די לאצן און טרייסלט אים). גאָט איז מעזאווועג זיוווּגים, זאָגט איר? א י ר קאָנט מיר אזעלכעס זאָגן? א י ר ווייסט דאָך יאָ, וואָס דאָ טוט זיך, און ווילט מיך אָפּ־נארן? מיך???

ר ע ב ש אָ ל ע ם ש א ד כ נ (רײַסט זיך אויס פון זײַנע הענט א דערשראָקענ??ר). לאָזט מיך צורו לאָזט מיך! וואָס קער זיך מיט מיר אָן וואָס? איך דארף קריכן צו יענעם אין קעשענע דארף איך? איך וויס גאָרניט איך!

ר ו ו נ־ה ע ר ש (גייט ארום הין און צוריק). אוי, ווייסט איר ניט! איר ווייסט גאנץ גוט פון מײַן שלאק, פון מײַן צאָרע! איר מאכט זיך נאָר, אז איר ווייסט ניט!

ר ע ב ש אָ ל ע ם ש א ד כ נ. יאָ, אָבער וואָס קער זיך דאָס מיט מיר אָן וואָס? מע האָט מיך געשיקט רופן האָט מען מיך — בין איך גע־קומען בין איך; מע זאָגט א געט, לאָז זײַן א געט לאָז זײַן...

ר ו ו נ־ה ע ר ש (שטעלט זיך אָפּ). א געט, זאָגט איר?

ר ע ב ש אָ ל ע ם ש א ד כ נ. (קאלטבלוטיק). נו, פארשטייט זיך, א געט.

ר ו ו נ־ה ע ר ש (א זעץ מיט דעם קולאק אין טיש ארײַן). איך וויל ניט קיין געט! איר הערט, רעב שאָלעם? איך וויל ניט קיין געט! איך וויל ניט! איר הערט, צי ניין?

ר ע ב ש אָ ל ע ם ש א ד כ נ. איך הער, איך הער: פארוואָס זאָל איך ניט הערן פארוואָס? „זי״ וויל אָבער, „זי״!

ר ו ו נ־ה ע ר ש. ווער איז די „זי״? וואָס איז פאר א „זי״? וואָס מיר זי, ווער מיר זי?...

ר ע ב ש אָ ל ע ם ש א ד כ נ. איך מיין, סאָרע־כאנצי מיין איך; אײַער סאָרע־כאנצי אײַערע.

ר ו ו נ־ה ע ר ש. סאָרע־כאנצי? נו, און ווו בין איך?

ר ע ב ש אָ ל ע ם ש א ד כ נ (באראבּאנעט מיט די פינגער אין טיש ארײַן). דאָס וויס איך ניט דאָס.

ר ו ו נ־ה ע ר ש. וואָס הייסט, איר ווייסט ניט? איך וועל דערלאָזן אזעלכעס בּא זיך אין שטוב? אזא רעציכע איז נאָך נישט געהערט

געוואָרנ אפ דער האלבער וועלט! מע זאָל נעמענ קינדער, אזעלכע צוויי טײַערע קינדער, וואָס האָבנ זיכ ליב דאָס כײַעס מיט דער נעשאָמע, אונ פּלוצים אינמיטנ דרינענ אָפּגעטנ זיי, צעשיידנ זיי, צערײַסנ זייער גליק אפ אייביק! פאר וואָס? פאר ווענ? פאר וועמענס זינד? (ער טרייסלט רעב שאָלעמענ פאר די לאצנ).

ר ע ב  ש אָ ל ע מ  ש א ד כ נ (רײַסט זיכ אויס). וואָס בינ איכ שולדיק וואָס? וואָס האָט איר צו מיר וואָס?

ר וּ וו נ־ה ע ר ש (מיט גרויס פײַער). אזא צאצקע! אזא יונגערמאנ! נו, אונ איכ וועל דאָס צוזענ אונ אָפּשווײַגנ? הא? וואָס מיינט איר זיכ? איכ בינ דאָכ א פאָטער! איכ בינ דאָכ דער פאָטער! איכ האָב עפּעס אויכ א שטיקל דייע, צי נײנ? הא? איכ וועל לאָזנ, מע זאָל מײַנ קינד פירנ פאר א קאָרבנ? אונ ווו בינ איכ — פרעג איכ אײַכ, רעב שאָלעמ, ווו בינ איכ? (ער וויל אָנכאפּנ רעב שאָלעמענ פאר דער לאצ).

ר ע ב  ש אָ ל ע מ  ש א ד כ נ (רוקט זיכ אָפּ). איר זענט גערעכט איר, וואָס עמעס איז עמעס, רעב רוּוונ־הערש. איר זענט אוואדע גערעכט זענט איר. הייסט געבנ אביסל בראָנפנ אונ עפּעס פארבײַסנ אויכ. איכ האָב נאָכ הײַנטיקנ פרימאָרגנ אינ מײַנ מויל ניט געהאט האָב איכ. (מע טראָגט ארײַנ א פלעשל ווײַנ מיט פארבײַסנ. רעב שאָלעמ שאדכנ גיסט זיכ אָנ א קויסע). לעכאיִמ, רעב רוּוונ־הערש, לעכאיִמ! לאָז גאָט געבנ בעסערע געשעפטנ לאָז ער... לעכאיִמ! לעכאיִמ! (ער מאכט א קויסע).

ר וּ וו נ־ה ע ר ש (גיסט זיכ אָנ אונ נעמט א קאפּ). לעכאיִמ, רעב שאָלעמ! לעכאיִמ טויוִים אולעשאָלוים! עכ, ברודער, א פּאהאנע וועלט! פּע, כלעבנ, א פּאהאנע וועלט! פּע!... (טרינקט נאָכ א קאפּ).

ר ע ב  ש אָ ל ע מ  ש א ד כ נ (א קויסע). פּע, רעב רוּוונ־הערש, פּע, פּע!

ר וּ וו נ־ה ע ר ש (טרינקט נאָכ א קאפּ). אָבער גאָר אפּ אנ אנדער אויפנ פּע, רעב שאָלעמ!

ר ע ב  ש אָ ל ע מ  ש א ד כ נ (טרינקט). זייער פּע! זייער פּע!

ר וּ וו נ־ה ע ר ש (נאָכ א קאפּ). אָבער טאקע, רעב שאָלעמ, וואָס פּע הייסט!

ר ע ב  ש אָ ל ע מ  ש א ד כ נ (נאָכ אביסל). פּע, פּע, פּע! ביזנ עק ארײַנ פּע!

ר וּ וו נ־ה ע ר ש (אביסל פארשמאכט). וואָס ווייסט איר, רעב שאָלעמ, ווי פּע דאָס איז! וויפל איר ווייסט פּע, איז אפילע קיינ שמינים שעבעשמינים[14], קיינ צענ טויזנט כיילעק אפילע! דאָס איז אזא מינ פּע, וואָס זינט די וועלט שטייט איז נאָכ אזא פּע ניט געווענ!

רעב שאָלעם שאדכנ (מארע קויהענ[15]; שאָקלט צו מיטנ קאָפּ אונ שמייכלט). איכ ווייס, רעב רוונ־הערש! ס׳איז שטארק פּע! איר דאורפט מיר ניט דערציילנ איר. איכ האָב אויכ די אייגענע מאקע איכ, פּונקט אזא צאָרע פּונקט, אונ עפּשער נאָכ ערגער עפּשער...

רוונ־הערש. דאָכ איז מיט א גאנג; ניט אזוי ווי בא מיר. אוי, וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר? קיינער ווייסט ניט, רעב שאָלעם! אָט דאָ ליגט דאָס בא מיר. (ווייזט מיטנ פינגער אפּ דעמ הארצנ) אָט דאָ, טיפּ־טיפּ!... אונ פאר וואָס? פאר ווענ? (בייגט איינ דעמ קאָפּ). שוינ עטלעכע אונ צוואנציק יאָר, אז איכ קומ אָפּ אפּ דער וועלט... עטלעכע אונ צוואנציק יאָר בינ איכ אינ גענעמ... שיווע מעדוריי גענעמ...[16]) אפּ הייסע סקאָווראָדעס בראָטנ מיינ לייב... קאָליסטראָי[17]), רעב שאָלעם, קאָליסטוראָי טרייבט זי מיכ דריי מאָל אינ טאָג... אָנ א שומ ראכמאָנעס... קיינ גוט וואָרט קימאט פונ דער ערשטער שאָ... א ווערטעלע אויסצורעדנ — עט־לעכע אונ צוואנציק יאָר!... אָט ווי מע דארפ א געט, רעב שאָלעם! (קוקט זיכ ארומ מיט שרעק). אָט ווי מע וואָלט באדארפט ארופירנ אפּ א געט!...

רעב שאָלעם שאדכנ. אוואדע געט! (גיסט אָנ א קויסע). בא מיר אויכ די אייגענע צאָרע בא מיר...

(עס קומט אָנ סאָרע־כאנצי).

2.

## דיזעלבע אונ סאָרע־כאנצי.

סאָרע־כאנצי (פליט ארייַנ, ווי א וויכער, אונ בלייַבט שטיינ אינמיטנ. שטופּ א פליעסק מיט די הענט). רוונ־הערש! וואָס איז דאָ בא דיר פלוצימ פאר א יאָנטעוו? גאָט איז מיט דיר, רוונ־הערש! וועסט צייַט האָבנ נאָכ דעמ געט פּארטרינקענ... (קוקט אינ דעמ ליידיקנ פלעשל ארייַנ). געמעגט איבערלאָזנ אביסל אפּ שפּעטער... וועסט נאָכ האָבנ גענוג צייַט צו טרינקענ. אונ איר אויכ, רעב שאָלעם! אימירצעשעמ, צומ צווייטנ קנאס־מאָל אונ צו דער אנדערער כאסענע בא אונדזער טאָכטער... נאָר לאָז שוינ גאָט געבנ מיט מער האצלאָכע, ניט אזא גענייִדעמ, ווי איר האָט מיר געגעבנ, רעב שאָלעם!...

רעב שאָלעם שאדכנ (לעפּעטשעט מיט דער צונג). איכ בעט אייַכ, סאָרע־כאנצי... איר זענט דאָכ... א... א... איכ מיינ טאקע בעעמעס

מיינ איכ... א... א... ווי זאָגט ער... א... א... א... אישע צנוע. . . [18]) א. . .

סאָרע־כאנצי (ווײַזט זיי אָפּ דער טיר. זיי גייענ ביידע מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, אונ זי גייט זיי נאָכ). נו, גייט שוינ, גייט! שוינ אלצ פארטיק... דער ראָוו האָט געשיקט צו מיר דעמ שאמעס... דער געט איז שוינ צומ שרײַבנ... נו, ריר זיכ שוינ, רוונ־הערש, ריר זיכ! קוק אימ אָנ אביסל, ווי ער פלאָנטעט מיט די פיס... אינמיטנ דרינענ זעצט מענ זיכ אוועק בלעפטשענ ווײַנ... (שטילערהייט). פיאווקעס זאָלנ טרינקענ אײַער בלוט ביידע... האָט זיכ צונויפגעקאָמפּאניעט מיט דעמדאָזיקנ זוילעל־וועסוי־וועניק אונ מע האָט אויסגעראָמט ווו ס׳איז דאָ א שטיקל לעקעכ אינ שאפע, עסנ זאָלנ אײַכ ווערימ ביידע אײַער לײַב, זיסער גאָט!...

.3

פריער קומט ארײַנ מאָטל, פאלט אפּנ בענקל אונ בלײַבט זיצנ אינ א טראגישער פּאָזע; באלד נאָכ אימ קומט ארײַנ לייווי־ביניאָמינ מיט א שמייכעלע.

## מאָטל אונ לייווי־ביניאָמינ.

מאָטל (וויינט אונ רײַסט אפּ זיכ די האָר). פארפינצטעוט בינ איכ געוואָרנ! אז אָכ אונ ווײ איז מיר, אז איכ דארפ מײַנ עטלענ געבנ געט!

לייווי־ביניאָמינ. וואָס־זשע האָסטו געוואָלט? אז עטל זאָל דיר געבנ געט?

מאָטל. יאָ? דו לאכסט? דו טרײַבסט קאטאָוועס? אצינד?

לייווי־ביניאָמינ. וואָס דענ? מעשוגענער, וואָס קלאָגסטו? וואָס האָסטו זיכ צעיאכמערט, ווי א ייִדענע? אדעראבע, זאָג!

מאָטל. וואָס־זשע דענ? טאנצנ זאָל איכ?

לייווי־ביניאָמינ. אוודע טאנצנ!... דו ווערסט פּאָטער פונ אזא שוויגער, ווי סאָרע־כאנצי, מעגסטו געוויס גיינ טאנצנ... ווער קענ זי נימ? איכ בינ באוואָרנט, אז דו וועסט דאָ אָפּזײַנ נאָכ א האלב יאָר אינ שטוב, וועט דיכ דײַנ שוויגער פּאטשנ, אזוי ווי זי פּאטשט דעמ שווער דײַנעמ, אָט דעמ ערלעכנ טיפּעש, וואָס איז ערגער פונ איר, אז ער לאָזט זיכ אזוי טרעטנ מיט די פּיס.

מאָטל. ס׳איז דיר גרינג צו רעדנ, יאָ. זאָלסט אָבער זײַנ אפּ מײַנ אָרט, וואָלסטו...

לייווי־ביניאָמין. איך זאָל זײַן אױף דײַן אָרט, לעקיש, וואָלט איך מיך אױפֿן דריטן טאָג געגעט און געפּאַטערט אַן אָל פּונעם קאָפּ! איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל! (ער שפּאַנט אַרום איבער דער שטוב).

מאָטל (פֿאַרטראַכט). זיך געגעט?... נו, און עטל? אַך, לייווי־ביניאָמין! וואָס ווייסטו, וואָס ווייסטו, ווי טײַער, ווי ליב זי איז מיר!?...

לייווי־ביניאָמין (שפּאַנט אַרום הין און צוריק). קוק אים אָן אַביסל, ווי ער מאַכט דאָס האַווײַעס, די ליבע האָט זיך אין אים צעפּלאַקערט! ווער מיר ליבע? וואָס מיר־ליבע? וואָס האָסטו זיך אײַנגעבילדעט, מע־שוגענער? אַ שיינע ליבע, אַז די מאַמע קאָן זי אַרופֿירן צען מאָל אין טאָג אױף געט? אויך מיר אַ ליבע! כאַ־כאַ־כאַ!

מאָטל. מעגסט דיר לאַכן וויפֿל דו ווילסט. און דאָס, וואָס דאָס האַרץ פּילט? (ער כאַפּט זיך באַם האַרצן).

לייווי־ביניאָמין. כאַ־כאַ־כאַ! וואָס פּילט דאָס האַרץ? וואָס?... ער האָט זיך אָנגעלייענט מיט ראָמאַנען, ווי אַ פּויק, און שרײַט אױף אַלע גאַסן „ליבע!" גלאַט, סע ווילט זיך דיר שפּילן אַ ראָמאַן, נעמסטו אַליין אױף זיך צאָרעס מיט שלעק!... נו, ווילסט ניט קיין געט? ווי דו ווילסט זיך! זיץ דאָ! אָט וועט באַלד קומען דער אַשמעדײַ[19], די שוויגער דײַנע, און וועט דיך אַרײַנלייגן נײַען אייל אין דער ערד אַרײַן און וועט אָנ־שטעלן די טאָכטער, אַז זי זאָל דיר וואַרפֿן דעם געט פֿאַר די פּיס; און נאָכדעם וועט איר זיך איבערבעטן, צעקושן, און שפּעטער מיט צוויי טעג ווידער דיזעלבע געשיכטע, ביז פֿון דײַן געליבטער וועט ווערן אַ מין סאָרע־כאַנצי און פֿון דיר אַ מין רוּוון־הערש סאָרע־כאַנציס... אַ לעמעשקע... אַ שיינער סאָפּ!.. שעם זיך! (לייווי־ביניאָמין רוקט אָן מאָטלען דאָס היטל ביז איבער די אויערן). אַ פֿײַנער יונגערמאַן! אַ יונגערמאַן ביסטו? אַ ווײַבל ביסטו! אַ ייִדענע! מאָטל די ייִדענע! „סענדערל די ייִדענע", כאַ־כאַ־כאַ! דו געדענקסט „סענדערל די ייִדענע" באַ אַבראַמאָוויטשן? כאַ־כאַ־כאַ! „שעהאָיאָ יוישעוו אל האַסאַפּסל" — אַז סענדערל די ייִדענע איז געזעסן אױפֿן בענקל אונטערגעבונדן מיט אַ טיכל די ציין, „ווייקוי־לעפּ קאַרטאָפּליס" — און האָט געשיילט קאַרטאָפּליס — כאַ־כאַ־כאַ!

מאָטל. גוט איז דיר צו לאַכן! דו האָסט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין אַ שטוב צווישן לײַט, ניט צווישן אַזעלכע, ווי איך בין אַרײַן...

לייווי־ביניאָמין. האָסט אַ גרויסן טאָעס, מאָטל, איך האָב שוין דיר טויזנט מאָל געזאָגט, אַז סע ווײַזט זיך דיר אויס. גלויב מיר, ברו־דער, אַז איך קום גענוג אָפּ. ניט אַזויפֿיל, וויפֿל דו, פֿאַרשטייט זיך,

אָבער קיין האָניק לעק איך אויך ניט... סע ווילט זיך מיר אזוי זיצן און קוועטשן די באנק, אזוי ווי דיר גלוסט זיך אצינד גיין טאנצן. נאָר וואָס זאָל מען טון? מיר זענען איידעמס, מאָטל, מיר זענען איידעמס!...מע האָט אונדז גענומען פאר א צירונג אין שטוב אריין, מע האָט אונדז געגעבן ווייבער און מע זאָגט אונדז: גייט, קינדערלעך, צוויי מאָל אין טאָג אין שול אריין! טוט אייך דאָרט וואָס איר ווילט, אבי לאָזן לייט זאָגן, אז איר זענט שיינע איידעמלעך, זיידענע יונגעלייט; און מיר, קעלבלעך, לאָזן זיך פירן פארן שטריקל. טון טוען מיר גאָר ניט, עסן לאסקאווע ברויט, טונעיאדצעס, פוסטעפאסניקעס! און אזוי גייען אוועק טעג מיט יאָרן, עס ווערט א קינד און צוויי... און מיר, קאָן זיין, וואָלט זיך גאָר געגלוסט אצינד זיין ווייט־ווייט פונדאנען, ערגעץ אין אדעס, אָדער אין א פעטערבארג... שטודירן... עך, ברודער, ניטאָ וואָס צו רעדן, מאָטל, מיר זיינעןביידע גוט אין דער נעץ. מיר איז אביסל בעסער, דיר איז ערגער — גיי, זשע, נארעלע, פלאָנטע זיך ארויס, ביז דו קאָנסט נאָך, — ווייל שפעטער, גאָט ווייסט?... קום שוין, קום, מאָטל, מאך זיך ניט נאריש!... (ער נעמט אָן מאָטלען באַ דער אנט, זיי גייען אָפּ).

(ענדע פונעם צווייטן בילד)

# דאָס דריטע בילד

קומט פאָר באַ רעבּ אָרקע דעם ראָוו אין שטוב, וואָס איז איבערגעצאמט מיט א רעדנע אף צוויי צימערן: א „זאל" מיט א „קיך". אין „זאל" שטייט א שאפע מיט ספאָרים, אף דעם טיש ליגט א „יורה־דייע" 20) מיט אן „עווען־האָעזער" 20). א קאנאפע, באצויגן מיט קעסטלדיקן ציץ; א „מיזרעך" אף דער וואנט; א זייגער מיט א קוקושקע; א טיזליק מיט א טולעפל פון פיי מיט ווידעלעך; א שטריימל; אן אטלאסענע קאפאָטע מיט א געלן אונטערשלאק; די רעבעצנס יופּע אף וואטע; א גרויסע קוואָרט מיט א פיטש־נאסן האנטעך מיט א פּאָמונעצע און מיט א בעזעם.

.1

פרומע־ליבע די רעבעצן און סאָרע־כאנצי.

רעבעצן. זיצט, סאָרע־כאנצי, זעצט זיך צו, וואָס שטייט איר? סאָרע־כאנצי (מיטן בורנעס אף איין ארבל). נישקאָשע, איך קאָן באַשטיין. (זי סמאָרעט מיט דער נאָז).

ר ע ב ע צ נ. וואָס ארט אייך, סאָרע־כאנצי? אָט שטייט א בענקל, נעמט, זעצט זיך צו. ביז דער געט ווערט נאָך פארטיק ווערנ, וועט אביסל געדויערנ. אָך־אָך־אָך! (שפארט אונטער די באק אפ צוויי פינגער אונ שאָקלט זיך).

ס אָ ר ע־כ א נ צ י. אָך־אָך־אָך! (מאכט פיסקעס אפ צו וויינענ אונ זעצט זיך צו מיט א זייט אפ דעם שפיצ בענקל).

ר ע ב ע צ נ (מיט ראכמאָנעס). לעמיי זאָלט איר זינדיקנ, סאָרע־כאנצי? מיסטאמע איז דאָס א באשערטע זאכ. מיסטאמע הייסט דער אייבערשטער, האקאָדויש־באָרוכ־הו, באָרוכ הו אובאָרוכ שמוי! מיסטאמע איז דאָס נישט קיינ זיוועג...

ס אָ ר ע־כ א נ צ י (ווישט זיך די אויגנ אונ שנייצט די נאָז). נישט קיינ זיוועג, זאָגט איר? אוי, פרומעניו, נעשאָמעניו! איר קענט מיך דאָך ניט פונ נעכטנ אונ ניט פונ פאראיאָרנ... איכ קאָנ דאָס אייך גאָר אזוי־פיל נישט לעמנאצייעכ זיינ[21]), איכ בעט אייך איבער ווי אנ אייגענע שוועסטער. ווענ איר זאָלט וויסנ, וויאזוי ער באגייט זיך מיט מיינ טאָכטער, מיט מיינ לייב אונ פלייש, וואָלט איר אליינ געזאָגט, אז... אז עס איז אפ מיר א „מאכוזער נעשאָמעס"[21]), עפעס א מינ פוראָניעס פונ זיינ ליבנ נאָמענ, עפעס אנ „אויטער־ייסראָעל"[21]) איז ער, נאָך ערגער פונ א מעשומעד, ניט דאָ געדאכט. איכ וויים? אנ אויסווירפלינג, א „נישמאס קאָל כיי"[21]), א ווילדע כייע ראָע, א וואָווקעלאקע!...

ר ע ב ע צ נ (שמוצערט מיט די ליפנ אונ מאכט מיט דעם קאָפ). מע זאָל נאָר באהיט ווערנ, ריבוינעשעלוילעמ פונ דער גאנצער וועלט, באָרוכ הו אובאָרוכ שמוי! סע איז דאָך עפעס גאָר אנ אָנשיקעניש איז דאָס! א מאקע בכוירע פונ מיצראימ!

ס אָ ר ע־כ א נ צ י (מיט היצ). פונ מיצראימ, זאָגט איר? פונ סדאָמ זאָג, איכ אייך! פונ סדאָמ! עפעס א מינ, א מינ... „ווערעאָכצו"[21])!... א פיפער־נאָטער, וואָס איז דוירעס[22]) מיטנ קוק, א לינדענוואָרעמ, וואָס ליגט אינ כריינ אונ מיינט, אז סע איז גאָר קיינ זיסעריס נישטאָ אפ דער וועלט! ער ליגט אונ טאָטשעט, ווערימ זאָלנ טאָטשענ זיינ לייב אינדער־פינצטער, ליבער גאָט!

ר ע ב ע צ נ. באהיט מיך גאָט, באָרוכ הוא אובאָרוכ שמוי! (זי הייבט אופ די אויגנ מיט די הענט צו דער סטעלי). איכ וויים? איר דארפט נאָך דאנקענ אונ לויבנ דעמ וואָס לעבט אייביק, באָרוכ הו אובאָרוכ שמוי, וואָס איר ווערט פטור פונ אזא צאָרע שעלוי טאָווי! אָט נעמט,

אשטייגער, כאַיִם־מייער ליפּע־כאַזקעלס איידעם, מע זאָל באַהיט און באַשירעמט ווערן, ריבּוינעשעלוילעם, באָרוך הו אובאָרוך שמוי!

סאָרע־כאַנצי. וואָס איז דען מיט כאַיִם־מייער ליפּע־כאַזקלס איידעם?

רעבּעצן (פאַרגלאָצט די אויגן, שפּײַט אויס און טוט זיך א וויש דאָס מויל). ס'זאָל מיר נאָר נישט פאַרעכנט ווערן פאַר קיין לאָשנהאָרע כאָלילע. שוין זינט כאַיִם־מייער ליפּע־כאַזקלס האָט געבּראַכט דעם איידעם, האָבּן אָנגעהויבּן צו פאַלן קליינע קינדער, ניט הײַנט געדאַכט, אַזוי ווי שטרוי. גאָט זאָל זיך דערבּאַרעמען, באָרוך הו אובאָרוך שמוי!

סאָרע־כאַנצי (שמוצערט מיט די ליפּן, שאָקלט זיך מיטן גאַנצן קערפּער). וואָס רעדט איר, אוי, פרומעניו, נעשאָמעניו? וואָס־זשע איז מיט אים אַזעלכעס, לעמאָשל? וואָס האָט ער געטאָן, דער יִמאַכשמויניק, פאַר־כאַפּט זאָל ער ווערן?

רעבּעצן. וואָס האָט ער געטאָן, פרעגט איר? פרעגט בעסער, וואָס האָט ער ני ט געטאָן? א קלייניקײַט — יענער האָט אָפּגערעדט די לעוואָנע!

סאָרע־כאַנצי. א, פאַרכאַפּט זאָל ער ווערן! וואָס הייסט ער האָט אָפּגערעדט די לעוואָנע?

רעבּעצן. ווייסט אים דער גוטער יאָר! מיט אַזאַ קישעף, צי וואָס! זינט ער האָט אים געבּראַכט צו פירן, איז ניט געווען אײן לעוואָנע.

סאָרע־כאַנצי. א, פאַרכאַפּט זאָל ער ווערן! ווו איז אַהינגעקומען די לעוואָנע?

רעבּעצן. איך ווייס ווו זי איז אַהינגעקומען? וואָס ווייס א אישע? איך ווייס נאָר, דער ראָוו האָט מיר געזאָגט, אַז ס'איז נישטאָ קיין אײן לעוואָנע מעכאַדעש צו זײַן; ביז כאַיִם־מייער ליפּע־כאַזקלס האָט נישט אָפּגעגעט דעם איידעם, איז נישט געווען קיין לעוואָנע. און אַז מע האָט אים אָפּגעגעט, האָט גאָט באָרוך הו אובאָרוך שמוי א נעס געטאָן. ס'איז שוין ווידער דאָ אַלע כוידעש א לעוואָנע... דאָס אייגענע איז מיט אײַך, סאָרע־כאַנצי: אָט ווערט איר פון אים פּאָטער, אי־מירצעשעם, מיטן אייבּערשטנס הילף, באָרוך הו אובאָרוך שמוי...

סאָרע־כאַנצי. איך ווער פּאָטער? סע קאָסט מיך קאָרג בּלוט? וואָס רעדט איר, פרומע לעבּן? א ווערטעלע, א שידעך געטאָן, כאַסענע געמאַכט, אָנגעטויטשעט זיך — און וואָס, איך בּעט אײַך? אַצינד, גיי טו נאָכאַמאָל א שידעך, ווידער אַן איידעם, א צירונג אין שטוב אַרײַן, אַן

אווידע־זאָרע[23]), א לאַסויס־נעקאָמעניק[1]), א בייזער שטערנ... ששא, אָנ גייט ער, דער טאַכשיט מיינער. לאָמיר זיך באַהאַלטנ, פרומע לעבנ, בא אייַך אינ קיך. מיינע אויגנ זאָלנ אים נישט אָנקוקנ אינ זיינ טויי־פענעמ פּאַרצעפ. א סיבע אימ אינ פּאָנעמ אפ דריי יאָר מיט א האַלבנ!...

(זי גייט אוועק אינ צווייטנ צימער).

.2

רעב אָרקע דער ראָוו קומט אריינ געשווינד, וואַשט די הענט, זאָגט „אשער יאָצער" אפ א קאָל אונ זעצט זיך אויגבאָנ אפ דער קעסטל־דיקער קאַנאַפּע מיט גרויס פּאַראַד. נאָך אימ גייט אריינ רעב זכאַריע סויפער אונ שטעלט זיך אָנ א זייט. נאָך דעמ סויפער גייענ נאָך צוויי איידעס, אונ דער שאַמעס טראָגט אריינ דעמ געט מיט א גרויסנ גלעזערנעמ טינטער, אינ וועלכנ סע שטעקט א געגנדזענע פעדער. עס הייבנ אָנ אריינצוקומענ אייניציקווייז אלערליי ייִדנ: הויכע אונ נידעריקע, אלטע אונ מיטעלע, שוואַרצע אונ געלע — ביז עס קלויבט זיך צונויפ א מיניענ. לייווי־בוניאָמינ, רעב שאָלעמ שאַדכנ אונ רוווג־הערש קומענ אָנ באַזונדער. פרומע־ליבע די רעבעצנ הייבט אופ דעמ פאָר־האַנג פונ דער קיך־טיר אונ לאָזט אריינ עטלענ, וואָס גייט טריט בא טריט, אָנגערוקט דאָס טיכל ביז דער נאָז. פונ דער טיר קומט אריינ מאָטל, בלאַס אונ צעטראָגנ. דער שאַמעס ווייזט זיי זייערע ערטער. רעב אָרקע דער ראָוו איילט זיך אונ שנייצט אויס די נאָז אונ איז זיך מייכנ צומ סיידער האַגעט[24]).

רעב אָרקע דער ראָוו, רעב זכאַריע סויפער, ייִדל דער שאַמעס, רוווג־הערש, מאָטל, לייווי־ביניאָמינ, די רע־בעצנ, עטל, צוויי איידעס אונ א מיניענ ייִדנ.

דער ראָוו (נעמט דעמ געט). דו סויפער זכאַריע בר[25]) טוויע, איז דאָס דער געט, וואָס דו האָסט דאָ געשריבנ, האָסטו געשריבנ?

דער סויפער (קראַצט זיך אינ דער געדיכטער באָרד). יאָ.

דער ראָוו. קענסטו דעמ געט אונ האָסט דאָ א סימענ מוווהעק[26])?

דער סויפער. יאָ.

דער ראָוו. האָט דיר דער בעל[27]), מוישע מאָרדכע בר עפראַימ מענאַשע, געגעבנ דאָס פּאַרמעט, דעמ טינט אונ דאָס טינטערל אונ דאָס גאַנצע שרייבגעצייג פאַר די איידימ[28])?

דער סויפער. יאָ.

דער ראָוו. האָט דיר געהייסנ דער בעל, מוישע מאָרדכע בר עפראַימ מענאַשע, אז דו זאָלסט דעמ געט שרייבנ לשמו ולשמה ולשם גירושין[29])?

דער סויפער. יאָ.

דער ראָוו. האָסטו אזוי גערעדט, אז דער געט, וואָס דער בעל, מוישע מאָרדכע בר עפראַיִם מענאשע, האָט געשריבן, איז געשריבן לשמו ולשמה ולשם גירושין?

דער סויפער. איך האָב גערעדט, אז דער געט, וואָס דער בעל, מוישע מאָרדכע בר עפראַיִם מענאשע, האָט געשריבן, איז געשריבן לשמו ולשמה ולשם גירושין.

דער ראָוו (צו די איידעס). האָט איר געהערט פונעם מגרש [30], מוישע מאָרדכע באר עפראַיִם מענאשע, אז ער האָט מעוואטל געווען אלע מוידאָעס, און אז דער געט, וואָס ער האָט געשריבן, איז געשריבן לשמו ולשמה ולשם גירושין?

די איידעס (ביידע צוזאמען, איינער אפּ א גראָבער און דער אנדערער אפּ א דינער שטימע). יאָ.

דער ראָוו. האָט איר געזעען, אז דער מגרש, מוישע מאָרדכע בר עפראַיִם מענאשע, האָט מויסער געווען [31] דעם טינט און פּען און דאָס טינטערל, ביכדיי דער געט, וואָס ער האָט געשריבן, זאָל זיין געשריבן לשמו ולשמה ולשם גירושין?

די איידעס. יאָ.

(מע רעקט אָפּ עטלען די פּאטשיילע).

דער ראָוו. דו, כיַיע עטל גענענדל באַס [32] רווונ הערש, ווילסטו מעקאבל זיין דעם געט פון דיין מאן מוישע מאָרדכע בר עפראַיִם מענאשע פון גוטנ ווילן, אָן אונס [33] און אָן טנאַי?... זאָג: „יאָ".

עטל (שווייגט א היפּשע וויילע, ביז ייִדל דער שאמעס טוט זי א טאָרק באַם ארבל). יאָ.

דער ראָוו. האָסטו געטאָן א ניידער, אָדער א שוווע, אָדער אן איסער? זאָג: „ניין".

עטל (שאָקלט מיטן קאָפּ). ניין, ניין!

דער ראָוו. האָסטו גערעדט מעולם [34] א דיבור אָדער א שוווע, אָדער אן איסער, ס'זאָל דעם געט ניט מאזיק זיין?... זאָג: „ניין".

עטל (מיט טרערן). ניין!

(ייִדל דער שאמעס פירט צו מאָטלען).

דער ראָוו. דו, מוישע מאָרדכע בר עפראַיִם מענאשע, ווילסטו געבן דעם געט דיין וויַיב כיַיע עטל גענענדל באַס רווונ הערש פון דיין גוטנ ווילן, אָן אונס און אָן טנאַי? זאָג: „יאָ".

**מאָטל.** (דרייט אויס דעם קאָפּ צו עטלען און זיפֿצט. ייִדל דער שאַמעס טוט אים א שטורך פֿון הינטן מיטן עלנבויגן. ער שאָקלט מיט דעם קאָפּ אָפּ „ניין" און זאָגט „יאָ"). יאָ!

**דער ראָוו.** האָסטו געערעדט מעולם א דיבור, אָדער א שוווּע, אָדער אן איסער, ס'זאָל דעם געט ניט מאַזיק זײַן?... זאָג: „ניין".

**מאָטל** (רוקט זיך צו נעענטער צו עטלען. דער שאַמעס נעמט אים אָן פֿאַר די אַקסלען און פֿירט אים אָפּ אַ ביסל ווײַטער). ניין! איך האָב געוואָלט זאָגן... (ער וויל עפּעס זאָגן ווײַטער, טוט אים דער שאַמעס א צי באַ ז'ער האַנט).

**דער ראָוו** (גיט אים איבער דעם געט אַל פּי דין). נאַ דיר דעם געט, האַלט אים, ביז איך וועל דיר זאָגן... (דער ראָוו ווענדעט זיך שוין צו עטלען). גיב אים אָפּ די קסובע[35], אָדער זײַ אים מויכל. טו אויס דאָס פֿינגערל, ס'זאָל ניט זײַן קיין שום חציצה[36]. און דער אַרבל זאָל ניט אָנרירן, די הענט הייב אויף און זאָלסט זיי ניט פֿאַרמאַכן, ביז איך וועל דיר זאָגן... (צום אוילעם). ווער עס האָט עפּעס א פּסול אויפֿן געט — זאָגט!... (דער אוילעם שווײַגט מיט שטילשווײַגעניש. דער ראָוו צו מאָטלען). דו, מוישע מאָרדכע בר עפֿראַיִם מענאַשע, הייב אויף די הענט העכער פֿון דײַן ווײַב. (מאָטל רוקט זיך צו צו עטלען און פֿאַרקוקט איר אונטערן טיכל; ביידע יונגע מענטשן ווײנען און שלינגען די טרערן. דער ראָוו צו מאָטלען). זו, מוישע מאָרדכע בר עפֿראַיִם מענאַשע, זאָג מיר נאָך וואָרט אין וואָרט, זאָג: „הרי זה גיטך"...

**מאָטל** (ער וואָרגט זיך). „הררי זזזה גגגיטן"...

**דער ראָוו.** „והתקבלי גיטך"...

**מאָטל** (מיט א קוויטש). והתקבלי גיטטך...

**דער ראָוו.** „ובו תהיי מגורשת"...

**מאָטל.** ובו תהיי מגגגגורשת...

**דער ראָוו.** „ממני מעכשיו"...

**מאָטל** (מיט א יאָמערלעך געוויין). מממממני מעכשיו...

**דער ראָוו.** „והרי את"...

**מאָטל** (כליפּעט ווי א קליין קינד). וההרי את...[37].

(דער געט פֿאַלט פּלוצים אַרויס פֿון זײַנע הענט. מאָטל פֿאַלט עטלען אויפֿן האַלדז — און דאָס פֿאָרפֿאָלק ווערט אומגעריכט צונויפֿגעגאָסן אין א לאַנגן, הייסן, פֿלאַם-פֿײַערדיקן קוש).

**דער אוילעם.** (בלײַבט לעכאַטכילע ערשטוינט, אָפּהענטיק, אָן לאָשן, קוקן איינער אויף דעם אַנדערן און אַלע צוזאַמען אויף דעם ראָוו). אי־אָ־נו־פּע!...

**דער ראָוו** (אין אייניקע מינוט אַרום). נו, נו! א מײַסע! א מײַסע! (קנייטשט מיט די פּלייצעס). איך בין שוין דאָ, באָרוכאַשעם, באַלד זיבן

און דרײַסיק יאָר ראָוו, און האָבּ שוינ אפ מײַנ לעבּנ געמוג פּאָרלעכ אָפּגעגעט, — האָט זיכ מיר נאָכ אזא מײַסע ניט פארלאָפּנ! א מײַסע! א מײַסע! נו, נו!...

די רעבּעצנ (קוקט ניט אפ קיינעמ). מינ האשאָמאיִמ[38]! מיסטאמע איז דאָס א זיװעג מינ האשאָמאיִמ[38], פונ האשעמ ייִסבּאָרעכ, בּאָרוכ הו או־בּאָרוכ שמוי...

רעבּ שאָלעמ שאדכנ. מאזלטאָוו! ייִדנ, זאָגט מאזלטאָוו, ייִדנ! און שטעלט מאשקע שטעלט!

דער אוילעמ (איינער דעמ אנדערנ). מאזלטאָוו! מאזלטאָוו! מאזל־טאָוו!

דער סויפער. רעבּ רוּוונ־הערש! רעבּ רוּוונ־הערש! שיקט נאָכ מאשקע, װעלנ מיר טרינקענ „לעכאיִמ“.

דער אוילעמ. נאָכ מאשקע! נאָכ מאשקע! ייִדל, מאשקע בּרענג צו טראָגנ!

ייִדל דער שאמעס. אָט גיי איכ! אָט לויפּ איכ! װאָס זאָל איכ בּרענגענ אפ צו פארבּײַסנ?

רעבּ שאָלעמ שאדכנ. בּרענג קיכלעכ בּרענג, און הערינג בּרענג, און אבּיסל דארע קישקע אבּיסל...

רוּוונ־הערש (צו שאָלעמ שאדכנ). נו, רעבּ שאָלעמ! װאָס האָבּ איכ אײַכ געזאָגט? איאָ? װער איז גערעכט, רעבּ שאָלעמ? הא, רעבּ שאָלעמ? נא דיר גאָר געטנ זיכ?!

רעבּ שאָלעמ שאדכנ. אָבּער מײַנ רח״ש[39]; מײַנער? רעבּ רוּוונ־הערש, מיר קומט רח״ש קומט מיר! א שאדכנ, אז ער שטייט אפילע פונ דער זײַט א שאדכנ, קומט אימ שוינ אויכ שאדכאָנעס קומט אימ! װאָס זאָגט איר, רעבּ אָרקע, ניט אזוי, װאָס? עלעהיי א נײַער שידעכ עלעהיי!... (צומ שאמעס). און פארגעסט נישט, רעבּ ייִדל, דארע קישקע, לעמאנעשעמ, קישקע דארע!

דער אוילעמ (אסאכ קוילעס). װוּ איז אהינגעקומענ דאָס פּאָרפאָלק? װוּ זענענ זיי? האָסטו געהערט אנ אקציע? כא־כא־כא! א קאָמעדיע! א ריינע קאָמעדיע! (האלטנ זיכ בּא די זײַטנ לאכנדיק).

לייווי־בּינ־יאָמינ (צו מאָטלענ). מאזלטאָוו דיר, מאָטל! װער ס'איז דיר מעקאנע, דער זאָל אליינ ניט האָבּנ... איכ האָבּ דיר שוינ פארזאָרגט אפ אייבּיק... (צומ אוילעמ). א קאָמעדיע, זאָגט איר? ס'איז טאקע צו מאכנ פונ אײַכ א קאָמעדיע! ס'וועט זיכ שוינ געפינענ אזעלכער,

וואָס וועט פון אײַך אמאָל באַשרײַבן, מאכן פון אײַך א קאָמעדיע...

**סאָרע־כאַנצי** (ערשײַנט פון יענער זײַט פאָרהאַנג. צום מאַן). **רוּוון־הערש, דו הערסט? האָב איך דיר געזאָגט, אַז ער וועט אונדז באַשרײַבן אַף די גאַזעטן, אָט דער קאָלבוינִיק!?** (באַווײַזט מיט די קולאַקעס אַף לייווי־בינִיאָמינען און אַף מאָטלען און לאָזט זיך צו דער טיר).

(פאָרהאַנג)

# די נעמענ פונ די פארשוינענ:

**ראבינער.** נאָכ גאָר א יונגערמאנ, געענדיקט פיר קלאסנ, טראָגט בליע בוילנ.

**ראבינערשע.** זײַנ ווײַב. א יונג ווײַבל.

**באָרעכ־הערש.** א באלהאלוואָע 1). נישט גאָר קײנ יונגערמאנ, אָבער אויכ נישט קײנ אלטער ייִד. רײַבט זיכ צווישנ יונגעלײַט.

**סימכע.** א נעגירישער יונגערמאנ. האלט די טאקסע.

**אוורעמל.** א יונגערמאנ א מאסקיל 2). גיט וואָכער.

**ארצי.** נאָר־וואָס אראָפּ פונ קעסט. שטופּט זיכ צו די גרויסע.

**בענצי.** זיצט נאָכ אפ קעסט. קוקט ארצינ אינ די צײנ ארײַנ.

**מאָטל**
**יאנקל**
**יאָסל**
**הערשל** } באכורים, וואָס לײענענ גאזעטנ.
**בערל**
**אנשל**
**איצל**

**לײבקע.** א שאמעס.

די סצענע קומט פאָר אינעם סאָפּ פונעם נײַנצנטנ יאָרהונדערט, אינ א קלײנ שטעטל, פונקט צווישנ מאקארעווקע אונ צווישנ סטרישטש, אינ דער סוויווע פונ מאזעפּעווקע, באם ראבינער אינ שטוב, שאבעס־צונאכטס נאָכ האוודאָלע.

דער אוילעם גייט ארום איבער דער שטוב. מע רויכערט, מע רערט. עס איז א געפילדער ביזן הימל. דער ראבינער זעצט זיך אוועק באם טיש.

ראבינער. ששש! שא! איך ביט מײַנע ליבע געסט זיך זעצן ארום טיש און אויסהערן קוידעמקאָל דעם „דאָקלאד”, וואָס איך וועל אײַך דאָ פאָרלייענען, ביכדיי מיר זאָלן זיך קאָנען גוט פארשטיין, צו וואָס האָבן מיר זיך דאָ צונויפגעקליבן. זעצט זיך, זעצט זיך. (נעמט ארויס א פאפיר פון דער זײַט-קעשענע און לייענט). „העיויס...”

סימכע. ריישיס כאָכמע [3]), איר זענט דאָך עפּעס, ווי זאָגט ער, א ראבינער בא אונדז; הייסט דעם שאמעס, לאָז ער אקאָרשט ברענגען דעם ביטערן טראָפּן און טאקע פארבײַסן אויך.

ראבינער (צום שאמעס). רעב לייב! ווייסט איר וואָס? טוט א שפּרונג אפּ איינ פוס... שא! (צום ווײַב). קום נאָר אהער, מײַן הארץ! הערינג האָסטו דאָך מיסטאמע? הייס, נעשאָמע מײַנע, דערווײַל צו־גרייטן פארבײַסן און...

באָרעך־הערש. איך האָב געמיינט — אי־פּע, א כארפּע, א בושע, כלעבן! נא דיר גאָר הערינג אינמיטן שאבעס־צונאכטס! בא לײַטן ב איך געזעען אפּ אן אסיפּע...

אווראמל. ע! שלאָגט־זשע נישט איבער אינמיטן! מע לייענט דאָך עפּעס, דאכט זיך, הא?

סימכע. מאָלט אײַך, קיין אוולע וואָלט נישט געווען, אז די רע־בעצן זאָל געווען צוגרייטן א באָרשטשל, אָבער אזוי, א וואָלכעש טאקע, ווי זאָגט ער...

ראבינערשע. אָט האָסטו דיר די אנדערע טעג יאָנטעוו, טאָמער איז קארג! ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אז פלוצים, אינ מיטן מיט־וואָך שאבעס־צונאכטס...

ראבינער. שא! שלאָג־זשע נישט איבער, מאמעטשקע! זעסט דאָך, אז מע טוט עפּעס! (לייענט ווײַטער) „העיויס...״

לייבקע. נו, ווער גיט געלט? מע באדארף דאָך עפּעס געלט אפּ מאשקע, צי ניין?

באָרעך־הערש. נו, יונגעלײַט, וואָס שווײַגט איר?

ארצי. כעוורע באָכורים, רוקט זיך אקאָרשט ארויס מיט די מעזומאָנים!..

בענצי. מיט די מעזומאָנים אקאָרשט!

באָכורים (אלע איבײינעם). לאָמיר שוין זהערן עפּעס! מיר זענען נישט געקומענ אהער בראָנפּנ טרינקען. מע טוט דאָך עפּעס אינ אנ איניען! לאָז מען אָפּלייענען, וועט מען נאָכדעם האָרכנ וואָס, ווער, ווע־מען! (מע רוקט ארײַנ דעם שאמעס עטלעכע זילבערנע מאטבייעס).

ראבינער (הוסט און לייענט). „העיויס...״

ראבינערשע. ניטאָ קיינ הערינג, אויסגעגאנגען! וואָס טוט מען?

ראבינער. נו, קויפט מען, אז ס'איז ניטאָ! אָבער לאָז צורו! שוינ וויפל מאָל אָנגעהויבנ — א מײַסע אָנ אנ עק! (לייענט) „העיויס״... קעפּי אזוי ווי 4) הײַנטיקע צײַטן אָט דאָ זענען מיר ייִדן נעבעך מוטשענ זיך פּאָשעט, ווערנ אויסגעריסנ...״

באָרעך־הערש. וואָס לייענט ער דאָס?

סימכע. ווייס איך! א „רעטש״, אפּאָנעם.

ארצי. שא! לאָז זײַנ שטילער אביסל! מע לייענט דאָס עפּעס!

בענצי. איר זעט דאָך, אז מע לייענט, זעט איר דאָך!

באָכורים (אלע). שא! ששא! שששאאא!

ראבינער (הוסט און לייענט). „העיויס...״ ניינ, ווו האלט איך? יאָ... „אויסגעריסנ, קיינ פּארנאָסע איז ניטאָ, מע שלאָגט, מע יאָגט, מע רײַסט, מע בײַסט, מע סיפּעט, מע ציפּעט — ט'איז שלעכט! מענטשנ פאלנ אינ די גאסנ, מע גייט אויס פאר הונגער, נעבעך. אומעטום, אינ אלע ערטער, האָבנ זיך געפונען, ווי ס'איז אײַך באקאנט, מענטשנ אָרנטלעכע, געבילדעטע מענטשנ, געלערנטע מענטשנ, מענטשנ, קאָנ מענ זאָגנ, מיט א פארשטאנד, מענטשנ גוטע, הומאנע מענטשנ, מענטשנ, וואָס זאָרגנ לעטויוועס האקלאל, מענטשנ, וואָס טוענ זייער פיל פאר זייערע אָרעמע ברידער, יעדער העלפט ווי ווײַט מעגלעך, מיט וואָס ער קאָנ. מע מאכט אסיפעס, מע קלײַבט געלט, מע טיילט צדאָקעס — האקלאל, מע טוט, מע ארבעט, מע שלאָפט נישט. אומעטום הערט מענ: קאָמי־טעט, עמיגראציע...״

באָרעכ־הערש. יאָ, איכ בּיט אײַכ, הער ראַבּינער, מאַכט מיכ קלאָר, וואָס איז דער איניען פון דער עמיגראַציע? איכ הער, מע רעדט אלץ: „עמיגראַציע, עמיגראַציע!"

ארצי. אַכ, שלאָגט ניט איבּער! לאָזט קאָנטשען, וועט איר נאָכדעם פרעגן!

בּענצי. פרעגן וועט איר נאָכדעם פרעגן.

סימכע. ס'איז דיר נאָר אַן אַקציע מיט א ייִדן! יענער פרעגט, ער וויל וויסן — פרעגט ער!

אוורעמל. יאָ פרעגן — מע דאַרף דאָכ אָבּער אויסהערן פריִער! לייענט, לייענט!

ראַבּינער (לייענט ווײַטער). „עמיגראַציע, אַמעריקע, פּאַלעסטינע, אומעטום טוט מען לעטויוועס האַקלאַל. אפ די גאַזעטן לייענען מיר: דאָ איז דאָס, דאָרט איז יענץ, כעוורעס זײַנען פאַראַן שוין קימאַט אפ דער גאַנצער וועלט — אין מאַקאַרעווקע, אין קאַספּעראָוו, אין יאַמפּעלע, אפילע אין סטרישטש איז אויכ דאָ א כעוורע. א כאַרפּע, א בּושע — אַזאַ שטאָדט, ווי אונדזער שטעטל איז, ייִדן, אָן אײַנהאָרע, אַזויפיל, זאָלן זיכ נאָר מערן..."

באָרעכ־הערש. זאָלן זיכ מערן? גאָר קיין נאַר נישט אונדזער ראַבּינער, כלעבּן!

אוורעמל. בּעקיצער, ווערטלעכ אָן א זײַט — מע לייענט דאָכ עפּעס!

באָכורים (אַלע). אָבּער לאָז האָבּן אַן עק! לייענט! לייענט!

ראַבּינער. „אַזויפיל ייִדן, אָן אײַנהאָרע"... המ... המ... איכ מיין טאַקע בּעעמעס... „צײַט עפּעס אָנהייבּן צו טון אונדז אויכ, עפּעס אין זינען האָבּן טויוועס האַקלאַל..."

באָרעכ־הערש. בּעכיין, נו, איז וואָס?

אוורעמל. בּראָש[5]) האָט איר מער קיין צײַט נישט פון דער גאַנצער וועלט!

באָכורים (אַלע). לייענט, לייענט!

ראַבּינער. „אַלקיין איז געבּליבּן בּעהעסקעם... בּעהעסקעם פון אונדזערע יונגעלײַט און באָכורים, מאַסקילים, געבּילדעטע, ייִנגלעכ, וואָס האָבּן ליבּ האַסקאָלע[6]), וואָס לייענען א בּלאַט און וואָס וויסן וואָס אפ דער גאָרער וועלט טוט זיכ, וואָס נעמען זיכ אָן, וואָס פאַרשטייען, וואָס פילן, וואָס..."

באָרעכ־הערש. נו, בּעקיצער, לאָמיר שוין הערן וואָס?

אורעמל. האָסטו געזעען?! א ייִד איז דיר קיין קאַטאָוועס ניט! האָט קיין צײַט ניט אביסל!

באָכורים (אַלע). נו לייענט, לייענט!

ראַבינער. „וואָס פארשטייען, וואָס פילן, וואָס געבן אכטונג, וואָס זעען, וואָס הערן, וואָס וויסן, ווי ווײַט שלעכט ס׳איז אונדז היינ־טיקע צײַטן, — לאָכיינו איז געבליבן, אז מיר זאָלן זיך הייַנט צונויפ־קלויבן דאָ בא מיר און אלע איינינעם דאָ עפּעס אָנהייבן צו קלערן און טאקע טון אויך עפּעס לעטויוועס האקלאל, ווי בא לײַטן, ביכדיי מיר זאָלן זיך ניט דארפן שעמען פאר די איבעריקע שטעט ארום און ארום, און מע זאָל זעען, ריישיס כאָכמע...״

סימכע. נו, אדעראבע, ס׳איז טאקע א יוישער.

באָרעכ־הערש. איך פארשטיי ניט וואָס? ס׳איז בא אונדז דען ניטאָ קיין כעוורעס? קארג צדאָקע ווערט צעטיילט בא אונדז א יאָר? וויפל פאלט ארייַן אונדז מאָעס־כיטים[7]? הייַנט די טאקסע[8]?...

סימכע. אכ, לאָזט צורו! ניט דאָס מיינט מען!

באָרעכ־הערש. וואָס דען מיינט מען? לאָמיך וויסן.

ארצי. איר האָט דאָך געהערט! אָט דאָס, וואָס דער ראבינער האָט געלייענט.

בענצי. איר האָט דאָך געהערט, וואָס מע לייענט וואָס!

באָרעכ־הערש. וואָס טויג מיר וואָס ער לייענט! הערט צו, וואָס איך וועל אייַך זאָגן!

אורעמל. וואָס טויג מיר דאָס זאָגן אייַערס, וואָס איר וועט זאָגן! איך וויים פריִער, וואָס איר וועט זאָגן! אייַך און סימכען ליגט אין קאָפּ די טאקסע. וואָס כאָלעמט זיך א הון? — פּראָסע!

סימכע. א מאָשל! דאָס איז יאָ, ווי מע זאָגט: אז ציבעלע איז ציבולי, איז קנאָבל קנאָבולי... ווער פרעגט דיך ווער?

באכורים (אַלע). אָבער שלאָגט נישט איבער! לאָזט א ייִדן רעדן!

ארצי. וואָס ווערט פון דעם רעדן? מע דארף עפּעס טון!

בענצי. טון באדארף מען!

ראבינער. „און מע זאָל זעען, ריישיס כאָכמע...״

באָרעכ־הערש. נו? געלט מיסטאמע? וואָס איז דאָ פאראן וואָס צו טייַנען אסאך?

סימכע. הערסטו? געלט? אָט דאָס מיינט דער פּאָסעק? ס׳א קאטניִעס[9]!!!...

אווריעמל. נו, און אז געלט, איז וואָס? וואָס־זשע האָט איר זיך דאָ אזוי דערשראָקן?

ארצי. מע באדארף אָבער באקלערן, וויאזוי געלט? ווי ארום געלט? ס'איז קיין קונץ נישט גלאט אזוי — „זשיד, דאוויי הראָשע!" דערוף האָבן מיר דאָך געמאכט אן אסיפע, אז מע זאָל באקלערן דעם איניען אקוראט!

בענצי. פארשטייט זיך, מע באדארף באקלערן דעם איניען אקוראט!

אווריעמל. אז מע לאָזט אָבער ניט רעדן. איינער דעם אנדערן שלאָגט איבער, טויג דאָך אפ קאפּאָרעס! לייענט, לייענט ווייטער!

באָכורים. לייענט, לייענט!

ראבינער. „באדארף מען זען, ריישיס כאָכמע, אז..."

באָרעכ־הערש. אז וואָס?

אווריעמל. הארט שוין אויס א ווײַלע!

ראבינער. „ריישיס כאָכמע, אז אונדזערע נעגידים..."

סימכע. אונדזערע נעגידים?! באלד עפּעס — טוט מען זיך א וואָרף צו די נעגידים!

ארצי. איי, לאָזט צורו! פארוואָס זאָלט איר איבערשלאָגן אלע מאָל?

בענצי. לעמיי זאָל מען איבערשלאָגן לעמיי?

ראבינער. „אז אונדזערע גווירים מיט די נעגידים מיט די באַלעבאטים, מע זאָל זיך צונויפלייגן, מאכן א..."

באָרעכ־הערש. נו, דאָס האָב איך געוווּסט פריִער! אויפגעטאָן א נײַעס! פּונקט דאָסזעלביקע, וואָס פאראיאָרן אין דער צײַט!

אווריעמל. א היסטאָריע דיר מיט דעם ייִדן! לאָזט ניט רעדן יענעם א וואָרט!

באָרעכ־הערש. ווייסט איר וואָס, רעב ראבינער? וואָס טויג די אלע מאסע־אומאטנס [10] — זאָגט בעקיצער, וואָס באדארף מען טון?

סימכע. בעקיצער? מע באדארף קוידעמקאָל אויסקלייבן דאָ אפ דער אסיפע גאבאָיִם, א נעמאָן [11], טשלענעס הייסט דאָס.

אווריעמל. טשלענעס? מי ומי ההולכים [12]?

ארצי. וואָס הייסט ווער? מיר טאקע אליין.

בענצי. טאקע מיר אליין טאקע!

סימכע. שא! לאָזט זיך דינען! קוידעמקאָל דארף מען...

מאָטל. ניין! מע באדארף פריִער גוט אָפּקלערן...

יאנקל. וואָס אָפּקלערן?

יאָסל. דאָס הייסט, אופשרײַבן דאָס אלץ אפ פאפיר און...

הערשל. אין סטרישטש איז אנדערש. דאָרט האָבן זיי פריִער אוועקגעשריבן א בריוו קיין פּיטערבארג...

בערל. ער דערציילט מיר סטרישטש! איך קום ערשט צו פאָרן פון סטרישטש פאר יאָנטעוו, זאָגט ער גאָר דאָס!

אנשל. מיילע וואָס איז די נאפקעמינע — צי אזוי, צי אזוי?

איצל. ס'א גרויסער כילעק, נאר! איך וועל דיר ווײַזן דעם לעצטן נומער „המגיד" [13] (שלעפּט פון קעשענע דעם נומער „המגיד", און צווישן די באָכורים ווערט א גערערערײַ).

באָרעך־הערש. לאָז זײַן שטיל, יונגעלײַט! אז עלטערע רעדן, באדארפן יונגעלײַט שווײַגן.

יאנקל. ס'איז א סוואָרע, אז אין די איניאָנים האָבן די יונגעלײַט פּונקט אזא דייע, ווי די אלטע ייִדן.

סימכע. אין באָד וועט איר זאָגן א דייע, ניט דאָ, דערעכערעץ!

יאָסל (צו די איבעריקע באָכורים). נו, האָב איך דען ניט געזאָגט, ס'וועט אזוי זײַן?

סימכע. שא! ווייסט איר וואָס? אָט הערט מיך אויס. איך וועל אײַך זאָגן נאָר צוויי ווערטער! (קריכט אפן טיש).

אווראָמל. שלשה דברים [14] — צוויי ווערטער אפ פיר זייגער־שאָ.

ארצי (אפן טיש). אז איר ווילט מיך פאָלגן, וועל איך אײַך זאָגן גאָר אן אנדער פּלאן.

בענצי. גאָר אן אנדער מין פּלאן גאָר.

באָכורים (אלע). נו, אדעראבע, זאָגט, זאָגט!

באָרעך־הערש (האלט צו סימכען דאָס מויל מיט דער האנט). לאָז א ייִדן רעדן!

סימכע (רײַסט אראָפּ די האנט און שרײַט). לאָז מען קלויבן גאבאָיִם אלפּי גורל!...

ארצי. ווייס איך וואָס — גורל! רעדסט ווי א דולער!

בענצי. ווי א דולער רעדט ער!

אווראָמל. ניין, לאָז אויסרעדן! האָסטו געהערט, ווי מע לאָזט נישט רעדן קיין וואָרט? ס'איז דיר נאָר א קאָמעדיע מיט א ייִדן!

סימכע. סע טויג ניט! דאָס בעסטע איז, ווען איר זאָלט מיך פאָלגן!

באָרעכ־הערש. פאק איך מיינ. איך מיינ גאָר אנ אנדער מינ מיינ.

ראבינער. לאָמיכ שוינ ארויסזאָגנ מײַנ מיינ, וועט איר נאָכ־
דעמ ארויסזאָגנ אייער מיינ!

באָכורימ (אלע). דער ראבינער! דער ראבינער לאָז זאָגנ!

באָרעכ־הערש. וואָס וועט ער זאָגנ? מע ווייסט פריִער, וואָס ער
וועט דאָרטנ זאָגנ: ער וועט זאָגנ — „געלט", מע ווייסט דאָס!

אורעמל. וואָס טויג מיר מײַסעס, רעב באָרעכ־הערש? איר זענט
א גוטער נודניק. לאָזט אויסרעדנ א וואָרט, וועט איר אײַכ נאָכדעמ
זאָגנ!

באָרעכ־הערש. מיילע, נו, געפויעלט, געפויעלט! (מאכט צו דאָס מויל
מיט דער האנט אונ שווײַגט).

ראבינער. „מע זאָל אָנהייבנ זאָרגנ לעטויוועס האקלאל..."

באָרעכ־הערש. וואָס פאר א טויוועס האקלאל? א גאנצע נאכט
„טויוועס האקלאל"!

אורעמל. ע! מע האָט דאָכ גערעדט, ס'זאָל זײַנ שטיל!

באָרעכ־הערש. נו, נו! בעקיצער! געפויעלט, געפויעלט.

ראבינער. „אונ מע זאָל טאקע אָנהייבנ עפעס טונ אויכ לעטוי־
וועס האקלאל..."

באָרעכ־הערש. אָבער...

אורעמל. שא! האָסטו געהערט, א ייִד קענ זיכ נישט אײַנהאלטנ
א מינוט? ס'איז דיר נאָר א קאָמעדיע אונ גענוג!

ראבינער. „ביכדיי מע זאָל קאָנענ עפעס טונ לעטויוועס האקלאל,
איז ניט דער איקער די טשלענעס, טשלענעס וועלנ זײַנ גענוג..."

באָרעכ-הערש. וואָס פאר א טשלענעס? אנ אופראווע בא אײַכ,
צי וואָס?

ארצי אונ בענצי. נו, לאָז זײַנ גאבאָימ.

באָכורימ (אלע). ניינ, טאקע טשלענעס! פארוואָס ניט קיינ טשלע־
נעס טאקע?

אורעמל. בעקיצער, טשלענעס, גאבאָימ—ס'א נאפקעמינע אביסל!

סימכע. וויִאַזוי־זשע וועלנ מיר דאָס קלויבנ די גאבאָימ?

ארצי אונ בענצי. וואָס הייסט, וויִאַזוי? מיר וועלנ נעמענ אונ
וועלנ אויסקלויבנ טאקע צווישנ זיכ, אָט דאָ־אָ.

מאָטל. ווייסט איר וואָס? איכ וואָלט געזאָגט אזוי: איכ האָב געלייענט
יענע וואָכ אינ בלאט, שרײַבט דאָרט איינער...

יאנקל (שטופּט אָפּ מאָטלען). שאַ! ניין, דאָס טויג ניט! איך וועל אייך זאָגן, וויאַזוי!

יאָסל. אָט האָט זיך געפונען א באַליויעץ — ער וועט זאָגן!

הערשל. נו, זאָג דו, לאָמיר הערן, אדעוראַבע!

בערל. פאַראַן עלטערע דאָ, לאָזן זיי זאָגן.

אנשל (שפּרינגט ארויס). עלטערע, יינגערע, — זאָגן מעג זיך איטלעכער זאָגן. דערויף איז דאָס אַן אסיפה!

איצל. (שלעפּט דעם „המגיד"). דער „המגיד" זאָגט... אין „המגיד" שרייַבט איינער א קאָרעספּאָנדענציע...

באָרעך־הערש. „שבעה דברים בגולם"[15]! יונגעלייַט האָבן דיר קיינמאָל קיין צייַט נישט!

סימכע. נו, זאָגט־זשע איר, וויאַזוי?

אַוורעמל (אַפּן טיש). איך וואָלט געזאָגט גאָר אַנדערש. מע באַדאַרף גאָר בא די עלטערע באַלעבאַטים נישט פרעגן; זיי מאַכן טאָמיד קאַליע. לאָמיר אויסקלייבן דאָ צווישן זיך טאַקע גאַבאָיִם. מיר זעענען דאָך אַלע דאָ, לאָמיר נעמען און וואַרפן גוירל, וועמען ס'זאָל זייַן גאַבע, וועמען נעמאָנן, וועמען א רויע־כעשבן[16]...

באָרעך-הערש. אַלע? נאַ דיר גאָר אַלע! גאַנץ קעקעלע־קאָהאָל? א שיינדעלע.

באָכורים (אַלע). פאַרוואָס ניט אַלע?

באָרעך־הערש. עפּשער יונגע צוצעקלעך אויך? „יעמוד עם כל הנערים"[17]) הייסט דאָס?

באָכורים (אַלע). פאַרוואָס דען ניט? הייַנט פירן די וועלט נאָר די יונגעלייַט. לייענט אַפּן בלאַט, וועט איר זען.

ראַבינער. צו וואָס טויג דאָס שפּאַרן, וואָס איר שפּאַרט זיך דאָ, אַז איר ווייסט נאָך גאָרניט וואָס און ווען? וואָס וועט אַרויסקומען פון די גאַבאָיִם, אַז מיר האָבן קיין געלט נישט?

אַרצי. ניין, סע טויג ניט אַזוי!

בענצי. אַזוי טויג עס ניט!

אַוורעמל. פאַרוואָס? פאַרוואָס טויג ניט? האָסט נאָך גאָרניט געהערט, און זאָגסט שוין, אַז סע טויג ניט? ס'איז א ריינע קאָמעדיע!

סימכע (אַפּן טיש). פאָלגט־זשע איר מיך, וואָס איך וועל אייַך זאָגן!

באָרעך־הערש (שלעפּט אים). לאָזט־זשע זיך דינען! הערט, וואָס איך וועל אייַך זאָגן!

ס י מ כ ע (רײַסט זיך אויס). נײן, שמאָיינע, הערט מיך צו!

בּ אָ ר ע כ־ה ע ר ש (כאַפּט סימכען פאַר א האנט). וואָס איז פאר א העפּ־קיירעס — נישט לאָזן יענעם אויסרעדן א וואָרט, הא?

ס י מ כ ע. ווער לאָזט אײַך ניט רעדן? רעדט אײַך געזונטערהייט!

בּ אָ ר ע כ־ה ע ר ש. לאָז מען קודעמקאָל אויסקלויבּן גאַבּאָים פון די עלטערע יונגעלײַט, וואָס זענען דאָ.

א ר צ י. וואָס עפּעס פון די עלטערע גראָד?

בּ ע נ צ י. באלד עפּעס די עלטערע?

בּ אָ ר ע כ־ה ע ר ש. איטלעכער באַל־דארשן דארשעט פון זײַנעטוועגן.

א וו ר ע מ ל. ס׳איז דיר אָבּער טאקע נאָר א ריינע קאָמעדיע! לאָזט מיך אויסרעדן, נאָכדעם וועט איר אײַך זאָגן וואָס איר ווילט!

ר א בּ י נ ע ר (שטייט אוף, טוט א פּאַטש מיט דער האנט איבּערן טיש). שאט! עטלעכע ווערטער, נישט מער! וואָס האָבּן מיר זיך דאָ צונויפגעקלויבּן? זיך קריגן? שרײַען? פּילדערן? צי טאקע עפּעס אין זינען האָבּן אַן איניען, הא? איך האָבּ געמיינט, אז מיט יונגעלײַט קען מען עפּעס מאכן, צום סאָף — ווער? וואָס? נאָך ערגער ווי מיט עלטערע מענטשן! וואָס פאר א פּאָנעם האָט דאָס? — פרעג איך אײַך! א פרעמדער מענטש זאָל שטיין. דאָ בּא דער זײַט, וואָלט ער דאָך פון אונדז כויזעק געמאכט, בּאשריבּן אף די גאזועטן!

בּ אָ כ ו ר י מ (אַלע). גערעכט, גערעכט!

ס י מ כ ע. בּאשריבּן אף די גאזועטן? (קוקט אף איצלען). אנו, לאָז זיך נאָר עמעצער פּרוּוון פון אונדזערע בּאָכורימלעך בּאשרײַבּן דאָס אפּבּלאט!

א י צ ל (שפּרינגט ארויס). וואָס־זשע האָט איר אזוי אָנגעשראָקן? אז מע וועט וועלן, וועט מען אײַך טאקע בּאשרײַבּן פון קאָפּ בּיז די פּיס, אז איר וועט זיך מיט קיין צען וואסערן ניט אָפּוואשן!..

בּ אָ ר ע כ־ה ע ר ש (צו איצלען). א, דו שנעק איינער! די נאָז וויש אָפּ! וואָס זאָגסטו אף זײַן טאטן דעם אָנזעצער?! ער וועט אונדז בּא־שרײַבּן אף די גאזועטן! א רײַבּער געוואָרן גאָר! אין כיידער ארײַן, דו שקאָץ איינער!

מ אָ ט ל (צו איצלען). מיט א פּראָצענטניק שטעלסטו זיך אוועק אויס־טײַנען! דו קענסט זיי ניט — די פּאנאַטיקער, די פּיאווקעס?!

ס י מ כ ע. די פּיאווקעס? א, דו שייגעץ איינער, אזעס־מעכוצעפּ־פּאָנעם! א ייִדן מיט א בּאָרד שטעלסטו זיך זידלען? דו מיינסט, סע

איז די טאקסע, וואָס איר האָט זי באשריבנ אפנ בלאט?! (עס ווערט צווישנ אוילעמ א סומאטאָכע, דער ראבינער האלט זיי איינ).

ר א ב י נ ע ר. איכ גאָטעס ווילנ! עס וועט דאָכ זײַנ א כארפּע, א בושע פאר לײַטנ, אז מיר וועלנ זיכ אזוי צעגיינ! מע וועט זאָגנ: יונגעלײַט האָבנ קיינ סייכל ניט פונ דאנענ אהינ. האָבנ מיר זיכ שוינ צונויפגעקלויבנ, באדארפנ מיר עפּעס מעסאקנ זײַנ[18].

א ו ו ר ע מ ל. נו, אדעראבע, נו? לאָז מענ עפּעס טונ!

א ר צ י (צו באָרעש-הערשנ מיט סימכענ). איר זענט דאָכ עפּעס עלטערע! נו, זאָגט איר, לאָמיר הערנ.

ב ע נ צ י. נו, אדעראבע, נו, לאָמיר הערנ לאָמיר.

ב אָ ר ע כ־ה ע ר ש. האָב איכ דאָכ אײַכ געזאָגט! נו, מישנ זיכ ארײַנ די ייִנגלעכע אינמיטנ. איכ זאָג: עס וועט גאָרנישט זײַנ דערפונ, מאכמעס...

ס י מ כ ע. ס'איז א טאָעס, רעב באָרעכ־הערש, כלעבנ, א טאָעס! אָט הערט מיכ אויס, וואָס איכ וועל אײַכ זאָגנ.

א ר צ י. נו, זאָגט־זשע איר, אז איר לאָזט יענעמ ניט זאָגנ.

ב ע נ צ י. נו, אדעראבע, אדעראבע?

ס י מ כ ע. לאָז מענ קוידעמקאָל קלויבנ גאבאָימ; נאָכדעמ וועט מענ שוינ ויסנ וואָס צו טונ.

ר א ב י נ ע ר. וואָס־זשע, גלאט גאבאָימ? מע באדארפ דאָכ פריִער אָפּקלערנ ארומ וואָס צו טונ!

א ו ו ר ע מ ל. ניינ, סימכע איז גערעכט: פריִער באדארפ מענ קלויבנ גאבאָימ, טשלענעס.

ב אָ כ ו ר י מ. טשלענעס, טשלענעס!

א ר צ י. מי ומי האטשלענעס[19]?

ב ע נ צ י. ווער זײַנענ די טשלענעס ווער?

ר א ב י נ ע ר. טשלענעס וועלנ זיכ געפינענ. נישט דאָס איז דער איקער. איכ האָב געוואָלט פריִער איבערלייענענ אײַכ דעמ דאָקלאד...

ב אָ ר ע כ־ה ע ר ש. ווידעוו „דאָקלאד”? ער האָט דאָס צו טונ מיטנ דאָקלאד!

א ו ו ר ע מ ל. אָבער שלאָגט נישט איבער! ס'איז דיר נאָר א קאָמעדיע אונ געגוג!

ב אָ כ ו ר י מ (אלע). לאָזט רעדנ דעמ ראבינער א וואָרט. וואָס טוט זיכ דאָ?

ר א ב י נ ע ר. איכ וואָלט געזאָגט אזוי. קוידעמקאָל, אזוי ווי מיר זענענ אלע דאָ, וואָלט געווענ א יושער, אז...

באָרעכ־הערש. דוואָרים בעטיילים[20]!

ראבינער (קוקט אפ דער ראבינערשע, בעשאס יענע גרייט צום טיש, שטעלט בראָנפּנ מיט פארבײַסנ). א ריינער אומגליק! מע לאָזט ניט אויסרעדנ קיינ וואָרט! אפ רעדנ איז איטלעכער א באלנ, נאָר הערנ וויל קיינער נישט... איז דאָס נישט קיינ קאָמעדיע? זאָג שוינ דו אליינ, נעשאָמע מײַנע!

ראבינערשע (קנייטשט מיט די פּלייצעס). א ריינע קאָמעדיע!

סימכע (קריכט אפנ טיש). מיר האָבנ דאָ א גאבע, א נעמאָנ, א קאזנאטשיי מיט טשלענעס. וואָס באדארפ מענ נאָכ?

ארצי. מי ומי[21]?

בענצי. ווער איז ווער?

אוורעמל (אויכ אפנ טיש). סימכע, באָרעכ־הערש אונ דער ראבינער זענענ די גאבאָיִמ, אונ...

ארצי. נו, אונ ווײַטער?

בענצי. אונ ווײַטער וואָס?

אוורעמל. הײַנט א נעמאָנ... צוויי נעמאָנימ...

סימכע. טאקע ארצי מיט בענצינ? נו, אונ אווערעמל?

באָרעכ־הערש (שלעפּט אָפּ סימכענ מיט דער האנט). אז ס'איז יאָ אזוי, איז איינער א נעמאָנ, דער אנדערער א רויע־כעשבנ.

סימכע (רײַסט זיכ אויס פונ באָרעכ־הערשס הענט). ניינ, צוויי נעמאָנימ אונ איינ רויע־כעשבנ, אָדער איינ נעמאָנ אונ צוויי רויע־כעשבנס: אוורעמל דער נעמאָנ אונ ארצי מיט בענצינ די רויע־כעשבנס.

באָכורימ (שטייענ אופ). נו? נו?

ראבינער. אונ די באָכורימ?

באָרעכ־הערש. יונגע צאפּעקלעכ.

ארצי. די באָכורימ וועלנ זײַנ די טשלענעס.

בענצי. טשלענעס! טשלענעס!

סימכע. האָבנ מיר, הייסט דאָס, דרײַ גאבאָיִמ, צוויי נעמאָנימ, איכ מײַנ איינ נעמאָנ מיט צוויי רויע־כעשבנס...

ראבינער. ששא! וואָס־זשע ווערט דערפונ? וואָס ווערט פונ די גאבאָיִמ מיט די נעמאָנימ מיט די רויע־כעשבנס?

אוורעמל (אפנ טיש ארופּ). אונ זעקס טשלענעס.

ארצי. ניינ, זיבנ טשלענעס, זיבנ באָכורימ — זיבנ טשלענעס.

בענצי. זיבנ! זיבנ!

באָרעך־הערש (נעמט זיך צום פלעשל מיטן גלעזל). הייסט דאָס, איך א גוטער שאָ? מעג מען שוין טרינקען לעכאיִם, הא?

סימכע. ניין, האָט צײַט, כאפט זיך ניט! מע באדארף דאָס אלץ פארשרײַבן אפ פאפיר, אין א בוך ארײַנשרײַבן.

ראבינער. וואָס פארשרײַבן? מע באדארף דאָך פריִער עפּעס אָפּקלערן וואָס צו טון! ניט גלאט הולאָמ — אפ דער קאַראָבקע, גאַ־באָיִמ, טשלענעס...

סימכע. אָט דאָס זאָג איך דאָך, אז מע באדארף דאָס אלצדינג ארײַנשרײַבן אין א בוך ארײַן. מיט וואָס איז אונדזער כעוורע ערגער פון אלע כעוורעס?

אוורעמל. נו, מאכט מען א פינקעס[22]. א טײַערע מעציִע א פינקעס מאכן?

ארצי. מי ומי האמאכערס[23] ?

בענצי. ווער מאכט דעם פינקעס ווער?

סימכע. דערופ זענען דאָך די באָכורימ באשאפן.

ארצי. כעוורע באָכורימ, וואָס שווײַגט איר?

בענצי. וואָס שווײַגט איר וואָס?

מאָטל (צו יאנקלען). נו?

יאנקל (צו יאָסלען). נו?

יאָסל (צו הערשלען). נו?

הערשל (צו בערלען). נו?

בערל (צו אנשלען). נו?

אנשל (צו איצלען). נו?

איצל (האלט דעם „המגיד" און איז שטארק פארטיפט אין די מאכשאָוועס). המ... המ... אאא... (ציילט אפ די פינגער).

באָכורימ (אלע צו איצלען). וואָס האָסטו זיך אזוי פארטראכט, איצל? א שווערע זאדאטשע פאר דיר? וואָס קלעקט דיר א פינקעס מאכן? עס איז בא דיר דאָס ערשטע מאָל, וואָס?

איצל (אלץ פארטיפט). ניין, ווייס איך... איך קלער אלץ דעם פראט...[24] וואָס פאר א פאָסעק מע זאָל צוטראכטן, סע זאָל זײַן ווי געווונטשן[24].

אוורעמל. נו, מיילע בעקיצער, דאָס איז שוין א שפּעטערדיקע דײַגע! איר מאכט נאָר א פינקעס, סע זאָל זײַן ווי עס געהער צו זײַן, אונדזער כעוורע זאָל ניט פארשעמט ווערן קעגן אנדערע כעוורעס.

ארצי. וויִאזוי־זשע וועט הייסן אונדזער כעוורע? מע באדארף דאָך איר געבן א נאָמען? צי ניין?

בענצי. א כעוורע באדארף דאָך האָבן א נאָמען א כעוורע.

ראבינער. וואָס ווערט דערפֿון — יאָ א נאָמען, ניט א נאָמען? דער איקער איז דאָך, אז...

אוורעמל. ע, זאָגט דאָס ניט, ראבינער! יעדע זאך מוז האָבן א באזונדערן נאָמען.

באָרעך־הערש. שטוסעריַי.

סימכע. בא איַיך איז אלץ שטוסעריַי.

באָרעך־הערש (האלט זיך באַם פּלעשל). א נאָמען זוכט איר? כעוורעס האָבן מיר שוין גענוג, דאכט זיך. (ציילט אפּ די פינגער). כעוורע מישנייעס, כעוורע טילים, כעוורע מאלבּיש־ארומים, סוימעכ־נויפּלים, רויפע־כוילים, מאטיר־אסורים... טאָמער וואָלט דאָס געהייסן „כעוורע נאראָנים”? הא?

אוורעמל. בא איַיך איז אלץ ווערטלעך.

ראבינער (שטעלט זיך אוף). הערט־זשע אויס, וואָס איך וועל איַיך זאָגן.

סימכע (קריַכט אפּן טיש). ניין, הערט בעסער, וואָס איך וועל איַיך זאָגן!

באָרעך־הערש (שלעפּט אים פאר דער האנט). וואָס טויג מיר דאָס זאָגן, וואָס דו וועסט זאָגן?

אוורעמל (קריכט אפּן טיש). לאָזט אויסרעדן א וואָרט יענעם אויך אמאָל! ס'איז דיר נאָר א קאָמעדיע מיט א ייִדן!

ראבינער. איך פארשטיי גאָרניט, וואָס שפּארט מען זיך דאָ? דאָס קינד איז נאָך גאָרניט געבוירן געוואָרן, און איר טראכט שוין מיקויעך א נאָמען!

באָרעך־הערש. איר פּאָלגט מיך! מע דארף דעם נאָמען אפּ ס'מ סאָט קאפּאָרעס! אבי א כעוורע — וואָס טויג דער נאָמען? לאָמיר בעסער נעמען צו קאפּעלעך. זיך אָנגעשריגן, ס'איז אזש טרוקן איַין האלדז געוואָרן. לעכאיִם, ייִדן! יונגעלייַט, לעכאיִם! לעכאיִם! (טרינקט).

אלע. לעכאיִם, לעכאיִם טויווים אולעשאָלעם!

(מע טרינקט. מע פארבייַסט. אלע שריַיען, פּילדערן. אריַינפאָרנדיק איינער צום אנדערן אין די רעד אריַין. דער ראבינער וויל עפּעס ארויס־ערן זייער „א בייסיקע זאך, נאָר מע לאָזט אים נישט. באָרעך־הערש פארבייַסט. די יונגעלייַט האלטן זיך איינס דאָס אנדערע צו די מייַלער. די באָכורים אמפּערן זיך צווישן זיך. איצל לייענט דעם „המגיד”, און באָרעך־הערש קוקט אפּ אים פון דער ווייַטנס און לאכט, ווי איינער

רעדט: „קוק אים אָן, דעם שיינעם פּאָנעם, מיט דעם בלאט!"... מע רעדט, מע לאכט, מע שפּארט זיך, אלץ שרייענדיק און פילדערנדיק, צוקלערנדיק א נאָמען דער כעוורע. ביז מע צעגייט זיך. — דער ראבינער מיט דער ראבינערשע בלייבן אליין).

**ראבינערשע.** נו? מיט וואָס איז מען זיך צעגאנגען?

**ראבינער.** מיט וואָס? מיט גאָרניט.

**ראבינערשע.** וואָס הייסט, מיט גאָרניט? נאָך אלע געשרייען?

**ראבינער.** לעסאטע האָט מען אויסגעקליבן גאבאָים, נעמאָנים און טשלענעס.

**ראבינערשע.** נו, און ווייטער וואָס?

**ראבינער.** און ווייטער גאָ... (טוט אויס די גרילן און רייבט זיך די אויגן). און ווייטער... לעסאטע גאָרניט.

**ראבינערשע.** לעסאטע גאָרנישט? (כאפּט זיך מיט ביידע הענט בא די זייטן און ווערט שיר נישט צעגאנגען פאר געלעכטער). כא־כא־כא. ס'איז נאָר א באשרייבונג מיט אייערע אסיפעס און געַנוג! כא־כא־כא! א קאָמעדיע, א ריינע קאָמעדיע!!!

(פּ אָ ר ה א נ ג).

# יאקנעהאָז

אָדער

# דאָס גרויסע בערזענשפּיל

א קאָמעדיע אין פּיר אקטן

(געשריבן: אין יאָר 1894)

א גוטן פריינט און א גוטן מענטשן,
י. א. כורגין,
ברענגט דאָס ווערק א מתּנה
דער מחבר.

יאקנעהאָז *) באשטייט פונ פינפ אויס־עס, ראָשע־טייוועס פונ פינפ ווערטער: יין, קידוש, נר, הבדלה, זמן — די פינפ סימאָנימ פונעמ ידישנ יאָנטעוו. דאָס וואָרט אליינ פאר זיכ האָט קיינ שומ באדײַטונג נישט. עפעס איז דאָס, נאָר פאָרט גאָרנישט; ניטאָ בא וואָס אָנצונעמענ. דער וואָס איז באקאנט אפ דער בערזע מיטנ מיסכער פונ אקציעס, פאַ־פירנ, קורסנ אוכעדוימע — דער וועט באלד פארשטיינ דעמ טאַמ פונ י א ק נ ע ה אָ ז; אונ דער, וואָס איז פונ דעמ איניענ ווײַט, וועט דאָס רעכט צעקײַענ ערשט נאָכדעמ, אז ער וועט האָבנ דאָס גאנצע ווערק דורכגעלייענט ביזנ סאָפ.

*) יקנה״ז אינ דער העברעיִשער טראנסקריפציע. (רעד).

## די פּאַרשוינען פון דער קאָמעדיע:

**שמועל פּאַסטערנאַק.** אַן אויפגעקומענער אוישער. אַ ייִד פון דער אַלטער וועלט.

**מאַדאַם פּאַסטערנאַק.** זײַן ווײַב. אַ דאַמע מיט נערוון. לייענט ש ײַ ק ע־ ס פּ י ר ס ראָמאַנען און דאָקטערט זיך קעסיידער.

**איזאַבעלע.** זייער טעכטערל. אַ קאַלע מיט פּערציק טויזנט.

**ווילהעלם פּײַפּער.** אַ יונגער באַנקיר. אַ שיינער יונג מיט וואָנצעס. שאַדכנט זיך צו איזאַבעלען.

**מאַרקוס.** אַן אָרעמער סטודענט. שטודירט אַף דאָקטער. שאַדכנט זיך צו איזאַבעלען.

**פײַנקוגל.** אַ קלוגער ספּעקוליאַנט. שפּילט אַ פרומע ראָליע. האָט ניט פײַנט קיין קערטל.

**כינקיס.** אַ פײַעריקער ספּעקוליאַנט. פאַרברענט אין די קאָרטן.

**בייגעלמאַן.** אַ שטילער ספּעקוליאַנט. אַ פּראָסטער נעפעש. רײַבט זיך צווישן אַריסטאָקראַטן.

**קנאַקניסל.** אַ געהיטער ספּעקוליאַנט. אַן אײַנגעגעסן ייִדל.

**מאַדאַם פײַנקוגל.** אַן אַריסטאָקראַטקע. פאָרט אַלע יאָר קיין אויסלאַנד אין די „מאָלקענ״[1]).

**מאַדאַם כינקיס.** אַ דאַמע פון „קאָמענעצ״. אַ מעסוקענע רעכילעסניצע.

**מאַדאַם בייגעלמאַן.** שטאַמט פון גרויסן ייִכעס, שפּיגלט זיך אין דער „מישפּאָכע“.

**מאַדאַם קנאַקניסל.** נישט אַזאַ מעיוכעסעס, נאָר גלאַט אַ גראָבע ייִדענע.

**גרײַגער.** אַ הייסער ספּעקוליאַנט. אַ נידעריקער, אַ גראָבער, מיט אַ רויטער באָרד.

**מענאכעם־מענדל.** א קלײנשטעטלדיקער ספעקוליאנט. געהאנדלט אמאָל אינ אדעס מיט „לאָנדאָנ“.

**פײַוול פאָנפאטש.** | **זײַוול זאַיקע.** — צוויי „שפּעקוליאנטנ“, האנדלענ בעשוטפעס „יאקנעהאָז“.

**שמעלקע קאפצנ.** א מעקלער מיט א ראכמאָנעס-פּאָנעם. אָנגעשטאָפּט מיט געלט.

**די קאפּאָטע.** א מעקלער מיט א לאנגער קאפּאָטע אונ מיט א רויטער פּאטשײלע.

**דער קאפּעליוש.** א מעקלער מיט א צוגעטראָגענעם קאפּעליוש.

**פּלוידערזאַק.** אנ אדוואָקאט מיט באקנבערד. רעדט העכער האלב רוסיש.

**ציפּערבלאט.** בוכהאלטער בא פּײַפּערנ אינ קאנטאָר. גײט אונטערגעבונדנ די אויערנ.

**פּלעדערוויש.** קאָרעספּאָנדענט בא פּײַפּערנ אינ קאנטאָר. א יונגערמאנ א שטשאָגאָל.

**זילבערמינצ.** קאסיר בא פּײַפּערנ אינ קאנטאָר. א בײזער ייִד.

**די ייִדענע.** אנ אלמאָנע „פונ דער סלאבאָדקע“.

**קלארא.** א מאָדיסטקע.

**סאָסל.** א פּאָקאָיאָווע בא די פּאָסטערנאקעס. א שווארצײנעוודיק מײדל.

ווײַטער גײענ יונגע ספּעקוליאנטלעכ, אלערהאנט מעקלערס, א גאנצע כאליאסטרע.

די געשיכטע קומט פאָר אינ דער גרויסער שטאָט יעהופּעצ, אינ אונדזערע צײַטנ.

# ערשטער אקט

באַ די פּאָסטערנאַקעס איז אַ זשורפיקס. — אַ גרויסע זאַל, אַן אויס־געפּוצטע. רײַכע מעבל, גרויסע שפּיגלען, אַ פּאָרטעפּיאַנע מיט נאָטן, גרינע טישלעך, לײַכטערלעך מיט ליכט, קרײַדלעך, בערשטעלעך, פרישע פּעשלעך קאָרטן. — פּאָסטערנאַק און מאַדאַם פּאָסטערנאַק זיצן גרייט אופצונעמען געסט: ער, אַ שווער ייִדל מיט אַ גאַנצע שײַנער ליסינע, ליגט אין אַ פּאָטעל, ציט זיך און גענעצט; זי, אויסגעפּוצט, באַהאַנגען מיט גאָלד, פּערל, בריליאַנטן, זיצט באַם טיש ווי אַ גאַסט און בלעטערט אַן אַלבום.

## ערשטע סצענע

**פּאָסטערנאַק** (גענעצט). אַ־אַ־אַ! אַ־אַ־אַ!

**מאַדאַם פּאָסטערנאַק.** טפו, טפו, טפו! זע נאָר, ווי ער גע־נעצט, דאָס מויל ווערט אים שיר ניט צעריסן. אַ גליק, וואָס ס'איז נאָך קיינער ניטאָ. אין אַ געזעלנשאַפט ווען דו טוסט דאָס, קאָן מען כאַלעש בלײַבן.

**פּאָסטערנאַק** (גענעצט). וואָס זאָל איך טון, אַז באַנאַכט טאָר מען ניט שלאָפן? טאָ הין, טאָ הער. מען איז שטענדיק פאַרנומען מיט וועטשע־רינקעס, זשורעכלינעס.

**מאַדאַם פּאָסטערנאַק.** זשורפיקסן! טויזנט מאָל האָב איך דיך געלערנט, זאָלסט זאָגן זשורפיקסן, ניט קיין זשורעכלינעס. ווען דו זאָגסט דאָס, כאָלילע, אין אַ געזעלנשאַפט, קאָן מען כאַלעשן.

**פּאָסטערנאַק.** מײַלע בעקיצער, אַלקאָלפּאָנעם, לאָז זײַן זשור־פיקסן. פאַראַן באַ אונדז אַ געמאָרע: „יאַק ריידעלע טאָ ריידעלע, אַבי דאָברע מיינעלע". איך שמועס עס אַקעגן דרינען, וואָס מע שלאָפט ניט קיין נעכט, מע גייט איינער צום אַנדערן קלוימערשט מיט וויזיטן, און מיינען מיינט מען יענע מײַסע. (ער ווײַזט מיט די אויגן אַף די גרינע טישלעך). מע פלעג אַמאָל אויך מאַכן וועטשערינקעס. וואָס־זשע האָט מען גע־טאָן? האָט מען געקאָכט וועטשערע, פרישע וואַרעניקעס מיט קעז, צי געבראָטענע פּופּקעס מיט רעטשענע לאַטקעס, און ס'איז טאַקע געווען, פאַרשטייסטו מיך, ווי אין דער הייליקער טוירע שטייט געשריבן: וואַיוּיכיילו [2], דאָס הייסט מע האָט געשטופּט אין פּאָנעם אַרײַן. און הײַנט,

זינט ס'איז געוואָרן א מאָדע זשורעכלי... מיינ איך זשורפיקסן, עסט מען מאקעס. מען איז גאָר מעכאבעד מיט א גלאָז וואסער און מיט א מאו אנצ, וואָס אז מע זאָל אים וועלנ פארזוכנ, קאָן מען דערזעענ קראַקע מיט לעמבעריג. און אז מע וויל שוינ גאָר יויצע זיינ, פארבלענדט מען די אויגנ מיט א טייטל און מע ווייזט א פייג...

מאדאם פאָסטערנאק. פע, סאמויל, דו רעדסט עפעס אזעלכע ווערטער, וואָס אינ א געזעלנשאפט וואָלט איכ געפאלנ כאלאָשעס.

פאָסטערנאק. איכ שמועס עס אקעגנ דרינען, וואָס מען איז היינט געוואָרן סטעקראטנ; איידל געפאצקעט. א גאנצ יאָר עסט מען קאדאָכעס; דאָס מעג מען, דאָס טאָר מען ניט, דאָס שאט, דאָס הייסט ניט דער דאָקטער. און אז סע קומט דער זומער, פאָרט מען מאכנ די קור — אָדער קיינ באדענקראנצ, אָדער קיינ מראנצענזאלצ.

מאדאם פאָסטערנאק. גראם־שטראמ, מאכ מיר א הארמידער. מע רעדט מיט אימ כריינ, ענטפערט ער פעטרישקע. וואָס ביסטו פלוצימ ארופ אפ דער קור מיט די בעדער?

פאָסטערנאק. גלאט אזוי. איכ שמועס עס אקעגנ דרינען...

מאדאם פאָסטערנאק. דו שמועסט טאָמיד אקעגנ דרינען. דאָס איז יאָ — מע זאָגט דער טאָכטער און מע מיינט די שנור. די מאַדאמ פיינקוגל איז אביסל געזינטער פונ מיר, מעג זי יאָ פאָרנ אלע יאָר אינ די „מאָלקענ". צי די מאָדאמ קנאקניסל, וואָס וועט אינ דער טיר ניט ארייננ, מעג פאָרנ אלע זומער קיינ אדעס אפנ לעמאַנ[3], און דער מאנ וועט איר אפילע די צונג נישט איבערקערנ. צי די מאדאמ בינקיס מעג ארומפאָרנ פונ „ניטצ"[4] קיינ „נאטאליע"[5], און פונ „נאטא־ליע" קיינ „ניטצ" — און דער מאנ וועט איר אפילע ניט זאָגנ „קרומ גייסטו". אנו, פרעג דעמ דאָקטער קעבעבע, צי קאָן איכ מיכ באגיינ אפילע א מינוט אָנ פאָרנ קיינ אויסלאנד אינ די בעדער ארייננ?

פאָסטערנאק. דער דאָקטער קעבעבע? הערסטו, אָט דאָס איז דאָכ מיינ טיינע, וואָס איכ טיינע שוינ לאנג, אז דער דאָקטער קעבעבע פירט אייכ, אלע יעהופעצער סטעקראטקעס, אינ באָד ארייננ... נאָר גאָר ניט: אל תפל דבר — כאטא פאָקרישקע[6]. איכ שמועס עס אקעגנ דרי־נען. מע זאָל זיכ נאָר וועלנ צולאָזנ צו די דאָקטוירימ, וואָלטנ זיי א גע־זונטנ קראנק געמאכט, א לעבעדיקנ — טויט, און א קלאָרנ — מעשוגע.

מאדאם פאָסטערנאק. זע נאָר, ווי ער איז דאָס אביסל אופ־געטראָגנ קעגנ די דאָקטוירימ, גלייכ ווי זיי וואָלטנ אימ געקוילעט די

קאפּאָטע. מיר דאכט, אז דו האָסט נאָך קיין דאָקטער ניט באַנוצט, זינט דו ביסט א יעהופּעצער?

פּאָסטערנאַק. האַלעוואַי וואָלסטו אַזוי באַנוצט א דאָקטער, ווי איך, וואָלט גאָר אַנדערש געווען... איך שמועס עס אָקעגן דרינען, ווי זאָגט ער: אל תפּל דבר — כּאַטאַ פּאָקרישקע... ווייסטו, וואָס איך קלער?

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. איך זאָל אים גיין זאָגן, וואָס ער קלערט! איך ווייס, וואָס דײַן קאָפּ קאָן אויסקלערן?

פּאָסטערנאַק. איך קלער: אַזוי ווי ס'איז היינט בעמיילע באַ אונדז זשורעכלי... מיינ איך זשורפיקסן, עס וועלן זײַן געסט, פּײַפער וועט אויך זײַן, מע וועט זיצן שפּעט, — עפּשער וואָלט געווען א סוואַרע, אז מיר זאָלן שוין אין איין וועג אָפּקלאַפּן דאָס קנאַסמאָל, ווי אין פּאָסעק שטייט: זבין ותתחרט [7] — א וואָרט און צוויי און א מאַהאַריטש?...

מאַדאַם פּאָסטערנאַק (א פּלעסק מיט די הענט). וואָס סע האָט זיך מיר געכאָלעמט יענע נאַכט און הייַנטיקע נאַכט און אַלע נעכט פון א גאַנץ יאָר זאָל אויסגיין צו מײַנע סאָנימס קעפּ!

פּאָסטערנאַק. שאַ-שאַ-שאַ! איז לוי פּידאָלטי — האָב איך ניט געטאַנצט מיטן בער!

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. פאַרשטייסט א מאָשל? מע מאַכט א זשורפיקס, זאָל מען שוין אינײַנעם אָפּקלאַפּן א קנאַסמאָל! פּלוצים אין מיטן מיטוואָך שאַבעס-צונאַכטס! אומגעריכט, קיינעם ניט גערופן, מיט קיינעם נישט גערעדט — א שטילע וועטשערע! וואָס איז אַזוי? די קינדער האָבן דיך באַפּאַלן? און וואָס וועלן לײַט זאָגן? וואָס וועט זאָגן די מאַדאַם כינקיס, די באַרעדערן, די ספּליעטניצע, טאָמער האָט זי מיך נאָך ווינציק באַרעדט אין שטאָט?..

פּאָסטערנאַק. מיילע בעקיצער, אַלקאָלפּאָנעם, לאָז זיך דיר דאַכטן, עלעהיי איך האָב גאָרניט געזאָגט!

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. וואָס הייסט, דו האָסט גאָרניט געזאָגט, אַז דו האָסט יאָ געזאָגט?

פּאָסטערנאַק. געזאָגט איז פאַרפאַלן, ווי אין פּאָסעק שטייט: אל תפּל דבר — כּאַטאַ פּאָקרישקע.

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. וואָס טויג מיר דײַן פּאָסעק? איך האָב קיין פּאָסעק ניט געלערנט. אז מע שמועסט פון א קנאַסמאָל, באַדאַרף מען דאָך פריִער עפּעס רעדן, פרעגן די טאָכטער, צי וויל זי גאָר פּײַפערן פאַר א כאָסן. טאָמער וויל זי אים גאָרניט?

פּאָסטערנאַק. און ווו בין איך? עפּעס האָב איך דאָך אויך אַ שטיקל דייע בײַ אַ שידעך טון מיט מײַן טאָכטער, צי ניין? עפּעס גיב איך דאָך נאָדן אויך, פערציק טויזנט קאַרבן, צי ניין?

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. אַ גליק האָט מיך געטראָפן! כינקיס גיט אַביסל מער נאָדן די קינדער, און מאַכט גאָרנישט אַזאַ טאַרעראַם!

פּאָסטאַרנאַק. בײַ כינקיסן איז גרינגע טויזנטער. ער האָט זיי געמאַכט פון קאָרטן.

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. ווילסטו, הייסט דאָס, אָנהענגען איזאַבעלען אַ כאָסן מיט גוואַלד?

פּאָסטערנאַק. ווער זאָגט דען מיט גוואַלד? גלאַט איך שמועס עס אָקעגן דרינען...

מאַדאַם פּאָסטערנאַק (הערט ניט). גאָרניט. עס ווילט זיך אים פאַרשלייערן די טאָכטער, פּונקט אַזוי ווי יענער מערדערשער פאָטער, וואָס איך לייען גראַדע אַצינד בײַ שײַקעוויטשן אין אַ ראָמאַן; ער האָט געוואָלט, אַז די שיינע, די קלוגע, די ענגלשע אַנטואַנעטע מיט די שיינע בלויע הימל־אויגן, וואָס האָט געראָמאַנסירט מיט דעם ערלעכן, גוטן, ליכטיקן העלד סאַלאָמאָן, זאָל כאַסענע האָבן פאַרן ווילדן שקאָנטיסט מיט די בלויע ברילן, וואָס קוילעט ווײַבער און באַהאַלט זיי אין אַ קעלער...

פּאָסטערנאַק (פאַרשטעלט די אויערן. מיט אַ ניגון). טע־טע־טע! האָסט שוין אָנגעהויבן מיט דײַנע „ראָמאַנסן", מיט אַ הימלשן סאַלאָמאָן און מיט אַ ווילדן שקאָנטיסט, וואָס קוילעט ווײַבער. — אַ געשריגענע מײַסע, אַרויסגענומען פונעם סייפער פּראַלניק?

מאַדאַם פּאָסטערנאַק (אַרויס פון די קיילים). דעספּאָט! מערדער! טיראַן!

(זי טוט אַ וואָרף דעם אַלבום אויפן טיש מיט קאַס און אַנטלויפט אין אַנדערן צימער).

פּאָסטערנאַק (צו זיך אַליין). אַ ריינער אומגליק! אַמאָל, איידער איך האָב געהאַט געלט, איז מײַן ווײַב געווען אַ מענטש, גלײַך מיט אַלע מענטשן. הײַנט, זינט דער דאָקטער קעבעבע האָט איר אײַנגערעדט, אַז זי האָט נערוון, קאָן מען מיט איר קיין צוויי ווערטער ניט רעדן, באַלד עפּעס — ווערט זי אָנגעצונדן...

(מע קלינגט. פּאָסטערנאַק שרײַט: „סאָסל! סאָסל!" — און גייט אַוועק אין אַנדערן צימער צום ווײַב. — עס קומט אַרײַן סאָסל, אַ שוואַרצ־כיינעוודיק מיידל, מיט אַ פלעדערוויש און מיט אַ באַרשט).

## צווייטע סצענע

סאָסל (קוקט זיכ ארומ אפ אלע זײַטנ). איכ וואָלט געמעגט שווערנ, אז עמעצער האָט מיכ דאָ גערופנ, געשריגנ: „סאָסל”. א שטוב — טפו זאָלנ זיי ווערנ, איינער ווייסט ניט פונעם אנדערנ! קומט דער טאָג, הייבט זיכ אָנ: סאָסל געב, סאָסל דאָס, סאָסל יענצ, סאָסל אהינ, סאָסל אהער — מעשוגע צו ווערנ אונ געננוג! די מאדאמ מיט אירע נערווג, עסט פאר דרײַ אונ דאָקטערט זיכ קעסיידער... אלע טאָג דעמ דאָקטער קעבעבע — ווייסט שוינ ניט וואָס אויסצוטראכטנ פאר גרויס ראָסקאָש... א שיינע נעגידעס: האלט דאָס ברויט אונטערנ שלאָס, ציילט וויפל שטיקלעכ צוקער עס גייט אינ פונט, וועגט איבער די גרויפּנ פונעמ מארק... א פערטל אָפּ לאָז בלײַבנ פונעמ טיש, וועט מענ דאָס באהאלטנ אונטער זיבנ שלעסער. עס זאָל פארפוילט ווערנ — אונ יענעמ נישט אוועקגעבנ! צי אביסל אײַנגעמאכטס פונ די געסט — וועט מענ עס צונעמענ, עס זאָל כאָלילע ניט אָנקומענ דער דינסט... אונ אנ אָרעמאנ, אז עס קומט אמאָל צו גיינ, הייסט מענ טרײַבנ מיט שטעקנס... אנומלטנ האָט זיכ מיט גוואלד דורכגעשטופּט איינער, עפּעס א ייִד, וואָס מאכט ביכלעכ, איז מענ דאָס אפ מיר אָנגעפאלנ: „די שלעפּערס! וואָס לאָזט מענ ארײַנ די שלעפּערס?!” יענעמ איז נעבעכ פינצטער געוואָרנ אינ די אויגנ פונ אזא באָרעכאבע. „גלויבט מיר, זאָגט ער, איכ בינ כאָלילע ניט פונ די שלעפּערס. איכ האָב אײַכ געבראכט א מאטאָנע, טאקע מײַנס א ביכל. קויפט, איר וועט, אימירצעשעמ, האָבנ האנאָע, לעקנ די פינגער”... ער האָט אזוי לאנג געארבעט, ביז מע האָט אימ געמוזט ארויסשיקנ א נעדאָווע אונ בעטנ, ער זאָל גיינ געזונטערהייט. נאָכ א גליק, וואָס מע האָט ניט געהייסנ אימ אראָפּווארפנ פונ די טרעפּ... דאָס טעכטערל — אויכ א טײַערע נעשאָמע! ניט אומזיסט זאָגט מענ, אז דאָס עפּעלע פאלט ניט ווײַט פונעמ ביימעלע. זאָלסט זאָגנ — אמאָל א קליידל אנ אלטס אוועקשענקענ, צי א פּאָר שיכ אָנ אָפּצאסנ, צי זאָקנבענדלעכ, וואָס מע דארפ זיי שוינ ארויסווארפנ אפנ מיסט, — ווער? וואָס? ווועמענ?.. אונ דער באלעבאָס אליינ? פארכאפּט זאָל ער ווערנ! א באלעבאָס זאָל זיכ נאָר קנײַפּנ, רײַסנ שטיקער פליישׁ, נישט לאָזנ די שטוב איבערגײַנ! מיר דאכט, איכ וועל אימ אמאָל צושטעלנ א בענקעלע צו דער מאדאמ, אז דער רועכ וועט אימ צונעמענ!... (עס הערט זיכ א קאָל: „סאָסל, ווו ביסטו? מע קלינגט!”) איכ הער, איכ הער,

אז מע קלינגט. עס האָט מיר נאָך ניט פארלייגט! דאָס קלינגען שוין מיסטאמע די געסט. שיינע געסט! נישט מער זאָלן די סאָנים פארמאָגן, וואָס מע האָט זיך אָן פון די געסט! אז פון די קאָרטן, וואָס עס מאכט, נעמט צו די מאדאם אליין, און אונדז קומט אָן אפן שפּיצמעסער... (עס הערט זיך ווידער א קאָל: „סאָסל, סאָסל!") איך גיי, איך גיי! בראָש איז דאָ אלצדינג מיט דער מינוט. א וויטטער פראָסט אפ זיי!

(זי לאָזט די בארשט אינמיטן זאל און לויפט עפענען די טיר. עס קומט אריין פ ײַ פ ע ר — א לעבעדיקער, א פרישער, אן אויסגעפוצטער, און באלד נאָך אים — סאָסל).

## ד ר י ט ע ס צ ע נ ע

ס אָ ס ל (כאפט זיך צו דער בארשט). אוי, א מאקע איז מיר! שלאָפּ אין שלייער... אינמיטן שטוב אין א ווינקעלע... טיץ טאָבי דורעג...

פ ײַ פ ע ר (גייט צו צו איר נאָענט, טוט איר א קניפּ אין בעקל). וואָס איז, טײַבעלע מײַנס? צו וועמען רעדסטו דאָס?

ס אָ ס ל. אײַ! גייט אײַך צו אלדי גוטע יאָר!

פ ײַ פ ע ר (וויל זי כאפּן). פייגעלע מײַנס! איין קוש אין בעקל.

ס אָ ס ל (לאָזט זיך נישט). קושן וועט איר — זאָל איך אײַך זאָגן וועמען!

פ ײַ פ ע ר (כאפּט זי פאר א האנט). ניין, קעצעלע מײַנס, דיך, נאָר דיך!

ס אָ ס ל (גיט אים מיטן פלעדערוויש איבערן פּאָנעם). אלע בייזע, ווי סטע, פינצטערע כאלומעס, שלימאזל! אָן גייט די קאלע אײַערע!

(זי רײַסט זיך אויס פון זײַנע הענט און אנטלויפט. עס קומט ארײַן פונעם אנדערן צימער א י ז א ב ע ל ע).

## פ ע ר ט ע ס צ ע נ ע

פ ײַ פ ע ר (צעלאָזט זיך, מאכט א בויך-בעשאָלעם[9], בייגט אײַן דער קאָפּ און וויטעט זיך זייער עלעגאנט). גוט, וואָס איר זענט אָנגעקומען. כלעבן, איך שטיי אָט דאָ די גאנצע צײַט אין איינע יעסורים. איך קלער צו זיך אליין: אך, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען איר קומט ארויס אהער אליין און מע קאָן זיך מיט אײַך אויסשמועסן, ווי עס רעדט זיך, אונטער פיר אויגן, און ארויסזאָגן אײַך אלצדינג, וואָס איך קלויב מיך שוין לאנג צו זאָגן אײַך... מיט איינעם וואָרט, איר ווייסט שוין, וואָס איך וויל אײַך זאָגן?

א י ז א ב ע ל ע. פונוואנען זאָל איך וויסן, וואָס איר ווילט זאָגן?

פײַפער. איר שטויסט זיך. איך האָב אײַך שוין װיפל מאָל געגעבן אָנצוהערעניש.

איזאבעלע. איך װײס ניט קײן אָנצוהערענישן. איך פֿארשטײ ניט אפֿן װונק.

פײַפער (מיט א טרױעריקער מינע). א מינדסט קינד, דאכט מיר, קאָן אויך פֿארשטײן. מע באדארף נאָר א קוק טון מיר אין פּאָנעם אַרײַן, איז שוין גענוג.

איזאבעלע (קוקט אים אין פּאָנעם אַרײַן). אפֿן שטערן איז בא אײַך ניט אָנגעשריבן גאָרניט, כא־כא־כא!

פײַפער (טראגיש). אפֿן שטערן? עמעס. אָבער דאָ? בא מיר אין הארצן?... אָ, איזאבעלע! ביז װי לאנג נאָך װעט איר זיך שפּילן מיט מײַן הארץ? אײנמאָל פֿאר אלע מאָל, זאָגט מיר: יאָ, אָדער ניין — לאָמיך װיסן, לאָמיך מיך אופֿהערן צו פּלאָגן אומזיסט, ארומגײן מיט כאלוימעס. אײנס פֿון די בײדע: אָדער איך בין אײנער דער גליקלעכסטער אפֿ דער װעלט, אָדער מײַן לעבן איז ניט קײן לעבן!...

(ער פֿאלט איר צו די פֿיס. עס עפֿנט זיך די טיר און עס קומט ארײַן מארקוס. איזאבעלע אנטלויפֿט).

## פֿינפֿטע סצענע

פײַפער (צו מארקוסן גאָר פֿרײַנטלעך). א? הער מארקוס? װאָס מאכט מען? װי גײט'ס? פֿארװאָס זעט מען אײַך עפּעס ניט?

מארקוס. װוּ זאָלט איר מיך זען, אז איר זענט א פֿארנומענער מענטש? איר האלט שטענדיק אין אײן שפּילן: אָדער איר שפּילט אין דער בערזע, אָדער אין קאָרטן, אָדער גאָר אין „ליבע"...

פײַפער (מאכט זיך טאמעװאטע). כא־כא, איר זענט גערעכט. איך בין א פֿארנומענער מענטש, זײער א פֿארנומענער מענטש... איך האָב קײן מאָל קײן צײַט ניט אפֿילו אין א ביכל ארײַנקוקן... אמאָל פֿלעג איך לעזן ביכער אסאך. ס'איז נאָך בא מיר הײַנט אויך פֿאראן א גוזמא ביכער, א גאנצע ביבליאָטעק. איר האָט געזען מײַן ביבליאָטעק?

מארקוס. נישט געזען און אפֿילע נישט געהערט.

פײַפער (דרײט די װאָנצעס). שאדע, שאדע[10]. עס װאָלט קעדײַ געװען, איר זאָלט אָנקוקן מײַן ביבליאָטעקע, כלעבן. איר קאָנט געפֿינען בא מיר ביכער אזעלכע, װאָס איר האָט זײ קײנמאָל נישט געזען. ביכער איז בא מיר דאָס לעבן. מער פֿון אלצדינג אפֿ דער װעלט האָב איך

ליב די ליטעראטור. ליטעראטור און מוזיק — ז'אָס זענען די צוויי זאכן, וואָס זענען בא מיר טײַערער פון אלץ אפ דער וועלט. איר האָט מיך געהערט אמאָל שפילן פיאנע?

מארקוס. אין „ווינט" — ווייס איך, אז איר שפילט גוט; נאָר פיאנע האָב איך אײַך דערווײַלע נאָך נישט געהערט שפילן.

פײַפער. שאדע, שאדע. ווען איך זאָל נאָר געווען וועלן, וואָלט איך איצט געקאָנט אָפּגעבן קאָנצערט. גרויסע מעווינים האָבן דאָס מיר געזאָגט, ארטיסטן. איך בין באקאנט מיט אלע גרעסטע ארטיסטן אין יעהופעץ. איך האָב ליב ארטיסטן. ארטיסטן און סטודענטן זענען בא מיר דאָס כײַעס! וואָס מיך קאָסט אָפּ א יאָר ארטיסטן און סטודענטן — איז א גוואלד! וויפל מיינט איר?

מארקוס. ארטיסטקעס — ווייס איך, אז זיי קאָסטן אײַך אָפּ גענוג. נאָר ארטיסטן און סטודענטן — דאָס הער איך דעם ערשטן מאָל פון אײַך.

פײַפער. ארטיסטקעס? כא-כא! וואָס־זשע מיינט איר — עס קאָסט טאקע ניט וואָלוול. וואָס זאָל מען טון? דערויף איז מען א יונגער מענטש. עס ווילט זיך אמאָל רוען. אז טאָג ווי נאכט איז מען אין דער ארבעט. מע האָט אינזינען געשעפטן! און נאָך וואָסערע געשעפטן! אפ הונדערטער טויזנטער — וואָס זאָג איך? אפ מיליאָנען! אפ מיליאָנען!

(עס קומען אָן פּאָסטערנאק, מאדאם פּאָסטערנאק מיט איזאבעלען; נאָך זיי — געסט: פײַנקוגל, כינקיס, בייגעל־מאן, קנאקניסל מיט זייערע ווײַבער. די פּאָסטערנאקעס נעמען אופ די געסט זייער פרײַנטלעך. מע זעצט זיך אויס ארום טיש. איזאבעלע זעצט זיך צו דער פיאנע. מארקוס נעבן איר).

## זעקסטע סצענע

פּאָסטערנאק (טאנצט ארום די געסט). זיצט, זיצט, מײַנע ליבע געסט. איר האָט הײַנט אביסל אויווער קרישמע געווען [11], נאָר נישקאָשע, עס מאכט נישט אויס. איך האָב מיך מיט גאָטס הילף אויסגעשלאָפן באטאָג, ביכדיי איך זאָל מיך זעצן צום סיידער מיט א קלאָרן קאָפּ. עס זאָל זײַן, ווי אין פּאָסעק שטייט: אמור אל הכהנים [12]) — לאָזן זאָגן די קויהאנים צו די קליינע קויהאנימלעך, אז די קינדער זאָלן ניט דרימלען בא דער האגאָדע (צו פײַפערן). עפּעס האָב איך געכאפּט א וואָרט פון אײַך — „מיליאָנען". אפּאָנעם, איר האלט שוין בא די מיליאָנען? נאָר

וואָס איז דאָס כידעש, אז מע שארט בא אײַכ אפ דער בערזע גאָלד מיט לאָפּעטעס, ניט אזוי ווי נאש בראט באל־האלוואָע, וואָס דארפ ארויסקוקנ אפ פראָצענט. איכ שמועס עס אקעגנ דרינענ... (צו די געסט) וואָס הערט זיכ עפּעס בא אײַכ נײַס? ווי טײַער שטייט יאקנעהאָז?

פײַנקוגל. פרעגט שוינ גאָרניט. דאָס יאקנעהאָז ליגט מיר שוינ אינ הארצנ! ס'איז נאָר א קאדאָכעס אונ געגוג.

פּאָסטערנאק. צו וואָס־זשע טויג עס אײַכ, אז עס לוינט אײַכ ניט? מע נויט אײַכ פונ קאָהאָל?

פײַנקוגל. וואָס דענ טוט מענ? אזוי ווי די יידענע מיט די בייגל: „עס פארדינט זיכ עפּעס?" — „מײַנע סאָנים זאָלנ אזוי לעבנ!" „צו וואָס־זשע טויג אײַכ ארומטראָגנ בייגל?"—„פונוואנענ דענ וועל איכ לעבנ?"...

פּײַפּער (דרייט די וואָנצעס). איכ ווייס ניט, וויאזוי בא אנדערע איז; איכ האָב אפ יאקנעהאָז געמאכט א פארמעגנ. איכ טײַנע איינס: די בערזע דארפ מענ פארשטיינ.

כינקיס. איכ פארשטיי ניט, וואָס איז דאָ פאראנ צו פארשטיינ? אָט בינ איכ אויכ מיט גאָטס הילפ א ספעקוליאנט, דאכט זיכ, ניט פונ נעכטנ אונ ניט פונ אייערנעכטנ. נאָכ מײַנ סייכל קומט אויס, אז די בערזע איז א קאָרט. קאָלזמאנ די קאָרט גייט, איז גוט; הערט זי אופ צו גיינ — איז כאָטש נעמ אונ טו זיכ אָנ א מײַסע!

פּאָסטערנאק. ווי אינ פּאָסעק שטייט: למנצח על הגתית[13]); גייט דאָס — גייט דאָס, ווענ ניט — שטייט דאָס.

בייגעלמאנ. ווערקמירדיק[14]) מיט כינקיסנ! פונ וואָס איר זאָלט ניט רעדנ, קומט ער אײַכ ארופ אפ די קאָרטנ.

פּאָסטערנאק. וואָס כאָלעמט זיכ דער הונ? — פראָסע.

קנאקניסל. כינקיס איז אָבער גערעכט. די בערזע איז נאָר א קאָרטנשפּיל. זי איז מיר אזוי נימעס, אז ווענ איכ געפינ מיר עפּעס אנ אנדער געשעפט, טו איכ א שפּײַ אפ דער בערזע—אונ רופט מיכ קנאקניסל!

פּאָסטערנאק (צו קנאקניסלענ). ווי דער שפּאָלער זיידע אָלעווו־האשאָלעם מיטנ שויפער: לאָז איוואנ בלאָזנ! איכ הער דאָס שוינ פונ אײַכ א יאָר דרײַ. איר שרעקט די גענדז, אונ גייט פּאָרט אפ דער בערזע. א כידעש איז דאָס אפילע, ווערליק מיר קענענ אײַכ, זענט איר ניט קיינ ייד פונ געבנ געלט. הײַנט ווי קומט דאָס, אז איר זאָלט זיכ אײַנשטעלנ גיינ אפ דער בערזע אונ גאָר קיינ מוירע ניט האָבנ פאר דערלייגנ?

פײַנקוגל. וואָס איז דאָ מוירע צו האָבן? א ייִד, אז ער גייט ארויס אפֿ דער בערזע, האנדלט ער מיט א מימאָנעפּשעכ, ווי דער העלאמעד קויפט א ציג: „מימאָנעפּשעכ, זאָגט ער, וועט די ציג געבן מילכ, איז זי דאָכ טאקע ווערט זיבן קערבלעכ, אײַ וואָס? טאָמער גיט זי ניט קיין מילכ? פארוואָס זאָל זי ניט געבן קיין מילכ?"

(דער עולעם לאכט: „אפֿ אלצ האָט אײַכ פײַנקוגל א מאָשל ז").

פײַפער (דרייט די וואָנצעס). זאָגט אײַכ וואָס איר ווילט — די בערזע דאַרפֿ מען פארשטיין. איכ האָב ארויסגעזעען נאָכ פריִער מיט דרײַ כאָדאָשים, אז אפֿ יאקנעהאָז מוז קומען א האָס[15].

פּאָסטערנאק. וויאזוי זאָגט איר? א האָצ? בא אונדז הייסט דאָס א העצקע. מע העצקעט יענעם אָן א ווי־רופֿט־מען־דאָס...

מאדאם פּאָסטערנאק (פֿונ דער ווײַטנ צום מאנ). סאמויל! דו רעדסט עפּעס, מיט רעשפעקט צו מעלדן, אזעלכע ווערטער... (צו די דאַמען). געניסט עפּעס, פארוואָס זאָלט איר עפּעס ניט געניסן? אָט שטייען ניס, מאראנצן, אײַנגעמאכטס.

פּאָסטערנאק. איכ שמועס עס אקעגנ דרינען, וואָס זיי זאָגן: יאקנעהאָז האָט זיכ געהויבן... וואָס איז מיט דעם, איכ בעט אײַכ, אזוי זער ייִכעס? ס'איז טאקע אזא סכוירע, וואָס מע קריגט זי ניט, צי גראַט אזוי, די ספּעקוליאנטנ זענענ מעשוגע געוואָרנ? מאכמעס פאראַיאָרן, געדענקט איר, האָט מען געמאכט פּונקט דאָס אייגענע שפּיל מיט די אקציעס פונעם „יעהופעצער דעליזשאנ". ספּעקוליאנטנ האָבן זיכ צעהעצקעט. קאניוועער אונ שפּאָלער ייִדלעכ האָבן דערהערט, אז דער „יעהופעצער דעליזשאנ" ברענט, האָבן זיי צעלאָזט די פּאָלעס אונ זענענ געפלויגנ נאָכ די אקציעס, ווי נאָכ מאצע־וואסער, — אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז מע האָט געבראָכנ האלדז אונ נאקנ. איכ האָב אויכ געכאפּט זעמאָלט א שמיצ. אלע האָבן זיכ דעמאָלט אָפּגעבריט. עס איז געווען, ווי אינ פּאָסעק שטייט: ביום ההוא אבדו עשתונותיו[16] — מען איז דעמאָלט געבליבן אָן הויזן...

פײַנקוגל. דאָס געשעפט פונ דער בערזע גייט אזוי: מע מוז אַמאָל דערלייגנ אויכ. איכ וועל אײַכ דערציילנ א מאָשל...

כינקיס. דעם מאָשל לייגט אָפּ אפ שפּעטער. שוינ צײַט זיכ נעמען צום טילימל...

(דער אוילעם זעצט זיך שפּילן אין קאָרטן: פּאָסטערנאַק, פּײַנקוגל, בייגעלמאַן — בא איין טיש; פּײַפּער, כינקיס און קנאַקניסל — באַם אַנדערן טיש).

מ א ד א ם  פּ אָ ס ט ע ר נ א ק (צו די דאַמען). אַך, איך בין די לעצטע צײַט, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, אַזוי נערוועז, אַז איך קאָן מיר גאָר קיין אָרט ניט געפינען. דער דאָקטער קעבעבע האָט מיר פאַרשריבן נײַע פילן צום אַפּעטיט. געניסט עפּעס. פאַרוואָס זאָלט איר עפּעס ניט געניסן? אָט שטייען ניס, מאַראַנצן, אײַנגעמאַכטס...

מ א ד א ם  כ י נ ק י ס (צו די איבעריקע דאַמען). דער דאָקטער קעבעבע טרעט, אַפּאָנעם, נישט אַרויס פון איר שטוב! (צו דער מאַדאַם פּאָסטערנאַק). עס קער זײַן די אייגענע פילן, וואָס דער דאָקטער קעבעבע האָט מיר פאַרשריבן פאַראיאָרן.

מ א ד א ם  פּ אָ ס ט ע ר נ א ק. דער דאָקטער קעבעבע האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז ווי באַלד איך שטיי אויף, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, פון בעט, זאָל איך באַלד אײַנשלינגען אַ פּיל, פאַרטרינקען מיט אַ האַלבע גלאָז וואַסער, אָפּוואַרטן אַ האַלבע שאָ און ערשט נאָכדעם עסן פרישטיק. געניסט עפּעס, פאַרוואָס זאָלט איר ניט געניסן? אָט שטייען ניס, מאַראַנצן, אײַנגעמאַכטס...

מ א ד א ם  כ י נ ק י ס (צו די איבעריקע דאַמען). מיר דאַכט, ס׳איז די אייגענע ניס מיט די מאַראַנצן, וואָס פאַראַכטאָגן אין דער צײַט. קוקט זעך צו... (צו דער מאַדאַם פּאָסטערנאַק). אַז מע שלינגט פּילן מוז מען אָבער האַלטן דיעט. עך האָב אַמאָל אויך, ניט הײַנט געדאַכט, געהאַט צו טון מיט די נערוון, האָט מען מעך געהאַלטן אַף אַזאַ דיעט, אַז עך בין שיר ניט אויסגעגאַנגען פאַר הונגער.

מ א ד א ם  פּ אָ ס ט ע ר נ א ק. איך ווייס, וואָס הייסט דיעט. דער דאָקטער קעבעבע האַלט מיך אויך, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, אַף דער דיעט. איך בין שוין אָבער אויס מענטש. עס טרעפט אָפטמאָל באַנאַכט זאָל זיך מיר פּלוצים פאַרגלוסטן, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן — און דערצו איז נאָך בא מיר אַ כאַראַקטער, אַז פאַרן שלאָפן מוז איך עפּעס איבערכאַפּן. געניסט עפּעס, פאַרוואָס זאָלט איר עפּעס ניט געניסן? אָט שטייען ניס, מאַראַנצן, אײַנגעמאַכטס...

מ א ד א ם  ב י י ג ע ל מ א נ (צו דער מאַדאַם קנאַקניסל). מע זעט נאָך די באַקן, ווי די צייגער קנאַקן... (צו דער מאַדאַם פּאָסטערנאַק). מיר פאַרשפּאָרן

גאָר האַלטן דיִעט. אונדזער מישפּאָכע זענען אַלע זייער ווינציקע עסערס. אונדזער מישפּאָכע עסט קימאַט גאָרניט.

מאַדאַם כּינקיס (צו די איבעריקע דאַמען). שוין, זי איז שוין דאָ מיט איר מישפּאָכע! איר האָט עפּעס ליב, אַז זי צערעדט זעך וועגן איר מישפּאָכע?..

מאַדאַם פּאָסטערנאַק (צו דער מאַדאַם כּינקיס). אַקעגן דעם, וואָס איר זאָגט: האַלטן דיִעט. איר מעגט מיר גלויבן, אַז אַזאַ ווינציקע עסערן, ווי איך בין, האָט איר דען די צווייטע אין דער גאַנצער וועלט? דאָס פליישׁ האָט זיך מיר, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, אַזוי צוגעגעסן, אַז איך קאָן שוין אויף דעם ניט קוקן. עס גלוסט זיך איבערבײַטן אַמאָל, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, אויף אַ קרעפּל, אַ טייגעכץ, אַ מלינצע, צי ווייס איך וואָס. איך פרעג דעם דאָקטער קעבעבע: וואָס קאָן שאַטן צו דער דיִעט, אַז מע עסט אויך אַ צוויי־דרײַ קרעפּלעך מיט קעז, מלינצעס אַ פּאָר, צי צאָרעס־קניידלעך עטלעכע, צי אַ מילכיקן באָרשט? מיילע אין אויסלאַנד, בעשאַס מע טרינקט די וואַסערן, איז עפּעס אַנדערש; אָבער דאָ, בײַ זיך אינדערהיים!—געניסט עפּעס. פאַרוואָס זאָלט איר עפּעס ניט געניסן? אָט שטייען ניס, מאַראַנצן, אײַנגעמאַכטס...

מאַדאַם כּינקיס (צו די איבעריקע דאַמען). ווי געפעלט אײַך איר דיִעט מיט קרעפּלעך? (צו דער מאַדאַם פּאָסטערנאַק). איר דאַרפט זעך היטן פון פאַרקילן. דאָס וועטער איז איצט אַזוי שלעכט, און איר גייט אָנגעטאָן זומערדיק (צו די איבעריקע דאַמען). עס פּאַסט איר דאָס לעכטיקע זײַדענע קאָפטל מיט די אויפגעשניטענע אָרבל, ווי מײַנע צאָרעס! עפּעס קומט זי גאָר אויס האָרבאַטע!.. אָט קוקט זעך צו... (צו דער מאַדאַם פּאָסטערנאַק). ווער האָט אײַך אויפגענייט דאָס קאָפטל? עס קליידט אײַך אַזוי צום פּאָנעם, אַז ס'איז מעכײַע צו קוקן, כלעבן. בײַ אונדז אין קאָמענעץ גייט מען נאָר דעקאָלטירט.

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. איר ווייסט ניט, ווער מיר נייט? מיר נייט שטענדיק קלאַרא. קיינער קאָן מיר ניט אַזוי צוטרעפן צו מײַן כאַראַקטער, ווי קלאַרא. זי איז שוין אַזוי געניט, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, אין מײַן פיגור, אַז זי פאַרשפּאָרט מיר נעמען אַ מאָס. זי טרעפט אין דער פינצטער. נאָר וואָס דען איז איר כיסאָרן? זי איז, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, אַ גרויסע גאַנעווטע. פון צוועלף אַרשין מאַטעריע קאָן זי אַראָפּכאַפּן דרײַצן. אונטער די הענט ווערט בײַ איר

פארברענט... געניסט עפּעס. פארוואָס זאָלט איר עפּעס ניט געניסן? אָט שטייען ניס, מאראנצן, איינגעמאכטס.

מאדאם כינקיס (צו די איבעריקע דאמען). וואָס מע קען זעך שוין באַ איר אָנגאַנווענען!.... (צו דער מאדאם פּאָסטערנאק). פארוואָס זאָלט איר זעך בעסער ניט נייען באַ דער מאדאם אונטערשלאָק? אלע יעהופּעצער דאָמען נייען זעך באַ דער אונטערשלאָק. זי איז טאקע אונדזערע א קאָמענעצערן.

מאדאם פּײַנקוגל. איך ניי מיר נאָר אין אויסלאנד. מיר זאָל מען אופנייען א מאלבעש הי, ניט אין אויסלאנד, וואָלט איך דאָס נישט געקענט אָנטון אפילע.

מאדאם בייגעלמאן. אונדזער מישפּאָכע נייען זיך אלע באַ דער קאראָלינע. זי נעמט טאקע טײַער, נאָר אז זי נייט אוף א מאלבעש, זינגט דאָס! אונדזער מישפּאָכע ווייסט ניט קיין אנדער מאָדיסטקע אין יעהופּעץ, כוץ דער קאראָלינע.

מאדאם קנאקניסל (צו דער מאדאם כינקיס). איר מישפּאָכע איז טאקע אנדערש ניט געווינט געוואָרן... וואָס זאָגט איר אף אזא גאָלעס?

מאדאם כינקיס (צו דער מאדאם קנאקניסל). פארשטייט זעך, ווי קאָן מען אָנדערש, אז מע שטאָמט פון בייגלטרעגער?.. (צו די איבעריקע דאמען). וואָס טויג אײַך רעדן פון מאָדיסטקעס? הערט זעך צו, עך וועל אײַך בעסער דערציילן א נײַס פון דער מאדאם מייערצימעס מיט איר טעכטערל. מיר דאָכט, אז מיר וועלן איינגיכן האָבן א מאָזלטאָוו...

אלע דאמען. א קנאסמאָל?

מאדאם כינקיס. נאָך ערגער פון א קנאָסמאָל...

אלע דאמען. א כאסענע?

מאדאם כינקיס. נאָך ערגער פון א כאָסענע...

אלע דאמען. (קוקן זיך איבער פארוווּנדערט). אוי! וואָס הייסט? טאקע אן עמעס? (א פּלעסק מיט די הענט). וואָס־זשע האָט איר געשוויגן ביז אהער? דערציילט־זשע אונדז, נעשאָמעניו, האַרצעניו, ליובעניו! (מע כאַפּט זי ארום, מע קוועטשט איר די הענט, מע בעט זי דערציילן).

מאדאם כינקיס. דערציילן וועל עך אײַך, נאָר ביטנײַ, אז צווישן אונדז זאָל דאָס בלײַבן. קיין פויגל טאָר נישט וויסן! איר געדענקט זומער, בעשאס מיר זענען געקומען פון דעם אויסלאָנד, האָב עך אײַך גע־פרעגט, ווו איז דאָס אהינגעקומען די מאדאם מייערצימעס מיט דער

טאָכטער? קיינער האָט נישט געוווּסט: זי'ער האָט געזאָגט — אין ווין; דער — אין בערלין; אַנדערע האָבן געדרונגען — אין פּאַריז. עך האָב מיר אַלץ געבראָכן דעם קאָפּ, ווי'אַזוי ווערט מען דאָס געוואָר אַקוראַט? עך האָב מעך אַפּילע אַ פּאָר מאָל באַגעגנט מיט איר אין די קלייטן, נאָר צוגיין צו איר און אָפּגעבן איר פריִער דעם גוט־מאָרגן — צופּיל קאָוועד פאַר איר. יענע האָט אַזוי פאַריסן די נאָז, אַז זי מיינט, קיינער איז צו איר ניט גלײַך. עך געדענק נאָך, אַז זי איז געווען אַן אָם בא אונדז אין קאָמענעץ... עך זאָל אַזוי לעבן!

מאַדאַם פײַנקוגל. וואָס דאַרפט איר מער? אַז איך באַגעגן זיך מיט איר אַפּ דער גאַס, אַ נאָז קעגן אַ נאָז, פאַרדרייט זי דעם קאָפּ אין אַ זײַט און מאַכט זיך ווי זי זעט ניט. וואָס זאָגט איר אַפּ איר טאַטן?

מאַדאַם בייגעלמאַן. מיר שטייט גאָרניט אָן צו גריסן זיך מיט איר. אין אונדזער מישפּאָכע געפינען זיך אַביסל שענערע דאַמען פון איר. אונדזער מישפּאָכע האָבן פּײַנט, אַז מע בלאָזט פון זיך...

מאַדאַם קנאַקניסל (צו דער מאַדאַם כינקיס). זי איז שוין ווי־דער דאָ מיט איר מישפּאָכע!

מאַדאַם כינקיס. נו־נו, ווי מיינט איר? עך וועל דאָס עפּעס דורכלאָזן גלאָט אַזוי? עך האָב מעך מעיאָשעוו געווען און רעד איבער מיט מײַן עלטערער טאָכטער און זאָג איר: ווייסטו וואָס, טאָכטער מײַנע? אַזוי ווי דו האָסט אַ מאָן אַ דאָקטער, און דער מאָן דײַנער איז באַקענט מיטן דאָקטער קעבעבע, און דער דאָקטער קעבעבע איז דאָרט אַ היימישער, — אַ דאָקטער מיט אַ דאָקטער, — לאָז ער זעך מיט אים פאַנאַנדערעדן, דאָס, יענץ, אויסטאָפּן ווערטער — איר פאַרשטייט?

אַלע דאַמען. נו, נו? וואָס־זשע האָט ער אים געזאָגט?

מאַדאַם כינקיס (לייגט אַ פינגער אַפּ דער נאָז). כאַפּט־זשע נישט! עך האָב געזעען, אַז ס'איז בלאָטע, עך וועל דורך מײַן איידעם גאָרנישט מאַכן, — האָב עך מעך מעיאָשעוו געווען, לאָמעך מעך קאָרשט דורכגיין אַליין צו איר. אַן אויסרייד האָב עך געהאַט אַ טײַערן: עך מאַך עטלעכע קערבלעך אַפּ אַ געפאָלענער מישפּאָכע; ווי וועט מיר די מאַדאַם מייערצימעס — פּאָרט אַ נעגידעס און אַ מעיוכעסעס — ניט געבן קיין שיינע נעדאָווע, און אין איינוועגס טאַקע מעך אָפּנעמען פאַר אַ גאָסט אויך, און זיצן מיט איר כאָטש אַ האָלבע שאָ? עך דאָרף מער ניט ווי זיצן אַ האָלבע שאָ און קוקן... וואָס טוט גאָט? שיקט זי מיר

ניט ארויס זאָגנ, אז זי איז ניטאָ אינדערהיים? אזא נידעריקע זאכ! אזא גאדלנטע! אזא ווייצידקאָסכאָ[17])! בא אונדז אינ קאָמענעצ וואָלט עכ אפילע ניט געוואָלט קוקנ אפ איר, עכ זאָל אזוי לעבנ! בא אונדז אינ קאָמענעצ...

א ל ע ד א מ ע נ. איר האָט זיכ אונדז צוגעזאָגט דערציילנ א מײַסע פונ דער מאדאמ מייערצימעס מיט איר טאָכטער — צום סאָפ זענט איר פארפאָרנ קיינ קאמענעצ...

מ א ד א מ כ י נ ק י ס. כאָפּט־זשע ניט! עכ קום צו גיינ אהיימ א צעקאָכטע, מיט א קאָפּווייטיק, א מיגרענ, — מע זאָל באהיט אונ באוואָרנט ווערנ! דערוויַיל הער עכ — מע קלינגט. ווער איז? די אונטערשלאָק! גוט־מאָרגנ, גוט־יאָר. „וואָס איז איַיכ? דער מיגרענ האָט זעכ שוינ איַיכ ווידער אָנגערופּנ?“ קערצ אונ גוט, עכ האָב איר אויסדערציילט מײַנ גאָנצ ביטער האָרצ. „איר גיט מיר, זאָגט זי, איַיער הייליק וואָרט, אז קיינ פויגל זאָל ניט וויסנ, וואָס עכ וועל איַיכ דערציילנ?“ זי האָט מעכ באשוואָרנ מיט מײַנ מאָנ אונ מיט מײַנע קינדער, אונ האָט מיר דערציילט א גאָנצע מאנסע.

א ל ע ד א מ ע נ (שפּרינגענ אונטער אפ די ערטער) נו? נו? לאָמיר שוינ הערנ די מײַסע?

מ א ד א מ פ אָ ס ט ע ר נ א ק. גענ‏יסט עפּעס דערוויַיל. איר האָט נאָכ גאָרניט געגעסנ. אָט שטייענ ניס, מאראנצנ, אײַנגעמאכטס...

מ א ד א מ כ י נ ק י ס. הערט־זשע אויס! די מאנסע איז אזוי. א כאָדאָשים צוויי פאר אונדזער אוועקפאָרנ קיינ אויסלאנד אינ די בעדער אריַינ, האָט די אונטערשלאָק אופּגענייט דער מאדאמ מייערצימעס א ראָטאָנדע, אונ דער טאָכטער א ראָטאָנדע. איז איר ניט געפעלנ געוואָרנ די ראָטאָנדעס, גייט זי אונ פארקויפטביידע ראָטאָנדעס פאר האָלב געלט אונ הייסט זעכ מאָכנ קערצע זשאָקעטלעכ, אזוי ווי מע טראָגט בא אונדז אינ קאָמענעצ: דאָ ארומגעכאָפּט (זי ווײַזט מיט די הענט אונ דרייט זיכ), פונונטנ געהאָקט, פונפאָרנט קיַילעכיק, די אָרבל אָנגעבופט, א קאָלנער א הויכער מיט שטערנדלעכ, לאָצנ גרויסע, אָפּגעלייגטע, קאָקאָסענע קנעפּ...

א ל ע ד א מ ע נ (זיצנ קוים אײַנ אפ די ערטער). נו? נו? בעקיצער.

מ א ד א מ כ י נ ק י ס. כאָפּט־זשע ניט! קערצ אונ גוט — די אונטערשלאָק האָט אופּגענייט די זשאָקעטלעכ, אָפּגעבראכט די זשאָקעטלעכ, זי נעמט אָנמעסטנ די זשאָקעטלעכ, פריִער דער מאדאמ מייערצימעס — גוט!

זי נעמט אָנמעסטן דער טאָכטער — א צאָרע, א שלאָק, אן אומגליק! איר פארשטייט?... (זי בייגט זיך צו צו דער מאדאם פּאָסטערנאק און ווימט איר איַין א סאָד אין אויער).

מאדאם פּאָסטערנאק (א פלעסק מיט די חענט). אוי, איך האלט דאָס ניט אויס! מע באַדארף, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, כאַלעשן! (זי בייגט זיך צו צו דער מאדאם פּיַינקוגל און רוימט איר איַין אסאָד אין אויער).

מאדאם פּיַינקוגל (שפּרינגט אונטער אפן בענקל, ברעכט די הענט). אוי, איך וועל זיך א מיַיסע אָנטון! עס איז דאָך אזוי רעכט! אזוי רעכט! ווען איך זאָל מיך נאָר נישט שעמען, גיי איך טאנצן!.. (זי כאַפּט ארום די מאדאם בייגעלמאַן און רוימט איר איַין א סאָד אין אויער).

מאדאם בייגעלמאַן (פּאטשט די מאדאם קנאקניסל אין די פּלייצעס) פארוואָס הערט איר ניט? וואָס שוויַיגט איר? וואָס שוויַיגט איר? אינ אינדזער מישפּאָכע וועט זיך אזעלכעס ניט טרעפן, כאַ־כאַ־כאַ!..

מאדאם קנאקניסל (צו דער מאדאם כינקיס). אומעטום איז זי דאָ מיט איר מישפּאָכע!.. זאָגט־זשע אָבער, איר ווייסט דאָס פאר געוויס? טאָמער איז דאָס א פּיזמען[18]? די אונטערשלאק, פארשטייט איר מיך האָט ליב אמאָל אויסטראכטן א זאך, וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן.

מאדאם כינקיס (לייגטביידע הענט אפן הארצן און פארגלאָנצט די אויגן ארויף). גאָט זאָל מיר אזוי העלפן, עך זאָל אזוי האָבן נאכעס אין מיַינע קינדער, מיר זאָלן אזוי אָלע אויסגעלייזט ווערן פון צאָרעס, עך זאָל אזוי נישט וויסן פון קיין שלעכטס וויַיל עך וועל לעבן, עך זאָל אזוי הערן אלדאָס גוטס מיט איַיך אינאיינעם, מיר זאָלן אזוי גיך אָלע אופּגערעכט ווערן, עך זאָל אזוי רעדן מיט ווען מיר איז ליב, עס זאָל מיר אזוי זיַין א רעפוע צו מיַין קאָפּווייטיק, עך זאָל אזוי גיך פארגעסן פון מיַין מיגרען, ווי גיך מיר וועלן האָבן א מאָזלטאָוו בא מייערצימעסן אין שטוב...

אלע דאמען (קוועלן, קניַיפּן איינס דאָס אנדערע). וואָס זאָגט איר? וואָס זאָגט איר דערוף? עס איז דאָך ווערט גאָלד! גאָלד איז דאָס ווערט! אזא מאַפּאָלע! אזא נעקאָמע!..

פּיַיפער (פון דער וויַיטן). מע דארף בעטן די דאמען, זיי זאָלן מויכל זיַין רעדן א ביסל שטילער, מע הערט ניט א וואָרט.

פּיַינקוגל. איבער זייער געשריי הערט מען ניט אונדזער געפּילדער.

פּאָסטערנאק. לאָז זיַין שטילער! נשים דעתן קלות[19] — וויַיבער זענען געבדז...

מאדאם פּאָסטערנאק. א שיינע מײַסע נאָר א קורצע! א גליק, וואָס איזאבעלע איז ניטאָ... (זי קוקט זיך ארום אפ אלע זײַטן). די מאמע איז געפאָרן קיין אויסלאנד מאכן די קור, און די טאָכטער האָט געהאט די רעפּוע... פארוואָס געניסט איר עפּעס ניט? אָט שטייען ניס, מאראנצן, אײַנגעמאכטס... איר האָט מיך עפּעס הײַנטיקע נאכט גאָר מעוויַיעש געשטעלט. צי עפּשער ווילט זיך אײַך, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, א סטוקעלקע?

אלע דאמען (הייבן זיך אוף ווי איין מענטש). א סטוקעלקע? אך, פארוואָס ניט?

(מע מאכט ניט קיין שיִעס, מע פארכאפּט ערטער, מע נעמט ארויס די בײַטעלעך און מע גיט קאָרטן. לעכאטכילע איז שטיל. עס הערן זיך נאָר פארשיידענע אײַנציקע קוילעס פון די מאנצבלען: „פּאס!” „א קליינער שלעם!” „א גרויסער שלעם!” „אָן צוויי!” „אָן דרײַ!”... און פון די דאמען: „וואָס איז יאָנטעוו?” „וועמענס שליפּ?” „איך האָב א לעווי!” „איך בין רעמיז מיט דער צווייטער מאלקע!” „וועמענס פאָרהאנט?” „טויז מיילעך קאָזער!” „עס קומט מיר פון אײַך א גילדן! פארגעסט נאָר ניט, א גילדן!...” נאָר וואָס ווײַטער ווערן די קוילעס אלץ העכער. די פּענעמער, פלאמען די אויגן ברענען. מע הייבט זיך אָן אונטערקריגן. די מאנצבלען ווארפן זיך אויס איינער דעם אנדערן, אז זיי פארשטייען דאָס שפּיל מער פון א טויטן. פײַפער היצט זיך. בא די דאמען איז אויך ניט אומעטיק. מע זאָגט זיך איינע דער אנדערער שטעכווערטלעך, אז בא קאָרטן טאָר מען ניט זײַן נערוועז. איזאבעלע זיצט בא דער פּאָרטעפּיאַנע און שפּילט שטילערהייט, מארקוס זיצט הינטער איר און שעפּטשעט איר אפן אויער. איזאבעלע לאכט).

מארקוס (דרייט אויס דעם קאָפּ צום אוילעם). באטראכט נאָר אקאָרשט, ווי מען איז דאָס פארטיפט אין דער ארבעט. עס איז זיי שוין נישט אָפּצורײַסן אצינד פון די קאָרטן. זיי זעען ניט און הערן ניט, וואָס טוט זיך ארום זיי. כאָטש נעם און טראָג זיי ארויס... און די דאמען? זעט נאָר, ווי זיי ברענען! זיי זענען גרייט, זיי זאָלן זיך ניט שעמען, איינס דאָס אנדערע אויסרײַסן די אויגן, אָפּבײַסן די נעזער, אײַנשלינגען לעבעדיקערהייט... (ער שטייט אוף, לייגט צונויף די חענט אפן הארצן) גליקלעכע מענטשן! אין דער מינוט זענען זיי אויסגעטון פון דער גאנצער וועלט. אין דער מינוט איז פאר זיי נישטאָ קיין שום טײַערערע אָדער הייליקערע זאך אפ דער וועלט. א קאפּאָרע דאָס ווײַב פאר א „גרויסן שלעם”, א קאפּאָרע דער מאן פאר א „טויז קאָזער”, א קאפּאָרע

קינדער, א קאפּאָרע אלצדינג פאר א קערטל... אומגליקלעכע נעפּאשעס! וואָס פאר א לעבּן קאָן בּא זיי זײַן? וואָס פאר א וועלט? ווען רעדט דער מאן מיטן ווײַבּ, דער פּאָטער מיט די קינדער, אז א גאנצן טאָג איז מען אפ דער בּערזע, און בּאנאכט בּא די קאָרטן? ווען זעען זיך די קינדער מיט זייער פּאָטער? וואָס הערן זיי, וואָס וויסן זיי און וואָס טראכטן זיי פון אים? ווו איז ער, דער גלאנץ פון אונדזער אומע, אונדזער גרעסטע, אונדזער שענסטע און עפּשער איינציקע מײַלע, מיט וועלכער מיר שטאָלצירן קעגן אנדערע פעלקער—דאָס יידישע פאמיליען־לעבּן?

א י ז א בּ ע ל ע (הערט זיך אײַן ווי מארקוס ריעדט). אך, מארקוס! ווי שיין ער איז בּעשאס ער רעדט! פּערל שיטן זיך פון זײַן מויל. און די אויגן — פלאמען פײַער. ליבּער מארקוס! זיסער מארקוס! די נעשאָמע וואָלט איך אים אוועקגעגעבּן בּעשאס ער צערעדט זיך! (זי שיקט אים א קוש אין דער לופט). דאָס הארץ רײַסט מיר אָבּער, אז איך דערמאן זיך, וויאזוי ער וועט נעבּעך לײַדן און וואָס פאר צאָרעס ער וועט איבּער־טראָגן, אז ער וועט דערהערן, אז איך בּין א קאלע געוואָרן פאר אן אנדערן... אך, וואָס זאָל איך טון, אז איך בּין, צו מײַן פינצטער מאזל, געבּוירן בּא רײַכע עלטערן? וואָס קאָן איך העלפן, אז איך שטיי אײַן בּא א דעספּאָט, וואָס וויל נישט פארשטיין, אז ליבּע שטייט העכער פון געלט?.. אנטלויפן? כאטשע האָבּן קעגן דעם טאטנס ווילן? וואָס וועט זײַן דערמאָלט פון אונדז בּיידן דער טאכלעס, אז ער איז אזוי אָרעם און עלנט?.. אָרעמער מארקוס! ווי גליקלעך וואָלטן מיר בּיידע געוועזן, ווען ער איז אין פּײַפּערס שטאנד, כאָטש האלבּ פון אים! איך וואָלט געוואַרט בּיז ער וועט ענדיקן דאָקטער מעדיצין... נאָכדעם כא־סענע געהאט... געפאָרן אינײַנעם קיין בּערלין, אָדער קיין וויען, אזוי ווי כינקיסעס טאָכטער מיט איר מאן... געקומען, אויסגעמעבּלט א שיינע דירע אין יעהופּעץ, אזוי ווי כינקיסעס טאָכטער... אים א גרויסארטיקן קאבּינעט, מיר א פּראכטפולן בּודואר... מיר האָבּן זיך אונדזער אייגענעם עקיפּאזש מיט גומעלאסטיקענע רעדלעך... אלע וואָך זשורפיקסן... אלע נאכט אָדער צו גאסט, אָדער אינײַנעם אין טעאטער... „ווער זיצט דאָס אין יענער לאָזשע־בּענואר, אזא גליקלעכע פּאָרפּאָלק?" — „דאָס איז דער דאָקטער מארקוס מיט זײַן פרוי איזאבּעלע"...

(פלוצים כאפּט זיך אויף כינקיס, טוט א וואָרף די קאָרטן אפן טיש).

כ י נ ק י ס. לאָז דאָס בּרענען אפן פײַער! איידער אזוי שפּילן אין קאָרטן, איז שוין גלײַכער זיצן אינדערהיים און שרײַבּן ספאָרים!

**קנאקניסל.** וואָס גייט אײַך אָן, וויאזוי איך שפּיל? איך וויל מיר ארויס מיט קאָזער — און רופ מיך קנאקניסל!

**פּאָסטערנאַק** (פון דעם אנדערן טיש). ער איז גערעכט, ווי אין פּאָר־סעק שטייט: בגפו יבוא בגפו יצא [20] — איטלעכער שפּילט זיך, ווי ער פארשטייט.

**פּײַפּער.** ניין, שולדיק איז גאָר כינקיס: ער האָט געמאכט אזא גאנג, אז מע מעג אים אָפּהאקן הענט און פיס. נאָר כינקיס איז די אן אנטיק: ער האָט א טעווע, אז טאָמער מאכט ער א פעלער, פאַר ער אָן אפ יענעם.

**כינקיס** (צו פּײַפּערן). איר זענט א אידיאָט! איר פארשטייט אזוי בא קאָרטן, פונקט ווי איר פארשטייט די בערזע!

**פּײַפּער.** ע, איר זידלט זיך שוין? וועל איך דאָך אײַך דערציילן, ווער איר זענט, קארטיאָזשניק! זשוליק!

(ער כאַפּט א פּעשל קאָרטן און וואַרפט כינקיסן אין פּאָנעם ארײַן. כינקיס נעמט אים אָן בא די וואָנצעס... קנאקניסל פאָרט ארײַן כינקיסן אין דער באָרד. פּאָסטערנאַק שרײַט: „אל תפל דבר — כאטא פּאָקרישקע! לאָז זײַן שטיל! ס'איז א ביזאָיען פאר די דאמען!"... מאדאם פּאָסטערנאַק פאלט כאלאָשעס. די דאמען שרײַען: „וואסער! וואסער!")

## צווייטער אקט

אין א פּאָר כאדאָשים ארום. בא פּײַפּערן אין קאנטאָר. שיינע טיש־לעך. געטאָקטע גראטעס. אײַזערנע שאפעס. — **ציפּערבלאַט,** דער בוכהאלטער, אונטערגעבונדן די אויערן מיט א ווײַס טיכל, און **פּכעדער־וויש** — דער קאָרעספּאָנדענט, א פראנט מיט בלויע ברילן, זיצן אפ הויכע שטולן, סקריפּען מיט די פעדערן און ווארפן אפ בײַנדלעך. **זילבער־מינץ** — דער קאסיר, זיצט אין די גראטעס בא דער קאסע, ציילט געלט געשווינד, קנאקט מיט די פינגער. **פּײַפּער** אליין זיצט אויבנאָן באַם טיש און דרייט די וואָנצעס. בא די זײַטן זיצן ספּעקוליאנטן: **פּײַנקוגל, כינקיס, בייגעלמאן, קנאקניסל.** אביסל ווײַטער שטייען עטלעכע יונגע ספּעקוליאנטלעך און מעקלערס. אלע רעדן, מאכן מיט די הענט, היצן זיך. עס לאָזן זיך הערן פארשיידענע קוילעס: „יאקנעהאָז!" „פּעסט!" „יאקנעהאָז!" עס קומט אָן **גרײַגער** מיט א כאליאסטרע מעקלערס.

### ערשטע סצענע

**גרײַגער** (האלט זיך מיט ביידע הענט פאר די זײַטן). **יאקנעהאָז? אומעטום, ווו מע קומט, הערט מען נאָר יאקנעהאָז און יאקנעהאָז!**

יעהופעצ — אויכ מיר א בערזע, אז אָכ און ווי איז די יאָר! כאפט מענ זיכ אָנ אינ עפּעס אנ ארטיקל, איז זיי ניט אָפּצוריַיסנ. פרעגט זיי בעכיירעם, וואָס יאקנעהאָז? ווער יאקנעהאָז? ווייסנ ניט פונ זייער געזונט. איינער קוקט אפנ אנדערנ, גייענ ווי שאָפּ אינ דער טשערעדע. נאָר איכ איינער האלט מיכ אָפּ פונ יאקנעהאָז. אדעראבע, איכ פארקויפ גאָר יאקנעהאָז. אָט האָב איכ ערשט נעכטנ אָפּגעלייזט פאר א דריטהאלבנ הונדערט שטיק יאקנעהאָז זיבנ הונדערט צוואנציק אפ קאָנטראקטנ, איכ זאָל אזוי לעבנ מיט אייַכ אינאיינעם. לאָז זאָגנ עמעצער. אָט שטייענ יידנ. (ער וויַיזט אָנ אפ דער כאליאסטרע מעקלערס).

ד י  כ א ל י א ס ט ר ע (שיסנ אויס אלע מיטאמאָל). עמעס, עמעס, ווי מערידנ [21]) זענענ!

פ יַ נ ק ו ג ל (קוקט זיכ איבער מיט דער קאָמפּאניע ספעקוליאנטנ. צו גריַיגערנ) אז די נאסע ביימער ברענענ, היַינט וואָס זאָלנ שוינ זאָגנ די טרוקענע? אז איר האָט מוירע צו האלטנ זיכ מיט יאקנעהאָז, היַינט וואָס זאָלנ מיר שוינ זאָגנ?... פונדעסטוועגנ וואָלט איכ זייער געוואָלט וויסנ, צי פאר־קויפט איר נאָכ עפּעס יאקנעהאָז צו דיזעלבע פריַיזנ?

ג ר יַ ג ע ר (אופגעבראכט). איר ווייסט דאָכ, אז איכ האָב פיַינט איַיערע יעהופעצער אָפּשניצלעכ, אויבערקעפּלעכ און האמצאָלעכ. בא מיר איז אנ אָפּענער זעקס־און־זעכציק — וואָס אפ דער לונג, דאָס אפ דער צונג. אז מע רעדט, זאָל מענ רעדנ אייסעק. פּאָזויע האָב איכ פיַינט (צו פיַיפערנ). זעט איר, מיט איַיכ מאכנ מיר א געשעפט. מיט איַיכ האָב איכ ליב צו האנדלענ, וויַיל איר זענט דער איינציקער ליַיטישער סויכער אינ יעהופעצ אפ דער בערזע. מיט איינעם וואָרט, איר זענט א דזשענ־טעלמענ — איכ זאָג דאָס אפ איַיכ אלעמאָל, ווי גזאָט איז הייליק. פרעגט, אָט שטייענ יידנ.

ד י  כ א ל י א ס ט ר ע. עמעס, עמעס, ווי מערידנ זענענ!

פ יַ פ ע ר (דרייט די וואָנצעס). וואָס־זשע ווילט איר מאכנ, פאני גריַי־גער? לאָמיר הערנ.

ג ר יַ ג ע ר. איכ וויל... איכ וויל מיט איַיכ מאכנ אזא געשעפט: איר שטעלט מיר א פריַיז אפ הונדערט שטיק יאקנעהאָז, ווי טיַיער איר קויפט און ווי טיַיער איר פארקויפט, געדרוקט אינ צענ קערבלעכ, און איכ מוז אויסקלויבנ איינס פונ די צוויי: אָדער איכ וועל בא איַיכ צונעמענ הונדערט שטיק יאקנעהאָז, אָדער איכ וועל איַיכ אוועקגעבנ הונדערט שטיק יאקנעהאָז. נו, וואָס טראכט איר אזוי לאנג? האקט א צאדעק!

פײַנקוגל (צום איבעריקנ אוילעמ). גרײַגער וויל אימ מאכנ די שפיל...

פײַפער (טראכט). נײנ. מיר לוינט בעסער, הער גרײַגער, אז איר זאָלט מיר שטעלנ א פרײַז אהינ אָדער אהער, אונ די ברײרע זאָל זײַנ בא מיר.

פײַנקוגל (צום איבעריקנ אוילעמ). דער קלײנער לאָזט זיכ ניט פירנ אינ כײדער ארײַנ.

גרײַגער (מיט היצ). אָט דאָס איז די מײַסע מיט א יעהופעצער ספעקוליאנט: געב אימ פיר א געשעפט, ענטפערט ער דיר בויבעריק! נו, בעקיצער, לאָז זײַנ אזוי ווי איר ווילט. בא מיר פויעלט איר אלצ־דינג אינ דער וועלט. דערופ בינ איכ גרײַגער. איכ האָב שוינ אפ אזעלכע ספעקוליאציעס מײַנע צײנ אופגעגעסנ. איכ האָב שוינ גע־פרווט אמאָל אינ אײנ האלבע שאָ דערלײגנ זיבנ אונ זיבעציק טויזנט קערבלעכ — אונ אפילע זיכ נישט פארקרימט, ווי מיר שטײענ אונ־טער א הימל (ער ווײַזט אפ דער סטעליע). פרעגט ווען איר ווילט, אָט שטײענ ייִדנ.

די כאליאסטרע. עמעס, עמעס, ווי מערידנ זענענ!

גרײַגער (מיט גאדלעס). געלט איז בלאָטע. דעריקער איז — אנ ערלעכער מאנ, דאָס וואָרט זאָל זײַנ א וואָרט, אונ געוויינטלעכ — מוז מענ דערצו האלטנ קאָפ אויכ (ער טוט זיכ א פאטש אינ שטערנ). גרײַגער האָט א קעפעלע, דער רוּעכ האָט אימ ניט גענומענ!... אלזאָ, הער פײַפער, הערט זיכ צו מיט קאָפ. (ער צײלט די ווערטער). הונדערט שטיק יאקנעהאָז אפ קאָנטראקטנ. אפ זיבנ הונדערט פער־ציק, מיט פערציק קערבלעכ האנטגעלט — קויפ איכ בא אײַכ, אונ אפ זיבנ הונדערט פופציק, מיט א פופציקער האנטגעלט — פארקויפ איכ אײַכ. הײַנט קלויבט אײַכ אויס.

פײַפער (טראכט א ווײַלע). האָב איכ אײַכ אָפגעגעבנ הונדערט שטיק יאקנעהאָז. (צום בוכהאלטער). הער ציפערבלאט! פארשרײַבט הונדערט שטיק יאקנעהאָז, אפ זיבנ הונדערט פערציק מיט פערציק.

ציפערבלאט (רײַסט זיכ אָפ פונ די ביכער). הא? וואָס? יאקנעהאָז? וויפל? ווי טײַער? געקויפט צי פארקויפט?

פײַפער. שאָלעמ־אלײכעמ, פונוואנעט איז א ייִד? (צום קאָרעספאָנ־דענט). הער פלעדערוויש! דערצײלט אימ, וואָס ס'איז דאָ גע־מאכט געוואָרנ. (צום קאסיר) הער זילבערמינצ! נעמט צו פונ הערנ גרײַגער פיר טויזנט רובל.

פ נקוגל. פאַני גרײַגער, אַף אײַך איז מעקויעם געוואָרן דאָס וו ר : „אַז מע זוכט אַ גלעזער, געפינט מען אַ סטאָליער". איר האָט אַזוי ג וואָלט קויפן יאַקנעהאָז, אַזוי ווי איך וויל טאַנצן.

כינקיס. איר האָט זיך אַליין געשטעלט אין אַ רעמיז.

ב ײַ עלמאַן. פאַרנוצט געזונט!

קנאַקניסל. ווערטלעך אַף אַ זײַט. מײַלע, אַז גרײַגער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, וואָס קומט אים דערפאַר? ווען עס טרעפט אַז מיר, דריי איך מיך אַרויס, און רוף מיך קנאַקניסל!

גרײַגער. בלאָטע! איך טו דאָס ניט, אָבער גאָר לוי מיט אַ לאַנ־געך נוג! איך הייס גרײַגער! איך שווער אײַך בענעמאָנעס, ווי ס'איז אַ שהכל פון גאָט[22]. (ער ווײַזט אַפן טיש), — מײַן גאַנצער אַרויסקוק איז גאָר געווען צו קויפן יאַקנעהאָז. אַף יאַקנעהאָז פרעגט מיך, וועל איך אײַך דערציילן וואָס דאָס איז. ס'איז אַ סוואָרע, אַז מע קויפט אויס דאָס גאַ צע יאַקנעהאָז פונעם מאַרק. ס'איז טויזנט קאַרבן אַ שטיק, ווי איר זעט מיך לעבן! וואָס מיינט איר, גרײַגער איז עפּעס אַ יינגעלע? שוין באַלד אַ כוידעש, אַז איך האַלט אין איין קויפן יאַקנעהאָז. איך האָב שוין אײַנגעקויפט ביז הײַנטיקן טאָג עפּשער זיבן הונדערט שטיק. פרעגט, אָט שטייען ייִדן. (צו דער כאַליאַסטרע). וואָס שווײַגט איר?

די כאַליאַסטרע. עמעס, עמעס, ווי מערידן זענען!

אַ קאָל פון דער זײַט. סטײַטש, פאַני גרײַגער, איר האָט דאָך ואָר־וואָס געזאָגט און געשוואָרן זיך, אַז ערשט נעכטן האָט איר פאַר־קויפט דריטהאַלבן הונדערט שטיק יאַקנעהאָז!

גרײַגער (מיט קאַס). נאַכאַל! ווער פרעגט אײַך? אַ ייִד איז דיר קיין קאַטאָוועס ניט! מענטשן רעדן אײַסעק, מישט ער זיך אַרײַן. ווער האָט דען געזאָגט „פאַרקויפט"? איך? מיסטאַמע האָט מיר אַזוי גע־פּאַסט. איך זאָג טאָמיד וואָס מיר פּאַסט. לעמײַ זאָל איך לייקענען? איך האָב פײַנט די יעהופעצער כאָכמעס. בײַ מיר איז אַן אָפענער זעקס־און־זעכציק. — וואָס אַף דער לונג — דאָס אַף דער צונג. פּאָעזיע דאָס איך פײַנט. (צו פײַפערן). אַ סימען האָט איר, אַז איך בין אַ פעסטער קוינע אַף יאַקנעהאָז — אָט פרוווט זיך, שטעלט אײַן, גיט מיר אַוועק אַף זיבן הונדערט פּופציק, מיט אַ צענערל האַנטגעלט, נעם איך בײַ אײַך ... נאָך אַ מייע שטיקלעך יאַקנעהאָז.

פײַפער (ניט לאנג געטראכט). האָב איך אײַך אוועקגעגעבן נאָך הונ־דערט שטיק יאקנעהאָז (צום קאָרעספּאָנדענט). הער פלעדערוויש! מאכט א בריוו אפ נאָך הונדערט שטיק יאקנעהאָז.

נײַנקוגל (נעמט זיך בא דער באָרד). אימקיינ, אז דער צאר פונ טראָגנ איז יאָ אזוי גרויס, בינ איך דאָך אויך א קוינע אפ א מייע שטיקלעך יאקנעהאָז צום זעלבנ פרײַז, אויב מיט א צענערל האנטגעלט!

פײַפער (צום קאָרעספּאָנדענט). הער פלעדערוויש! מאכט נאָך א בריוו אפ הונדעוט שטיק יאקנעהאָז.

כינקיס. נו, אונ ווו בינ איך? מײַנ געלט איז קיינ געלט ניט? עלעהיי איך האָב געשפּילט אינ „בעזיק". די בערזע איז דאָך ניט מער ווי א קאָרטנשפּיל, הייסט מיר אויך מאכנ א בריוול אפ א מייע שטיקלעך יאקנעהאָז.

בייגעלמאנ. ווערקמירדיק! בא כינקיסנ איז דיר אלצדינג גע־גליכנ צו א קאָרט! (צו פײַפערנ). זײַט אזוי גוט אונ הייסט, זײַט מויכל, מיר אויך מאכנ א בריוועלע אפ א האלבע מייע יאקנעהאָזלעך.

קנאקניסל. איך האָב אפילע געגעבנ דאָס וואָרט מײַנ ווײַב, אז איך וועל מער קיינ געשעפטנ אפ דער בערזע ניט מאכנ; נאָר אז איך זע אלע קויפנ, לאָזט דאָס מיך ניט אײַנזיצנ, ווי זאָגט ער: „אחרי רבים להטות"[23] (צו פײַפערנ). הייסט שוינ, זײַט מויכל, מיר אויך מאכנ א בריוול אפ יאקנעהאָז, אונ דאפקע אפ א גאנצע מייע — אונ רופ מיך קנאקניסל!

פײַנקוגל (צו קנאקניסלענ). אפ אײַך איז מעקוייעם געוואָרנ דאָס ווערטל: „יאק יעיצערהאָרע נאפאדני, טאָ טקיִעס־קאפ נע פּאָמאָזשע"...

פײַפער (צום בוכהאלטער). הער ציפערבלאט! פארשרײַבט נאָך צוויי הונדערט פופציק שטיק יאקנעהאָז. (צום קאָרעספּאָנדענט). הער פלעדערוויש! מאכט נאָך דרײַ פרישע בריוולעך. (צום קאסיר). פארשרײַבט אינ דעבעט נאָך דרײַ טויזנט פינף הונדערט רובל.

(ציפערבלאטווארפט אפ די בייגדלעך. פלעדערוויש שרײַבט בריוולעך. זילבער־מינצ ציילט געלט, קנאקט מיט די פינגער. צווישנ אוילעם ווערט א מוירעדיקער גערודער. אלע שרײַענ: „יאקנעהאָז! פעסט! פעסט!" מעק־לערס קויפנ היו אונ צוריק פונ איינעם צום אנדערנ, רוימענ אײַנ אלע מאָל פײַפערנ א סאָד אפנ אויער, נעמענ אנ אָרדער אונ ברענגענ געלט).

גרײַגער (גרויס). נו? ווער האָט אָנגעמאכט א האָס אפ יאקנעהאָז? גרײַגער! ווער קויפט אינ איינ קלאָפּ דרײַ הונדערט שטיק יאקנעהאָז? גרײַגער? אלצ גרײַגער! אפ מיר קוקנדיק האָבנ זיך שוינ אלע

צעלאָזט קויפֿן יאַקנעהאָז. ווי זענט איר געווען ביז אהער, בעריעס, יעהופּעצער ספּעקוליאַנטן? ספּעקוליאַנטן זענט איר? — אידיאָטן, ניט קיין ספּע־קוליאַנטן! איר ווייסט ניט, ווער עס האָט אײַך געשלייערט! איר זעט, יענער קריכט — קריכט איר אויך. וואָס קריכט איר? וואָס האָט איר געקויפֿט? יאַקנעהאָז? איר ווייסט, וואָס יאַקנעהאָז איז? מע טאָר עס דען נעמען אין די הענט אַרײַן אפֿילע?

א קאָל פֿון דער זײַט. סטײַטש, איר האָט דאָך נאָר־וואָס גע־זאָגט?!..

גרײַגער. איך האָב געזאָגט? נו, איז וואָס? האָב איך געזאָגט, מיסטאַמע האָב איך באַדאַרפֿט אַזוי זאָגן. איך לייקן מיך גאָרניט. איך האָב ליב זאָגן דעם עמעס. בא מיר איז אָפֿענער זעקס־און־זעכציק,— וואָס אויפֿן דער לונג, דאָס אויף דער צונג. פּאָעזיע האָב איך פֿײַנט. איך בין אַרײַנגעקומען אהער, טאָמער וועט גאָט ראַכמאָנעס האָבן, איך וועל קענען פּאָטער ווערן פֿון א שמאַטע! איך טראָג מיך שוין אַרום מיט יאַקנעהאָז פֿון א וואָך זיבן. פֿרעגט וועמען איר ווילט, אָט שטייען ייִדן צו דער כאַליאַסטרע). וואָס שווײַגט איר?

די כאַליאַסטרע. עמעס, עמעס, ווי מערידן זענען!

פֿײַנקוגל (זיך אין באָרד אַרײַן). גאָט שיקט צו דעם טרינקער זײַן ווײַן און דעם שפּינער זײַן פֿלאַקס. אַזעלכע יאָר־איידעס, ווי בא גרײַגערן, זענען ווערט דאָס גאַנצע געלט.

גרײַגער. א סימען האָט איר, גיט מיר א בעס[24]) אויף צוויי הונדערט שטיק יאַקנעהאָז אויף קאָנטראַקטן, אַז איר זענט מעכוייעוו זיי בא מיר נע־מען אויף זיבן הונדערט קערבלעך, גיב איך אײַך צו צען קערבלעך אויף יעדן שטיק.

פֿײַפֿער. האָב איך אײַך פֿאַרקויפֿט א בעס אויף צוויי הונדערט שטיק יאַקנעהאָז. (צום קאָרעספּאָנדענט). הער פֿלעדערוויש! מאַכט א בריוו אויף צוויי הונדערט שטיק יאַקנעהאָז, אַז איך דאַרף נעמען אויף זיבן הונדערט רובל איבעראײַאָר קאָנטראַקטן (צום קאַסיר). פֿאַרשרײַבט אין דעבעט פֿון הערן גרײַגערן נאָך צוויי טויזנט רובל.

גרײַגער (נעמט דאָס בריוול, ציילט אָפּ געלט, שטייט א ווײַלע, שפּײַט אויס), טפֿו זאָל דאָס ווערן! וואָס האָב איך דאָ אָנגעמאַכט? אויף זיבן הונדערט פּופֿציק געקויפֿט... אויף זיבן הונדערט פֿאַרקויפֿט... נאָר איר מיינט דאָך, אַז גרײַגער איז עפּעס א ייִנגעלע און וועט גלאַט אַרויסוואַרפֿן געלט אויף דער גאַס? בלאָטע! אָבער גאָר לוי מיט א שטרײַמל! עס וועט

אײַך קאָסטן געלט! איך וועל אײַך אויסטון ביזן לעצטן העמד, ווי איר זעט מיך לעבן! איך וועל אײַך אַלע מאַכן פאר קאַפּצאָנים, ווי ס'איז הײַנט יום רביעי[25]! — דינסטיק אף דער גאנצער וועלט! (ער גייט אוועק, טוט א זעץ מיט דער טיר, די כאַליאַסטרע — נאָך אים).

## צווייטע סצענע

פײַנקוגל (צום איבעריקן עולם). וואָס זאָגט איר אף אים? דער קויעך פון געלט? אזא'נ אזעס! איך האָב אים אָבער געוואָלט דערציילן א מאָשל פון שלוימע האמיילעך מיטן האָן. איר האָט געהערט דעם מאָשל פון שלוימע האמיילעך מיטן האָן?

כינקיס. אצינד, אז גרײַגער איז שוין אוועקגעגאנגען, האָט איר זיך דערמאנט אינעם מאָשל פון שלוימע האמיילעך מיטן האָן! פּונקט אזוי ווי נעכטן בא די קאָרטן...

בייגעלמאַן. ווערקמירדיק! פון וואָס איר זאָלט ניט רעדן מיט כינקיסן — אף די קאָרטן מוז ער ארופקומען!

קנאַקניסל. כינקיס איז גערעכט. צו וואָס זאָלן מיר זיך נארן? יידישע טקיפעס איז שטעלן א פײַג אונטער דער פּאָלע — און רופ מיך קנאַקניסל!

פײַפער (טוט זיך אָן). ווייסט איר, וואָס עס וואָלט גוט געווען צו טון אצינד? (אַלע שווײַגן, כינקיס כאַפּט זיך ארויס).

כינקיס. מאַכן א „פּראָפּעראַנס“...

אַלע דרײַ. בראַוואָ, כינקיס! בראַוואָ! כינקיס האָט נאָך קיינמאָל אזוי גלײַך ניט געזאָגט. בראַוואָ! בראַוואָ!

(פײַפער, פײַנקוגל, כינקיס, בייגעלמאַן און קנאַקניסל גייען אוועק. צווישן די יונגע ספּעקוליאַנטן און מעקלערס איז א טומל, א געפּילדער. אַלע רעדן: „וואָס הערט זיך מיט יאַקנעהאָז?... „פּלאָו!“[26] „געפּאַלן. וואָס טוט מען? קויפן צי פארקויפן?“ „קויפט אײַך יאַקנעהאָז און מאַכט אײַך א בעס“... „איך האָב א האָס אף יאַקנעהאָז! ווער קויפט א האָס?“... „האַלט זיך מיט אײַער האָס, רײַבט אים אויס מיט זאַמד“... „אז מאַכן זאָל מען מאַכן א סטעלאַזש[27]“... „גיט זשע מיר א בריוועלע, עס זאָל גײַן מיט פּיס, עס זאָל קענען גיין“... „פײַפערס א בריוועלע איז פּרימאַ“... „פּרימאַ, פּרימאַ! ער נעמט, זאָגט מען, הונדערט טויזנט רובל באַרן“... „פּאָסטערנאַקס טאָכטער... פּאָסטערנאַק איז רײַך“... „א מיליאָנער, זאָגט מען, א דאָווער־אכער, נאָר א מיליאָנער“;... עס עפנט זיך די טיר און עס שטעקט זיך ארײַן א קאָפּ פון א יידל, און נאָכדעם דאָס יידל אַליין).

## דריטע סצענע

**דאָס ייִדל.** דאָ פארקויפט זיך דאָס... (א שמאָרע מיט דער נאָז וויִאזוי הייסט דאָס... יאקנעהאָז?

**עטלעכע קוילעס.** אָט האָסטו דיר די אנדערע טעג יאָנטעוו! א נייַער סויכער אפ יאקנעהאָז!

**דאָס ייִדל.** ווי טייַער איז בא אייַך דאָס... (א שמאָרע מיט דער נאָז). וויִאזוי הייסט דאָס... יאקנעהאָז?

**עטלעכע קוילעס.** ווער זענט איר? וואָס דארפט איר?

**דאָס ייִדל** (ווערשראָקן). אלייני בין איך אזוי גרויס ווי א קאסריי־לעווקער אליין. פאָרנ פאָר איך, הייסט דאָס, פונ אדעס, אונ הייסנ הייס איך מענאכעם־מענדל.

**עטלעכע קוילעס.** זענט איר עפשער יענער מענאכעם־מענדל, וואָס האָט געהאנדלט אינ אדעס אפ דער בערזע מיט „לאָנדאָנ"?

**מענאכעם־מענדל** (גייַציק). יאָ, דאָס בינ איך טאקע אליינ, טאקע יענער מענאכעם־מענדל, וואָס פאראיאָרנ אינ אדעס, ניט הייַנט געדאכט, בא פאנקאָנינ, ייִמאכ־שמוי, א האָס[15]), א בעס[24]), אונ א דאָס... (א שמאָרע מיט דער נאָז) א סטעלאזש[27]).

**עטלעכע קוילעס.** קומט דאָך אייַך שאָלעם. שאָלעם־אלייכעם אייַך, רעב מענאכעם־מענדל, וואָט מאכט א ייִד?

**מענאכעם־מענדל.** וואָס זאָלנ מיר מאכנ וואָס? אדעס איז טויט אדעס. אויס „לאָנדאָנ", אויס פאנקאָני, אויס מאראָזשענע... אלע אדעסער קומענ אהער קיינ יעהופּעצ קומענ זיי, אונ דאָ הער איך, ייִדנ, אָנ אייַנהאָרע, מאכנ גאָר ניט שלעכט מאכנ זיי. האָב איך מיך מעיאשעוו געוועג, וואָס בינ איך ערגער פונ אלע וואָס? אגעוו, האָב איך, פאָרנ־דיק פונ אדעס אהערצוצו, דורכגעשלאָגנ אינ זשמערינקע א דאָט... א שידעכ דורכגעשלאָגנ, פארדינט מיט גאָטס הילפ עטלעכע קערבלעכ, גלוסט זיך עפּעס מאכנ, שפּעגעליונ גלוסט זיך, ווי זאָגט ער: פארזוכט פונעמ אייצ־האדאאס[28]) פארזוכט... אייַ זי, די פּלוינעסטע, הייסט דאָס, וועט שרייַענ גוואלד וועט זי? עט, ווער איז זי מעכויעוו צו האָרכנ א נעקייווע ווער?... שאט, וואָס־זשע האָב איך אייַך אָנגעהויבנ צו זאָגנ וואָס? יאָ, כ'האָב מיך דערמאָנט: איך האָב בעדייע צו מאכנ עפּעס מיט דאָס... (א שמאָרע מיט דער נאָז) וויִאזוי הייסט דאָס?... יאקנעהאָז... (דער אוילעמ לאכט. דער קאפּעליוש אונ די קאפּאָטע אונ אויכ שמעלקע לאָזנ זיך צו אימ).

**שמעלקע** (רעדט טיף ליטוויש). יאקנעהאָז? אדעראבע, גיט עפּעס צו פארדינענ.

**דער קאפּעליוש** (שטופּט אָפּ שמעלקענ). וואָס ווילט איר מאכנ? זאָגט, אָט לויפ איכ אייַכ מאכנ.

**די קאפּאָטע** (שטופּט אָפּ דעמ קאפּעליוש). אנו, לאָזט מיכ!... (שנייַצט אויס די נאָז, נעמט ארויס פונ הינטנ א רויטע פאטשיילע). נאט אייַכ אָפּעט שאָלעמ, רעב מענאכעמ־מענדל. הייסט דאָס, קעפּי איכ זע ארויסעט אָט־א־דאָ־אָ פונ אייַער שמועס, פארשטיי איכ, אז איר האָט כיישעק, איכ בעט איבער אייַער קאָוועד, צו שווינדלענ מיט יאקנעהאָז. זאָגט־זשע מיר, זאָלט איר מיר געזונט זייַנ, איר קלערט, וואָס איז שייַעכ, קויפנ, צי, איכ בעט איבער אייַער קאָוועד, פארקויפנ?

**מענאכעמ־מענדל.** פארקויפנ אוואדע ניט. זעט איר, קויפנ — דאָס וואָלט עפּשער געווענ א שטיקל פלאנ עפּשער. נאָר וואָס־זשע דענ איז דאָ דער גאנצער דאָס? (א שמאָרע מיט דער נאָז) איכ ווייס ניט, מיט וואָס עסט מענ דאָס ווייס איכ ניט.

**שמעלקע** (שטופּט זיכ דורכ). יאקנעהאָז ווייסט איר ניט?

**דער קאפּעליוש** (שטופּט אָפּ שמעלקענ). איר ווייסט ניט, וואָס הייסט יאקנעהאָז? די גאנצע וועלט קויפט יאקנעהאָז.

**די קאפּאָטע** (שטופּט אָפּ דעמ קאפּעליוש). לאָזט מיכ, איכ וועל אייַכ קלאָר מאכנ, וואָס איז שייַעכ, אקוראט דעמ איניענ פונ יאקנעהאָז. מיקויעכ וויסנ וואָס דאָס איז, מוז איכ אייַכ זאָגנ דעמ רעכטנ עמעס, אז מיר אליינעט אָט־א־דאָ־אָ ווייסנ אויכ ניט, איכ בעט איבער אייַער קאָוועד, מיט וואָס מע עסט דאָס. וואָרעמ דאָס איז א זאכ, וואָס אלע האָבנ דאָס און קיינער זעט דאָס ניט. א בלינדער עסרעג, איר פארשטייט?

**מענאכעמ־מענדל.** כ׳פארשטיי, פארוואָס זאָל איכ ניט פאר־שטיינ פארוואָס? דאָס איז, אפּאָנעמ, אנ איידעלע מאטעריע איז דאָס? (ער ווייַזט אפּ די פינגער). ניטאָ באַ וואָס אָנצוטאפּנ ניטאָ? ס׳איז אזא מינ, וואָס איז גאָר לאכלוטנ ניטאָ אפּ דער וועלט, אזוי ווי דאָס „לאָנדאָנ” אינ אדעס?

**די קאפּאָטע.** כאָלילע! וואָס איז שייַעכ, ס׳איז ניטאָ באַ וואָס אָנצו־טאפּנ? ווי געשיקט זיכ עס, מע זאָל קויפנ און פארקויפנ א מינ, וואָס איז גאָר אפּ דער וועלט ניטאָ? נאָר אז מע וויל שמועסנ נאָכאמאָל טאקע דאָס אייגענע ווידער צוריק, איז דאָס פאָרט נישטאָ אינערגעצ ניט, ווייַל ארקויפנ פארקויפט זיכ דאָס, איכ בעט איבער אייַער קאָוועד, בלאנקאָ,

דאָס הייסט, מע פאַרקויפט דאָס אײַך אַף איבעראַיאָרעט קאָנטראַקטן מיט אַ ברייורע: פאַלט דאָס — האָט איר פאַרשפּילט נאָר דעם אָדערופּ; עלע טאָמער הייבט זיך דאָס – נעמט איר אָפּ בײַ יענעם צער און רפוי און שבת און בושת [29]), עס געהערט צו אײַך מיט האַקל־באַקל־מיקל־פלעקל און אַפילע די קאַפּאָנעס זײַנען אויך אײַערע. פאַרשטייט איר שוין?

מ ע נ אַ כ ע ם־מ ע נ ד ל. כ׳פאַרשטיי, פאַרוואָס זאָל איך ניט פאַרשטיין פאַרוואָס? איך קום צו יענעם און זאָג אים: „פּעטערל! אָדער געלט, אָדער די נעשאָמע"... נאָר וואָס־זשע דען, האָט מיר קיין פאַריבל ניט, איין זאַך איז מיר אַביסל פריקרע: איך פאַרשטיי ניט דעם דאָס... (אַ שמאָרע מיט דער נאָז) דעם פּשאַט פון לאָשן קאַפּאָנעס פאַרשטיי איך ניט.

ש מ ע ל ק ע. קאַפּאָנעס ווייסט איר ניט? (ער ווײַזט אַף די פינגער). קאַפּאָנעס, וואָס מע שנײַדט קאַפּאָנעס.

ד ע ר ק אַ פּ ע ל י ו ש (ווײַזט אַף די פינגער). קופּאָנעס איז... איז... איז... קופּאָנעס אַף נעמען דיווידענד.

ד י ק אַ פּ אָ ט ע (שטופּט אָפּ דעם קאַפּעליוש). לאָזט זיך דינגען! (ער ווײַזט אַף די פינגער). קאַפּאָנעס — דאָס ווערט אָנגערופן, לעמאָשל, די קאַפּאָנעס, די איסקע, דאָס פּרעצענט, וואָס עס וואַקסט אָן... הײַנט פאַרשטייט איר שוין?

מ ע נ אַ כ ע ם־מ ע נ ד ל. כ׳פאַרשטיי, פאַרוואָס זאָל איך ניט פאַרשטיין פאַרוואָס? איך זיץ מיר אינדערהיים זיץ איך מיר, און דאָרט וואַקסט דערווײַל אַף מיר פּרעצענט. וויבאַלד אַזוי, איז דאָך עס טאַקע, אַפּאָנעם, נישקאָשע פון אַ דאָס... פון אַ געשעפטל איז דאָס... מאַכט־זשע מיר קלאָר, איך בעט אײַך, ווי איז, לעמאָשל, דער דין, אַז איך וויל מאַכן דערופּ אַ האָס, צי אַ בעס, צי עפּשער טאַקע מעכילע אַ גאַנצן דאָס... (אַ שמאָרע מיט דער נאָז) אַ סטעלאַזש מיין איך?

ד ע ר ק אַ פּ ע ל י ו ש. אָך, מיטן גרעסטן קאָוועד! גיט מיר אַן אָרדער, טו איך אַ שפּרונג און ברענג אײַך אַ סטעלאַזש אַ פּרימאַ: פײַפערס אַ בריוועלע.

ש מ ע ל ק ע (שטופּט זיך דורך). צו וואָס נוצן אײַך קונצן, סטעלאַזשן? אַמער קויפט אײַך בעסער מעזומענעם יאַקנעהאָז אַביסל. אָט האָב איך אַן אָרדער פון ל אַ ז ע ר ן און פון מ אַ ש ע י ע ן...

ד י ק אַ פּ אָ ט ע (שטופּט אָפּ שמעלקען). לאָזט זיך דינגען! וואָס דולט איר זיי אַ יאַרמעלקע מיט מעזומענעם יאַקנעהאָז, אַז זיי ווייסן נאָך גאָרניט, וואָס פאַר אַ פּאָנעם דאָס האָט?

מ ע נ א כ ע מ־מ ע נ ד ל. עט־נו, מיילע, איר מיינט, אז טאָמער טאַקע כאָלילע ניט אזוי דאָס?... (א שמאָרע מיט דער נאָז). בעַ! א סימענ האָט איר, אָט האָב איכ אָפּנעהאנדלט א זומער אינ אדעס, ניט הייַנט געדאכט, מיט „לאָנדאָנ", געמאכט אלע מאָל א „האָז", א „בעס", א „סטעלאזש", מיט א „נאָכ", מיט א „בלינדע רעכט", מיט אלע שאַ־לעמויזנ, אונ פרעגט מיכ בעכיירעמ פרעגט מיכ, צי האָב איכ דאָס ווענ אָנגעקוקט אינ מייַנע אויגנ אפילע? פונדעסטוועגנ, עס זאָל נאָר געווענ זייַנ אביסל מער דאָס... (א שמאָרע מיט דער נאָז) האצלאָכע, וואָלט איכ דענ אצינד ניט געקאָנט זייַנ א שטיקל אוישער אצינד? אָט נאט אייַכ הערשעלע. הערשעלע איז ניט געווענ א שאמעס אינ א בעסמעדרעש, איז ניט ארויס מיטנ שטעקל אינ ג ר ע צ ק[30]) אונ האָט ניט געמאכט אינ איינ שמא־ייסראָעל דרייַסיק טויזנט? שאט! אונ יאָ ס ע ל ע? איר קענט יאָ ס ע ל ע נ? יאָסעלע האָט ניט געמאכט קיינ פארמעגנ פונ לאָנדאָנ? עמעס, זיי האָבנ דאָס נאָכדעמ אָפּגעגעבנ צוריק מיט רעוואָכימ האָבנ זיי; פינדעסטוועגנ...

— ד י ק א פּ אָ ט ע. ע, רעב מענאכעמ־מענדל, איר זאָלט אזעלכעס זאָגנ? ווי קומט דאָס צו'נ אייַכ? איר גלייַכט „לאָנדאָנ" צו יאקנעהאָז? וואָס איז שייַעכ „לאָנדאָנ", איז, איכ בעט איבער אייַער קאָוועד, „לאָנ־דאָנ", אונ „יאקנעהאָז" איז, פארשטייט איר מיכ, טאקע „יאקנעהאָז".

מ ע נ א כ ע מ־מ ע נ ד ל. דעהייַנע וואָס? דאָס געשעפט גופע איז טאקע אזוי ראיעל איז דאָס?

ד י ק א פּ אָ ט ע. וואָס איז שייַעכ ראיעל? ס'איז אפרויס זאָהאָוו[31])! ס'איז גאָר א סוואָרע, אז די גרויסע אונדזוערע קויפנ דאָס אויס פונ דער בערזע, אונ עס קאָנ זייער שיינ געמאָלט זייַנ, אז אפ איבעראיאָר קאָנטראקטנ זאָל דאָס זייַנ מיט גאָלד גלייַכ, אָדער עס זאָל, איכ בעט איבער אייַער קאָוועד, ליגנ בייַענ איילנ אינ דער ערד. דערפאר איז גוט, פאז מע באוואָרנט זיכ מיט א סטעלאזש, וויבאלד איר האָט א סטעלאזש זענט איר א גליקלעכער מענטש.

מ ע נ א כ ע מ־מ ע נ ד ל. אָ, א סטאלאזש איז אוואדע זייער א גע־שמאקער ביסנ א סטעלאזש! איכ געדענק עס נאָכ פונ אדעס געדענק איכ. נאָר וואָס־זשע דענ איז דאָ דער גאנצער דאָס? דער קוועטש איז דאָ: מא יאָקאָר? וואָס קאָנ עס מיכ קאָסטנ וואָס?

ד י ק א פּ אָ ט ע. וואָס איז שייַעכ קאָסטנ? עס ווענדט זיכ, וואָס אר א סטעלאזש איר ווילט מאכנ. פאר א געוויינטלעכנ סטאלאזש ווערט

איר דארפֿט באצאָלן בראָדסקיס פֿארמעגן; נאָר אויב איר ווילט, עס זאָל אײַך קאָסטן אין גלײַכן געלט, וואָלט איך אײַך געהייסן מאכן, איך בעט איבער אײַער קאָוועד, א „געדרוקטן סטאלאזש", דעהײַנע: דער בעס זאָל זײַן געשריבן אף זעקס הונדערט און דער האָס אף אכט הונדערט; איז דאָך מימאָנעפשעך (מיט א ניגון) — וועט דער פּרײַז האלטן העכער פֿון אכט הונדערט קערבלעך, וועט איר נעמען יאקנעהאָז, עלע וואָס דען, טאָמער פֿאלט דאָס? — וועט איר, איך בעט איבער אײַער קאָוועד, געבן יאקנעהאָז. סײַ אהין, סײַ אהער — איז אלץ די ברייזע בא אײַך. האָט איר דאָס צעקײַט?

מ ע נ א כ ע ם־מ ע נ ד ל. פֿארוואָס זאָל איך עס ניט צעקײַען פֿאר־וואָס? אין אדעס איז אויך אזוי אין אדעס: אָדער איך נעם, אָדער איך געב; דאָס הייסט, איך טאנץ אף ביידע כאסענעס טאנץ איך. וואָס פֿאר א זײַט עס זאָל ניט אוועקגיין — בין איך אלץ אין דרויסן בין איך. בא גרויסע וואראציאָנען[32] איז מען אין אדעס, זאָגט מען, גליקלעך געוואָרן מיט אזעלכע סטעלאזשן. מע דערציילט, אז עס פֿלעגט אוועקגיין אן עפּאָכע, פֿלעגט מען אָנשיסן זעק מיט גאָלד פֿלעגט מען. ביסמאַרק זאָל זיך ניט געווען צוקילן ביסמארק, און עס זאָל זיך ניט געווען איבערקערן די גאנצע שפּיל מיט דער פּוטער אראָפּ, וואָלט ה ע ר ש ע ל ע געווען דער אייגענער הערשעלע, וואָס פֿריִער, און י אָ ס ע ל ע וואָלט טאקע געבליבן יאָסעלע, און איך וואָלט איצטערסטאָ געווען גאָר בעגילופֿין וואָלט איך. נאָר מיסטאמע איז דאָך ניט באשערט מיסטאָמע... האקיצער, וואָס פֿאָרט וועט מיך קאָסטן א געדרוקטער דאָס... א סטעלאזש מיינ איך?

ד י ק א פּ אָ ט ע. וואָס איז שײַעך? מע דארף דאָך זעען, עס זאָל אײַך קאָמפּענירן. צוליב אײַך, און ווײַל מיר מאכן דאָס ערשטע געשעפֿט, וועט דאָס אײַך קאָסטן א צענערל א זײַט. אָרנטלעך?

מ ע נ א כ ע ם־מ ע נ ד ל. נו, אוואדע קאָן מען ניט זאָגן, אז ס'איז טײַער אוואדע. נאָר אויב ס'איז מעגלעך עפּעס אָפּדאָסן... אָפּרײַסן מיין איך, אויסדינגען, איז מאכנײַסע; ווי זאָגט ער: וואָס ווינציקער איז געזינטער... גאָר טא, אויך די אייגענע מײַסע — אז גאָט זאָל געבן א שטיקעלע האצלאָכע זאָל ער, איז גאָרניט, ווי זאָגט ער: א רענדל אראָפּ, א רענדל ארויף, מיר וועלן זיך ניט קריגן וועלן מיר.

ד י ק א פּ אָ ט ע. האָב איך, וואָס איז שײַעך, פֿון אײַך א פֿעסטן אָרדער און קאָן, הייסט דאָס, מיט מאזל־בראָכע שליסן דאָס געשעפֿט?

מענאכעם־מענדל. בעפײרעש אַן אָרדער! באַ אונדז איז אַדעס איז אַ וואָרט אַן אָרדער און אַן אָרדער איז אַן אַדערופּ. מיר פֿלעגן דאָרטן האַנדלען קימאַט נאָר אַפֿן דאָס... אַפֿן וואָרט פֿלעגן מיר...

די קאַפּאָטע. וואָס איז שײַעך אַפֿן וואָרט? באַ אונדז אין יעהופּעץ איז אויך דאָס נעמלעכע; דאָס וואָרט איז טאַקע אַ וואָרט, נאָר פֿונדעסטוועגן זענען מיר זיך דאָ נויטיק צו נעמען אַן אַדערופּ באַם גרעסטן שפּעגעלאַנט. מאַכמעס עס טרעפֿט דאָ אָפּ־מאָל, אַז פֿון אַן אָרדער זאָל זיך, איך בעט איבער אײַער קאָוועד, אויסלאָזן אַ בוי־דעם. איר פֿאַרשטייט?

מענאכעם־מענדל. כ׳פֿאַרשטיי, פֿאַרוואָס זאָל איך ניט פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס? עס קומט אויס ווי מע זאָגט: „נויסן בעציםבל, הוילעך בע־טענצל״[33]... נאָט אײַך דערווײַל אַזאַ פּופּציקער נאָט אײַך, און לאָז זײַן אין אַ גוטער שאָ אין אַ מאַזלדיקער. נאָר וואָס דען וועל איך אײַך בעטן וואָס? טאָמער איז באַשערט, עס זאָל זײַן וואַראַציאָנען, און עס וועט זײַן אַפּ מײַן זײַט אַ גרויסער דיפֿערענץ, זאָל זיך כאָלילע נישט אויסלאָזן אַזוי ווי אין אַדעס כאָלילע, דאָס הייסט, מע זאָל ניט קאָמפּע־זירן מיט פּעטש... האַקיצער, איר דאַרפֿט זען דאַרפֿט איר, אַז דאָס בריוועלע זאָל זײַן אַ דאָסיקס... אַ פּרימאַ זאָל דאָס זײַן.

די קאַפּאָטע. וואָס איז שײַעך פּרימאַ? פּרימאַ אַליין איז קאַרג (אַ קוועטש מיטן גראָבן פֿינגער). פּרימאַ דעפּרימאַ! טאַקע פּײַפּערס אַליין. פּײַפּערס בריוועלע — דאָס איז אַ מעזומענע מאַטבייע. קיין בעסערס דערפֿון קריגט איר שוין ניט, איך בעט איבער אײַער קאָוועד, אין גאַנץ יעהופּעץ!...

(די קאַפּאָטע לאָזט זיך גיין. דער קאַפּעליוש יאָגט אים נאָך און טײַנעט, אַז אַלפֿי יוישער און אַלפֿי מענטשלעכקײַט קומט דאָס קורטאַזש[34] פֿונעם געשעפֿט אַפֿ דער העלפֿט. די קאַפּאָטע וויל ניט הערן, ניט זען, דער קאַפּעליוש בלײַבט שטיין באַ דער טיר טרויעריק).

דער קאַפּעליוש (צו זיך אַליין). לײַט האָבן גליק. ער וועט דאָ כאַפּן גוטע זיבן מיט אַ האַלב קערבל! און עפּשער טאַקע אַלע צען? אַר־וואַ! פֿון די הענט אַרויסגעלאָזט אַ געשעפֿט. וויפֿל קוקט מען אַרויס דערופּ, איידער גאָט שיקט צו אַ פּרישן „קונד״? אַז בעסאַכאַקל זענען די קליינע שפּעגעלאַנטן גאָר אַליין מעקלערס, און פֿון די גרויסע קאָן מען

אויך גאָרניט כאַפּן. צום בײַשפּיל, פֿײַנקוגל: טאַקע אַ שײנער ייִד מיט אַ פֿײַנער באָרד; נאָר ער װעט בעסער מאַכן אַלײן אַ געשעפֿט און װעט איבערצאָלן, אַבי ניט געבן צו פֿאַרדינען דעם מעקלער... צי, לעמאָשל, כינקיס: בײַ כינקיסן קאָן מען מאַכן אַ געשעפֿט טײַדן בײַ די קאָרטן. פֿאַר די געהויבענע מעקלערס איז כינקיס אַ טײַערער „קונד". זײ מאַכן מיט אים בעשאָס־מײַסע די גרעסטע געשעפֿטן, נאָר װיפֿל זײ פֿאַרדינען — לײגן זײ דאָרט אַװעק בײַ די קאָרטן... בײַ בײגעלמאַנען מאַכט מען יאָ אַמאָל אַ געשעפֿט; נאָר װען טרעפֿט זיך דאָס? אײנמאָל אין אַ שמיטע[35], אי דאָס דאַרף מען זיך פֿריִער גוט אָנגײן, צערײַסן דרײַ פּאָר שטיװל, שטײן בײַ דער טיר, כאַנפֿענען די מאַדאַם בײגעלמאַן, אויסהערן זי, אַז זי קומט אַרויס פֿון אַ גרויסער מישפּאָכע, כאַטש אַלע װײסן, אַז זי האָט ניט לאַנג אַרומגעטראָגן אַ קאָשעק מיט בײגל... און אַז גאָט גיט, מע שלאָגט שוין יאָ אַמאָל דורך בײַ אים מיט צאָרעס, מיט יעסורים אַ שטיקל געשעפֿט און עס קומט צום קורטאַזש, דאַרף מען זיך אַװעקדינגען מיט אים אַ שאָ זעקס... דערפֿאַר איז שוין קאַנאַקניסל מער סויכער פֿון אַלעמען: בײַ אים אַז מע מאַכט אַ געשעפֿט, זאָגט ער לעכאַטכילע, אַז פֿון מעקלערס האַלט ער ניט, קײן קורטאַזש צאָלט ער ניט — און רופֿ אים קאַנאַקניסל!.. בלײַבט איבער אײן גרײַגער. ער איז דער בעסטער פֿון אַלע שפּעגעלאַנטן אין יעהופּעץ און האָט דאָפּקע ליב געבן אַ ייִדן צו פֿאַרדינען אַ קערבל; נאָר װאָס דען איז דער כיסאָרן? מע קאָן אים נאָכגײן אַ יאָר קעסײדער מיט כאַלוימעס, און ערשט נאָכדעם כאַפּן פֿון אים אַ פּסאַק, אַז עס זאָל װערן פֿינצטער אין די אויגן... הײַנט גײ צאָל דירע־געלט, זיץ װי אַ מענטש, גײ װי אַ מענטש, האַלט אויס אַ שטוב אין יעהופּעץ, לערן קינדער — אַ שװערע, ביטערע פּאַרנאָסע! אוי, ריבוינעשעלוילעם, האַרצעדיקער פֿאָטער! װער האָט דאָס אויסגעטראַכט אָט דאָס מעקלערײַ, אָט דאָס יעהופּעץ, אָט די בערזע — די װיסטע, פֿינצטערע, פֿאַרשאָלטענע בערזע?!...

(ער זיפֿצט געשמאַק און גײט אַװעק. שמעלקע בלײַבט שטײן אינמיטן קאַנטאָר, אָנגעשפּאַרט אָפּ אַ שטעקן, דער קאָפּ אַביסל אָפּ אַ זײַט, די אײגעלעך האַלב צוגעמאַכט, װי אַ ייִדענע בעשאָס זי טראַכט).

שמעלקע (רעדט צו זיך אַלײן). אַן אומגליק מיט די מעקלערס! קומט אַ קוינע, באַפֿאַלט מען עם, װי די הינט! אַמאָל איז געװען יאָרן איך בין מיר געװען אײנער אַפֿן יאַריד, זיך געאַרבעט פּאַװאָלינקע,

שטילערהייט געמאכט די גרעסטע געשעפטן אין יעהופעץ, פארדינט גאָלד— אביסל פון מעקלעריי, אביסל פון דער זײַט, פון שפעגעלאציע... היינט — פינף און צוואנציק מעקלערס פאר איינעם. מע דארף זיך היינט גוט אונטערגארטלען, מע זאָל זיי אריבעריאָגן! מע לויפט זיך אָן דעם גאנצן טאָג ווי א הונט; מע עסט ניט, מע טרינקט ניט, מע גייט ווי א בעטלער (ער באטראכט אף זיך די האלבאָשע). וואָס זאָל מען טון? די הויצאָע איז גרויס, „גילדזשע" מוז מען צאָלן... א גליק, דאָס יאקנעהאָז האָט אביסל די אויגן געעפנט. די גאנצענע שטאָט האָט זיך א נעם געטאָן צו יאקנעהאָז. וואָס האָט מען אין דעם אזעלכעס דערזען? דער שווארץ יאָר ווייסט זיי! איך האָב אלע מײַנע „קונדן" באַטיילט מיט יאקנעהאָז. נעבעך בעדאלעס געשטעלט לאזארן מיט מאשעיען, כע־כע! (מיט א שײַנענדיק פּנים). אוועקגעקויפט בא זיי קימאט דעם גאנצענעם מעזומענעם יקנעהאָז אף זיבן הונדערט רובל... נישקאָשע, איך האָב, ניט צו פארזינדיקן, אויך געכאפט דערבײַ א שיין קערבל, כאָס וועשאָלעם נישט בעגנייווע, נאָר גלאט אזוי פונויבן א פארדינסטל, ווי אלע יעהופעצער מעקלערס... זיי מעגן אלץ: גאנווענען, גאזלענען, קיילענען, און שמעלקע דארף האָרעווען פון אוילעם־האבע וועגן... זיי זײַנען גרויס געוואָרן בא זיך — פּיסס! קאנטאָריסטן! באנקירן! און שמעלקע איז אלץ דער אייגענער שמעלקע — עכ־עכ־עכ! פונדעסטוועגן, דאנקען גאָט דערפאר, איך דארף צו קיינעם ניט אָנקומען: פראן אביסל געלט, און סכוירע אביסל איז פראן (ער רעכנט אף די פינגער). פראן „שפאנעווער" מעזומענע... (ער טוט זיך א טאפּ אין איין קעשענע). פראן „כארקעווער"... (ער טוט זיך א טאפּ אין דער אנדערער קעשענע). און „וויגרישנע בילעטן", און אף „טעקר־שצעם שצאָט" אביסל, און אביסל אקציעס פונעם „יעהופעצער דע־לישזאנ" איז פראן. גאָט זאָל נאָר געבן, דאָס געשעפט פונעם „יעהופעצער דעליזשאנ" זאָל זיך אביסל פארבעסערן, וועט שוין זײַן וואָס צו טון, אימירצעשעם, בא לאזארן און בא מאשעיען... (מיט א שײַנענדיק פּנים). איַי, קוינים!... אזעטיקע קוינים וואָלט איך וועלן האָבן אסאך! בארליאנטענע קוינים!.. (ער קוקט אף דער וואנט). אָהאָ, שוין צוועלף דער זייגער! פונקט די צײַט, ווען לאזער פּאָרט פרישטיקן. מע דארף לויפן כאפן עם בא דער טיר — טאָמער וועט גאָט ראכמאָנעס האָבן און וועט אים ארײַנשיקן א געדאנק עפּעס מאכן א געשעפטל...
(ער גייט אוועק).

# דריטער אקט

אין עמלעכע כאראָשימ ארומ בא פּײַפּערן אין קאנטאָר. — ציפּער־בלאט זיצט אויבנאָן, אפ פּײַפּערס אָרט, די אויערן אונטערגעבונדן מיט א ווײַס טיכל און שאָבט זיך די נעגל מיט א קליין מעסער׳ל. בא דער זײַט שטייט פלעדערוויש, פּײַן אויסגעפּוצט, האלט א קליין שפּיגעלע אין דער האנט און קעמט זיך דאָס בערדל. זילבערמינץ זיצט פארשטעלט אין די גראטעס, האלט אונטער דעמ קאָפּ מיט ביידע הענט, פארצאָרגט, אָנגעבראָיגעזט אפ דער גאנצער וועלט.

## ערשטע סצענע

**ציפּערבלאט.** וואָס קאָן דאָס זײַן מיט אונדזער שעף, וואָס ער איז הײַנט אזוי שפּעט נאָך ניטאָ אין קאנטאָר?

**פלעדערוויש.** קער נאָך שלאָפן. מיסטאמע אופ געווען הײַנטיקע נאכט אין קלוב.

**ציפּערבלאט.** הא? וואָס? מיט וויזיטן? געפונען א צײַט צו מאכן וויזיטן. וואָס רעדט איר? איר ווייסט, וואָס איר רעדט? בא אונדז איז דאָך עפּעס הײַנט קאָנטראקטן, רעאליזאציע. איר הערט? רע־א־לי־זא־ציע!

**פלעדערוויש.** וואָס־זשע שרײַט איר אזוי? איך ווייס גלײַך מיט אײַך, אז ס׳איז בא אונדז הײַנט רעאליזאציע.

**ציפּערבלאט.** הא? וואָס? פארשטייט זיך, רעאליזאציע. מיר דארפן הײַנטיקן טאָג נעמען און געבן עפּעער פינף טויזנט אקציעס. א ווערטעלע אויסצורעדן? יאקנעהאָז אליין באדארפן מיר רעאליזירן — וויפל מיינט איר?

**פלעדערוויש.** איך מיין... איך מיין, אז דעמ כעשבן פון יאקנעהאָז דארפט איר וויסן בעסער פון אונדז אלעמען. דערופ זענט איר בוכהאלטער.

**ציפּערבלאט.** הא? וואָס? א פּאָר טויזנט, זאָגט איר? פע, איר האָט א גרויסן טאָעס. העכער דרײַ טויזנט שטיק. איר הערט? דרײַ טויזנט שטיק, אכוץ סטעלאזשן, אזעלכע, וואָס מע קאָן ניט וויסן, צי מע וועט אונדז געבן, צי מע וועט בא אונדז נעמען יאקנעהאָז. איר הערט, וואָס מע זאָגט אײַך?

**פלעדערוויש** (פאר זיך). בראָש[36]) מיינט ער, אז אלע הינקען אונטער אפן לינקן אויער, אזוי ווי ער... (הויך) איך ווייס גאָרניט, וואָס מיר

װעלן טון; אָט זעצ איכ מיכ אונ װײנ, טאָמער װעט פּײַפּער כאס־װע־כאָלילע צולײגן געלט.

זילבערמינצ (פונ די גראַטעס ארויס). װעדליק ער איז יויצע קעגנ אונדז, װאָלט ער געמעגט װערנ די קאַפּאָרע הײַנטיקנ טאָג אפילע.

פלעדערװיש. באַ לײַטישע באַנקירנ פאַרדינט מענ א קערבל פונ דער זײַט גאָר, מע שאַרט זײ צו א געשעפטל, אנ אקציע.

ציפערבלאט. הא? װאָס? װו װעלנ מיר נעמענ אקציעס, פרעגט איר? מיר װעלנ מוזנ צאָלנ דיפּערענצנ.

פלעדערװיש (פאַר זיכ). גוט מאָרגנ, געלי, רעטעכ טראָג איכ.

ציפערבלאט. הא? װאָס? א ברײרע װעלנ מיר האָבנ? אנו, טוט נאָר א פרעג דעמ קאסיר, איכ רעד ניט מיט אימ, אסאַכ האָבנ מיר עפּעס געלט אינ דער קאַסע?

זילבערמינצ (צו פלעדערװישנ). קאַדאָכעס!

ציפערבלאט (צו פלעדערװישנ). הא? װאָס? עטלעכע טויזנט?

פלעדערװיש. קאַדאָכעס, זאָגט ער!

ציפערבלאט (צו פלעדערװישנ). קאַדאָכעס? װאָס הײסט קאַדאָכעס? װו איז דאָס געלט? װו איז עפּעס פּאַפּירנ, סעריעס, קופּאָנעס? אנו, פרעגט אימ אקאָרשט, איכ רעד מיט אימ ניט.

זילבערמינצ (צו פלעדערװישנ). פּאַפּירנ? זאָגט אימ, אז די מײַז האָבנ אופגעגעסנ.

ציפערבלאט (צו פלעדערװישנ) הא? װאָס? װיפל, זאָגט ער?

פלעדערװיש. די מײַז, זאָגט ער, האָבנ אופגעגעסנ!

ציפערבלאט (אויסער זיכ). צי ער איז מעשוגע, צי ער איז כאָסער־דײע, צי ער איז גלאַט אזוי פונעמ זינענ?

זילבערמינצ (צו פלעדערװישנ). זאָגט אימ, אז ער איז אלײנ אי מעשוגע, אי כאָסערדײע, אי פונעמ זינענ. ער װײסט ניט, װאָס מיט אימ טוט זיכ, דער שײנער „בויכהאַלטער“.

ציפערבלאט (צו פלעדערװישנ), הא? װאָס זאָגט ער?

פלעדערװיש. ער זאָגט אפ אײַכ, אז איר זענט א בעהײמע; איר װײסט ניט, װער עס האָט אײַכ געשלײערט...

(ציפערבלאט שפּרינגט אונטער אפנ בענקל; ער װײסט ניט װאָס צו טונ פאַר קאַס. עס עפנט זיכ אופ די טיר אונ עס קומענ אָנ מענאַכעמ־מענדל אונ זײַנע צװײ מעקלערס: דער קאַפּעליוש אונ די קאַפּאָטע).

מענאכעם־מענדל (צו דער קאפּאָטע), נו, וואָס זענט איר געבליבן שטיין וואָס? גייט צו צו אים, ווײַזט אים די דאָס... די סטעלאושן אפּ יאקנעהאָז ווײַזט אים, לאָז ער זיך מיט אײַך צערעכענען לאָז ער זיך.

די קאפּאָטע (צום קאפּעליוש). זיי זענען גערעכט. גייט, זײַט מוחל, צו צום קאסיר, זאָגט אים אזוי און אזוי, לאָז ער אײַך, איך בעט אײַך איבער אײַער קאָוועד, ארויסצאָלן, וואָס עס קומט אפּ די צוויי סטאַלאושן מיטן האָס.

דער קאפּעליוש. וואָס איז עפּעס געפאלן דער גוירל אפּ מיר? דאָס געשעפט האָט איר דאָך געמאכט, ניט איך.

די קאפּאָטע. אָט דאָס הייבט זיך אָן מיט א ייִדן! באם נעמען „קארטאוש” האָט ער געטײַנעט „יאכדאָוו” [37], און אז עס קומט צו עפּעס, האָט ער כיישעק צו בלײַבן פון הינטן. (ער שטופּט אים אונטער). פּאָלגט מיך, גייט, אײַך פאסט בעסער.

דער קאפּעליוש. פארוואָס פאסט מיר בעסער?

די קאפּאָטע. וואָרעם אזוי: איר גייט, איך בעט איבער אײַער קאָוועד, אין א קאפּעליוש און רעדט רוסיש.

מענאכעם־מענדל. איך האָב מוירע, אז פון דעם דינגען זיך וועט גאָרנישט ארויסקומען האָב איך מוירע. מע דארף זיך פרווון אליין דארף מען, ווי זאָגט ער: „מע שיקט דעם שאמעס און מע גייט אליין”. (ער טוט אויס דאָס היטל, גייט צו צום קאסיר און רעדט צו אים דורכן פענצטערל אפּ רוסיש). יא סאם מענאכעם־מענדל איז קאסרילעווקע... אווו נאס יעסט דווא ספּאָלאָווינע סטעלאזש נא יאקנעהאָז פרימא דעפרימא...

זילבערמינץ (מיט קאס). זאָגט אפּ ייִדיש, וואָס דארפט איר?

מענאכעם־מענדל. מאלאָסוי [33] באדארפ אפּ מיר קיין פאריבל ניט האָבן, וואָס איך האָב לעכאטכילע אָנגעהויבן אפּ רוסיש, ווײַל, ריישיס, איז דאָ אזוי דער דאָס... דער אײַנפיר, און וועהאשייניס, פאסט טאקע ניט פאר אזא נעפעש, ווי איך, זיך ארומדרייען אין יעהופּעץ אפּ דער בערזע און נאָך רעדן ייִדיש; מע קאָן מיך כאס־וועשאָלעם דערקענען, אז איך בין א דאָס... א ייִד, מיין איך, און מיך מעכילע ארויסדאָסן פונדאנען מיט קאָוועד אהיים מעכילע.

זילבערמינץ (בייז). האקיצער, וואָס ווילט איר?

**מענאכעם־מענדל**. האקיצער, די מײַסע דערפונ איז אזוי. איכ בינ מענאכעם־מענדל פונ קאסרילעווקע בינ איכ. איכ האָב א שטיקל דאָס... א שעמ אפ דער וועלט האָב איכ, דורכ אדעס, דורכ „לאָנדאָנ", כ'האָב אמאָל געהאנדלט מיט „לאָנדאָנ" אמאָל, הײַנט האנדל איכ מיט דאָס... וויאזוי הייסט דאָס... מיט יאקנעהאָז.

**זילבערמינצ** (מיט קאס). יאקנעהאָז? אזוי־זשע רעדט! גייט אהינ (ער ווײַזט אפנ בוכהאלטער מיטנ קאָרעספאָנדענט). דאָרט וועט מענ אײַכ געבנ יאקנעהאָז.

**פלעדערוויש** (מיט א שמייכעלע צו מענאכעם־מענדלענ). וואָס וועט איר עפּעס זאָגנ גוטס?

**מענאכעם־מענדל** (מיט הענט). וואָס פאר א גוטס זאָל איכ אײַכ זאָגנ זאָל איכ? כ'האָב גדערייט האָב איכ, געשווינדלט, געפּלוטעט מיט דאָס... וויאזוי הייסט דאָס... מיט יאקנעהאָז. אהער, אהינ, א האָס, א בעס א לאָקש, בוידעמ, ציבעלע — בלאָטע! אז ס'איז ניט באשערט צו פארדינענ א קערבל, העלפנ ניט קיינ בעריעשאפטנ! האלעוויַ איכ זאָל אויסקומענ גלײַכ זאָל איכ, ווי זאָגט ער: „דער אָרעמאַנ איז גערנ, א ער בלײַבט באמ קערנ".

**פלעדערוויש** (פרײַנטלעכ). איכ פארשטיי נאָכ אײַערע רייד, אז איר האָט מיט אונדז כעשבוינעס אפ יאקנעהאָז. זײַט־זשע זיכ מאטריעכ, אָנ זיצט אונדזער בוכהאלטער, ער וועט זיכ מיט אײַכ צערעכענענ (ער פירט צו מענאכעם־מענדלענ צומ בוכהאלטער אונ שרײַט אפ א קאָל). הער ציפערבלאט! דער ייִד האָט דאָ א כעשבנ מיט יאקנעהאָז!

**ציפערבלאט**. הא? וואָס? וואָס שרײַט איר אזוי? איכ בינ ניט טויב (צו מענאכעם־מענדלענ) זיצט.

**מענאכעם־מענדל** (זעצט זיכ צו אפנ עק בענקל). בעקיצער, די מײַסע דערפונ איז אזוי. כ'האָב דאָ אביסל געשווינדלט מיט דאָס... וויאזוי הייסט דאָס... מיט יאקנעהאָז האָב איכ, געמיינט, איכ וועל עפּעס מאכנ, ארײַנגעבראָקט די עטלעכע קערבלעכ ארײַנגעבראָקט, אונ געבליבנ זיצנ אפ די דריטהאלבנ סטעלאזשנ געבליבנ, ווי א הונ אפ די אייער, ביז קאָנטראקטנ. אנ אָרט פונ מיסכער, פונ סטעלאזשנ, וואראציאָנענ איז טאקע נאָר אדעס. הערט איר? יעהופעצ מעג טאקע זײַנ די קאפּאָרע פאר אדעס מעג עס זײַנ.

**ציפערבלאט**. הא? וואָס? אנ אָנווײַזונג פונ אדעס? אנו, ווײַזט אהער?

מ ע נ א כ ע ם־מ ע נ ד ל. דאָס אָנווײַזונג איז טאקע אפ אײַך איז דאָס, נאָר ניט פון אדעס, נאָר פון אײַך אליינ טאקע, אפ דאָס... וויאַזוי הייסט דאָס... אפ יאקנעהאָז. (ער נעמט ארויס פון בוזעם-קעשענע א פאפיר און גיט דאָס איבער דעם בוכהאלטער).

צ י פ ע ר ב ל א ט (נעמט דאָס פאפיר, זאָטלט זן די נאָז מיט א פאָר ברילנ אר לייענט הויכ).

Милостивый Государь! По уплате Вами мне 15-го февраля будущего... года суммы... рублей серебром, имею сдать Вам или приказу Вашему десять акций товарищества „Якнеуз" с текущими купонами. Посл-же 15-го февраля сие письмо теряет свою силу без всяких друг к другу претензий. С совершенным почтением В. Файфер *).

(צו מענאכעמ-מענדלען) אהא? יאקנעהאָז? ווילט איר, הייסט דאָס, רעאליזירנ, נעמענ אקציעס?

מ ע נ א כ ע ם־מ ע נ ד ל. אקציעס לאוו דאפקע. ווי זאָגט ער: „מע מיינט נישט די האגאָדע, מע מיינט די פאלירטשיקעס". וואָס טויג מיר דאָס דאָס... וויאַזוי הייסט דאָס... יאקנעהאָז? איכ וויל מיט אײַך קאָמפּעזירנ וויל איכ. עס וועט מיר ארויסקומענ פונ אײַך, נאָכ מײַנ כעשבּנ נאָכ, א קערבלעכ דריטהאלבנ הונדערט וועט מיר. נאָר אויב עס וועט גיינ בא אונדז אינ א פופציקער, בינ איכ ניט אזא ייִד, וועלכער קאטאָרי...

ד ע ר ק א פ ע ל י ו ש (מישט זיכ ארײַנ). מע מיינט דעם דיפערענצ, וויפל עס באטרעפט, זאָלט איר ארויסצאָלנ.

ד י ק א פ אָ ט ע (שטופּט אָפ דעם קאפעליוש). לאָזט זיכ דינענ! דער ייִד איז, וואָס איז שײַעכ, א פרעמדער, אונ האלט בא אוועקפאָרנ אהיים קיינ קאסרילעווקע. ער האָט, איכ בעט איבער אײַער קאָוועד, א ווײַב, א־גוטע באָכערטע, לאָזט זי אימ ניט אָטעמענ, אלקיינ האָט ער אײַכ געוואָלט בעטנ, איר זאָלט זיכ מיט אימ צערעכענענ, אונ טאקע, איכ

*) געערטער הער! נאָכדעם ווי איר וועט מיר אײַנצאָלנ דעם 15־טנ פעווראל פונעמ קומענדיקנ... יאָר א סומע... רובל, בינ איכ זיכ מיסכײַעוו ארויסצוגעבנ אײַכ אָדער צו אײַער אָרדער צענ אקציעס פונ דער געזעלשאפט יאקנעהאָז מיט די לויפנדיקע קופאָנעס. נאָכנ 15־טנ פעווראל אָבער פארלירט אָט דער בריוו זײַנ קראפט, אָנ קיינ שום טוויִעס פונ איינעמ צומ צווייטנ. מיט פולער אכטונג

ו. פ ײַ פ ע ר.

(איבערזעצט פונ רעדאקציע)

בעט איבער אײַער קאָוועד, ארויסצאָלן די עטלעכע קערבלעך אלפּי כעשבן. הײַנט פארשטייט איר שוין, צי נײן!

מענאכעם־מענדל. טאקע, מאכמעס מאלאָסוי טאקע ·באלד בּאדארף וויסן זײַן, אז איך זיץ דאָ אף א דאָס... אף א פרעמדן וואָגן זיץ איך דאָ. ריישיס, טאָר איך דאָ ניט זײַן, און וועהאשייניס, לאָזט מיך מײַן פלוינעסטע ניט לעבן. זי זעצט מיט בריוו זעצט זי. אָט זעט, וואָס זי שרײַבט מיר זעט. (ער באקומט ארויס פון בוזעם־קעשענע א בריוו).

ציפּערבּלאט (נעמט דעם בריוו, טוט אָן די ברילן און לייענט אף א קאָל).
„לכבוד בעלי הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר״ר מנחם־מענדל נ״י 39)! ערשטנס, קום איך דיר צו מעלדן, אז מיר זענען אלע, געלויבט איז האשעם יִסבּאָרעך, אינ בעסטן געזונט. געב גאָט דאָס נעמלעכע פון דיר צו הערן אף ווײַטער ניט ערגער, אָמיין. — צווייטנס, פרעג איך דיך, א מיסע מעשונע זאָל אף דיר קומען, הארצעדיקער, געטרײַער...״

(פלעדערוויש, דער קאפעליוש און די קאפאָטע שטעלן אופ מויל און אויערן. זילבּערמינצ שטעקט ארויס דעם קאָפּ פון די גראטעס, רויכערט א פאפּיראָס, מאכט צו די אויגן, הערט זיך צו מיט איין אויער. ציפּער־בּלאט ווישט אויס די ברילן, הוסט זיך אויס און לייענט געשמאק, מיט קאוואָנע).

„צווייטנס, פרעג איך דיך, א מיסע מעשונע זאָל אף דיר קומען, הארצעדיקער, געטרײַער! איך ליג אָפּעט אזא ווינטער און קאָן נאָך אדײַעם צו מײַנע קויכעס ניט קומען, אכוץ וואָס דאָס עלטערע קינד האָט געפּאָקט און געמאָזלט און דאָס קלייניטשקע האָט די „דאָר״, איך האָב דאָס שוין געבּאָדן אין זאלץ און אין קלײַען, געזעצט אין זאמד, געשפּראָכן, געשטאָכן, געטאָן, וואָס מע טוט קיין יִדן ניט, גאָט ווייסט אויב עס וועט דערלעבּן גרינע אוגערקעס, — און ער, גאָרניט, זיצט זיך דאָרטן אין געהאקטע ווונדן, ווי א גראף, א געדולע אף אים, א יאָנ־טעוו! פארשטערט זאָל אים ווערן, ריבּוינעשעלוילעם! אז ניט אדעס, איז יעהופּעצ. דאָצ א סויכער! פריִער „לאָנדאָנ״, הײַנט „יאקנעהאָז״, לאָמיך אזוי וויסן פון דיר און פון קאָל האצאָרעס, צי איך הייב אפילע אָן צו וויסן, וואָס דאָס איז אף מיר פאר א נײַער אומגליק אָט דאָס שמאקנעהאָז! דײַנע גליקן וויים איך שוין, אז אָך און וויי איז מיר! פון אדעס, ניט הײַנט געדאכט, — געדענקסטו? — האָסטו מיר אויך געשריבּן גיל־דענע פייגעלעך, האָב איך דיר דען ניט געשריבּן דעמאָלט נאָך: אנט־

לויפּ, מענדל, ווי גאָט איז דיר ליב! אָרעמער דאַך, וואָס קנאַקסטו? איך שיק אים נאָך אַרויס אַף הויצאָעס, ער זאָל קומען אַהיים, לעסאָפּ וואָס טוט ער? טראָגט דאָס אים אַוועק צו אַלדי שוואַרצע יאָר קיין יעהופּעץ!"...

(עס עפנט זיך די טיר און עס שטעקט אַרײַן אַ קאָפּ פון אַ ספּעקו־ליאַנט: „ניטאָ פּײַפּערן אין קאַנטאָר?" דער קאַסיר טוט אַ מאַך מיט דער האַנט. די טיר מאַכט זיך צו. ציפּערבלאַט לייענט ווײַטער).

„דערופּ האָט זיך טאַקע טאַטע־מאַמע אויסגעבראַכט, אַז איך זאָל זיצן דאָ אַ יוגנט אין קאַסרילעווקע מיט פּיצלעך קינדער פּיסקליאַטעס, און ער, דער שיינער ברויטגעבער מײַנער, וועט זיך אַרומשלײַען דאָרטן מיט אַלע שאַרלאַטאַנעס, וואָס אַ ווײַב, משטיינס־געזאָגט, האָט בײַ זיי אַ שיינע ווערדע, און מיט מיר זאָל האָבן צו טון אַ וועלט! קיין גוטן מיטוואָך נאָך נישט געהאַט פון דער כאַסענע אָן, אַז, משטיינס־געזאָגט, נאָר געטראָגן אים און געהאַט, און ווידעראַמאָל אים געטראָגן און געהאַט, און אָבעראַמאָל פאַרגאַנגענע אים אַפּ טראָגן. אוי, די מאַמע מײַנע איז טאַקע אַ כאַכאָמע! „הערסטו, טאָכטער מײַנע געטרײַע, פּלעג זי מיר זאָגן באַלד נאָך דער כאַסענע, עפּעס געפעלט מיר ניט דאָס מאַנעכענע דײַנס, דאָס באַשטענדיקע קוצעניר־מוצעניו זײַנס מיט דיר, ווי זאָגט מען: זײַ מיר ניט צו זיס, איך זאָל דיך ניט אײַנשלינגען; זײַ מיר ניט צו ביטער, איך זאָל דיך ניט אויסשפּײַען"...

אָט זע, בײַ לײַטן אַ ווײַב, אַשטייגער, בליומע־זלאַטע, פאַרשטערט זאָל דאָס איר ווערן, ווי זי לעבט דאָס אָפּ די וועלט בײַ איר מאַן! ווען דו האָסט בליומע־זלאַטען, ניט דערהאַרגן זאָלסטו, פאַר אַ ווײַב, וואָלסטו שוין געוווסט, וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבן. איך וועל מיך ניט שטעלן, ווי בליומע־זלאַטע, אַ מאַקע דיר אַ גרויסע, שעלטן דיך און קאַרעניען, ווי דו ביסט ווערט,— מוז איך מיט גוטן, אַ ברײַרע האָב איך? זאָג איך דיר טאַקע מיט גוטן, מענדל־סערדצע, אַז טאָמער קומסטו ניט צו פאָרן, אימירצעשעם, אַפּ פּייסעך אַהיים, זאָלסטו זיך רעכטן אַפּ אַ פּאָהיבעל. איך קאָן טרעפן צו דיר קיין יעהופּעץ אויך און דאָרטן מאַכן דיר אַ וויסטן אַ פינצטערן סאָפּ..."

(עס עפנט זיך די טיר און עס שטעקט זיך אַרײַן ווידער אַ קאָפּ פון אַ ספּעקוליאַנט: „נאָך ניטאָ פּײַפּערן אין קאַנטאָר?" דער קאַסיר טוט אַ מאַך מיט דער האַנט. די טיר מאַכט זיך צו. ציפּערבלאַט לייענט ווײַטער).

„...אַ וויסטן אַ פינצטערן סאָפּ... איך זע פון דײַנע בריוולעך, אַז דאָס יעהופּעץ האָט דיך, אַפּאָנעם, רעכט פאַליובעט, אַ סיבע דיר אין

פאָנעם! ס'איז דיר געפעלנ, זאָגסטו, וואָס וואסער צאפט זיכ דאָרטנ פונ דער וואנט, לאנטערנעס צינדנ זיכ דאָרטנ אָנ אליינ פונ דער העלער הויט, אײַזנבאנענ לויפנ ארומ מעשוגענערווײַז הינ אונ צוריק אינמיטנ שטאָט, אוכעדוימע אזעלכע כידושימ מיט באָבע־מײַסעס פונ טויזנט־איינ־נאכט — מיינסט, וועסט מיכ דערמיט נעמענ? אוואדע באדארפ איכ געניייטיק האָבנ דײַנע יעהופעצער געפלאסטערטע גאסנ אונ „טארעטארנ"! וואסער, קאָנ איכ באשטיינ, זאָל בא מיר זײַנ אינ דער דייזשע, אונ לאנטערנעס באדארפ איכ אפ קאפאָרעס, איכ גיי מעמיילע ניט באדערנאכט אינערגעצ ניט, אונ אז עס מאכט זיכ אמאָל, מע דארפ יאָ גייענ ערגעצ אינ אנ אָרט ארײַנ, קענ מענ גיינ פארפרי... פאָלג־זשע מיכ, מענדל"...

(עס עפנט זיכ די טיר אונ עס שטעקנ ארײַנ צוויי קעפ מיטאמאָל:
„ניטאָ פײַפערנ אינ קאנטאָר?" דער קאסיר טוט א מאכ מיט דער האנט.
די טיר מאכט זיכ צו. ציפערבלאט לייענט ווײַטער).

„...פאָלג־זשע מיכ, מענדל, א ווײַב דארפ מענ פאָלגנ, הער אופ צו האנדלענ מיטנ פאראיאָריקנ שניי. לאָז זיכ דיר נישט גלוסטנ צו ווערנ גוויר איז איינ שמאַ־יִיסראָעל, ווי זאָגט מענ: פלי נישט הויכ, וועסטו ניט פאלנ נידעריק. שנײַד אָפ פונ דײַנ יאקנעהאָז, ווי ווײַט דו קאָנסט, אונ קומ צו פאָרנ אהיימ, וועסטו זײַנ א גאסט בא דײַנע קינדער. נאָר, לעמאנעשעמ, פלעכט נישט קיינ קערבלעכ דאָרטנ אפ דער רועכ ווייסט וואָס, האָב אינ זינענ בעסער ברענגענ עפעס אינ באלעבאטישקײַט ארײַנ. האָב אימ אכציק שווארצע יאָר! בא לײַטנ א מאנ האלט אפנ קאָפ, אז ער האָט אינדערהיימ א ווײַב ביז הונדערט אונ צוואנציק יאָר. האנדלסט מיט יאקנעהאָז — נעמ, פארבלענד די אויגנ, רײַס אָפ אונ שיק ארײַנ א צוואנציק ארשינ יאקנעהאָז דעמ ווײַב אפ א קליידל; עס גייט אזא יאָנטעוו"...

(עס עפנט זיכ די טיר אונ עס שטעקנ ארײַנ עטלעכע קעפ מיטאמאָל:
„טאקע אלצ ניטאָ פײַפערנ אינ קאנטאָר?" דער קאסיר טוט א מאכ מיט דער האנט. די טיר מאכט זיכ צו. ציפערבלאט לייענט ווײַטער).

„...עס גייט אזא יאָנטעוו! באדארפ איכ אימ דערמאנענ, א ווייטעק אימ א גרויסער, אליינ ווייסט דאָס נעבעכ ניט! נעמ־זשע שוינ אינ איינ וועג אָנ א טוצ האנטעכער מיט א סערוועט א גרויסנ, אונ עטלעכע ארשינ גראָבע לײַוונט אפ דער פייסעכיקער דייזשע, אונ נאָזטיכלעכ מיר א האלב טוצ — קיינ בראנזעליעטנ מיט מענדעליאָנעס,

ווי בליומע־זלאַטע, פאָדער איך נישט באַ דיר! און מאָראָזאָווס זאָגע מיר א שטיקל, טעלער פלאַטשיקע מיט גלעזלעך אביסל, און א כריייניק א נײַעם (יענער איז קאַפּאָרע געוואָרן פֿאַראיאָרן בעשאַסן טראָגן אפן בוידעם), גוטע זײַט ברענג מיר צו פירן, מיט א פלעשל וואָדאָקאַלאָן. נאָר, לעמאַנעשעם, פאַרגעס ניט מיר קלאָפּן פריִער א דעפעש, ווי עס ווינטשט דיר פונעם גאַנצן האַרצן דײַן זוגאָסי האַצנוע מאָראַס שיינע־שיינדל 40).

— יאָ, גוט, כ׳האָב מיך דערמאַנט. איך פאַרשטיי נישט וואָס דו שרײַבסט מיר, אז קיין באַשטענדיקע סטאַנציע האָסטו ניט, דאָרט ווו דו טאָגסט נעכטיקסטו ניט, דו מוזט, זאָגסטו, אויסבאַהאַלטן זיך, מע זאָל דיך, כאַסוועשאָלעם, ניט איבערנעמען... ווייסט דיך דער שוואַרצער יאָר. עפשער איז דאָס דערפאַר, וואָס דו האַנדלסט מיט טרייפער סכוירע, מיט דעם וויטטן יאַקנעהאָז? עס גייט מיר טאַקע מער נישט אָפּ צו מײַנע זײַדענע קליידער, מע זאָל דיך ברענגען צו פירן אהער געקאָוועט אין קייטן! דיך דאַרף עס טרעפן! א שיינע שטאָט, א לײַטישע, דאָס יעהופעץ! מע זאָגט גאָר, אז באַנאַכט טאָר מען זיך דאָרט נישט אַרומדרייען איינער אליין אף דער גאַס: גאַזלאָנים, זאָגט מען, טוען זיך איבער פאַר נעקייוועס און מע שנײַדט קעשענעס... איך זאָל וויסן — דעם דריטן טאָג א שטיקל ברויט, וואָלט איך ניט געוואָלט קענען דאָס יעהופעץ, ברענען זאָל דאָס!... יאָ, וואָס זאָגסטו דערוף? סטיטש־לײַע איז שוין ווידער אף דער צײַט״...

מענאַכעם־מענדל (רײַסט אויס באַ ציפּערבלאַטן דעם בריוו). ווײַטער גייען שוין אלץ דאָסיקע... היימישע זאַכן גייען שוין. אָבער וואָס זאָגט איר אף מײַן ווײַב וואָס? זי קאָן שרײַבן, זי?

ציפּערבלאַט. אָ, א קאָזאַק!

פלעדערוויש. זי מוז גיין באַ אײַך אין ספּאָדעק, רעב מענאַכעם־מענדל?

זילבערמינץ. שאַדע, וואָס זי איז ניט אין יעהופעץ אף דער בערזע — זי פעלט צום רומל...

די קאַפּאָטע. עט, וואָס איז שײַעך א ייִדענע? פאָרט, איך בעט איבער אײַער קאָוועד, א נעקייווע...

(עס עפנט זיך די טיר און עס־קומען אַרײַן צוויי פרישע פאַרשוינען: פײַוול פּאָנפּאַטש און זײַוול זאַיִקע; זיי שטופן אונטער איינס דאָס אנדערע).

# דריטע סצענע

**פּאָנפּאטש** (פּאָנפּעט). נו, הײַוול, טאָמער וואָלט העווען א סוואָרע
זאָלסט צוהײנ צו אים און אים זאָהען, ער זאָל אונדז העבן יאהנעהאָז?

**זאיִקע** (פאריקעט זיך). פא־פארוואָס עפּעס איך? פא־פארוואָס זאָלסטו
ניט גע־גיין זאָגן יאק־ק־ק־ק... (ער ווארגט זיך).

**זילבערמינצ** (מיט קאס). וואָס דארפט איר? גייט אײַך געזונטער־
הייט! בּא אונדז גיט מען נאָר איינמאָל אין כוידעש!

**פּאָנפּאטש.** הײַוול, דו הערסט? ער מוז מיינען, מיר זענען הע־
הומען נאָך א נעדאָווע, אז אָך און ווי איז אונדז, אפ וואָס מיר זענען
איבּערהעהומען!

**זאיִקע.** זײַט רויִק, מיר זענען גע־געקומען צו אײַך מיט א גע־
געשעפט, מיר האָבּן יא־ק־ק־ק...

**פלעדערוויש** (גייט צו צו זיי). וואָס דארפט איר? ווער זענט איר?

**פּאָנפּאטש.** מיר זענען שפּעהעלאנטן. מיר האָבן העהויפט יאה־
נעהאָז אפ האָנטראהטן, זענען מיר העהומען אָפּנעמען אונדזערע עט־
לעכע הערבּלעך. מיר דארפן העלט.

**פלעדערוויש** (צו זאיִקען). איך פארשטיי ניט וואָס ער רעדט.
זאָגט איר.

**זאיִקע.** פא־פארשטייט איר מיך, מיר זענען צוויי שפּעגעליאנטן שור־
שוטפים, דאָס הייסט, מיר האָבּן גע־געהאנדלט בּעשוטפעס יא־ק־ק־ק...

**פלעדערוויש** (פירט זיי צו צום בוכהאלטער, שרײַט אים גלײַך אין אויער
ארײַן). הער ציפּערבּלאט! צוויי סאָכרים! עפּעס דארפן זיי, איך ווייס
ניט וואָס!

**ציפּערבּלאט** (צום קאָרעספּאָנדענט). הא? וואָס? וואָס שרײַט איר
אזוי? איך בּין נאָך ניט טויבּ! (צו די שוטפים). וואָס דארפט איר?

**פּאָנפּאטש.** וואָס בּאדארפ א ייִד? א ייִד בּאדארפ העלט. אפ העלט
שטייט די וועלט. עס האָט זיך אונדז פארהלוסט האנדלען אפ דער
היהער בּערזע, האָבּן מיר ארײַנהעבראָהט היפּשע עטלעכע הערבּלעך
אין יאהנעהאָז ארײַן, העמאכט אין צווייען א האנצע שפּעהעליאציע.

**ציפּערבּלאט.** הא? וואָס? איך פארשטיי ניט איין וואָרט.

**זאיִקע** (שטופּט אָפּ דעם שוטעפ). וואָס פּאָ־פּאָ־פּאָנפּעט איר? לאָזט מיך
אויך אויסרעדן א וואָרט. (צום בוכהאלטער). פא־פארשטייט איר? מיר
זענען פּאָ־פּאָ־פראָסטע מארק־ייִדן, קיי־קיינמאָל ניט גע־געכאָלעמט

אפילע צו האנדלען אַפ דער בע־בערזע, נאָר אַז מיר האָבן דע־דער־הערט, אַז די גאַ־גאנצע וועלט האנדלט מיט יאַק־ק־קנעהאָז און מע ווערט גאָ־גאָר גליקלעך, האָבן מיר זיך מעיאשעוו געוועו און גע־געמאכט שוטפעס אַפ יאַ־ק־ק־ק...

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש. יאקנעהאָז? נו, זאָגט שוין, וואָס קוועטשט איר זיך אַזוי?

צ י פ ע ר ב ל א ט. הא? וואָס? יאקנעהאָז דאַרפט איר?

פ אָ נ פ א ט ש. יאהנעהאָז באַדאַרפן מיר אַפ האפּאָרעס. מיר האָבן באשטיין זיך זעצן צום סיידער אָן יאהנעהאָז. מיר דאַרפן העלט. מיר ווילן גאָרניט וויסן פון קיין גליהן. שוין צייט זיך זען מיט א הערבל. הא? ווי זאָהט איר?

ז א ַ ק ע (שטופּט אָפּ דעם שוטעפ) פּאַ־פּארוואָס זאָלט איר האָבן א טע־טעווע ניט לאָ־לאָזן אויסרעדן יענעם א וואָרט? (צום בוכהאלטער). ווער איז דאָ פון אייך פּיי־פּיי־פּייפּער? מיר האָבן דאָ אייערס א בריוועלע אַפ יאַק־ק־ק־ק... (ער שלעפּט ארויס פון בוזעם־קעשענע א בדיוו). א פּאָ־פּאָר מעקלערס האָבן דאָס אונדז אריינגעדרוקט גאָ־גאָר בעכאָצע כינעם. פּר־פּופּצן שטיקלעך יאַק־ק־ק־ק...

(די קופּ בלייבט אים שטעקן אין האלדז, ניט אהין, ניט אהער. עס עפנט זיך די טיר און עס קומען אריין עטלעכע יונגע ספּעקוליאנטן און שמעלקע בעסוויכעם. זיי שטופּן אים אונטער. שמעלקע ראנגלט זיך מיט זיי. אלע שרייען).

## פ ע ר ט ע ס צ ע נ ע

ד י י ו נ ג ע ס פ ע ק ו ל י א נ ט נ (צו שמעלקען). איאָ, זעט איר, צום קורטאזש געמען זענט איר געפלויגן, ווי א מאזיק, געזעצט די נעשאָמע, און איצט, אַז ס'איז געקומען צו דער רעליזאציע, באַדאַרף מען אייך אונטערשטופּן.

ש מ ע ל ק ע. טאָ וואָס איילט איר זיך אַזוי? מע וועט אייך געבן יאקנעהאָז, מע וועט אייך געבן!

ד י י ו נ ג ע ס פ ע ק ו ל י א נ ט נ. וווּ געבן? וואָס געבן? איר זעט דאָך, אַז פּייפּער איז ניטאָ, איז דאָך, אפּאָנעם, עמעס, וואָס מע זאָגט. אַז מע קלינגט, איז א יאָנטעוו.

ש מ ע ל ק ע. וואָס הערט איר זיי, וואָס זיי וועלן אייך זאָגן, די חולטייעס? מע וועט אייך געבן יאקנעהאָז! פּייפּערס בריוועלע איז פּרימא,

וואָלט איך האָבן אזא יאָר. אָט האָב איך אליין אויך אביסל אייגענעם יאַקנעהאָז, אויך פּײַפערס בריוועלעך. וואָלט איך האָבן אזא דײַגע מיט פּאַרנאָסע!

זילבערמינץ (שטעקט ארויס דעם קאָפּ פון די גראטעס ארויס) שא! וואָס איז דאָרטן? וואָס, שרײַט מען?

די יונגע ספּעקוליאנטן (צו שמעלקען). שאַט! רעדט אביסל שטילער. וואָס שרײַט איר אזוי?

שמעלקע (שרײַט). ווער שרײַט דען?

די יונגע ספּעקוליאנטן (שרײַען). ער שרײַט, און פרעגט נאָך, ווער סע שרײַט!

שמעלקע. ווער שרײַט דען? איך שרײַ ניט! איר שרײַט!

פלעדערוויש (לויפט צו). ששש! וואָס איז דאָ פאר א געשריי?

די יונגע ספּעקוליאנטן. מיר האָבן דאָ א שטיקל סיכסעך מיט שמעלקען...

שמעלקע. מיט מיר? וואָס בין איך פאר א מעכוטן? הולטײַעס האָבן ארויסגעלאָזן א קלאנג אין שטאָט, בין איך שולדיק?

פלעדערוויש. א קלאנג? וואָס פאר א קלאנג?

שמעלקע. דער שווארץ יאָר ווייסט זיי! איר קענט ניט די יעהופּעצער הולטײַעס? ראק מע רעדט, ראק מע מומלט.

פלעדערוויש. וואָס־זשע רעדט מען? וואָס מומלט מען?

שמעלקע. וואָס פרעגט איר אפּ הולטײַעס? זיי קאָנען אומגליקלעך מאכן יענעם מיט די מײַלער... קיילענען, אין א לעפל וואסער דערטרינקען.

ציפּערבלאַט (פון דער ווײַטן). הא? וואָס? ווער איז דערטרונקען געוואָרן?

פלעדערוויש (שרײַט צו אים אפּ א קאָל). אונדזערע אָקרענטן אפּן יאָם זענען דערטרונקען געוואָרן! (צו שמעלקען). פּאָרט, וואָס זאָגט מען אין שטאָט?

שמעלקע. גלויבט מיר, ס'איז ניט קעדײַ אפילע איבערצורעדן. איך שרײַ אָבער דעם גאנצענעם פרימאָרגן: שעקער וועקאָזעוו! שפּײַט זיי אין פּאָנעם! ס'איז ליגן! פון אויבן ביז אראָפּ ליגן! ס'איז א באנדע גאנאָווים, ראָצכים, באריידער, הולטײַעס!...

(עס עפנט זיך די טיר און עס פאלט ארײַן א ייִדענע, א פאר־וויקלטע אין עטלעכע שאלן און פאטשיילעס. נאָך דער ייִדענע שלעפּט זיך נאָך א מיידל).

**די ייִדענע.** (ווילקלט זיך ארויס פון די שאלן מיט די פאטשיילעס, לויפט צו גלייַך צום קאסיר, רעדט אין איין אָטעם). אָט דאָס זענט איר טאקע דער פייַפּער אליין? איך זאָג אָבער צו מייַן טאָכטער: קום, זאָג איך, טאָכטער, לאָמיר גיין, זאָג איך, גלייַך אהערצוצו, ווי זאָגט מען: „בעסער זיך בוקן צום קאָפּ, איידער צו די פיס". איך בין, ווי איר זעט מיך, א ייִדענע אן אלמאָנע שוין פּאוואָלינקע דרייַ און צוואנציק יאָר. ווערט איר דאָך מיך פרעגן: ווי קומט צו מיר א מיידל פון אכצן? זאָלט איר גאָר קיין יעסורים ניט האָבן. איך האָב נאָך קלענערע פון איר. אז אָך און ווי איז מיר, אז איך האָב מיך באדארפט פארשלייערן נאָכאמאָל און זיך געטן, און אָבעראמאָל פארשלייערן זיך און ווידעראמאָל געטן זיך, יימאך שמוי וועזיכרוי (זי שפּייַט אויס דרייַ מאָל). זיך פארשוואָרן, ווייַל איך וויל לעבן שוין מער ניט פארדרייען זיך, ווי זאָגט מען: „בעסער א זיסער טויט, איידער א ביטער לעבן". מייַנע סאָנים זאָלן אזוי לעבן, ווי איך האָב גאָר באדארפט כאסענע האָבן נאָך מייַן ערשטן מאן, אָלעווהאשאָלעם. ער, זייכער צאדיק ליווראָכע [41], האָט געדינט נאָך בא גיטעלע ווייַנשטיין, אָלעהאשאָלעם, געווען בא איר קאָל־וועלאָך איבערן הויף, איבער די אויפעס, פייסעכיקער שמאלץ, איבער אלע ספּעזשארניס...

(זי ווישט א טרער. פלעדערוויש גייט צו צו איר, ווארפט מיט אויגן אפן מיידל. דאָס מיידל שלעפּט די ייִדענע פארן קליידל).

**פלעדערוויש.** ווערמענס איז מיידל? ס'איז טאקע אייַער מיידל?

**די ייִדענע.** א מאָשל! ווערמענס דען מיידל זאָל דאָס זייַן? אָט דאָס איז דאָך דער גאנצער אומגליק מייַנער, ווי זאָגט מען, „א קליין קינד א שפּילכן, א גרויס קינד א מילכן". א ווערטעלע אויסצורעדן — הייַנטיקע יאָרן כאסענע מאכן א טאָכטער? א שיין מיידל, זאָגט מען אפילע, איז א האלבער נאדן, און דערצו איז זי, ווי איר קוקט זי אָן, גאָרנישט קיין שלימעזאלניצע, קיין אייַנהאָרע, געבענטשטע הענט. איר שטיקעכץ מיט איר מערעזשען האָט א שעם, און אירע פּיש מעג עסן דער מאלכעס!

**פלעדערוויש** (ווארפט מיט אויגן אפן מיידל. דאָס מיידל שלעפּט די ייִדענע פארן קליידל). זאָגט־זשע מיר, מייַן ליבע ייִדענע, וואָס דארפט איר?

די ייִדענע. וואָס איך דארף — וועט מיר קיינ מענטש נישט געבנ, ווי זאָגט מענ: „בעסער דאָס ביטערע בלאַט פונ גאָט, איידער דאָס זיסע פונעם מענטשנ". מיר זאָגנ דאָס אלע טאָג אינעם בענטשנ. ס'איז אייַך עפשער א כידעש, וואָס איך קאָנ? מייַנ ערשטער מאַנ, אָלעווהאשאָלעם, איז געווענ בא גיטעלע ווייַנשטיינ, אָלעהאשאָלעם...

פלעדערוויש (ווארפט מיט אויגנ אפנ מיידל, דאָס מיידל שלעפט די ייִדענע פארנ קליידל). דאָס האָבנ מיר שוינ געהערט. איר זאָגט, מיט וואָס קאָנענ מיר אייַך דינענ? עס איז בא אונדז היינט קאָנטראקטנ, רעאליזאציע, מיר האָבנ קיינ צייַט ניט.

די ייִדענע. בראָש האָבנ זיי דאָ אלע קיינ צייַט ניט! דער דניעפער ברענט! טאָמער האָב איך אויך קיינ צייַט ניט? טאָמער האָב איך איבערגעלאָזט א שטוב אפ דער סלאבאָדקע מיט קליינע קינדער פיסקליאטעס, ווי זאָגט מענ, אפ גאָטס באראָט, זיך ארויסגעכאפט אהער אונ נאָך געוואָלט פונדאנענ ארויפלויפנ אינ מארק נאָך פיש, נאָך פלייש, צי אנ אָפּדיראָק אפ שאבעס? ווי זאָגט מענ: „דאָס בעסטע מיל־כיקס איז טאקע פאָרט א שטיקל פלייש".

פלעדערוויש (אינ דער לופט). דאָס מיידל איז נאָך צו דערלייַדנ, נאָר די ייִדענע איז עפעס אנ אָנשיקעניש פונ זייַנ ליבנ נאָמענ! (הויך). איך פארשטיי ניט, עפעס רעדט איר מיר פארשטעלט: ווייבאלד איר דארפט האָבנ אנ אָבדיראָק אפ שאבעס, היינט וואָס זענט איר גע־קומענ אהער?

די ייִדענע. גלויבט מיר, איך בינ ניט מעשוגע. איך בינ נאָך בא אלע געדאנקענ. איטלעכער אָרעמאנ ווייסט זיך פונ זייַנ כעשבנ. איך דארף כאָלילע נישט קיינעמס לאסקע. אביסל פונעם קלייטל, אביסל פונעם שענקל, ווי זאָגט מענ: „פונ אביסל אונ אביסל ווערט א פולע שיסל". נישט צו פארזינדיקנ, א ייִדענע אנ אלמאָנע, צוזויפגעשלאָגנ די עטלעכע קערבלעך, דאָס נאדנ, מיינ איך, אייַנ־געלייגט דאָס אינ גוטע הענט, געמאכט מיט דעם א גאנצע שמענדעלאציע, אונ אזוי ווי היינט איז דער זמאנ, בינ איך דאָס געקומענ ארויסנעמענ דאָס נאדנ.

פלעדערוויש. דאָס נאדנ? ווו? דאָ, בא אונדז? אוי, זעט נאָר, מייַנ ליבע ייִדענע, צי האָט איר ניט קיינ טאָעס?

די ייִדענע. גאנצ גוט, קאטשקע נאָך בעסער. הערט איר, זינט איך בינ א ייִדענע א סויכערטע האָב איך נאָך קיינ טאָעס נישט

געהאט. מײַנע סאָנים און אײַערע סאָנים מעגן דאָס פֿאַרמאָגן אָפּ זײער לײַב, וואָס איך וועל איבערגעבן אָדער נישט דערכענען. אז איך זאָג אײַך, באַ אײַך ליגט דאָס נאדן, ווייס איך וואָס איך זאָג. קײן ביר און קײן בראָנפֿן טרינק איך ניט, און פֿון קײן כאלוימעס האלט איך ניט.

פלעדערוויש (אין דער לופֿט). נא דיר אזא שלאק! (הויך). קומט, זײַט מויכל, אהערצו. (ער פֿירט זי צו צום בוכהאלטער). הער ציפערבלאט! אָט די ייִדענע, זעט איר, האָט א טײַנע: דאָס נאדן אירס, זאָגט זי, איז אײַנגעלייגט באַ אונדז.

ציפערבלאט. הא? וואָס? ווו האָט מען דאָס געלייגט?

פלעדערוויש (אין דער לופֿט). פֿארלייגן זאָל דאָס דיר! (הויך). דאָס נאדן, זאָגט זי, דאָס נאדן אירס ליגט באַ אונדז!

ציפערבלאט (צום קאָרעספּאָנדענט). וואָס שרײַט איר? איך בין נישט טויב!

די ייִדענע. בראָש קאָן מען דאָ מעשוגע מאכן א מענטשן! א מער, טשעפּעט זיך אָפּ. נאט אײַך אָפּ אײַערט און גיט מיר אָפּ מײַנס, ווי זאָגט מען: „שווארץ אפּ ווײַס אָטשי קאָליט“... (זי שלעפּט ארויס פֿון די קליידלעך א קניפּל און פּלאָנטערט ארויס פֿון דאָרט א שטיקל פּאפּיר).

ציפערבלאט (לייענט). „По уплате Вами мне 15 февраля“ אָט דאָס איז אײַער נאדן? עס איז דאָך גאָר יאקנעהאָז!

די ייִדענע. לאָז זײַן יאקנעהאָז, לאָז זײַן כארויסעס, לאָז זײַן אפּיקוימען — וואָס עס וויל זיך, אָבער די כסימע איז אײַערע?

ציפערבלאט. הא? וואָס? ווי קומט צו אײַך יאקנעהאָז?

די ייִדענע. גלויבט מיר, ליבער פֿרײַנט, איך האָב דאָס ניט גע־גאנוועט און אפּ דער גאס נישט געפֿונען. הײַנטיקע יאָרן וואל־גערן זיך ניט אפּ דער גאס אזעלכע זאכן. עס קאָסט מיך מײַן בלוט, ר״ן[42] קארבן. צוגעזאָגט האָט מען מיר ת״ק[43]. צוויי מעקלערס לײַטישע, געקומען צו מיר אפּ דער סלאבאָדקע, זיך צוגעזעצט צו מיר: „קויפֿט, אלע קויפֿן, פֿארדינען, פֿארדינט אויך“. וואָס ווייסט א ייִדענע אַן אלמאָנע? אוואדע, ווען איך האָב מײַן ערשטן מאַן, אָלעווהאשאָלעם, וואָס איז געווען קאָל־וועלאָך באַ גיטעלע ווײַנשטיין, אָלעהאשאָלעם...

(עס עפֿנט זיך די טיר און עס קומט ארײַן א נײַער פֿארשויִן מיט באקנ־בערד און מיט א גרויסן פּאָרטפֿעל אונטער דער האנט. די ייִדענע שרעקט זיך איבער פֿארן פֿארשויִן מיטן פּאָרטפֿעל און טרעט אָפּ אפּ א זײַט).

## זעקסטע סצענע

**דער פארשוינ מיטנ פּאָרטפּעל** (רעקאָמענדירט זיכ פארנ קאסיר). איכ בינ פלוידערזאק, פּאָווערענע פּאָ דיעלאם. (דער קאסיר שיקט אים אָפּ מיט א בײזער צום קאָרעספּאָנדענט. יענער, מיט א שמײכעלע, — צום בוכהאלטער).

**ציפּערבלאט** (אביסל דערשראָקנ). הא? וואָס? א דיעלאָ? וואָס פאר א דיעלאָ? זיצט.

**פלוידערזאק** (וויל ניט זיצנ. רעדט מיט א געמישטער שפּראכ). איכ בינ אײַכ זייער בלאגאָדארנע. איכ קענ באשטיינ. געיאוועט האָב איכ זיכ צו אײַכ פּאָ דיעלו. איינער פונ מײַנע קליענטנ האָט פּריאָבּרעטײַעט אײַער אָביאזאטעלסטוואָ דורכ א פּאָסרעדניק אפּ אנ אָפּרעדיעליאָנעם טערמינ א איזוועסטנעם פרעדמעט, קאָניעטשנאָ, מיט א זאדאטאָק, אונ אזוי ווי הײַנט איסטעקײַעט דער סראָק, האָב איכ זיכ אָסמעליעוועט אײַכ פרעדופרעזשדײַענ, איר זאָלט מיר פריגאָטאָווענ די שטשאָטעס אינ פּאָלנעם פּאָריאדאָק, אָנ א שום זאמעדליעניע פונ אײַער סטאָראָנע, ביכדיי עס זאָל ניט ארויס קיינ נעדאָראזומעניעס, וועלכע קאטאָריע וולעקײַענ נאָכ זיכ אָטוועטסטוועננאָסט נא אָסנאָוואניע סטאטיי דעסיאַטאָהאָ טאָמא טשאסטי פערוואָי סוואָדא זאקאָנאָוו גראזשדאנסקיכ...

**ציפּערבלאט** (צום קאָרעספּאָנדענט). א שפּראכ! איכ פארשטיי ניט איינ וואָרט!

**פלעדערוויש** (צום בוכהאלטער). וואָס פארשטייט איר דאָ נישט? זיי מיינענ מיסטאמע יאקנעהאָז.

**ציפּערבלאט** (צו פלוידערזאקנ). הא? וואָס? יאקנעהאָז? וואָס-זשע שווײַגט איר? ווײַזט אהער דאָס בריוועלע. אָט באלד וועט קומענ אונדזער שעפּ, וועט ער זיכ מיט אײַכ אויסגלײַכנ.

**פלוידערזאק**. איזוויניטיע! איר זענט נישט סוועדושטשי אינעם דוכ פונ אונדזער זאקאָנאָדאטעלסטוואָ. מע האָט מיכ נישט אופּאָלנאָמאָטשעט אפּ צו גלײַכנ זיכ. איכ טרעבעווע אקציעס בוקוואלנאָ! ס'איז פאראנ א רעשעניע קאסאציאָנאהאָ דעפּארטאמענטא פּראוויטעלסטווישטשאהאָ סענאטא, וועלכעס קאטאָראָיע וויראזשײַעט זיכ אזוי: „יעזשעלי“...

(פלוצים עפנט זיכ די טיר אונ עס פליט ארײַנ, ווי א דונער, **גרײַגער** מיט א גוואלד. נאָכ אים — די כאליאסטרע מעקלערס, פונ גרײַגערס קוילעס בלײַבט פלוידערזאק אָנ לאָשנ).

גרײַגער (מיט א הענגקאָלנער אפ די אקסלען, קוקט זיך ארום אפ אלע זײַטן) ניטאָ אים טאקע, דעם שיינעם מענטשן? איז דאָך עס, אפּאָנעם, טאקע אַן עמעס? (צו דער כאליאסטרע). נו, ווער איז גערעכט? וואָס האָב איך געזאָגט?

די כאליאסטרע. עמעס, עמעס, ווי מערידן זענען!

גרײַגער. א בערזע — ברענען זאָל זי! באנקירן — א כאָליערע אפ זיי! מעקלערס — פארכאפּט זאָלן זיי ווערן! (ער דערזעט שמעלקען) א ??? מע זאָל דערמאנען מאָשיעכן.... (ער גייט צו צו שמעלקען).

שמעלקע (רוקט זיך אָפּ). געזונט זאָלט איר זײַן, כע־כע! עס ליגט אײַך אין זינען קאטאָוועס טרײַבן.

גרײַגער (גייט צו צו שמעלקען). קאטאָוועס טרײַבן? עס רינט פון מיר בלוט, זאָגט ער — קאטאָוועס טרײַבן! איר ווייסט, וויפל איר קאָסט מיך מיט אײַער יאקנעהאָז, פארכאפּט זאָל דאָס ווערן? (צו דער כאליאסטרע). זאָגט, איך האָב אײַך באוויזן א כעשבן אפ זיבן און זיבעציק טויזנט? פארוואָס שווײַגט איר?

די כאליאסטרע. עמעס, עמעס, ווי מערידן זענען!

שמעלקע (רוקט זיך אָפּ). פאָטער! וואָס זענען מיר שולדיק? מיר זענען דאָך ניט מער ווי מעקלערס.

גרײַגער (רוקט זיך צו צו שמעלקען). מעקלערס זענט איר? זשולי־קעס, אפעריסטן! א גאנצן יאָר זענט איר ארומגעלאָפן אין אלע גאסן: „קויפט, קויפט יאקנעהאָז! נעמט בריוועלעך, פרימא, נעמט!" נעמען זאָל אײַך באם בויך! איר זאָלט זיך כאָטש ניט ווײַזן פאר מײַנע אויגן, וואָרעם אז איך דערזע אײַך, טראָגט דאָס מיך אונטער — עס גלוסט זיך מיר פאטשן...

(ער דערלאנגט שמעלקען דרײַ געשמאקע, פלאם־פײַעריקע פעטש. שמעלקע בלײַבט שטיין פריטשמעליט. דער גאנצער עולעם רינגלט ארום שמעלקען. אייניקע נעמען זיך אָן שמעלקעס קריוודע. אייניקע געבן אָפּ גרײַגערן דעם גערעכט. עס ווערט א שטיקל ראש אין קאנטאָר).

מענאכעם־מענדל. אקוראט אזוי ווי אין אדעס אקוראט, ווי זאָגט ער: „די גאנצע וועלט איז איין שטאָט". עס ווערט אָנגערופן „קאָמפּאָזירן"... אין אדעס, אז ס'איז געקומען צום קאָמפּאָזירן דאָס „לאָנדאָן", האָט מען אויך געקאָמפּאָזירט מיט דאָס... (א שמאָרע מיט דער נאָז מיט פעטש.

פאָנפאטש (צום שותּפֿ). הײַוול, הום אוועה! הענוג וואָס סע האָסט אונדז העלט, דארפן מיר נאָך כאפּן פעטש. א מיצווע! אז מע האָט ברויט,

זאָל מען ניט וועלן היינ זעמל... יאהנעהאָז האָט זיך אים פארהלוסט!

זאַיקע. באַ היַינטיקע פּ־פּ־פּארנאָסעס איז דאָס אויך א גע־גע־שעפט. האָב קיינ מוירע ניט! פּע־פּע־פּעטש קאָן איך אויַך געבנ. האלעוויַ וואָלט מען אונדז אזוי גיכ געגעבנ יאַק־ק־ק...

דער קאפּעליוש. דער הונט איז ווערט דעם שטעקנ. שמעלקע האָט באַ גריַיגערנ געגנוג פארדינט היַינטיקס יאָר. נישקאָשע, ער מעג שוינ פונ אים כאפּנ אמאָל א פּאטש אויכ.

גריַיגער. פארדינט, זאָגט איר? גאָלד האָט ער באַ מיר אָנגע־זשעבּרעט! א פארמעגנ בעמאכט! פרעגט, אָט שטייענ ייִדנ.

די כאליאסטרע. עמעס, עמעס, ווי מערידנ זענענ!

די ייִדענע (צום מיידל. ברעקט די הענט). וויי איז מיר, ווינד איז מיר, א ווייטעק איז דער מאמע דיַינער, ווהינ זענענ מיר פארגאנגענ? עפּעס א מאָקעם פוראָניעס 44)! צווישנ פעלד־גאזלאָנים, וואָווקולאקעס! גאָט באָרוכ־הו זאָל שוימער אומאצל זיַינ! ער, אָלעווהאשאָלעם, זאָל זיכ מיַיענ פאר אונדז דאָרטנ, זיַינ זכוס זאָל אונדז בּיַישטיינ, מיר זאָלנ כאָטש ארויס פונדאנענ מיטנ לעבנ...

פלוידערזאק (שארט זיך צו צו שמעלקען). הערט אויס, מילאָסטיווע גאָסודאר, איכ וואָלט איַיכ סאוועטעווענ, איר זאָלט זיכ זשאלעווענ אפּ אים אוגאָלאָווניִם פּאָריאדקאָם פאר אסקאָרבּליעניע דייסטוויִעם אינ א פּובּליטשנעם אָרט. פאר איַיכ וואָלט באדאַרפט וויסטופּיַיענ א זא־שטשיטניק.

שמעלקע (האלט זיך בא דער באק, ווי א מענטש, וואָס האָט געכאפּט א פּאטש). צו וואָס דארפ איך זאשציטעס? איכ האָב אליינ אויכ א צונג! אָט גיי איך גליַיכ אונ געבּ איַינ אנ איסק פאר ליצנעם אסקארבלעניע צעסט קופּצו פּערווי גילדזשע אינ יעהופּעצ.... איך האָב איידעס!

ציפּערבלאט (צו גריַיגערנ). פאר וואָס קומט אים פּעטש? הא? וואָס?

גריַיגער. פאר וואָס? ער האָט זיי, זיַיט זיכער, קאָשער פאר־דינט! איכ האָב נאָכ אפּ מיַינ לעבנ אומזיסט ניט געפּאטשט קיינעם. פרעגט, אָט שטייענ ייִדנ.

די כאליאסטרע. עמעס, עמעס, ווי מערידנ זענענ!

גריַיגער. איכ שווער איַיכ בענעמאָנעס, ווי איר זעט מיכ לעבּנ, דאָס טרעפט מיר דאָס ערשטע מאָל, איכ זאָל אופהייבנ מיַינ האנט אפּ

א מענטשן. פרעגט וועמען איר ווילט, אָט שטייען ייִדן (צו דער סאַליאסטרע). וואָס שווייַגט איר?

די כאַליאסטרע. עמעס, עמעס, ווי מע־ריירן זענען!

גרייַגער. הייַנט פאַרשטייט איר שוין, וואָס באַטייַטן די פּעטש? די גאַל קאָן צעזעצט ווערן פון אַזעלכע גאַנאָווים, זשוליקעס, אַפּע־ריסטן!

ציפּערבלאַט. הא? וואָס שרייַט איר אַזוי? איר זענט ניט אַף דער גאַס, איר זענט אין קאַנטאָר.

גרייַגער. אין אַ קאַנטאָר? אַ שיינע קאַנטאָר? אָפּגענאַרט אַ גאַנצע שטאָט מיט מענטשן, אָפּגעדרוקט עפּשער טויזנט בריוולעך, צוגענומען בא דער וועלט דאָס גאַנצע געלט — און רעדט נאָך! איר ווייסט מיט וועמען איר רעדט? (גלייַך ציפּערבלאַטן אין פּאָנעם אַרייַן). זאָגט נאָר, איר ווייסט ווער איך בין? (שלאָגט זיך מיט דער האַנט אין האַרצן). איך בין גרייַגער!!!

ציפּערבלאַט. הא? וואָס? וואָס שרייַט איר אַזוי? איך בין נישט טויב!

גרייַגער. נאַכאַל! איר ווייסט אַפילע ניט, וויאַזוי צו רעדן מיט אַ לייַטישן מענטשן. איר וואָלט באַדאַרפט שטומען ווי אַ פיש נאָך אַזא מייַסע, זיך באַגראָבן נייַן איילן אין דער ערד, ניט שטעלן זיך נאָך אויסטייַנען מיט מיר! איר ווייסט, וויפל געלט איר קאָסט מיך מיט אייַער כאַסענע?

ציפּערבלאַט. הא? וואָס? וואָסער כאַסענע? וועמענס כאַסענע?

גרייַגער (בלייַבט שטיין אַוועילע אָן לאָשן, האַלט זיך אונטער מיט ביידע הענט בא די זייַטן. נאָכדעם גייט ער צו צו ציפּערבלאַטן און שוייַט אים אויס אַף אַ קאָל גלייַך אין פּאָנעם אַרייַן). אַי־די־אָט!!! מע רעדט און מע רעדט און מע רעדט — טפו זאָלט איר ווערן! איר מעגט שוין צומאַכן די שיינע קאַנטאָר אייַערע אין אַ גוטער שאָ און גיין אַהיים שלאָפן. איר ווייסט נאָך ניט, אַפּאָנעם, אַז אייַער פייַפער האָט זיך באַפייַפט, אונדז אַלעמען אָנגעפייַפט... (ער ציט אויס אַ לאַנגן פייַפ) אייַער פייַפער איז באַנ־קראָט!!!

(אַלע פאַרשוויגענע פאַלן אַראָפּ פון די בענקלעך פאַר שרעק).

אַלע. באַנקראָט? אָנגעזעצט? פייַפער האָט אָנגעזעצט? ווען? ווו? וויפל? ווי קאָן דאָס זייַן? ס'איז אַ ליגן!

שמעלקע (האַלט זיך בא דער באַק). קאַזעוו וועשעקער! דאָס האָבן סאָנים אויסגעטראַכט, יעהופּעצער הולטייַעס...

די קאפּאָטע. וואָס איז שיַיעך אויסגעטראַכט? אַז מע זאָגט געשטאָרבן — זאָל מען גלויבן. אַזעלכע זאַכן טרעפֿן זיך, איך בעט איבער אייַער קאָוועד, אומעטום.

מענאַכעם־מענדל. נאָך אַ מין טרעפֿן זיך! נאַט אייַך אַדעס. אין אַדעס, אַז ס'איז געקומען צום דאָס...

פֿאָנפּאַטש (צום שוטעף). הייַוול, דו הערסט? מע האָט אונדז אָנגעזעצט אין יאַהנעהאָז אַרייַן! פֿאַרפֿאַלן די עטלעכע הילדן!

זאַיקע (היצט זיך). וואָס הייסט פֿאַ־פֿאַ־פֿאַרפֿאַלן? עפּעס העפּקער ציבעלעס? געגע־געגעלט — שמעלט?

די ייִדענע (וויינט און שרייַט אַף אַ קאָל). ווי איז מיר, ווינד איז מיר, אַ ווייטעק איז מיר אַ גרויסער! בעסער וואָלט איך אויסגעדרונען בייַ דער מאַמע אין בויך, אָדער זיך אַ פֿוס אויסגעבראָכן אַפֿן גלייַכן וועג, אָדער אַזוי אייַנגענומען אַ מיסע־מעשונע איידער איך האָב דערלעבט צו אַזאַ צאָרע און אומגליק, ווי מיך האָט געטראָפֿן! נאַ דיר אַ פּייַפער, פּייַפֿן זאָל אים אין אין אויער, עס זאָל אים ניט אופֿהערן צו פּייַפֿן פֿון הייַנט אָן ביז איבעראיאָר שושן־פּורעם! אוי, ווען מייַן ערשטער מאַן, אָלעווהאַשאָלעם, זאָל מיר זייַן אַצינד. ער, אָלעווהאַשאָלעם, איז געווען בייַ גיטעלע ווייַנשטיין, אָלעהאַשאָלעם...

פּלוידערזאַק (טרייַבט אָפּ די ייִדענע). וואָן! אַ זשענשטשינע בלייַבט אַ זשענשטשינע... לאָמיר בעסער אָבסוזשדייַען, וואָס מיר האָבן צו טון. בייַ אַזאַ סלוטשייַ דאַרף מען וויסן, וויאַזוי זיך צו וואַספּאָלזעווען, מע זאָל אונדז ניט נאַדווייַען. פּאָ זאַקאָנו דאַרפֿן מיר אויטשרעזדייַען אַ קאָנקורס...

גרייַגער. וואָסער קאָנקורס? איר ווייסט ניט פֿון אייַער געזונט און פֿון אייַער לעבן! ס'איז פֿאַרפֿאַלן לעוילעם וואָעד[45]), קיין האָן וועט אפילע נישט קרייען... (ער טוט זיך אַ פּאַטש אין שטערן). אוי, גרייַגער, ביסטו אַ פֿערד!!!... ווו איז געווען דייַן סייכל? ווו זענען געווען דייַנע אויגן? ווועמען האָסטו געגלויבט אַזויפֿיל געלט? (צום גאַנצן עולעם). ווייסט איר, וואָס איך וועל אייַך זאָגן? קומט מיט מיר! קומט, לאָמיר גיין גלייַך צו פּייַפֿערן אַהיים! די שטוב וועלן מיר אים צעטראָגן! די צייַן אַרויסנעמען! קישקעס מאָטען! אָדערן טרענען! מיר צאָלט מען! מיר האָט נאָך קיינער ניט אָנגעזעצט (ער שלאָגט זיך מיט די הענט אין האַרצן). איך הייס גרייַגער! לאָז זאָגן עמעצער!

**די כאליאסטרע.** עמעס, עמעס, ווי מערידנ זענענ!

(גרײַגער לאָזט זיך גײן. דער גאנצער אוילעם נאָך אים. מענאכעם-מענדל שטעלט זיך אָפּ בּא דער טיר).

**מענאכעם-מענדל** (מיטנ פּאָנעם צו דער סצענע). אָבער פּונקט אזוי ווי אינ אדעס, עס זאָל פּעלנ א האָר זאָל עס! פּריִער האָט מענ פּארדינט אונ פּארדינט, מעאסעפּ מאָמוינ געווענ, אונ נאָכדעם, אז ס'איז געקומענ צום דאָס... (א שמאָרע מיט דער נאָז) צום צאָלנ אז ס'איז געקומענ, האָט מענ אויך געזאָגט „יישאָקייני"!... אָט אזוי איז די בּערזע! מענ איז נאָר דאָסיק אס דאָס... אפּ פּאפּיר איז מענ; אונ אז עס קומט צום דאָס... צום איבּערצײלנ אז עס קומט, טוט זיך א קער איבּער דער גאנצער דאָס — אונ עס ווערט אויס דאָס!...

## פערטער אקט

דעמזעלבּנ פרימאָרגנ בּא די פּאָסטערנאקעס. — **די מאדאם פּאָסטערנאק** זיצט מיט א בּיכל אינ דער האנט. **איזאבּעלע** דרייט זיך קעגנ שפּיגל. נעבּנ איזאבּעלענ שטײט **קלארא** אפּ די קניִעט אונ מעסט איר כאסענע-קליידער.

### ערשטע סצענע

**קלארא** (ציט ארויס די כטריגאָוואניע; שטייט אופּ פונ דער ערד). אזא יאָר, אזא מאזל! מאדאם! איר מעגט זיך פּארגינענ אָנקוקנ, וויִאזוי דאָס „בּע-בּע" ליגט, קיינ איינהאָרע, אויסגעגאָסנ אפּ אייער טאָכטער, אזא יאָר אפּ מיר! (צו איזאבּעלענ). טראָגט געזונט, פּארנוצט געזונט, צערײַסט געזונט, אונ פּרייט זיך געזונטערהייט. (צו דער מאדאם). לאָז גאָט געבּנ, איר זאָלט דערלעבּנ נייענ כאסענע-קליידער בּא אירע אייניקלעך.

**מאדאם פּאָסטערנאק** (לייגט אוועק דאָס בּיכל אפּ א זײַט אונ קוקט זיך צו צו איזאבּעלעס קלייד). עס ליגט, זאָגט איר, גוט? מיר שײַנט, אז פונ פּאָרנט האָט מענ איר, מיט רעשפּעקט צו מעלדנ, אבּיסל פּארשמאָלט, פונ הינטנ האָט געמעגט זײַנ אבּיסל העכער, אונ די ארבּל זענענ ווינציק אָנגעבּופּט. נאָך מײַנ רעכענונג, האָט בּא אײַך בּאדארפט בּלײַבּנ גוטע דרײַ פערטל ארשינ מאטעריע.

**קלארא.** מאדאם! לאָמיך דאָס אויסקרענקענ אונ מײַנע סאָנים זאָלנ דאָס פּארמאָגנ, וואָס איך האָבּ בּא אײַך געקאָנט אראָפּכאפּנ! מאָלט אײַך, איך האָבּ בּאדארפט אפּ א שליארקעלע, האָבּ איך מיר געשניטנ די פינגער, קוים אויסגעקומענ, ווי מיט קרעפּל-פלייש... מאדאם! וואָס

זאָגט איר אפּנ „פּאָלאָנעז״? עס נעמט דאָך אָפּ אַן אויג! אײַער טאָכ־טער, דעם עמעס זאָגנדיק, אַז זי גאָרסעוועט זיך אויס, האָט זי, קײנ אײַנהאָרע, אַ פיגור, אַז זינט איך בינ אַן ארבעטאָרנ אינ יעהופּעצ, האָבּ איך נאָך אַזאַ טאַליע נישט בּאַגעגנט! שאַדע, וואָס דער כאָסנ איז דאָ נישטאָ: ער וואָלט געוואָרנ גרעבּער ווי לענגער, קײנ בּײז אויג זאָל איר נישט שאַטנ.

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. איר האָט מיר דערמאַנט איר כאָסנ... וואָס איז די מײַסע, איזאַבּעלע, וואָס ווילהעלם איז דאָ נאָך הײַנט נישט געוועזנ? (צו קלאַרענ) אונדזער כאָסנ איז זיך נויעג אַלע פּרימאָרגנ, מיט רעשפּעקט צו מעלדנ, ווי אַן ערלעכער ייִד לאָזט ניט דורכ דאָס דאַווענענ, מוז ער פריִער, אײדער ער גײט ארויס אינ קאַנטאָר אַרײַנ, מאַכנ דער קאַלע אַ בּאַזוכ.

קלאַרא. איך קאָנ מיר שוינ מעלדנ, אַז מע האָט, קײנ אײַנהאָרע, אַ־זאַ קאַלע! עס איז מיר נאָר אַ וווּנדער, וואָס ניט דרײַ מאָל אינ טאָג, וואָרעם דאָרט, ווו די ליבּע פּלאַקערט...

איזאַבּעלע. כאַ־כאַ־כאַ! „די ליבּע פּלאַקערט!״... פונוואַנענ ווײסט איר, וואָס הײסט „ליבּע״?

קלאַרא. לעבּנ זאָלט איר מיר! איר קערט, אַפּאָנעם, רעכענענ, אַז אינ אונדזער גראַד ווײסט מענ שוינ גאָרנישט ניט? איר מעגט מיר זיכער גלויבּנ, ס׳איז ניטאָ אײנ בּיכל פונ די בּיכלעכ, וואָס איך זאָל עס דורכלאָזנ. אָט לײענ איך איצטער אַ בּיכל, דאַפּקע אַ ייִדיש, אינ זשאַרגאָנ, זאָג איך אײַך בּענעמאָנעס, אַז אַפילע אַ שטײנ קאָנ אויך צעגאָסנ ווערנ. פונ דער ליבּע, וואָס דאָרט ווערט בּאַשריבּנ, שווער איך אײַך, קענ מענ אויסגײנ ווי אַ ליכט.

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. איז דאָס ניט שײַקעוויטשעס אַ ראָמאַנ?

קלאַרא. איך זאָל אַזוי זײַנ געזונט, ווי איר האָט געטראָפנ!

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. וויאַזוי־זשע הײסט ער, דער ראָמאַנ?

קלאַרא (רײַבּט זיך דעם שטערנ). וויאַזוי ער הײסט, דער ראָמאַנס? אוי, אַ קאָפּ, קײנ אײַנהאָרע, ווי אַ בּאַק־דײזשע! איך האָבּ שוינ פאַר־געסנ! וואָס זאָגט איר דערויפ?

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. עפּשער „דער בּלוטיקער פּרימאָרגנ, אָדער די פאַרשאָלטענע ליבּע״?

קלאַרא. הא? נײנ.

**מאדאם פּאָסטערנאַק.** צי עפּשער „דער גיפּטיקער קוש, אָדער די פּאַרקישעפּטע קאַלע"?

**קלארא.** ניין, אויך ניט. עס ליגט מיר אפן צונג, נאָר איך קאָן דאָס ניט אויסרעדן!

**מאדאם פּאָסטערנאַק.** צי עפּשער „דער קאַלטער כאָסן, אָדער אַ נאַכט צווישן מייסים"? „דער פאַרליבטער מערדער, אָדער דער טאַטע פון יענער וועלט"? צי עפּשער גאָר „פון דער כופּע צו דער טליָע"?

**קלארא** (אַ פליעסק מיט די הענט). אוי, לאַנג לעבן זאָלט איר, מאַדאַם! איך זאָל אַזוי רעדן אין נאַכעס, ווי איר האָט געטראָפן. אוי, איז דאָס אַ ביכל! איך האָב דאָס שוין איבערגעלייענט דריי מאָל, און קאָן מיך גאָר זאַט ניט אָנלייענען.

**מאדאם פּאָסטערנאַק.** וויאַזוי הייסט דאָרט דער העלד? דאַכט זיך, ער הייסט עפראַיִם, אָדער באַראָן בלוטסטראָפן? און די געליבטע זײַנע הייסט דאָרטן עליזאַבעטע?

**קלארא** (אַ פליעסק מיט די הענט). אוי, איך וועל זיך אַ מײַסע אָנטון! וויאַזוי געדענקט איר זיך אָן, מאַדאַם, קיין אײַנהאָרע ניט, אַלע ביכלעך מיט זייערע נעמען?

**מאדאם פּאָסטערנאַק.** געדענקט איר, וויאַזוי די שיינע עליזאַבעטע ליגט איינע אַליין, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, בא זיך אין ווײַנגאָרטן און טרוימט פון איר געליבטן עפראַיִם, און נאָכדעם, ווי עס קומען צו גיין פּלוצים צוויי פאַרשטעלטע באַנדיטן, וואָס דער מערדער שפּיגל האָט זיי אונטערגעשיקט, זיי זאָלן אומברענגען די שיינע עליזאַבעטע, וויאַזוי זי בעט זיך בא זיי יאָמערלעך און זינגט בעשאַס־מײַסע, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, אַ טרויעריק ליד, און פון אירע שיינע הימל־בלויע אויגן טריפן טײַכן טרערן. איר געדענקט, ווי דאָס ליד הייבט זיך אָן:

עס בליִען די רויזן, עס שמעקן די בלומען,
די לופט איז פול אַראָמאַט,
און דו, מײַן ענגעל, ווילסט צו מיר ניט קומען —
איך זאָל זיך קאָנען אָנקוקן אין דיר זאַט!

זאָלסטו וויסן, אַז איך גיי אויס, איך שטאַרב אַוועק,
דו וועסט מיך שוין, דאַכט זיך, ניט זען מער,
אַ סאָף צו אונדזער ליבע, אַן עק, אַן עק,—
זאָלסט כאָטש וועלן שענקען אַף מײַן קייווער אַ טרער?!..

קלארא (שנײַצט די נאָז און ווישט זיך די אויגן). אוי, איז דאָס א ליד! איר מעגט מיר זיכער גלויבן, אז בעשאס די מאמע מײַנע איז געלעגן אפ דער ערד, האָב איך אזויפיל ניט געוויינט.

מאדאם פאָסטערנאק. און נאָכדעם, וויִאזוי עס קומט אָן פלוצים דער ליבער עפראיִם, אָנגעטאָן ווי אן ענגלישער פראָקוראָר, און מע נעמט די באנדיטן, מיט רעשפעקט צו מעלדן, און מע שמידט זיי אין קייטן.

קלארא (ברעכט די הענט). אלע מײַנע סאָנים, און אײַערע סאָנים, און די סאָנים פון אלע אונדזערע ליבע, און ווו איך האָב ערגעץ א ווײַטן סוינע, זאָל ער האָבן אזא סאָף, ריבוינעשעלוילעם!... הימל און ערד האָבן געשוואָרן, אז קיין פארפאלענע זאך זאָל ניט זײַן אפ דער וועלט.

מאדאם פאָסטערנאק. און וואָס לאָזט זיך אויס? איז גאָר עפראיִם, אָדער דער באראָן בלוטסטראָפן, דעם אָרעמען צעמעכס א זון, און עליזאבעטע איז זײַנע א לײַבלעכע שוועסטער, און דער מערדער שפין — דאָס איז זייער פארפאלענער פאָטער, און די אָרעמע ראָכל...

איזאבעלע. מאמאן[46]! לאָז שוין זײַן גענוג. איך האָב שוין אָט אזא קאָפ פון דײַנע פוסטע נארישע ראָמאנען!

מאדאם פאָסטערנאק (איבעראשט). פון מײַנע „פוסטע נארישע ראָמאנען"? שיין שמועסטו זיך אויס, מיט רעשפעקט צו מעלדן, קעגן א מאמע! (צו קלארען) וואָס זאָגט איר אפ הײַנטיקע קינדער? איאָ, ס'איז קעדײַ אויסצוברענגען זיך אפ זיי, האָרעווען פון זייערטוועגן, אוועקלייגן דאָס לעבן. מאכן עפשער פאר צען טויזנט קערבלעך א הוב[47], צוגעבראָקט מיט פערציק טויזנט קערבלעך נאדן אויך, אכוץ מאטאָנעס?... קוים דערלעבט א נאכעס, א באסיעכידקעלע, איין אויג אין קאָפ...

(זי פארשמעלט זיך דאָס פּאָנעם מיט א ווײַס טיכעלע און וויינט. קלארא מאכט א קרום פּאָנעם, שאָקלט מיטן קאָפּ).

איזאבעלע. קארג, וואָס דער פאפאשא עסט מיר אויס די גאל, האָסטו זיך נאָך גענומען אפ מיר! אלע טאָג ווארפט איר מיר אויס מײַן „הוב" מיט מײַן „נאדן", גלײַך ווי מע ווערט פון אײַך גליקלעך. כינקיסעס טאָכטער האָט מען געגעבן מער נאדן, און די וועלט האָט גאָרניט אזוי צו טון, ווי מע האָט צו טון מיט מיר. אזא אומגליקלעכע, ווי איך בין, איז, דאכט זיך, שוין גאָר ניטאָ אפ דער גאנצער וועלט!

(זי באהאלט דאָס פּאָנעם אין א ווײַס טיכעלע און וויינט. קלארא מאכט א קרום פּאָנעם, שאָקלט מיטן קאָפּ).

מאדאם פּאָסטערנאַק (ווישט אָפּ די טרערן). וואָס גלײַכסטו זיך צו כינקיסעס טאָכטער? זי איז דאָך צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי דו, אָנגעשטאָפּט מיט יאָרן, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, ווי א קול שטרוי. הײַנט דעם שיינעם נאָמען, וואָס זי האָט. אַזאַ יאָר אויף איר מאַמע די רעבּעצין. די גאַנצע וועלט איז בײַ איר אין מויל, פון אַלעמען רעדט זי, אָפּ איטלעכן געפינט זי א כּיסרון.

קלאַרא (שאָקלט מיטן קאָפּ). מע זאָל גאָר באַהיט ווערן!

איזאַבעלע (ווישט אָפּ די טרערן). די מאַדאַם כינקיס איז נאָך גאָלד קעגן דער טאָכטער. אַזאַ באַרעדערן, ווי כינקיסעס טאָכטער, האָט נאָך די וועלט נישט געהאַט. און דערצו איז זי א נישט-פאַרגינערן, וואָלט זיך געהאַנגען, אַז זי דערזעט אויף יענעם א נײַ קלייד, אָדער א שיין היטעלע. און געניוג, וואָס זי איז זויער אַזוי ווי עסיק, איז זי נאָך א קאָקעטקע אויך. מיט איר צו זײַן אינאיינעם אין א געזעלשאַפט—קאָן מען דעם שלאַק באַקומען;

קלאַרא (שאָקלט מיטן קאָפּ). מע זאָל באַהיט און באַוואָרנט ווערן.

(עס קומט אַרײַן סאָסל מיט א בריוו אין דער האַנט).

## צווייטע סצענע

סאָסל. א שאָליעכ האָט געבּראַכט א בריוול און הייסט זיך באַצאָלן צוואַנציק קאָפּיקעס.

מאַדאַם פּאָסטערנאַק (נעמט דאָס בריוול). דורך א שאָליעכ א בריוול? פון וועמען איז א בריוול?

סאָסל. לייענט, וועט איר וויסן. גיט אַהער צוואַנציק קאָפּיקעס, מאַדאַם.

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. פאַר וואָס קומט אים צוואַנציק קאָפּיקעס?

סאָסל. פאַר וואָס? פאַר דער טירכע.

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. און צען איז אים קאַרג? פאַר וואָס קומט אים אַזויפיל?

סאָסל. גייט פרעגט אים.

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. וואָס זאָגט איר אויף איר ענטפערן, וואָס זי ענטפערט דער מאַדאַם? א שיינע פּאָקאָיאָווע! מיט רעשפּעקט צו מעלדן, א שטיק פלייש מיט אויגן! פרעסט און זויפט, טוט ניט קיין האַנט אין קאַלט וואַסער — און עפנט נאָך א מויל!

סאָסל. מײַנע סאָנים זאָלן דאָס האָבן אפן לײַב, וואָס מע עסט זיך אָן און וואָס מע טרינקט זיך אָן בא אײַך, אז אפילע דאָס שטיקל ברויט...

מאַדאם פּאָסטערנאק (א טופּ מיטן פוס). דו וועסט נישט אָנשטומט ווערן, דו פּיסקאַטע? וואָן פון מײַן שטוב, הולטײַקע, דײַן פּארע זאָל זיך דאָ נישט געפינען! דו הערסט, צי ניין?

סאָסל (א דריי מיט דער נאָז). איך האָב מיך שטארק איבערגעשראָקן. מײַן העמד איז לײַוונט געוואָרן! פּאראַנ נאָך ערטער און „מאדאמען" אזעלכע ווי איר, געגנוג איז יעהופּעצ... (זי טוט א קלאַפּ מיט דער טיר און גייט אוועק).

מאדאם פּאָסטערנאק. נו? וואָס זאָגט איר אפ אזא גאָלעס? מע זאָל אזוי באַליידיקט ווערן, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, פון א דינסט?!

קלארא. איך זאָג אײַך דעם עמעס, מאַדאם, איך קוק אפ אײַך און וווּנדער מיך: איר זענט דאָך, קיין אײַנהאָרע, שטארקער פון אײַזן, אז איר האלט דאָס אויס.

מאדאם פּאָסטערנאק. וואָס ווייסט איר, וואָס מע האָט פון די דינסטן? דאָס איז נאָך גאָלד! מיט רעשפּעקט צו מעלדן, זייער עסן מיט זייער טרינקען — מע קאָן זיי דען נאסטארטשען ברויט? און אז זיי גייען אוועק, בארעדן זיי נאָך, טראכטן אויס, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, אזעלכע זאכן, וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן.

קלארא (שאָקלט מיטן קאָפּ). מע זאָל גאָר באהיט און באוואָרנט ווערן!

איזאבעלע. א מיצווע! איך זאָג שוין לאנג, מע זאָל איר געבן דעם וועג; איך קאָן זי ניט אָנקוקן, די שיינע פּאָקאָיאָווע דײַנע! — ניין, הערט מען מיך ניט. מע זעצט זיך נאָך אנידער מיט איר און מע פרעגט בא איר אויס אלצדינג, וואָס בא יענעם קאָכט זיך...

מאדאם פּאָסטערנאק. וואָס איז די מײַסע, טאָכטער מײַנע, וואָס דו האָסט זיך הײַנטיקן טאָג גענומען, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, מיך לערנען עדוקאציע[43], וואָס איך זאָל רעדן און וואָס איך זאָל טון? נא, נעם בעסער לייען איבער, צו וועמען איז דאָס געשריבן דאָס בריוול? זע נאָר, עפּעס איז דאָס פארכאסמעט מיט א שווארצער כסימע.

איזאבעלע (נעמט דאָס בריוול). א שווארצע כסימע?... (זי לייענט) „Милостивой Государыне Изабелле Самоиловне Постернак"

דאָס בריוול איז צו מיר... דאכט זיך, ווילהעלמס האנטשריפט? (זי עפנט אוף דאָס בריוול מיט ציטערנדיקע הענט און לייענט). „מײַנע טײַערער ענגעל איזאַבעלע! אז דו וועסט לייענען דידאָזיקע שורעס, וועל איך שוין ניט זײַן אפ דער וועלט...“ (זי פאלט קלארענע אפ די הענט) אך, ווילהעלם!

מאדאם פאָסטערנאַק (לויפט צו צו איזאבעלען). גאָט איז מיט דיר! וואָס איז? זאָג מיר, וואָס איז דאָס פאר א בריוול? וואָס שרײַבט דיר ווילהעלם? וואָס האָט זיך געטראָפן?

איזאבעלע (וויינט). נישטאָ ווילהעלם! געסאמט... געהאנגען... געשאָסן...

מאדאם פאָסטערנאַק (א פליעסק מיט די הענט). מיט וואָס האָט מען אים געסאמט? ווו האָט מען אים געהאנגען? ווער האָט אים געשאָסן?

איזאבעלע. אליין, אליין זיך געסאמט... געהאנגען... געשאָסן...

מאדאם פאָסטערנאַק (כאפט זיך אָן באם קאָפ). א שלאק האָט מיך דערשלאָגן! איך וועל דאָס גאָרנישט אויסהאלטן פאר ביזאָיען! וואָס וועלן, מיט רעשפעקט צו מעלדן, לײַט זאָגן? די מאדאם כינקיס וועט שוין האָבן וואָס צו רעדן! ... אזא'ן אומגליק איז נאָך גאָר ניט געהערט געוואָרן! איך וויים ניט, וויאזוי וועל איך דאָס איבערטראָגן. אָט כאַלעש איך! (זי פאלט אפ א פאָטעל. פארוואָרפט דעם קאָפּ אפ כאלעשן).

קלארא (וואָרפט זיך צו דער מאדאם). מע זאָל גאָר באַהיט און באַוואָרנט ווערן, ריבוינעשעלוילעם! (עס קומט אָן פאָסטערנאַק).

## דריטע סצענע

פאָסטערנאַק (דערשראָקן). מע וויינט? מע כאלעשט? וואָס איז שוין דאָ? וואָס איז דאָ געשען?

מאדאם פאָסטערנאַק (הייבט אוף דעם קאָפּ). ער פרעגט נאָך, דער טיראַן, דער דעספאָט, דער מערדער. קוק, זע, ווי דו האָסט געקוילעט א קינד, דו אומענטש איינער!

פאָסטערנאַק. וואָס געקוילעט? ווער געקוילעט? ווו געקוילעט! מירקע, געב לאָשן!

מאדאם פאָסטערנאַק (נעמט בא איזאבעלען דאָס בריוול און טוט א שמיץ דעם מאַן איבער פּאָנעם אריַין). נא דיר, קוויק זיך. דער שיינער כאָסן דײַנער האָט זיך נעסאמט, געהאנגען, געשאָסן!

פּאָסטעכנאק. שאַ, שאַ, שאַ! ווער, וואָס, ווענמען? וואָסערע לאָקשן? עס הייבט זיך גאָרניט אָן! פּײַפער איז געזונט און שטאַרק אַף אַלע איבוורים, כוץ זײַן שאָדן אַף מיר געזאָגט געוואָרן. אָט האָב איך נאָר־וואָס באַקומען פון אים אַ קלאָרע ידיעה. פּײַפער האָט גע־זאָגט דעם פּאָסעק...

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. וואָסער פּאָסעק? עס כאָלעמען זיך דיר נאָר פּסוקים!

פּאָסטערנאַק. ניט דאָס מיין איך; איך מיין קומעמיוס[49] — פּײַ־פער האָט געמאַכט קומעמיוס...

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. איך האָב דיך געבעטן טויזנט מאָל, אַז קיין לאָקשן־קוידעש זאָלסטו מיט מיר ניט רעדן. איך בין נישט אַזאַ ווילגעלערנטע, ווי די מאַדאַם מײַערצימעס.

פּאָסטערנאַק. מיילע בעקיצער, וויאַזוי דען זאָל איך דיר אַרויס־געבן? נו, ער האָט אונדז אָפּגעווישט די נאָז, אַרויסגעשטעלט אַ פּײַג, געזאָגט „יישאָקיינו", געמאַכט אַ וואַיווראַכ, איינמאָל פאַר אַלע מאָל, — פּײַפער איז באַנקראָט.

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. טפו זאָלסטו ווערן מיט דײַן שפּראַך! באַדאַרפסטו אַזויפיל ווערטער? אמער זאָגט מען, אַז פּײַפער האָט אָנ־געזעצט — און אַן עק!

פּאָסטערנאַק. אַלץ הייסט אָנגעזעצט? אָנגעזעצט צו אָנגעזעצט איז ניט גלײַך. מע זאָגט, איינער שטעלט זיך — ער וויל זיך מאַכן אַ קאַפּיטאַל, צי איינער איז דערונטער — עקט ער אָפּ: כאָצי שעלי, כאָצי שעלאָכ...[50]) אָט האָט קנאַקניסל אָנגעזעצט, האָט ער דאָס אָפּגעאַרבעט גלאַט אַרום און אַרום און איז נאָך געבליבן אַ פּײַנער מענטש; ער האָט פּאַשעט צוגענומען געלט — „און דופ מיך קנאַקניסל". און דער האָט אָנגעאַרבעט אַ כאַסענע, זאָל גאָט שוימער אומאַצל זײַן! אַ קאַשע מיט באָרשט און מיט לאָקשן: געקויפט יאַקנעהאָז, פאַרקויפט יאַקנעהאָז, גענומען יאַקנעהאָז, געגעבן יאַקנעהאָז, אַ סטעלאַזש אַהין, אַ סטעלאַזש אַהער— עפּשער טויזנט לעכער, ווי אין דער האַגאָדע שטייט געשריבן: „כי לאָכ אַף אַ לאָכ, כי לו נאה כי לו יאה"...[51]).

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. עס ליגט אים נאָך אין זינען פּסוקים פון דער האַגאָדע! סטײַטש, נו, און דאָס נאָדן, וואָס דו האָסט אים גע־געבן? די פערציק טויזנט?

**פאָסטערנאַק** (לויפט ארום איבערן שטוב הין און צוריק). הערסטו! וואָס דען איז דאָ דער גאנצער געשריי? מיינסט, איך זאָרג מיך פאר דער יעהופּעצער בערזע? לאָזן זיך די שפּעגעלאנטן רייסן צווישן זיך, ווי די קעץ, כאַפּט זיי דער וואַטנמאכער! איך שריי אַף מיינע עטלעכע קערבלעך, וואָס זענען הלך לעולמו — פּישי פּראָפּאלאָ! [52].

**מאַדאַם פאָסטערנאַק** (א פּליעסק מיט די הענט). פאַרפאַלן?

**פאָסטערנאַק** (שטעלט זיך אָפּ). פאַר־פאַלן, ווי אין א פּייסעכדיקן אינדיק!..

**מאַדאַם פאָסטערנאַק** (שטייט אוף). א מיצווע אַף דיר! קאַפּאָרע געוואָרן פּערציק טויזנט? זייער רעכט! איך בין זיך מעכיַע! א גאַנ־קיר האָט זיך אים פאַרגלוסט, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, א שאַרלאַטאַן, אַן אויסוואורפלינג פון דער נאַטור, אַבי ניט קיין דאָקטער! גאָט גע־מאַכט! „אַי פּוילע העדינג, אַי פאַרשטונקענע פיש"... זאָלסט אָבער געוועזן מיך פאָלגן, וואָלט אלצדינג געהאַט גאָר אַן אנדער פּאָנעם, איזאַבעלע וואָלט שוין איצט געווען א דאָקטערן, מיר וואָלטן געהאַט אַן איידעם א דאָקטער, גאָט און לייט וואָלטן אונדז מעקאַנע געווען. די מאַדאַם בייגעלמאַן מיט איר „מישפּאָכע" וואָלט צעזעצט און צע־שפּרונגען געוואָרן אַף אונדז קוקנדיק, און די מאַדאַם כינקיס וואָלט ניט געהאַט קיין שטאָפּ אַף צו באַרעדן אונדז. אַצינד אָבער וועט דאָך די גאַנצע וועלט האָבן צו טון מיט אונדז. צו שאַנד און צו שפּאָט וועלן מיר זיין, ניִשט נאָר אין יעהופּעץ, נאָך טויזנט ווערסט ארום און ארום יעהופּעץ! אָ, דו ווילדער טיראַן, דו דעטספּאָט איינער! דו ביסט נאָך מער אומענטש ווי יענער מערדער, וואָס איך לייען איצט בא שייקעוויטשן אין א ראָמאַן. יענער האָט פאַרקויפט זיינע קינדער פאַר געלט, און דו האָסט פאַרקויפט דיין קינד און האָסט נאָך יענעם צו־געצאָלט. שיין אויסגעפּיינט זיך, שיין באַוואָרנט א טאָכטער א באַס־יעכידע! גענומען אליין און געקוילעט א קינד, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, אָפּגעקוילעט אַף אייביק! (צו איזאַבעלען). דו וויינסט? וויין, קינד מיינס, וויין אַף דיין שיקזאַל, אַזוי ווי בא שייקעוויטשן שטייט געשריבן, וויין און קלאָג אַף דיינע יונגע יאָרן, וואָס ביסט געבוירן געוואָרן בא א פאָטער א דעספּאָט! גאָט אין הימל ווייסט דעם עמעס, און איך בין דיין איידעס, אַז דיין האַרץ איז געווען ווייט, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, פון אָט דעם שאָלטיק, וואָס ער, דער מערדער, האָט מיט גוואַלד דיר געוואָלט אָנהענגען... (זי נעמט איזאַבעלען פאַר א האַנט). שטיי אוף, איזאַבעלע!

ווישׁ אָפּ דײַנע טרערן, פֿאַרגעס אָן דײַן בראָך! ער וועט אַליין קומען צו דיר, דײַן העלד, דײַן באַשערטער, ער ערוואַרטעט דיך מיט אומגעדולד!.. (זי נעמט איזאַבעלען פֿאַר דער האַנט און לאָזט זיך גיין).

פּאָסטערנאַק. דו לייענסט פֿון אַ ביכל, צי דו זאָגסט אָפּ אויסווייניק?

מאַדאַם פּאָסטערנאַק (צום מאַן, שטיל, נאָר מיט האַרץ). טירראַנ... דעס־פּאָט!! מעעעערדער!!!

(זי גייט אַוועק מיט איזאַבעלען, קלאַרא—נאָך זיי. פּאָסטערנאַק בלײַבט אַליין).

פּאָסטערנאַק (האַלט זיך באַם קאָפּ. גייט אַרום הין און צוריק). נננו, אַ וועלט! נאַ דיר אַ פֿײַפֿער, אַ בערזע, אַ יאַקנעהאָז! וועלכער רוח האָט מיך געטראָגן, איך זאָל אים אָפּגעבן דאָס נאַדן פֿאַר דער כאַסענע? וואָס האָב איך קיין צײַט ניט געהאַט? הײַנט גיי געב נאָכאַמאָל נאַדן... נאָך אַמאָל פֿערציק טויזנט? אָבער גאָר לוי מיט אַ ספּאָדעק! ווילסט אַ דאָקטער? זייער שיין! ווילסט מאַרקוסן? געזונטערהייט? וויבאַלד מע שמועסט פֿון לאָשן „ליבע“, וואָס־זשע דאַרף מען געלט־שמעלט? וואָס קומט אַרויס?—די פֿערציק טויזנט איז אַן אַווייראַ! פֿערציק טויזנט! אַ ווערטעלע אויסצורעדן?! ווו האָט ער געקענט אַהינטון אַזויפֿיל געלט?.. די יעהופּעצער בערזע... זיי האָבן אים פֿאַרדרייט... גוטע ברידער... טאָג ווי נאַכט געשפּילט מיט אים אין קאָרטן... מע האָט אָפּגעלעקט באַ אים אַ בײַנדל! און ווער שמועסט כינקיס...

(מע קלינגט אָן; עס קומען אַרײַן: פּײַנקוגל, כינקיס, בײַגעלמאַן, קנאַקניסל און עטלעכע יונגע ספּעקוליאַנטלעך).

## פֿערטע סצענע

פּאָסטערנאַק. ברוכים האַבאָים! געסט, געסט! וואָס ווערט איר עפּעס זאָגן גוטס? מיסטאַמע אַז איר האָט געקאָנט קומען פּלוצים אין מיטן העלן טאָג, איז דאָס געוויס נישט גלאַטיק, ווי אין פּאָסעק שטייט: גד גדוד יגודנו [53] — אַז מע שערט די שאָף, ציטערן די לעמעלעך... איך שמועס עס אַקעגן דרינען...

פּײַנקוגל (צו די איבעריקע). פֿע, עס געפֿעלט מיר ניט דער באָרעכהאַבע זײַנער. גאָט ווייסט, צי מיר וועלן דאָ עפּעס מאַכן... (צו פּאָסטערנאַקן). הערט־זשע צו, רעב שמועל! וואָס טויג אונדז פּאָליטיקע? דער גרעסטער שווינדל, זאָגט מען, איז דער עמעס. איך וועל אײַך דערציילן אַ מײַסע:

צוויי ייִדן מעקלערס פֿאָרן אַפֿן באַן קיין שפּאָלע, ביידע צו איין פּאַרעץ און ביידע וועגן איין געשעפֿט. געוויינטלעך, וויל מען זיך אויסבאַהאַלטן איינער פֿון דעם אַנדערן. מײַסע סאַטן, באַגעגנט מען זיך אָבער אין איין וואַגאָן. מיילע, באַגעגנט — איז פֿאַרפֿאַלן. „גוט־מאָרגן“! „גוט־יאָר“. „וווהין פֿאָרט דאָס אַ ייִד“? „וווהין איך פֿאָר? קיין שפּאָלע“. „אַ ייִד איז דיר קיין קאַטאָוועס ניט! איר זאָגט דאָך מיר בעקיוון, אַז איר פֿאָרט קיין שפּאָלע, בּיכדיי איך זאָל מיינען, אַז איר פֿאָרט קיין בוויבעריק; איך ווייס דאָך אָבער, אַז איר פֿאָרט טאַקע קיין שפּאָלע, הײַנט וואָס דרייט איר אַ מויעך?“...

פּאָסטערנאַק. אַף אַלצדינג האָט אײַך פּײַנקוגל אַ מײַסע.

פּײַנקוגל. איך מיין טאַקע בעעמעס, לאָמיר רעדן אָפֿנטלעך. (גלעט זיך די באָרד). די מײַסע דערפֿון איז אַזוי. דאָס וואָס מיט אײַער כאַסן האָט זיך געטראָפֿן, קאָן זיך טרעפֿן מיט איטלעכן פֿון אונדז, אויביפֿראַט נאָך אין יעהופּעץ אַף דער בערזע. מען איז דאָך נישט מער ווי אַ באָסער וועדאָם: קאָלזמאַנג מע טרעפֿט, טרעפֿט מען; און כאָלילע וועכאַס, טאָמער טוט זיך דאָס רעדל אַ דריי אַף צוריק (אַ מאַך מיט דער האַנט) — מאַכט קאָמעץ בּיין באַ.

כינקיס. ס'איז אין עצה, ואין חכמה, ואין תבונה נגד אַ שלעכטער קאָרט [54].

בייגעלמאַן. ווערקמירדיק! פֿון וואָס מע זאָל ניט רעדן, כינקיס מוז אַרופֿ אַפֿ דער קאָרט!

קנאַקניסל. וואָס עמעס איז עמעס, כינקיס איז גערעכט: די בערזע איז נאָר אַ קאָרטנשפּיל. וואָס איז פּײַפּער שולדיק, לעמאָשל, אַז ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט? אַ סימען האָט איר: ווען פּײַפּער זאָל וועלן גלאַט אָנזעצן, וואָלט ער דאָס געקאָנט אויספֿירן פּאַראַיאָרן אין דער צײַט — און רופֿ מיך קנאַקניסל!

פּאָסטערנאַק. מיילע בעקיצער, אַלקאָלפּאָנעם, וואָס ווילט איר דאָ אויסבריִען, אַז פּײַפּער איז אַ פּײַנער מענטש? איך ווייס דאָס אַליין גאַנץ גוט. איך זע דאָך, מיט וועמען ער האָט געהאַנדלט און מיט וואָס ער האָט געהאַנדלט... נאָר גאָר ניט, אַל תפל דבר — כאַטאַ פּאָקרישקאַ.

פּײַנקוגל (צו די איבעריקע). אַן אַזעס פֿון אַ גראָבן יונג! איך וואָלט אים דערציילט אַ מאָשל, האָב איך מויוע, עס זאָל ניט שאַטן צו אונדזער איניען... (צו פּאָסטערנאַקן). פֿאַרשטייט איר מיך, נישט דאָס

בין איך אויסן. איך שמועס דאָס גלאט אזוי, וואָס ער איז נאָך נישט געניט אין דער זאך, כלעבן, א יונגערמאן. ער וואָלט, אייגנטלעך, באדארפט זיך האלטן אן אייצע מיט אונדז פון דער לעכאטכילע אָן, וואָלטן מיר אים ארופגעפירט אף א שטיקל דערעך; מיר וואָלטן דאָס געמאכט גלאט ארום און ארום, אויסגעדרייט זיך, ווי אף א טעלער, עס וואָלט אויסגעקומען, ווי איר זאָגט: אָגיל וויי עסמאך — צוגעשניטן און אופגענייט. וואָרעם בא אזא געשעפט באדארף מען וויסן וואָס מע האָט צו טון. ס'איז, פארשטייט איר מיך, אן איידעלע מאטעריע; איין קוק אף א זײַט, ווערט קאלי דאָס גאנצע שפיל...

כ י נ ק י ס. פונקט אזוי ווי בא די קאָרטן, לעהאוודל. איר מעגט זײַן דער גרעסטער שפילער, נאָר קוים האָט איר געמאכט איין גאנג א שלעכטן, זענט איר פארפאלן מיט די פאָטרעכעס.

ב ײ ג ע ל מ א ן. ווערקמירדיק! ס'איז דיר אן אנטיק מיט דעם כינ־קיסן! וואָס איר זאָלט ניט שמועסן, ער איז דאָ מיט די קאָרטן!

ק נ א ק נ י ס ל. איך האָב ליב דעם עמעס. כינקיס איז גערעכט. ווען פײַפער רעדט אָפּ פריִער מיט אונדז, וואָלט גאָר אנדערש געווען: פאָרט געניטע סאָכרים, אלטע בערזיאנער. מיר וואָלטן דאָס אָפּגעארבעט אזוי, אז מיר וואָלטן געוויס אָפּגענומען אונדזער געלט, און ער וואָלט אויך געבליבן בא געלט. אײַ, טאָמער וואָלט דאָס עמעצן אָנגערירט — לאָז זיך יענער קראַצן. קורץ: פײַפער וואָלט געבליבן דער אייגענער פײַפער וואָס פריִער — און רופ מיך קנאקניסל!

פ אָ ס ט ע ר נ א ק. מיילע בעקיצער, אלקאָלפּאָנעם, וואָס טויג מיר מעליצע: „וואָלט איך", „זאָלט איך"? איר ווייסט דאָך, אז צו פארעדן יענעם די ציין בין איך פאָרהאנט. איר זאָגט מיר בעסער כלם ברורים[55] — ריינע דיבורים: וואָס ווילט איר?

פ ײַ נ ק ו ג ל (צו די איבעריקע). ס'איז אים הײַנט נישט אײַנצובײַסן. אפּאָנעם, פײַפער האָט אים אויך גוט אָנגעזאלצן... (צו פּאָסטערנאקן). זײַט־זשע מויכל, רעב שמועל, איר זענט דאָך א ייִד א קלוגער, כלעבן, א סויכער, א מענטש מיט יוישער. לאָמיר בעסער רעדן גלײַך צו דער זאך אליין (ער נעמט זיך בא דער באָרד). די מײַסע דערפון איז אזוי. מיר, יעהופּעצער ספּעקוליאנטן, האָבן זיך מעיאשעוו געווען און אָפּגערעדט צווישן זיך (מיט הענט און מיט א ניגן פון דער געמאָרע) היגײַ קעפּי עס האָט זיך געטראָפן אן אומגליק, פײַפער האָט זיך לעסאטע געשטעלט; און קעפּי עס איז אײַך יאָדוע, אז ער האָט זיך מיסכײַעוו געווען צו

געבן יאקנעהאָז גאָר א גוזמע שטיק; און קעפּי ס'איז דאָך א דבר שאי־אפשר [56], ער זאָל אונדז אלעמען קאָנען געבן יאקנעהאָז מאמעש, ווײַל ס'איז גאָר ניטאָ אזויפיל יאקנעהאָז אין גאנצ יעהופּעצ ארום און ארום; און קעפּי פּײַפּער אליין קאָן מיט אונדז נישט מייטיוו זײַן [57], ווײַל ער איז נאָך נישט באָקי [58] אינעם איניען האשטעלן זיך; און קעפּי איך זע ארויס, וועלן מיר דאָ מוזן זיך גלײַכן אפּ פּראָצענטן...

פּ אָ ס ט ע ר נ א ק. פּראָצענטן? קאָדעש וועטאָהויר—אפּילע נישט א לעק!

י ו נ ג ע ס פּ ע ק ו ל י א נ ט ן. וואָס הייסט, נישט א לעק? ווו איז יוישער? ווו איז מענטשלעכקײַט? גלאט העפקער א וועלט?

פּ אָ ס ט ע ר נ א ק (ווײַזט אפּ דער סטעלי). וידבר על העצים ועל האבנים [59] — מאכט רש״י: רעדט צו דער לאָמפּ...

פּ ײַ נ ק ו ג ל (אלץ מיט א ניגן). האיטאָכן? וואָס רעדט איר? עמעס, מיר ווייסן טאקע, אז פּײַפּער האָט געהאט אן אומגליק: דאָס יאקנעהאָז איז אים דערגאנגען די יאָרן. שוין א צײַט, אז ער בלאנקירט אפּ יאקנעהאָז, דעקט זיך אָפּ מיט העזעק און בלאנקירט ווײַטער. מיר דאכט זיך, אז גאנצ יעהופּעצ האָט געשפּעקולירט אפּ זײַן קאָפּ, און נאָר צו־ליב אים איז דאָס יאקנעהאָז געשטיגן. דאָך האָט בא אים, לויט מײַן כעשבן, באדארפט בלײַבן עפּעס געלט. געשיקט זיך עס?

כ י נ ק י ס. מיר דאכט, ער זאָל שפּילן א קײַלעכיק יאָר קעסיידער אין קאָרטן און עס זאָל אים גיין שלים־שלימאזל, וואָלט ער אויך באדארפט בלײַבן בא געלט.

ב י י ג ע ל מ א נ. וועדקמירדיק! ס'איז דיר אן אקציע מיט כינקיסן, אומעטום איז ער דאָ מיט די קאָרטן!..

ק נ א ק נ י ס ל. איך האָב ליב דעם עמעס: כינקיס איז גערעכט. ווי לאָזט זיך ניט איבער א מענטש בא אזא מײַסע קיין גראָבע עטלעכע קערבלעך — און רופּ מיך קנאקניסל?

א ל ע. נישקאָשע, ער האָט, ער האָט געלט! פּײַפּער האָט זיך גע־לאָזט געלט!

פּ אָ ס ט ע ר נ א ק. א לאָך פון א בייגל, א שאָס פון א ביקס, א פּיטעם פון א עסרעג, א גוט אויג פון א גליד־שוועסטערקינד...

פּ ײַ נ ק ו ג ל (צו די איבעריקע). ווי געפעלט אײַך א שפּראך... (צו פּאָ־סטערנאקן). מיילע, נעמען מיר אָן אזוי ווי איר זאָגט; בלײַבט דאָך אלץ די אייגענע קאשע: צו וועמען דען איז דאָס שײַעך, אז ניט צו אײַך? ער איז דאָך פּאָרט אײַער כאָסן!

פּאָסטערנאַק. מײַן כאָסן? לוי האָיאָ וועלוי ניוורא [60] — דאָס איז געווען אַמאָל, נישט הײַנט. הײַנט איז שוין פּײַפּער אײַער כאָסן, נישט מײַנער. ער איז אײַער כאָסן, און איר זײַנט זײַנע מעכוטאָנים, ווי אין פּאָסעק שטייט: „אני לדודי ודודי לי"... [61] נאַט, זעט, וואָס אַ יונגאַטש פאַרגינט זיך מיר שרײַבן, וועט איר פאַרשטיין, מיט וועמען איר האָט געהאַנדלט. נאָר שטיל, אל תפל דבר — כאַטאַ פּאָקרישקאַ (ער גיט איבער פּײַנקוגלען אַ בריוו).

פּײַנקוגל. אַנו, מאַכטײַסע, לאָמיר האָרכן, וואָס זאָגט ער דאָ? ס'איז טאַקע קעדײַ צו וויסן (ער נעמט דעם בריוו און לייענט בעקויל ראָם [62]). „לכבוד מחותני הגביר המפורסם החכם המופלג המשכיל"... [63] (זיך אין באָרד אַדײַן). מיילע, אַ כאָכעם — איז קיין קאַשע ניט; אַז מען איז אַ גוויר, איז מען שוין בעמיילע אַ כאָכעם. אָבער אַ „מופלג" מיט אַ „מאַסקיל" אונטערגעשלאָגן — דאָס איז שוין אַביסל צו פיל... (ער לייענט) „...החכם המופלג המשכיל מוהר"ר שמועל פּאָסטערנאַק נ"י [64]. בעשאַס איר וועט לייענען מײַן בריוו, וועל איך שוין זײַן העט־ווײַט פון יעהופּעצ. איך האָב מיך לאַנג געשלאָגן מיט דער דייע, ביז איך האָב מיך ענדלעך אַנטשלאָסן, איך זאָל אַוועק פונדאַנען אַהין, ווו די אויגן וועלן מיך טראָגן, אַבי נישט אָנקוקן יעהופּעצ, נישט אָנקוקן אונדזער בערזע, נישט אָנקוקן אונדזערע ספּעקוליאַנטן"... (רײַסט איבער). וואָס איז ער אַזוי אופגעטראָגן אָפּ די ספּעקוליאַנטן? (ער לייענט). „פון אָנהייב בין איך אַפילע גרייט געווען צו מאַכן איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַן עק פון מײַן לעבן: עטלעכע טראָפּן סאַם־האַמאָוועס, פאַר צען קאָפּיקעס אַ שטריקל, אָדער אַ פּיסטויל אין האַרצן—און אַ סאָף צו אַלע צאָרעס. אויס פּײַפּער, געשטאָרבן! איך האָב מיך אָבער באַרעכנט נאָכדעם, אַז ס'איז פאַר מיר קלאָל נישט קיין פּלאַן..." (רײַסט איבער). איך האָב געוווּסט פריִער, אַז פּײַפּער וועט אַזאַ נאַרישקײַט ניט טון... (לייענט ווײַטער) „...פאַר מיר קלאָל נישט קיין פּלאַן צו גיין אַזוי יונג פון דער וועלט. איך וועל ליגן אין דער ערד און באַקן בייגל, און אַלע וועלן לעבן אַ גוטן טאָג, גיין איינס צום אַנדערן אָפּ זשורפיקסן, שפּילן אין „ווינט", מיך אין זינען האָבן אין דער לינקער פּיאַטע, קיין צײַט נישט האָבן אַפילע מיך צו דערמאַנען, און אַז מע וועט מיך שוין יאָ אַמאָל דערמאַנען, וועט זײַן אַז אָך און וויי צו מיר. פּײַנקוגל וועט זאָגן אָפּ מיר אַ מאָשל, אַלע וועלן לאַכן..." (רײַסט איבער). גערעכט, ווי איך בין אַ ייִד! (לייענט ווײַטער) „...פּײַנקוגל וועט זאָגן אַ מאָשל, אַלע וועלן לאַכן; איטלעכער

וועט אויסטראכטן אַף מיר אַן אַנדער האַמצאָעלע. אַלע וועלן זײַן פֿײַנע מענטשן, נאָר איך איינער וועל בלײַבן אַ פּאַרך. צום בײַשפּיל: אַף פֿײַנקוגלען וועט קיינער ניט זאָגן, אַז ער איז אַ... אַ... אַ...״ (ער קערט איבער דאָס בריוול אַף דער אַנדערער זײַט).

פּאָסטערנאַק. וואָס אַקעט איר? מימאָנעפּשעך, לייענט איר — דאַרפֿט איר לייענען קעסיידער, ווי אין פּאָסעק שטייט: „החזילות לנפּול, נפֿול תּפּול״...[65].

פֿײַנקוגל (דרייט דאָס בריוול אַף אַלע זײַטן). פֿאַרשטייט איר... איך האָב געלאָזט אינדערהיים מײַנע ברילן...

כינקיס (נעמט דאָס בריוול). אַנו, ווײַזט נאָר אַהער. איך האָב אַ גוטע שמיע: איך שמעק אָן די טויז פֿאַר אַ ווערסט, און דאַפֿקע אָן ברילן! (ער לייענט) „...אַף פֿײַנקוגלען וועט קיינער נישט זאָגן, אַז ער איז אַ שאַבסע־צווינִיק״, אַ גאָטס גאַנעוו, וואָרעם ער איז אַ שיינער ייִד, פֿון די ייִדן, וואָס טרינקען ווימאָראָזעק, האָט פֿײַנט קאָוועד, ווי אַ קאַץ שמאַלץ, קלוימערשט פֿרום, און גייט אויס, פֿייגערט נאָך אַ קערטל, ניט ערגער פֿון כי... כי...״ (ער וויל איבערהיפּן עטלעכע שורעס).

פּאָסטערנאַק (צו כינקיסן). וואָס כיכיקעט איר? החילות לנפּול, נפֿול תּפּול—האָט איר זיך אונטערגענומען לייענען, טאָ לייענט קעסיידער.

ביגעלמאַן (נעמט צו בײַ כינקיסן דאָס בריוועלע). לאָזט מיך, איך האָב אַמאָל אויך געקאָנט לייענען אַף זשאַרגאָן (ער לייענט) „...פֿייגערט נאָך אַ קערטל ניט ערגער פֿון כינקיסן, וואָס האָט זיך געמאַכט אַ פֿאַרמעגן פֿון קאָרטן. וויפֿל איך האָב בײַ כינקיסן פֿאַרנומען אַף יאַקנעהאָז, האָט כינקיס בײַ מיר צען מאָל אַזויפֿיל געוווּנען אין קאָרטן, ער זאָל דאָס נאָר אויסקרענקען!״...

כינקיס. ווי געפֿעלט אײַך אַזאַ יאַם־קאָטער? איך בין שולדיק, אַז ער איז אַ קאַליקע און פֿאַרשטייט נישט דאָס שפּיל!

ביגעלמאַן (לייענט ווײַטער). „...ער זאָל דאָס נאָר אויסקרענקען! אין יעהופּעץ הייסט כינקיס אויך אַן אַריסטאָקראַט. יעהופּעץ איז, באָרוכאַשעם, אַזאַ שטאָט, וואָס קלויבט ניט איבער, אַבי געלט — איז מען אַן אַריסטאָקראַט. אַשטייגער, ווען גייט דאָס אָן אין יעהופּעץ, פֿונוואַנען איז דאָס פּלוצים אויסגעוואַקסן אַזאַ אַריסטאָקראַט, ווי בײַ... בײַ... בײַ...״ איך ווייס ניט, וויאַזוי מאַכט דאָס וואָרט, ס׳איז גע־מעקט...

קנאקניסל (רײַסט אויס דאָכ בריוול פונ בייגעלמאנס האנט). עס הייבט נישט אָנ צו זײַנ געמעקט. געזונטע אויסיעס, אײַזערנע (ער לייענט) „... אזא אריסטאָקראט, ווי בייגעלמאנ? ס'איז פאראנ אזעלכע, וואָס געדענקענ נאָכ, אז ער האָט ארומגעטראָגנ אינ בארדיטשעוו בייגל צו פארקויפנ"...

בייגעלמאנ. שעקער ווּעקאָזעוו! עס שטייט נישט קיינ בייגל! דאָס לייענט איר שוינ פונ אײַער קאָפּ!

קנאקניסל (לייענט ווײַטער). „...ארומגעטראָגנ אינ בארדיטשעוו בייגל צו פארקויפנ, אונ הײַנט פאָרט ער אינ א קארעטע. עס פאסט אימ אזוי צו זײַנ א ספעקוליאנט, פונקט ווי עס פאסט קנאק"... (ער טוט א שמיצ דאָס בריוול). טאָמער וואָלט טאקע אפ אנ עמעס געווענ גענוג צו האָרכנ די נארישקײַטנ, וואָס דער שאָלטיק שרײַבט?

עטלעכע קוילעס. בײַסט ווײַטער, וועט איר געפינענ קעז אויכ!...

פאָסטערנאק. החילות לנפול, נפול תפול!

קנאקניסל (קוקט אינ בריוו ארײַנ). טפו זאָל ער ווערנ! א יונגאטש זאָל רעדנ אפ דער גאנצער וועלט! אפ קײנעמ קיינ גוט וואָרט נישט זאָגנ! צו וואָס טויג מיר בריוולעכ? מימאָנעפשעכ, האָסטו געמאכט די שפיל, פאָר אוועק צו אלדי שווארצע יאָר — אונ רופ מיכ קנאק־ניסל!

(ער צערײַסט דעמ בריוו אפ שטיקלעכ אונ צעווארפט איבער דער שטוב. דער אוילעמ לאכט).

פאָסטערנאק. טאטע, דו לאכסט? אז אָכ אונ וויי איז צו דײַנ געלעכטער! פײַפער איז קליגער פונ אונדז. ער האָט אונדז אלעמענ געפירט אינ באָד ארײַנ, העט־ווײַט אפ דער אייבערשטער באנק, אונ גוט אָנגעבעזעמט, ווי אינ פאָסעק שטייט: בשכבנו אווּעפיצקיינו [67] — אנידערגעלייגט אונ אָפגעשמיסנ!..

פײַנקוגל (צומ איבעריקנ אוילעמ). וואָס זאָגט איר דערופ? ער מאכט שוינ אייגענע פסוקים...

פאָסטערנאק. מיילע, אפ אײַכ איז א מיצווע. אל תבטחו בנדיבים [68] — קריכט ניט אינ פײַער ארײַנ! איר האָט מיט אימ גע־שווינדלט, געדרייט יאקנעהאָז אהער, יאקנעהאָז אהינ, אזוי לאנג, ביז איר האָט זיכ פארדרייט. ס'איז א פּאָשעטע מײַסע: איר האָט אימ געוואָלט אָפנארנ, האָט ער אײַכ אפגענארט. ווי די געמאָרע זאָגט: „הבא להרגך, שמרגהו נאזאד" [69] — האָסט געכאפט א פאטש, שטעק אָפ צוויי צוריק.

ס'איז טאָמיד אזוי דער סאָף. שלוימע האמייל'עכ איז טאקע א כאָכעם; ער זאָגט אינ „ברכי נפשי", דאכט זיכ: בור כרה ויפרפרהו[70] — כטאָ יאמא קאָפּאיע, טאָי סאם אופּאדאיע... אָבער איכ? וואָס האָב איכ געהאט צו טאנצנ אינ קאָנ? וואָס האָב איכ באדארפט ארייַנצימבלענ פערציק טויזנט קארבנ? איכ בינ דאָכ יאָ, ווי זאָגט ער, גאָט די נעשאָמע שולדיק! עס קומט אויס ווי די געמאָרע זאָגט: טוביה חטא[71] זונטיק מאָנטיק...*)

פייַנקוגל (צום איבעריקנ עוילעם). וואָס זאָגט איר אפ די פּסוקים וואָס דאָ פּליִענ, מיט די געמאָרע־ווערטער, וואָס ער האקט?

(עס עפנט זיכ די טיר אונ עס קומט ארייַנ די מאדאם פּאָסטערנאק. נאָכ איר — מארקוס מיט איזאבעלען).

## פינפטע סצענע

פּאָסטערנאק. אָ! זעט איר? א ווייַב זאָל מענ טאקע פּאָלגנ זי האָט פונ אָנהייב אָנ ניט געוואָלט דעמ שידעכ. האלעווייַ וואָלט איכ זי געפּאָלגט, וואָלט איכ איצט ניט געהאט אזא מאפּאָלע, ווי די געמאָרע זאָגט: „קדירה דבי שותפא"[72] — אז מע הערט ניִשט דאָס ווייַב איז קיש־קיש ווו די ייִדנ האָבנ גערוט...

מאדאם פּאָסטערנאק. כלעבנ, סאמויִל, דו רעדסט עפּעס, מיט רעשפּעקט צו מעלדנ, אזעלכע ווערטער... דאנקענ אונ לויבנ גאָט, מיר זענענ אויכ לייַטנ גלייַכ, מיר קאָנענ אויכ האָבנ אנ איידעמ א דאָקטער, ווי בא לייַטנ (זי קוקט אפ כינקיסנ). נישקאָשע, אונדזער טאָכטער שטייט אָנ צו האָבנ א כאָסנ א דאָקטער, ווי אלע אנדערע יעהופּעצער מאמזעלנ... (זי פירט אים צו איזאבעלען מיט מארקוסנ). נעמ בענטש דייַנע געליבטע קינדער מיט דעמ הייליקנ אייביקנ בונד פונ דער הימלשער ליבע... ווינטשעווע זיי צו, זיי זאָלנ אָפּפערנ זייער לעבנ איינס פאר דאָס אנדערע, אזוי ווי בענעדיקט אונ ראָזאליע בא שפּיִלהאגענ אינ זייַנ ראָמאנ „הימל אונ ערד אונ ליבע". „געבע גאָט, — זאָגט דאָרט דער פּראפעסער — זיי זאָלנ געניסנ די פריכטע פונ זייער ליבע, זייער בונד זאָל זייַנ אנ אייביקער בונד, א הייליקער בונד"...

פּאָסטערנאק (האקט איבער אינמיטנ). מייַלע בעקיצער, אלקאָלפּאָנעמ, זיי זאָלנ זייַנ געקניפּט אונ געבונדנ אונ פארבונדנ... צו וואָס

*) טוביה חטא וזיגוד מינגד 71).

טויגן לאַנגע דיבורים? איך פאַרשטיי נאָר ניט, וואָס עפּעס אַזוי בעכי־פאָזנדיק, פּלוצים אינמיטן העלן טאָג שוין אַזוי גיך כאַפּ־לאַפּ, ווי אין פּאָסעק שטייט: האָ גאַוורע וועהאָ טראַסק?

מאַדאַם פּאָסטערנאַק (מיט קאַס). וואָס־זשע האָסטו געוואָלט, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, שאַדכאָנים זאָל מען דיר שיקן?

פיַינקוגל (מישט זיך אַריַין). געבענטשט זענען די הענט, וואָס נעמען זיך אַליין. מיסטאַמע איז דאָס איר זיווגע [73]. אַ שידעך איז אַ גוירל, איטלעכער נעמט זיך אַרויס, וואָס אים איז אָנגעצייכנט פון אויבן.

כינקיס. פונקט אַזוי ווי, לעהאַוודל, באַ די קאָרטן: איינער שפּילט אַ גאַנצע נאַכט און עס גייט אים שלים־שלימאַזל; דער אַנדערער שלעפּט אַלעמאָל אַרויס — מאַלקע, מיילעך, טויז...

בייגעלמאַן. ווערקמירדיק! מיט דעם כינקיסן איז דיר נאָר אַ קאָמעדיע. מע רעדט פון ווייס איך וואָס — קומט ער מיט די קאָרטן!

קנאַקניסל. וואָס עמעס איז עמעס — כינקיס איז גערעכט: צו שי־דוכים דאַרף מען האָבן גליק. אָט האָב איך, זאָלן געזונט זיַין, עטלעכע דערוואַקסענע טעכטער, איז וויפל מע רעדט זיי שידוכים, ווילן זיי ניט הערן, ניט זעען פון קיין שאַדכן! זיי ווילן נאָר אַליין, און נאָר דורך ליבע — און רופט מיך קנאַקניסל!

פּאָסטערנאַק. אַוודע איז ליבע אַ געהויבענע מאַטבייע, וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן? דער כיסאָרן איז נאָר, וואָס מיט ליבע אַליין קאָכט מען ניט קיין וועטשערע. מע דאַרף צו דעם האָבן נאָך עפּעס, די מאַמטאַקים, מיין איך, ווי אין פּאָסעק שטייט: „אם אין קמח, אין לאָקשנ"... [74]

מאַדאַם פּאָסטערנאַק (מיט היץ). איך האָב דיר געזאָגט וויפל מאָל, סאַמויל, אַז קיין פּאָסעק האָב איך ניט געלערנט און, מיט רע־שפּעקט צו מעלדן, לאָקשן-קוילעטש פאַרשטיי איך ניט... נאָר אויב דו מיינסט נאָדן, זאָלסטו וויסן זיַין, אַז מע האָט דאָס אין זינען, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, אין דער לינקער פּיאַטע. ס'איז אַ ראָמאַן, אַ לאַנגאָנענדיקער העכסט־אינטערעסאַנטער ראָמאַן אין צוויי טייל. דעם ערשטן טייל האָסטו געשפּילט, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, אַזאַ יאָר אַף מיַינע סאָנים. דעם צווייטן טייל וועל איך שוין שפּילן. איך הייב אים אָן מיט אַ זשורפיקס און מיט אַ קנאַסמאָל טאַקע היַינט אַף דער נאַכט (צו פיַינקוגלען מיט דער קאָמפּאַניע). מיר לאַדן איַיך איַין מיט איַיערע דאַמען און מיט דער גאַנצער פאַמיליע.

פּײַנקוגל מיט דער קאָמפּאַניע (אלע אינײנעם). אָכ, מיטנ גרעסטנ ביזאָיענ! אבי א וועטשערע מיט א קערטל...

כינקיס. נאָכ א מינ קערטל! א קערטל צו א קערטל איז נישט גלײַכ!

פּאָסטערנאַק. ס'איז דאָכ א בעפּײרעשער פּאָסעק אינ דער געמאָרע: „איינ פּיסני בעלוי דיוּוקא ווייינ כאָלעם בעלוי קאָרטנ"...
(דער אוילעם קוועלט).

מאַרקוס (שטעלט זיכ אוועק אַקעגנ אוילעם, לייגט צונויפּ די הענט אפּנ הארצנ, שאָקלט מיטנ קאָפּ). די קאָרטנ! די קאָרטנ! עס הייבט זיכ אָנ מיט קאָרטנ, עס לאָזט זיכ אויס מיט קאָרטנ. בא קאָרטנ ענדיקנ זיכ אלע זאכנ. פאַר קאָרטנ גיט אוועק דער מאַנ דאָס ווײַב, דער פּאָטער — זײַנע קינדער. נישטאָ קיינ טײַערערס פונ קאָרטנ!.. אוי, קאָרטנ, קאָרטנ!..
(ער גיט איזאבעלענ די האנט אונ לאָזט זיכ גייַנ).

מאַדאַם פּאָסטערנאַק (צום מאַנ). דו הערסט ווערטער? (גאַנצ שטיל, נאָר מיט פײַער). טירררראַנ! דעספּאָט! מעעעעערדער!..

(זיי לאָזנ זיכ גייַנ אלע דרײַ... בא דער טיר קומט זיי אַקעגנ די יידענע, פאַרוויקלט אינ עטלעכע שאַלנ אונ פאַטשיילעס. נאָכ איר שלעפּט זיכ נאָכ דאָס מיידל. סאָסל ראַנגלט זיכ מיט זיי, לאָזט זיי ניט ארײַנ. די יידענע מיטנ מיידל רײַסנ זיכ אויס פונ טאָסלס הענט אונ פאַלנ ארײַנ אינ שטוב ארײַנ מיט א געוויינ אונ מיט א געשריי).

## זעקסטע סצענע

די יידענע (ברעכט די הענט, וויינט אונ קלאָגט מיט א ניגנ פונ די טכינעס). וויי איז מיר, ווינד איז מיר, פאַרוויסט אונ פאַרפינצטערט בינ איכ ניט געוואָרנ, אנ אלמאָנע, איינע אליינ, עלנט ווי א שטיינ, ניט קיינ קאָרעוו, ניט קיינ ביינ, געבראַכט דער רועכ א שוואַרצ יאָר, א מעקלער, ארײַנגעשטופּט א כוקע־שער, עפּעס יאַקנעהאָז־שמאַקנעאָז, פּײַפּער־שמײַפּער, פּײַפּנ זאָל אימ אינ אנ אויער, ווי ער האָט מיכ געקוילעט מיט מײַנ קינד! (זי כאַפּט מארקוסנ פאַר א האנט). עפּשער זענט איר אָט דאָס־אָ טאַקע ער אליינ? עפּעס א כאָסנ, זאָגט מענ, זענט איר עמעצנס אָט דאָ? פאָלגט מיכ מיט גוטנ, וועט איר בעסער מאכנ — גיט מיר אָפּ דאָס נאדנ, איכ וויל נישט וויסנ פונ קיינ שמאַקנעהאָז. איר שפּילט זיכ מיט פײַער! אָט לויפ איכ צום פּליצמייסטער, מיכ קאָנ מענ, איכ בינ פונ דער סלאבאָדקע, מײַנ ערשטער מאַנ, אָלעווהאשאָלעם, איז געווענ בא גיטעלע ווײַנשטיינ, אָלעהאשאָלעם...

פּאָסטערנאַק. וואָס איז דאָס פאר א שלאַק־פּוראַניעס? פאַרוואָס וואַרפט מען זי נישט ארויס? איר זעט ניט, אז ס'איז א מעשוגענע ייִדענע?

די ייִדענע. א מעשוגענע בין איך שוין געוואָרן? אז איך מאָן מײַן געלט, בין איך מעשוגע? מעשוגע זאָלט איר ווערן פאר זיך און פאַר מיר און פאר מײַנע קינדער און פאר מײַן גאנצער מישפּאָכע און פאר מײַן מאנס מישפּאָכע און פאר אלע מײַנע ליבע פרײַנט און פאר אלע ייִדן און פאר קאָל־ייִסראָעל — אָמיין סעלאָ! (זי דרעזעט אפ א בענקל די כאסענע־קליידער, וואָס איזאבעלע האָט געמאָסטן). א? זײַד און סאמעט? פריִער גאָטס און נאָכדעם פרעמדס? מע שמירט זיך מיט מײַן פוטער? מײַנע ק"ן קארבנ? דער מענטש זינדיקט און מיט דער הון שלאָגט מען קאפּאָרעס? לאָמיך כאָטש רעכענען פאר מײַן בלוט! (זי כאפּט דאָס „בע־בע" און צע־רײַסט דאָס אפ צווייען). אָט אזוי! גם לי גם לך[75] — נישט מיר, נישט דיר!..

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. אוי, ס'איז מיר שלעכט, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, טאקע נאָר אפ צו כאלעשן! (זי פאלט כאלאָשעס).

איזאבעלע, אַך, מארקוס! (זי פאלט מארקוסן אפ די הענט).

דער אוילעם. וואסער! וואסער! (סאָסל באשפּריצט דער מאדאם מיט קאלט וואסער).

מארקוס (צום גאנצן אוילעם). זעט, קוקט אײַך אָן אין שפּיגל, וואָס פאר א פּאָנעם איר האָט מיט אײַערע ספּעקוליאציעס, מיט אײַער בערזע, מיט אײַער יאקנעהאָז, מיט אײַערע קאָרטן, מיט אײַערע זשור־פיקסן, מיט אײַערע דאמען די אריסטאָקראטקעס און מיט אלע אײַערע גענג ארום און ארום! עס וועט זיך געפינען איינער, וואָס וועט אײַך באשרײַבן אין די גאזעטן, וועט פון אײַך מאכן א בוך, א קאָמעדיע, א גאנצע קאָמעריע! צו שאנד און צו שפּאָט וועט איר דעמאָלט זײַן אומעטום, ווו מע הערט נאָר א ייִדיש וואָרט! אפ טעאטער וועט מען אײַך ארויסשטעלן! מע וועט קוקן אפ אײַך, מע וועט טײַטן מיט די פינגער און מע וועט לאכן, זיך אײַנרײַסן דאָס געזונט לאכנדיק — מיט איינעם וואָרט, די וועלט וועט זײַן פול מיט אײַך און מיט אײַער יאקנעהאָז!!!

(ער גייט אוועק מיט איזאבעלען אונטער דער האנט. די מאדאם פּאָס־טערנאַק—נאָך זיי. דער גאנצער אוילעם בלײַבט שטיין פארגאפט, די געזער אראָפּגעלאָזט. פארגליווערט — איטלעכער אין אן אנדער פּאָזע).

דער פאָרהאנג פאלט

# א פאָר ווערטער פונעמ מעכאבער

בא לײַטנ אינ הײַנט געוואָרנ א מאָדע: אנשטאָט א האקדאָמע פונ פאָרנט, צו געבנ די האקדאָמע פונ הינטנ. נאָר באגײַנ זיכ גאָר אינגאנצנ אָנ האקדאָמע—דאָס האָבנ אלע מאסקימ געווענ, אז ס'איז אוממעגלעכ; וואָרעמ בעעמעס, ווי געשיקט זיכ דאָס, אז א מע־כאבער זאָל זיכ צעשיידנ מיטנ לעזער גלאט אָנ א זײַ־געזונט, אָנ א שומ געבנ אימ צו פארשטײנ, וואָס ער האָט געמײנט, אונ אָנ א שומ אָנצוהערעניש, אז ער, דער מעכאבער פונעמ בוכ, איז מיט גאָטס הילפ א מענטש, וואָס ווייסט אלצדינג אונ פארשטייט אלצדינג, אונ דער גאנצער איבעריקער עולעמ — דאָס זענענ נעבעכ קלײנע קינדער, מעכילע, קעלב־לעכ, וואָס מע דארפ זײ צעקײַענ איטלעכס וואָרט אונ ארײַנלייגנ אינ מויל ארײַנ? עס מאָלט זיכ אימ אויס פאָזיטיוו, אז אָנ זײַנ מאסביר זײַנ, אָנ זײַנ ארײַנלייגנ דעמ לעזער אינ מויל ארײַנ, וועט כאסוועשאָלעמ קײנער ניט פארשטײנ וואָס ער מײנט... נארישקײַטנ! ס'איז הײַנט א קלוגע וועלט געוואָרנ: יִדנ מיט בעויד האָבנ דאָס אמאָל ניט פארשטא־נענ, וואָס א קלײנ קינד פארשטייט אצינד... נישט מער, וואָס וויל דאָ דער מעכאבער האָבנ?

דער מעכאבער איז דאָ מויסער מוידאָע [76]), אז ווער עס וויל זוכנ אינ דער קאָמעדיע באקאנטע פארשווינענ, דער האָט מעכילע א גרויסנ טאָעס. אקעגנ וואָס זאָגט דאָס דער מעכאבער? ער זאָגט דאָס איבער א מײַסע שעהאָיאָ: נאָכ איידער דאָס ווערק איז פארטיק געוואָרנ צומ אָפדרוקנ, איז ארויס א קלאנג אינ יעהופּעץ אפ דער בערזע (נישטאָ קײנ סוידעס אינ יעהופעץ אפ דער בערזע!), אז שאָלעמ־אלייכעמ מאכט א ביכל מיטנ נאָמענ „יאקנעהאָז“, אינ וועלכנ ער שטעלט ארויס אפ לײַטיש געלעכטער די גאנצע יעהופעצער בערזע מיט אלע ספעקוליאנטנ אונ מעקלערס, פונעמ גרעסטנ ביזנ קלענסטנ. אייניקע האָבנ דערפונ שטארק האנאָע געהאט: „א מיצווע, האָבנ זײ געזאָגט, פאני שאָלעמ־אלייכעמ, איר זאָלט זײ כאָטש רעכט באשרײַבנ, די מעכוטאָנימ, זײ זאָלנ האָבנ צו זינגענ אונ צו זאָגנ; לאָזנ זײ וויסנ דאָס אנדערע מאָל, וויאזוי צו טאנצנ אפ פרעמדע כאסענעס!..“ אנדערע האָבנ זיכ אביסל אָנגעבלאָזנ, בעשאס זײ זענענ געוואָר געוואָרנ פונ דער מײַסע. „איכ האָב געהאָרכט—שרײַבט אײנער צומ מעכאבער אינ א בריוול, — אז איר מאכט אפ אונדז א ביכל מיטנ נאָמענ „יאקנעהאָז“. איכ בינ ניט מעסופעק, אז עס וועט דאָרטנ זײַנ פונ וואָס צו לאכנ. נאָר וואָס דענ? אײנ זאכ וויל איכ פונ אײַכ בעטנ: מ י כ זאָלט איר ארויסווארפנ פונ צעטל...“ גאָר אנדערע זענענ געווענ טאקע רעכט אופגעטראָגנ אפנ מעכאבער; זײ האָבנ אימ געגעבנ אָנצוהערעניש דורכ פארשטעלטע בריוולעכ אָנ כסימעס, זיכ גוט גע־בייזערט אפ אימ אונ אָנגעזאָגט מיטנ הארבנ וואָרט, אז „בעזימ ער וועט זיכ דערוועגנ ארויסשטעלנ זײ אינ א קאָמעדיע, וועלנ זײ אימ דאָס אונ דאָס“... גאנצ יִדישלעכ!

הערט צו, ראבויסײַ [77])! די געמאָרע זאָגט: „איוב לא היה ולא נברא [78])—ס'איז קײנ איעוו גאָר אפ דער וועלט נישט געווענ; עלע וואָס דענ? מאָשל האָיאָ—ס'איז נאָר א מאָשל,

א בײַשפּיל". ראַבױסײַ! "יאַקנעהאָז" לא היה ולא נברא — ס'איז קײן יאַקנעהאָז גאָר אַף דער װעלט נישט געװען, אַזױ װי ס'איז ניטאָ אַף דער װעלט קײן שטאָט, װאָס זאָל הײסן יעהופּעץ. ס'איז נאָר א מאָשל, א פאַנטאַזיע, אַן אױסגעטראַכטע מעשׂה פֿון אַלעף ביז טאָף. לאָזן זיך ניט מיִען די, װאָס האָבן ליב נאָכצוקלערן און אױסצוטאַפּן, װעמען מײנט מען דאָס? און װעמען מײנט יענץ? מע מײנט קײנעם ניט! אײַ טאָמער אַפּן צענטן פאַל װעט זיך געפינען אַזעלכער, װאָס, כאָלילע-װעכאָס, עס װעט זיך אים אױסװײַזן, אַז דאָס מײנט מען אים? באַדאַרף מען בא אים בעטן הונדערט מאָל מעכילע און דערצײלן א מאָשל:

אַמאָל איז געקומען צו פאָרן א ייִד אַן אָרעמאַן אין א גרױסער שטאָט אַרײַן, צום בײַשפּיל — קײן יעהופּעץ, זוכן פּאַרנאָסע. װוּהין שלאָגט זיך אַן אָרעמאַן? געװײנטלעך, צו די נעגידים. ער גײט פֿון אײן נאָגיד צום אַנדערן, נאָר װוּהין ער קומט — לאָזט מען אים ניט אַרײַן. װאָס איז די מעשׂה? ערשט ער װערט געװאָרע, אַז זײַן גאַנצער אומגליק איז די צעריסענע קאַפּאָטע. װאָס טוט מען? איז זיך מעיאַשעװ דער ייִד און כאַפּט זיך אַרײַן צו א טאַנדעטניק אין א קלײט, קלױבט זיך אָפּ און מעסט אָפּ א שײנע קאַפּאָטע, דינגט זיך אױס און רופט זיך אָן צום קרעמער: "װײסט איר װאָס, מײַן ליבער ייִד? איר װילט דאָך מיסטאָמע געלט? זאָלט איר זיך מאַטריִעך זײַן מיט מיר אַף מײַן סטאַנציע אין יענעם און יענעם הױז, אַף יענער און יענער גאַס". דער ייִד מיט דער קאַפּאָטע גײט פֿון אײן גאַס אין דער אַנדערער, דער טאַנדעטניק גײט אים נאָך.

— יונגערמאַן! ביז װאַנען װעט איר מיך פירן? — טײַנעט נעבעך דער קרעמער. — לאָזט מיך אָפּ, איך האָב קײן צײַט ניט!

— װער האַלט אײַך? גײט אײַך געזונטערהײט.

— סטײַטש? נו, און געלט?

— װאָסער געלט?

— סטײַטש? נו, און די קאַפּאָטע?

— די קאַפּאָטע איז א קאַפּאָטע.

דער טאַנדעטניק האָט דערזען, אַז ס'איז א מיִעסע מעשׂה, כאַפּט ער דעם ייִדן און װיל אַראָפּרײַסן פֿון אים די קאַפּאָטע.

— איר װעט ניט אַװעקגײן? — האָט זיך דער ייִד צעשריגן אַף א קאָל. — אָט רוף איך צו א זשאַנדאַר... זשאַנדאַאַאַר!!!

דער טאַנדעטניק האָט דערהערט דאָס װאָרט "זשאַנדאַר", איז אים פּרחה נשמתו[79] געװאָרן; ער האָט אָפּגעלאָזט דעם ייִדן און האָט אָנגעהױבן מיט גוטן:

— װײסט איר װאָס, רעב ייִד? איך בין אײַך מױכל די קאַפּאָטע, אַבי שרײַט ניט. װאָס האָט איר צו מיר? באַרעכנט נאָר אַקוראַט: איך בין א היגער טאַנדעטניק, און איר זענט א װילד־פרעמדער; איר כאַפּט זיך אַרײַן צו מיר אין קלײט און מעסט אָן א קאַפּאָטע, װעלכע ליגט אַף אײַך, קײן אײַנהאָרע, אױסגעגאָסן, װי געװוּנטשן, לאָמיך האָבן אַזא יאָר — טראָגט געזונט, פּאַרנוצט געזונט, און א גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע...

א גוטן טאָג, ליבער לעזער!

# די פארשוינען:

**ביילע.** א קעכנ. אנ אלמאָנע פונ א יאָר עטלעכע אונ דרײַסיק. א יאָרערדיקע ייִדענע.

**פראדל.** א שטוב-מיידל. א שווארצכיינעוודיקע.

**רעב אלטער.** אנ אָרעמער פאקנטרעגער, גיט גיכלעכ אפ פראָקאט. א ייִדל פונ א יאָר פערציק. אנ אלמענ אָדער א גאָרעש, אונ עפשער אנ אלטער באָכער. איינ האלב פאָנעם לאכט, דאָס אנדערע וויינט. טראָגט א קויטיקע מאנישקע מיט א צוגעלעגערט קאַ־פעליושל. שאדכנט זיכ צו דער קעכנ.

**כאיִמ.** א מעשאָרעס פונעמ צווייטנ הויז. א יונג א כוואט מיט א „סיגנעט”. שאדכנט זיכ צו פראדלענ.

**מישע** }
**מאשע** } דעמ באלעבאָס קינדער, א ייִנגל אונ א מיידל, רעדנ האלב ייִדיש, האלב רוסיש.

**מאדאמ.** די באלעבאָסטע אליינ. באווײַזט זיכ מיטנ איבעריקנ אוילעמ נאָר אינ דער לעצטער סצענע אפ א ווײַלע.

די געשיכטע קומט פאָר אינ קיכ.

## ערשטע סצענע

**ביילע.** (שטייט מיט פארקאטשעטע ארבל באם אויוון, קאכט, זינגט א לידל)

**אוי, ווו זענט איר מיינע יונגע יאָרן?**
**אוי, ווו זענט-איר אהינגעקומען?**
**צי מיטן פייער פארברענט געוואָרן?**
**צי מיטן וואסער אוועקגעשווומען?**

**אז אָך און וויי איז צו מיינע סאָנים, אז ביילע באדארף זיין א דינסט בא די יאָרן, און האָבן אפ זיך אזא באלעבאָסטע, אזא „מאדאם", וואָס נאָר געזידלט און נאָר געפידלט! א שיינע נעגידעס! אן אָרעמאן א שטיקל ברויט וועט זי דען געבן? די אייגענע קינדער אפילע זשא־לעוועט זי עסן. איטלעכן איז זי כוישעד: ראק מע נאשט, ראק מע גאנוועט! בא איר זענען אלע נאשערנס, אלע גאנעוועס!** (זי נעמט אראָפ אינ א באזונדער טעפל פון אלע מאכאָלים צו ביסלעך). **געוויס זיי זיין צו קרענקען, ווי זאָגט רעב אלטער: „ווינציקער זיין די ווערים אינ קייווער"...** (נעמט אראָפ נאָך א שטיקל פלייש). **נישקאָשע, מע וועט זיך באדרייען... ע־ע־ע! ווי לאנג בינ איך אליינ געווען א באלעבאָסטע בא מיין טיש, מיט מיין מאנ פייסעך צום סיידער!...** (זי זינגט).

**אזוי ווי ס'איז ביטער,**
**אז מע פעפערט ניט די פיש,**
**אזוי איז ביטער,**
**אז מע זיצט בא א פרעמדן טיש.**

**אזוי ווי ס'אינ ביטער,**
**יויך אָנ א פאנ,**
**אזוי איז ביטער,**
**אז מע זיצט אָנ א מאנ.**

אזוי ווי ס'איז ביטער,
אז דאָס עסן שמעקט מיט רויך,
אזוי איז ביטער,
אז מע ארבעט איבערן קויעך.

אזוי ווי ס'איז ביטער,
אז דאָס עסן האָט קיין טאַם,
אזוי איז ביטער,
אז מע דינט בא אזא „מאדאם"...

ווער קלאַפּט דאָס דאָרטן אין דער טיר? מיסטאמע רעב אלטער א טײַערער ייִד, א קאָשערער, אן ערלעכער, אָן כאָכמעס. האָרעוועט נעבעך אפן שטיקל ברויט, ווייסט ניט פון קיין וועלט צו זאָגן, גלײַך מיט מיר...

(עפנט די טיר. עס קומט ארײַן רעב אלטער פון דרויסן מיט א פעקל ספאָרים אונטער דער האנט).

## צווייטע סצענע

רעב אלטער (לייגט אָפּ דאָס פּעקל אפ א זײַט, מאכט צורעכט דאָס בערדל, ווישט זיך דעם שווייס מיט א רויטער פאטשיילע). א גוטן אָוונט אײַך,ביילע לעבן! וואָס מאכט איר גוטס? איך גיי פארבײַ, איך זע עס לײַכט זיך, טראכט איך מיר, מע דארף ארײַנגיין אפ א ווײַלעטשקע... א גאנצן טאָג איז מען אפ די פיס, פון שטוב צו שטוב, מע מיינט טאָמער — דיזן, דאזן, דאָס און יענץ... וואָס איז בא אײַך פאר א יאָנטעוו, ביילע, וואָס איר קאָכט אזוי שפּעט?

ביילע. ווייסט זיי דער שווארצער יאָר! א סימכע פלוצים, פאר־שטערט זאָל איר ווערן! געקומען א כאָסן אָנקוקן אונדזער מאמזעלעכע. עפּעס איינער א שווארץ־יאָר מיט קנעפּלעך, ווייסט דער רוּעך דעם טאטן... אָט וועט ארײַנגיין פראדל, זי ווייסט... זיצט, רעב אלטער, זעצט זיך. טאָמער וועט איר טרינקען א גלעזל טיי? צי א גלעזל מילך? צי עפּשער ביידע זאכן אינאיינעם? און עפּשער גאָר צובײַסן, עפּעס נע־מען אין מויל ארײַן? (זי רוקט אים אונטער אלע גוטע זאכן).

רעב אלטער. א דאנק, לעמײַ זאָלט איר זיך מאטריעך זײַן, ביילעניו? איך בין גאָרניט אזוי שטארק הונגעריק. נאָר גאָרניט, אויך די אייגענע מײַסע, ווי זאָגט ער: אז אײַך איז ליב, איז מיר ניכע... (עסט). איז בא אײַך, הייסט דאָס, הײַנט א שטיקל יאָנטעוו? מאכטייסע, לאָז

זיי גאָט העלפֿן, וואָס האָב איך צו זיי? איי, איך לייז בא זיי קיין געלט ניט? געמיי ס׳איז דאָ, קיין איינהאָרע, אסאך אזעלכע סטיקראטן[1], וואָס איך לייז בא זיי קיין געלט ניט? אָט, אשטייגער, כאַפּט אָן אייער מאַדאַמשע... זי פֿלעגט מיר אמאָל געבן צו לייזן פֿאַר ביכלעך גאָר אסאך געלט. נאָר פֿון א צייט, אז זי האָט אופגעהערט צו פֿאַרשטיין זשאַרגאָן. פֿון זינט זי איז געקומען פֿון אויסלאַנד, האָט זי פֿאַרגעסן אונדזער לאָשן, גלייך ווי זי האָט שוין פֿערציק יאָר ניט געהאָרכט קיין יידיש וואָרט... אָט דאָס אויסלאַנד, הערט איר, איז פֿאַר אונדזער פֿאַרנאָסע אן אומגליק!

ב ײ ל ע. ווו האָבן זיי צייט צו לייענען ביכלעך, אז טאָג ווי נאכט ווייקט מען זיך אין די קאָרטן? קומט אפדערנאכט, קלויבט מען זיך צונויף אלע: פֿײַנקוגל און כינקיס און שמרודל און בײגעל־מאַן און קנאַקניסל, און מע קלאַפּט אין „סטוקעלקע", קלאַפּן און סטוקען זאָל זיי אין קאָפּ, ריבוינעשעלוילעמ! איך דאַרף שטיין באַם אויוון: קאָך זיי, בראָט זיי, בראָטן און ברענען זאָל זיי אפּן האַרצן!.. עפּשער וועט איר נעמען, רעב אלטער, א גלעזעלע בראָנפֿן, ס׳איז געבליבן פֿון נעכטן? (זי בייגט זיך אָן, נעמט ארויס, גיסט אים אָן א גלעזל. ער פֿאַרזוכט).

ר ע ב א ל ט ע ר. א דאנק, לעמיי זאָלט איר זיך מאטריעך זיין? (ער קערט איבער דאָס גלעזל). הערט איר, ביילע, ס׳איז גאָרניט קיין שלעכט ביסל בראָנפֿן, ווי איר זעט מיך לעבן! (זי גיסט אים אָן נאָך א גלעזל). א דאנק, לעמיי זאָלט איר זיך מאטריעך זיין?.. ס׳איז ביטערע צייטן, זאָג איך אייך, עך־עך־עך!... אמאָל פֿלעגט מיר אָנקומען א גאנצער טראַנספּאָרט מיט ראָמאַנען פֿון דער ווילנע, פֿלעג איך זיי פֿאַרצוקערן. און היינט, ווייסט דאָס דער גוטער יאָר, פֿון זינט די ציאָניסטן האָבן אָנגעהויבן ארויסגעבן זייערע ביכלעך, איז מיין פֿאַרנאָסע שטאַרק געשלאָגן... נא דיר ציאָניסטן!.. ננגע!

ב ײ ל ע. ציבעליסטן? וואָס איז דאָס, רעב אלטער, פֿאַר אן אָנשיקעניש אזעלכעס?

ר ע ב א ל ט ע ר. ציאָניסטן — דאָס זענען די ציאָניסטן, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיטן ציאָניזם... זיי ווילן, פֿאַרשטייט איר מיך, מיר זאָלן אלע פֿאָרן קיין פּעליסטינע ווילן זיי...

ב ײ ל ע (שאָקלט מיטן קאָפּ). נא דיר נאָך, טאָמער איז קאַרג!... אָט האָסטו דיר א בלעסטערינע אפֿ זייערע קעפּ, פֿאַרכאַפּט זאָלן זיי ווערן!...

ר ע ב א ל ט ע ר (שלאָגט איר איבער). שא, גאָט איז מיט אייך, ביילע, פֿאַרוואָס שעלט איר זיי? אדעראבע, זיי מיינען אונדזער טויווע טאקע...

פארקערט, סע קומט זיי נאָך אדאנק, זיי ווילנ העלפנ די אָרעמע לײַט... דאָס פאָלק, פארשטייט איר מיכ... דיזנ, דאזנ, דאָס אונ יענצ...

ב ײ ל ע. הערסט? וואָס־זשע שווײַגט איר? וויבאלד אזוי, לאָז זיי גאָט געבנ געזונט אונ אלדאָס גוטס. אפ קיינ שלעכט אָרט זאָלנ זיי ניט שטיינ... לאָזנ מײַנע באלעבאטימ זײַנ פאר זיי די קאפּאָרע!...

ר ע ב א ל ט ע ר. לאָז גאָט היטנ! וואָס האָב איכ צו זיי? אָט, לעמאָשל, האָב איכ באקומענ א פריש פּעקל סכוירע, ראָמאנענ, אזש פונ אמעריקע, פרישע, צאפּלדיקע, נאָר־וואָס פונ דער נאָדל ארויס. איכ זאָג אײַכ, פונ די אנטיקנ! קאפּריסינ[2])! זעמלמעל!...

ב ײ ל ע (שלעפּט ארויס א פלעשל פונ אונטערנ בעט אונ גיסט אימ אָנ א גלעזל ווײַנ). אנו, רעב אלטער, פארזוכט, זײַט מויכל, פונעמ דאָזיקנ ווײַנ. געבליבנ בא זיי נעכטנ פונעמ טיש...

ר ע ב א ל ט ע ר. א דאנק, לעמײַ זאָלט איר זיכ מאטריעכ זײַנ? (פארזוכט אונ באלעקט זיכ). הערט איר, ביילעניו, איז דאָס א גלעזל מאשקע — פונ מאשקע־לאנד!... (טרינקט אונ באלעקט זיכ). זינט גאָט האנדלט מיט מאשקאָעס, האָט ער נאָכ אזא מאשקע ניט געהאט... (קוקט אינ גלעזל ארײַנ אונ שפּיגלט זיכ). ע, אפּאָנעמ, די נעגידימ ווייסנ טאקע וואָס גוט איז? הערט איר, די קאפּאָטע פארזעצנ—אונ א נאָגיד זאָל מענ זײַנ!... אז ס'איז יאָ אזוי, טאָ לאָמיר זײַנ געזונט! (קערט איבער דאָס גלעזל). הערט איר? דאָס איז ווײַנ! דאָס איז א מינ מאשקע, וואָס מע קאָנ עס אָנרופנ ווײַנ. עס האָט אינ זיכ אלע אָפּשניצלעכ פונ... פונ... א גלעזל ווײַנ (באלעקט זיכ). דיזנ, דאזנ, דאָס אונ יענצ...

ב ײ ל ע (גיסט אימ אָנ נאָכ א גלעזל). נישקאָשע, טרינקט נאָכ איינ גלעזל. זשאלעוועט ניט, פאראנ בא זיי אינ קעלער גענוג... זיי מעגנ דאָס אויסקרענקענ געזונטערהייט!

ר ע ב א ל ט ע ר (מיט א פריילעכ פּאָנעמ). לאָז גאָט היטנ! וואָס האָב איכ צו זיי? לאָזנ זיי טרינקענ. לאָזנ ייִדנ טרינקענ געזונטערהייט... א ייִד איז ניט קיינ גוי. א ייִד, אז ער נעמט אביסל מאשקע, איז גאָרנישט, מאכטייסע... ער טרינקט זיכ אויס א גלעזל, צוויי גלעזלעכ, צי אפילע דרײַ גלעזלעכ — אונ שא, שטיל, טשעפּעט ניט קיינ פליג אפ דער וואנט... שיקער? פע! שיקער קיינמאָל ניט! קיינמאָל ניט שיקער!...

ב ײ ל ע (דערגיסט אימ דאָס גלעזל). קיינמאָל ניט!

ר ע ב א ל ט ע ר. אקעגנ וואָס, הייסט דאָט, איז דאָס געקומענ צו רעד? יאָ, אקעגנ דעמ, וואָס איר זאָגט: מע האָרעוועט... מע האָרעוועט

איבערן קויעכ... אָט, לעמאָשל, כאפט אָן, צום בלײַשטיפט[3], א יונגע אלמאָנע, ווי איר זענט... וואָס? ווער? וועמען? גאָרנישט... דיזן, דאזן, דאָס און יענץ... הערט איר? איך וואָלט דאָס אײַך ניט געזאָגט, נאָר אונטער פיר אויגן זאָג איך אײַך... די מײַסע פון דער געשיכטע איז אזוי. ביז וואנעט איז דער שיר, פרעג איך אײַך, צו זײַן בא יענעם?... ווידער־אמאָל געקאָכט וועטשערע, און אָבעראמאָל וועטשערע... צײַט אמאָל אליין אן א י י ג ע נ ע וועטשערע, אן אייגן שטיקל אויוון. דיזן, דאזן, דאָס און יענץ... איר פארשטייט?

ב יי ל ע. יאָ, איר זענט אוואדע גערעכט, רעב אלטער. אן אייגענע פאָמוניצע איז אוואדע ליבער פון א פרעמדער שיסל. וואָס קומט אָבער ארויס? א וויסטע אלמאָנע. מה אנו, מה חיינו[4]?

ר ע ב א ל ט ע ר. אימקיין, איז וואָס? אן אלמאָנע איז דען קיין מענטש ניט? פארקערט, אן אלמאָנע איז נאָך, אדערבע, מער סכוירע... מיצאד ראכמאָנעס... (מאכט מיט די הענט). מיצאד דיזן, דאזן, דאָס און יענץ...

ב יי ל ע. ווייס איך וואָס? ווער וועט זיך קוואפּען אף מיר מיט סאכאקל צוויי הונדערט שמארדאָווענצעס? נישט מער זאָלן מײַנע באַ־לעבאטים פארמאָגן, ריבוינעשעלוילעם...

ר ע ב א ל ט ע ר (באָכערט זיך). ע, זאָגט דאָס נישט, ביילע לעבן!... וויאזוי מע וויל, לייענט מען דאָס בריוול. צוויי הונדערט קארבן איז הײַנטיקע יאָרן א קאפּיטאל, און צו אזא קאפּיטאל, ווען גאָט שיקט אײַך צו, קעדוימע לעמאָשל, א לײַטישן יונגנמאן, א מענטשן אן ערלעכן, א מענטשן מיט א געשעפטל אין דער האנט... א מענטשן, וואָס, פאר־שטייט איר מיך... (מאכט מיט די הענט). דיזן, דאזן, דאָס און יענץ...

ב יי ל ע. אשטייגער, קעדוימע לעמאָשל?...

ר ע ב א ל ט ע ר (באָכערט זיך). אשטייגער, קעדוימע לעמאָשל, איך זאָל אײַך אָנכאפּן, נאפּשיקלאד, אזא מין מענטשל, וואָס האָט א גע־שעפטל. נישט קיין גרויס געשעפט, נאָר אזוי, א פײַנס, א שטילס, א רויִקס... וואָס האנדלט מיט אזא מין סכוירע, וואָס מע גיט עס אף פראָקאט... אף איבערלייענען... נו, קעדוימע לעמאָשל, ביכער, ראָמאנען (מאכט מיט די הענט). דיזן, דאזן, דאָס און יענץ...

ב יי ל ע (פארטראכט, ווישט זיך די נאָז מיטן ארבל פון אונטן ארויף). איר רעדט עפּעס, רעב אלטער, אזעלכע ווערטער... פארשטעלט... איך קאָן ניט פאר־שטיין... טרינקט, איך בעט אײַך, קוקט ניט אף קאָוועד... מיר וועלן האָרעווען, און זיי וועלן פרעסן און זויפן? עסן זאָלן זיי ווערים! (גיסט אים אָן נאָך א גלעזל)

ר ע ב א ל ט ע ר. לאָז גאָט היטן! וואָס האָב איך צו זיי? (נעמט דאָס גלעזל). וואָס איר זאָגט, מע האָרעוועט. דערוף זענען מיר שוין געווינט. וואָס איז שײַעך? גאָט האָט אזוי באשאפן די וועלט, אז מיר דארפן האָרעווען, פארשווארצט ווערן, און זיי דארפן לעבן א גוטן טאָג, עסן און טרינקען, און דיזן, און דאזן, און דאָס, און יענץ... פארדריסן פארדריסט נאָר דאָס, וואָס ס'איז בא זיי ניט אָנגעלייגט אונדזער האָרעוואניע. לעמאָשל, אָט נעמט א פערד, לעהאוודל, האָרעוועט אויך איבערן קויעך. זעט־זשע אָבער, ווי מע קיצלט עס, מע גלעט עס, מע גיט דעם עסן, און טרינקען, און דיזן, און דאזן, און דאָס, און יענץ...

ב יי ל ע. איר רעדט עפּעס, רעב אלטער, טאָמיד אזוי מאָדנע... פארשטעלט...

ר ע ב א ל ט ע ר. ס'איז ניט מײַנע ווערטער. דאָס האָב איך אויסגע־לייענט פון א ביכל, פון די הײַנטיקע ביכלעך, וואָס זיי געבן ארויס, אָט די יימאכשמויניקעס, די צעצעליסטן...

ב יי ל ע. וואָעס? וואָס איז דאָס פאר א מאקע? א מאקע זאָל זיך זיי זעצן אפן שפּיץ נאָז!...

ר ע ב א ל ט ע ר. לאָז גאָט היטן! וואָס האָב איך צו זיי? פארשטייט איר מיך, דידאָזיקע—דאָס זענען אזעלכע מענטשן, פארשטייט איר מיך, וואָס קאטאָרי זיי נעמען זיך אָן, אדעראבע, די קריוודע פון די אָרעמע־לײַט, פון די ארבעטער, פאר מיר, און פאר אײַך, און פאר די אלע, וואָס פּלאָגן זיך און מוטשען זיך אף דער וועלט...

ב יי ל ע. הערסטו! וואָס־זשע שווײַגט איר? לאָזן מײַנע באלעבאטים אײַנעמען א מיסע־מעשונע פאר זייער מינדסטן נאָגל!

ר ע ב א ל ט ע ר. לאָז גאָט היטן! וואָס האָב איך צו זיי?

(עס עפנט זיך די טיר, עס קומט ארײַן כ א יִ ם ד ע ר מ ע ש ר ע ס. ביילע טוט זיך א וואָרף צום אויוון. רעב אלטער קוקט ארײַן אין א ביכל).

## דריטע סצענע

כ א יִ ם (דאָס קאפעלירושל אפ א זײַט). א גוטער נאָוונט זאָל זיך אין אײַך ארײַנכאפּן, ביילעניו! וואָס מאכט א ייִד, רעב אלטער? איר ווייסט? דאָס ביכל, וואָס איר האָט מיר געבראכט, איז אן אנטיק פון א ביכל! איך האָב דאָס נאָר גענומען לייענען, בין איך אנשלאָפן געוואָרן זיצנ־דיק אפן בענקל, ווי א געהארגעטער... (ער גיסט זיך אָן א גלעזל ווײַן). געניסט עפּעס, רעב כאיִם, פארוואָס זאָלט איר ניט געניסן? אזוי זאָגט מײַן מאדאם,

בעשאס זי איז מעכאבעד אירע געסט מיט ווערעמיקע ניסלעך... ווו איז ערגעץ פראדל? (ער וויל זיך אָנגיסן נאָך א גלעזל).

ב יי ל ע (גיט אים איבער די הענט). אוועק, דו מעשומעד, ניט פון דײַנעט־וועגן אָנגעגרייט!... דערצייל בעסער, וואָס ביסטו אזוי אויסגעפוצט? וואָס הערט זיך עפּעס בא אײַך? וואָס מאכן דײַנע באלעבאטים?

כ א ײ ם. מיט די זײַטן זאָלן זיי אײַך מאכן!.. מע זיצט ביידע אינ־דערהיים, ווי די טײַבעלעך, און מע זידלט זיך און מע שעלט זיך ביז הונדערט און צוואנציק יאָר... (ער שלעפּט פון קעשענקע ניסלעך. ווארפט אין מויל ארײַן און טוט א קנאק אלעמאָל מיט דער האנט איבער דער מאָרדע פון אונטן ארויף).

ב יי ל ע. וואָס איז די מײַסע?

כ א ײ ם (קנאקט ניסלעך). וואָס זאָל זײַן? גאָרניט. זי וויל קיין פאריזש. זאָגט ער: קיין בארלין. זאָגט זי: אין דער ערד. זאָגט ער: ביסט א בעהיימע. זאָגט זי: דו ביסט א באלעגאָלע. זאָגט ער: אבי ניט קיין שנײַדער... אפּאָנעם, טראכט איך מיר, זיי שטאמען ביידע פון גרויסע ייִכעס, גלײַך מיט דעם ייִכעס פון זייער מעכוטנ כינקיס. איר ווייסט, רעב אלטער, כינקיסעס ייִכעס?

ר ע ב א ל ט ע ר. דעהײַנע, קעדוימע לעמאָשל?

כ א ײ ם. דעהײַנע, קעדוימע לעמאָשל, איינ זיידנ האָט ער געהאט א פּאָטאָגראפ — ער פלעגט אראָפּנעמענ גרעט פונעמ בוידעמ. אונ דער אנדערער זיידע איז געווענ גובערנסקי רעוויזאָר איבער אלע שענקען... אָ! מע זאָל דערמאנענ מאָשיִעכנ!...

(עס קומט אָן פון שטוב פראדל).

## פערטע סצענע

פ ר א ד ל (זעט ניט כאַימען, זינגט א לידל).

זיץ איך מיר אפ א שטיין,
עס נעמט מיך אָן א גרויס געוויין:
אלע מיידלעך האָבן כאסענע,
נאָר איך איינע זיץ אליין!...

כ א ײ ם (ווישט זיך די אויגן קלוימערשט). זייער טראָווערדיק!

פ ר א ד ל (זעט אים ניט, זינגט און טאנצט אונטער).

אוי־ווײ, מאָרגנשטערן,
ווען וועל איך א קאלע ווערן?...

כ א ַ ם (פון דערווײַטן).

שטײן שטײ איך, שטײ איך בא דער טיר,
קוקן קוק איך מיט אײגעלעך אף דיר.
הארצעניו, ליובעניו, וואָס טוט זיך דאָס מיט דיר?
צײַט פון שאבעס אָן האָסט זיך ניט גע׳עגנ׳ מיט מיר!

פ ר א ד ל (זעט אים ניט).

קאָלזמאַנ איך בין א מײדל,
בין איך שײן און אײדל.
און ווײבאלד איך ווער א ווײַבל,
ווער איך שוין אן אָרעם טײַבל.
אוי־ווײ, מאָרגנשטערן,
ווען וועל איך א קאלע ווערן?

כ א ַ ם (גײט איר אקעגנ מיט אויסגעשטרעקטע הענט). הינײַני! איך בין אָנגעברײט! איך בין גרײט אפילע הײַנטיקן טאָג, נעשאָמע מײַנע! דאָס בין איך טאקע געקומען, איך זאָל מיט דיר אָפּרעדן, מײַן טײַער קאַנאריקל, אָפּשטעלן דאָס קנאסמאָל... א גוטן נאָוונט דיר, פראדל! וואָס מאכסטו, הארצ מײַנס, און ווי גײט דאָס דיר אינ געזונט, מײַן ענגעל און מײַן שאצ, דער גײַסט פון מײַן נעשאָמע, דאָס הארצ פון מײַנע אויגנ, ווי בא רעב אלטערנ אינ די ביכלעך שטײט געשריבן...

פ ר א ד ל. וואָס איז? וואָס ביסטו אזוי האָפּערדיק? קוקט אים אָן, ווי ער האָט זיך דאָס אביסל אויסגעסטראָצלט, דער שײנער מעכוטנ! גוט יאָנטעוו רוישכוידעש קלעמעניש!... גײסט מינעסטאמ פון צירק, אָדער געכאַפּט ערגעצ א קערטל?...

כ א ַ ם. ווי דען איז אנדערש, פײגעלע? א מענטש לעבט אײנ מאָל, ניט קײנ צוויי מאָל, ווי מײַן רעבע פלעגט זאָגנ, אז ער האָט ניט געהאַט אפ שאבעס און די רעבעצנ פלעגט אים באגראָבנ נײַען אײלן אינ דער ערד...

פ ר א ד ל. באגראָבנ זאָל מען דיך!

כ א ַ ם. אָמײנ, אלע ווײַבער! נארעלע, הײַנטיקס מאָל האָסטו דאַפקע ניט געטראָפנ: אינ צירק גײ איך ניט, און אינ קאָרטן שפּיל איך ניט,— ווײסטו פון ווען אָנ?

פ ר א ד ל. פון ווען אָנ?

כ א ַ ם. פון אײערנעכטן אָנ... איך האָב מיר געגעבן דאָס וואָרט, איך זאָל ניט שפּילן מער! איבער צוויי זאכנ: ערשטנס, האָב איך ניט

פאר וואָס. און אז מע האָט נישט קיין פינגער, זאָגט רעב אלטער, קאָן מען קיין פײַג ניט שטעלן. און וועהאשייניס, קלויב איך איצט א גראָשן צו א גראָשן. צוליב דער כאסנע, נעשאָמע מײַנע... מע זאָל זיך בא מיר אויסציִען פאר א גראָשן — געב איך ניט! עס ווילט זיך ניט שטארבן אין פרעמדע טאכריכים, ווי מײַן באבע אָלעהאשאָלעם פלעגט זאָגן, בעשאס מע האָט געבעטן בא איר א נעדאָווע...

פראדל. וואָס־זשע דען טוסטו גאנצע נעכט, אז די פאטערסט אָפּ אלע ארבעט אין שטוב?

כאיִם. וואָס איך טו? איך פארנעם זיך מיט בילדונג, טײַערע! מיט בילדונג! אָט לייען איך איצט א ביכל, זיס ווי אײַנגעמאכטס... רעב אלטער האָט דאָס מיר געבראכט... אוי, א ביכל! (ער קושט די פינגער). כ'בין א גאנצע נאכט ניט געשלאָפן. נאָר געלייענט, און געלייענט, און געלייענט — מעכײַע נעפאָשעס!

פראדל. עס קער שוין זײַן דאָס גוטע ביכל, אז ס'איז ארײַן צו דיר אין די הענט ארײַן... וואָס איז דאָס, א ראָמאנס?

כאיִם. נאָך א מין ראָמאנס! אין זעקס טיילן, מיט א נעקר אָלאָג.

רעב אלטער. עפּילאָג.

כאיִם. מיין איך — עמפּילאָג.

פראדל. וויאַזוי רופט זיך עס?

כאיִם (טוט זיך א פאטש אין שטערן). סע רופט זיך אָן מיט אזא לאנגן נאָמען, אז ס'איז שווער צו געדענקען אויסוויינויק... רעב אלטער סערדצע! וויאַזוי הייסט עס בא אײַך!

רעב אלטער. ווער?

כאיִם. אָט א יענץ ביכל, וואָס איר האָט מיר געבראכט אנומלטן צו טראָגן?

רעב אלטער. א? דאָס ביכל, וואָס איך האָב דיר איבערגעלאָזט? שוין איינמאָל א ביכל! אנטיק שעבאנטיק! פרימא! מע רײַסט דאָס בא מיר פון די הענט! עס הייסט מיטן נאָמען: „דער ווילדער נעגער אין רויטן גארטל מיט צען אָנגעלאָדענע פּיסטאָלעטן און מיט זעקס פאר־שאָלטענע דאמען אין טויבנגעשטאלט, אָדער דער רינג פון שלוימע האמיילעך. א העכסט־אינטערעסאנטער ראָמאן אין זעקס טייל מיט אן עפּילאָג און מיט א ליד צום געזאנג, פארפאסט פון ייִצכאָק שלוימע עסיקטרײַבער אף דעם ארט פון שאָמער".

בײלע. } (א פליעסק מיט די הענט). א דונער האָט מיך ניט דער־
פראדל. } שלאָגן! וואָס פאר א לאנגער נאָמען!

כאַיִם. שרעקט זיך ניט, ס'איז בא זײ פאראן נאָך לענגערע, און אלע עפּעס אזעלכע מאָדנע קאָפּלשמוינעדיקע[5]) נעמען, צום בײַשפּיל: „דער געפאנגענער קעניג באַם פארגליווערטן יאַם אין דער וויסטעניש, אָדער די צעשפּאלטענע ליפּ"... „דער שווארצער ציגײַנער מיט די זילבערנע קנעפּ אין רײַטוואָגן, אָדער די גלעזערנע קאטשלקע אַפ פּייסעך"... „די געשוואָלענע מויד פון איר אײנציקן כאָסן, אָדער דער רויטער מאַמזער, פארכאַפּט זאָל ער ווערן!"...

בײלע. } פארכאַפּט מעגסטו שוין ווערן פאר אלע ייִדן, ריבוינע־
פראדל. } שעלוילעם!

כאַיִם. אָמײן, אלע ווײַבער! האקיצער, ס'איז א ביכל, זאָג איך דיר, הערסטו, פראדל, די פינגער צו קושן!

פראדל. וואָס־זשע באשרײַבט זיך דאָרטן אין ביכל? ביסט ניט קראנק צו דערציילן!

כאַיִם. דאָרטן באשרײַבט זיך... ס'איז שווער צו געדענקען אַפּ אויסווייניק... עפּעס וויִאזוי א פײַנער באָכער פון א יאָר עטלעכע און צוואנציק...

רעב אלטער. אכצן.

כאַיִם. ראָמאנסירט מיט א מיידל פון א יאָר נײַנעצן...

רעב אלטער. זיבעצן.

כאַיִם. א שיין מיידל, אן עפּעלע, מיט קיין־גריבעלעך אין די בעקלעך, א בלאָנדינקע מיט שווארצע האָר...

רעב אלטער. מיט בלאָנדע האָר.

כאַיִם. מיין איך, א בראָנעטקע מיט בלאָנדע האָר...

פראדל. וויִאזוי הייסט זי?

כאַיִם. וויִאזוי הייסט זי? נאָר־וואָס ארויסגעפלויגן פונעם קאָפּ... זי ליגט מיר אַפּן צונג... וויִאזוי הייסט זי, רעב אלטער?

רעב אלטער. ווער?

כאַיִם. אָט יענץ מיידל, וואָס בא מיר אין ביכל?

רעב אלטער. סעראפימא.

כאַיִם. יאָ, יאָ, איך האָב טאקע געוואָלט זאָגן אזוי... עס באשרײַבט זיך דאָרט, וויִאזוי דער באָכער פארליבט זיך אינעם מיידל... דאָס מיידל פארליבט זיך אינעם באָכער... דער באָכער וויל כאַסענע האָבן פארן מיידל... דאָס מיידל וויל כאַסענע האָבן פארן באָכער... ווילן זײ, הייסט עס,

ביידע... טרעפט זיך איינמאָל אַ מייַסע, דער באָכער באַגעגנט זיך מיטן מיידל ערגעצ אין אַן אָרט — דאַכט זיך, אַז אין קיך?... איאָ, רעב אלטער?

ר ע ב א ל ט ע ר. הא? וואָס?

כ א י ם. ווו באַגעגנט ער זיך דאָרטן אין אייַער ביכל, יענער באָכער מיט דער מויד? איאָ, אין קיך?

ר ע ב א ל ט ע ר. אין פאַריזש אין די בעדער... באַם גראַפס פאַ־ליס אין פּאַלאַץ... אין אַ גאָרטן פון לימענעס מיט פּאָמעראַנצן.

כ א י ם. אַזוי גאָר? בעקיצער, איז זיך מעיאַשעוו ער, מייַן באָכער, הייסט דאָס, און איז גיט פּויל אַפ דער פּענ און כאַפּט זי אַרום אָט אַזוי! (ווילן אַרומנעמען פּראַדלען).

פ ר א ד ל. אַוועק, דו שאַרלאַטאַן!...

ר ע ב א ל ט ע ר. ניין, כאַסוועשאָלעם, ניט אַזוי!.. פריִער פאַלט ער איר צו די פיס...

כ א י ם. איך האָב דיר נאָר געוואָלט וויַיזן, וויאַזוי דער באָכער נעמט אַרום דאָס מיידל דאָרט אין ביכל...

פ ר א ד ל. ווער די קאַפּאָרע!... געקומען אַפן גרייטן... גיי זע באַ לייַטן, ווי סע פירט זיך... אָט איז געקומען צו אונדזער באַרישניע אַ כאָסן אַזש פון אַלדי שוואַרצע יאָר... פאַרשפּאַרט זיך מיט איר אין איין ביידער פון אינדערפרי אָן...

כ א י ם. פון אינדערפרי אָן? טאַטעניו! וואָס אַזוי לאַנג? וואָס טוען זיי דאָרטן, קעצעלע מייַנס?

פ ר א ד ל. איך זאָל אַזוי וויסן פון דיר! איין וואָרט האָב איך גע־כאַפּט, בעשאַס איך האָב זיי אַהין דערלאַנגט טיי...

כ א י ם. וואָס פאַר אַ וואָרט?

פ ר א ד ל. אַז איך וועל דיר זאָגן, וועסטו באַלד וויסן! „זשיוואָפּרי"...

כ א י ם. זשיוואָפּרי? אַהאַ, איך וויס שוין! אַפּ אונדזער לאָשן איז דאָס אַלצייַנס, ווי מע זאָל זאָגן: „סע ברענט מיך אַ טרונק"... איאָ, רעב אַלטער, אַ טרונק?

ר ע ב א ל ט ע ר (באַלעקט זיך). וואָס זאָגט איר, אַ טרונק? אַ ייִד איז ניט קיין טרינקער... מאַכטייסע, אַ ייִד נעמט אַמאָל אַביסל בראָנפן...

כ א י ם. גוט מאָרגן, געלע, רעטעכ טראָג איך! מע רעדט דאָ פון פּראַנצויז, קומט איר מיט אַביסל בראָנפן...

(עס הערט זיך אַ קאָל פון שטוב: „פּראַני, פּראַדל! וואָס קרענקסטו דאָרט אין קיך, דו מויד?"...).

**פראדל.** קרענקען זאָלט איר פאַר אלע ייִדן! איך גיי, איך גיי! ווי געפעלט אײַך, ווי זי קוויטשעט! איך וואש דאָס געפעס! אָט גיי איך! גיין זאָל זי אפּ קולעס!...

**כאַיִם.** אָמיין, אלע ווײַבער!

(פראדל לויפט ארויס פון קיך. עס לויפן ארײַן מישע און מאשע).

## פינפטע סצענע

**מישע און מאשע.** (שלעפּן לעקעך פון די קעשענעס, קנאקן ניסלעך, קיקן זיך ארום אפּ אלע זײַטן). סמאָטרי, ביילע, זאָג ניט אויס, באָזשע סאָכראַני!..

**ביילע.** א מאקע דער מאמען! איר זענט נעבעך הונגעריק, טײַ־בעלעך?... עסט געזונטערהייט, עסט, פייגעלעך!... וואָס הערט זיך עפּעס אין שטוב, קינדערלעך?

**מישע און מאשע.** גאָרניט... דער פּאפּא און די מאמא שפּילן אין קאָרטן... דער דיאדיא קושט די שוועסטער... יעי באָגו...

**כאַיִם.** טאקע? אנו, ווײַזט, וויאַזוי קושט ער זי, קעצעלעך?

**מישע און מאשע.** וואָט קאַק! (זיי קושן זיך אין די פּיסקלעך און לאַכן).

**כאַיִם** (פּאטשט זיי אין די פּלייצעס). בראוואָ! בראוואָ! מאָלאָדצי רעבי־יאטא! אָט וואָס הייסט גוט דערצויגענע קינדער! איר זאָלט זײַן ערלעכע קינ־דער, וואָלט איר אוועקגעלאָכנט פונעם טיש עפּעס גוטע זאכן פון אונדזערט־וועגן: טאָרט, ניסלעך, עפּל, בארן, מאראנצן, אײַנגעמאכטס... נישקאָשע, קיינער וועט ניט וויסן... צווישן דער מישפּאָכע וועט דאָס בלײַבן...

(מישע און מאשע לאָזן זיך גיין. פראדל קומט אָן מיט א גראפין נאָך וואסער).

## זעקסטע סצענע

**פראדל.** ברענען זאָלן זיי אפּן פײַער!...

**כאַיִם.** אָמיין, אלע ווײַבער!

**פראדל.** דאָ האָט זי געשריגן „מויד", און דאָרט, פאַר פרעמדע מענטשן, איז זי זיס, ווי צוקערלעקעך. „בּרענג, זאָגט זי, דושעטשקע, א גלאָז וואסער פאַר דער מאדאם לאָקשנקוגל"...

**ביילע.** וואָס מאכן עפּעס כאָסן־קאַלע?

**פראדל.** קיין גוטס זאָלן זיי אײַך־ניט האָבן.

**כאַיִם.** אָמיין, אלע ווײַבער!

פ ר א ד ל. די שיינע קאלע האָט מוירע, טאָמער גיט א קוק אפ מיר דער כאָסן, האלט זי אים פארשפארט... נישקאָשע, ער וועט פונ איר האָבנ א וויסטנ סאָף. ס'איז א וויל קאלעכנ, זי וועט אים, אימירצעשעם, אויסדראפענ די אויגנ...

כ א י ִ מ. א מיצווע, לאָז זיכ אים ניט גלוסטנ, ווי מײַנ עלטערע שוועסטער פלעגט זאָגנ, בעשאס איכ האָב מיכ געוואָרגנ מיט אביינדל... אפאָנעם, עס וועט זײַנ טאקע הײַנט א מאזלטאָוו?... אסיס, רעב אלטער, בעעמעס גענאָסנ! טוט אים א צי, ביילע, באם לינקנ אויער אונ זאָגט „לישועתך קויִתי"[6]...

ר ע ב א ל ט ע ר (האָט ביז אהער געכאפט א דרימל, געפײַפט מיט דער נאָז. כאפט זיכ אופ). א דאנק! לעמײַ זאָלט איר זיכ מאטריִעכ זײַנ? איכ בינ א ווינציקער טרינקער... א ייִד טרינקט נישט... א ייִד איז גאָר קיינ טרינקער נישט... די צי־צי־ציִאָ־ניסטנ זענענ זייער גערעכט... זיי זאָגנ, אז א ייִד... א ייִד ליגט אינ דער ערד, נײַענ איילנ אינ דער ערד... א ייִד איז נעבעכ טאָ־טאָמיד פארשמאכט, פאריאָמערט... (ער זינגט מיט אנ אומעטיקנ קאָל).

פאריאָמערט, פארקלאָאָגט,
פונ זײַנעם פאריאָאָגט...

כ א י ִ מ. אָהאָ! רעב אלטער איז דאָכ טאקע רעכט אונטערנ גלעזל, כלעבנ! בעגילופנ!... געמאכט, אפאָנעם, א רעכטע קויסע?

ב ײ ל ע. ניט מיינ זאָלסטו עסנ, וויפל זיי האָבנ געטרונקענ!

כ א י ִ מ. אָמיינ, אלע ווײַבער!... ווייסט איר וואָס, רעב אלטער? אז איר זינגט שוינ יאָ, טאָ זינגט אונדז עפעס א לידל פונ די לידלעכ! איר זענט דאָכ א ייִד, וואָס קאטאָרי, איר האנדלט מיט ביכלעכ אונ מיט לידלעכ.

ר ע ב א ל ט ע ר. וועסט מיר העלפנ? איר וועט מיר העלפנ? וועל איכ אײַכ זינגענ א לידל, וואָס איז טאקע אָנגעמאָסטנ אפ מיר אליינ.

א ל ע ד ר ײַ. אָכ! מאכטייסע, מיטנ גרעסטנ פארגעניגנ! (גרייטנ זיכ צו אים מיטהעלפנ).

ר ע ב א ל ט ע ר (זינגט).

צענ ברידער זענענ מיר געווע־ע־זנ,
האָבנ מיר געהאנדלט מיט ווײַנ;
איינער איז פונ אונדז געשטאָרבנ,
זענענ מיר געבליבנ נײַענ.
אוי, שמערל מיטנ פי־ע־עדל,

בערל מיטן באס!
שפּילט־זשע מיר אַ לי־ע־עדל
אפן מיטן גאס!

**אלע אינײנעם.**

אוי, שמערל מיטן פי־ע־עדל,
בערל מיטן באס!
שפּילט־זשע מיר אַ לי־ע־עדל
אפן מיטן גאס!

**דער אלטער.**

נײַען ברידער זענען מיר געווע־ע־עזן,
האָבן מיר געהאנדלט מיט פראַכט;
איינער איז פון אונדז געשטאָרבן,
זענען מיר געבליבן אַכט.

**אלע.**

אוי, שמערל מיטן פי־ע־עדל,
בערל מיטן באס!
שפּילט־זשע מיר אַ לי־ע־עדל
אפן מיטן גאס!

**דער אלטער.**

אַכט ברידער זענען מיר געווע־ע־עזן,
האָבן מיר געהאנדלט מיט ריבן;
איינער איז פון אונדז געשטאָרבן,
זענען מיר געבליבן זיבן.

**אלע.**

אוי, שמערל מיטן פי־ע־עדל,
בערל מיטן באס!
שפּילט־זשע מיר אַ לי־ע־עדל
אפן מיטן גאס!

**דער אלטער.**

זיבן ברידער זענען מיר געווע־ע־עזן,
האָבן מיר געהאנדלט מיט געבעקס;
איינער איז פון אונדז געשטאָרבן,
זענען מיר געבליבן זעקס.

אלע.
אוי, שמערל מיטן פי־ע־עדל,
בערל מיטן באַס!
שפּילט־זשע מיר אַ לי־ע־עדל
אויפֿן מיטן גאַס!

רעב אלטער.
זעקס ברידער זענען מיר געווע־ע־זן,
האָבן מיר געהאַנדלט מיט שטרימפּ[7];
איינער איז פֿון אונדז געשטאָרבן,
זענען מיר געבליבן פֿינף.

אלע.
אוי, שמערל מיטן פי־ע־עדל,
בערל מיטן באַס!
שפּילט־זשע מיר אַ לי־ע־עדל
אויפֿן מיטן גאַס!

רעב אלטער.
פֿינף ברידער זענען מיר געווע־ע־זן,
האָבן מיר געהאַנדלט מיט ביר;
איינער איז פֿון אונדז געשטאָרבן,
זענען מיר געבליבן פֿיר.

אלע.
אוי, שמערל מיטן פי־ע־עדל,
בערל מיטן באַס!
שפּילט־זשע מיר אַ לי־ע־עדל
אויפֿן מיטן גאַס!

רעב אלטער.
פֿיר ברידער זענען מיר געווע־ע־זן,
האָבן מיר געהאַנדלט מיט בלײַ;
איינער איז פֿון אונדז געשטאָרבן,
זענען מיר געבליבן דרײַ.

אלע.
אוי, שמערל מיטן פי־ע־עדל,
בערל מיטן באַס!

שפּילט־זשע מיר א לי־ע־עדל
אפֿן מיטן גאס!

רעב אלטער.

דרײַ ברידער זענען מיר געווע־ע־עזן,
האָבן מיר געהאנדלט מיט טיי;
איינער איז פֿון אונדז געשטאָרבן,
זענען מיר געבליבן צוויי.

אלע.

אוי, שמערל מיטן פֿי־ע־עדל,
בערל מיטן באס!
שפּילט־זשע מיר א לי־ע־עדל
אפֿן מיטן גאס!

רעב אלטער.

צוויי ברידער זענען מיר געווע־ע־עזן,
האָבן מיר געהאנדלט מיט ביינער;
איינער איז פֿון אונדז געשטאָרבן,
בין איך געבליבן איינער.

אלע.

אוי, שמערל מיטן פֿי־ע־עדל,
בערל מיטן באס!
שפּילט־זשע מיר א לי־ע־עדל
אפֿן מיטן גאס!

כאַיִם (אליין).

איין ברודער זענען מיר געווע־ע־עזן,
האָבן מיר געהאנדלט מיט ספּאָרימ;
איינער איז פֿון אונדז געשטאָרבן,
האָבן מיר געטרונקען א גלעזל מאשקע... (ניסט).
אוי, שמערל!...

אלע. א שיינער גראם!

כאַיִם. וועלן מיר נעמען צו ביסלעך מאשקע אָן א גראם. לעכאַיִם, רעב אלטער! לאָמיר זײַן געזונט!

רעב אלטער (טרינקט). לאָמיר טאקע זײַן געזונט!

(עס לויפֿן ארײַן מישע און מאשע מיט פֿולע קעשענעס).

## זיבעטע סצענע

מישע און מאשע. גיי, פראדל, די מאמע רופט!
(פראדל כאפט דעם גראפין מיט וואסער און לויפט אין שטוב אריין).

כאים. אנו, וויַיזט, וואָס האָט איר געבראכט?

מישע און מאשע (ליידיקן אויס די קעשענעס). איזוואָלטיע וואס עפל, גרושי, אפעלסינעס, לאָווקאַ סטאשטשילי, יעי באָגו...

כאים (קושט די קינדער). בראוואָ! בראוואָ! מאָלאָדצי רעביאטא! אָט וואָס הייסט גוטע קינדער, געראָטענע, צו גאָט און צו לײַט! אָט וואָס הייסט פון קינדוויַיז אוף גוט געלערנט!... (ער גיסט אָן רעב אלטערן א גלעזל וויַין און זיך אויך). טרינקט, רעב אלטער, און פארבייַסט. לאָז איך וויל באקומען, ווי אין דער הייליקער האגאָדע שטייט געשריבן. טרינקט און עסט, רעב אלטער, מע וועט בעמיילע שטארבן, ווי מייַנער א באַ־קאַנטער באלעגאָלע פלעגט זאָגן, אז מע האָט דערלאנגט צום טיש א שיסל קארטאָפליעס און סע האָט געזעצט א פארע, ווי אין באָד.

רעב אלטער. הא? און עפשער זענט איר טאקע גערעכט. לאָמיר טאקע נעמען צו קאפלעך... לעכאים, לעכאים. גאָט זאָל געבן, יידן זאָלן זייַן יידן. וואָרעם א ייד איז גאָר אן אנדער מין באשעפע־ניש... א ייד טרינקט ניט קיין בראָנפן, פע!... א ייד טרינקט וויַין... אלע מאָל ווייַן... סע קומט פּייסעך צום סיידער, טרינקט ער וויַין... און וויפל ער זאָל ניט טרינקען, איז ער טאָמיד ניכטער... (פריילעך). קיינמאָל ניט שיקער!... איאָ, כאימונקעלע? קיינמאָל ניט שי־שיקער!...

כאים. כאס־ווערכאָלילע! וואָס הייסט, א ייד גאָר וועט זייַן שיקער? דערפאר דארף מען טאקע נעמען נאָכאמאָל צו קאפלעך.
(ער גיסט אָן נאָכאמאָל, קושט זיך מיט רעב אלטערן, נעמט די קינדער און גייט מיט זיי א טענצל).

רעב אלטער. (פליעסקעט צו און זינגט).

וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער יידן זענען מיר.
וואָס מיר טוען טוען מיר,
אָבער עסרעג בענטשן מיר!
וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער יידן זענען מיר.
וואָס מיר טוען טוען מיר,
אָבער געמאָרע לערנען מיר!

וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער יידן זענען מיר.
וואָס מיר טוען טוען מיר,
אָבער דאַוונען דאַוונען מיר!
וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער יידן זענען מיר.
וואָס מיר טוען טוען מיר,
אָבער זמירעס זינגען מיר!
וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער יידן זענען מיר.
וואָס מיר טוען טוען מיר,
אָבער קאַפּאָרעס שלאָגן מיר!
וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער יידן זענען מיר.
וואָס מיר טוען טוען מיר,
אָבער שאַבּעס מאַכן מיר!

(עס קומט אָן פראדל און בלייבט דערשטוינט).

## אכטע סצענע

פראדל (פאלט אָן אם כאַימען). צי דו ביסט מעשוגע? צי דו ביסט כאָסערדייע?... פלוצים אינמיטן דרינען טאַנצן?... (צו די קינדער). גייט, די מאַמע רופט אייַך. איר וועט שוין דאָרטן האָבן פאַר די מאַראַנצן!.. (די קינדער גייען אַוועק). און איר אויך, רעב אלטער?... פע, שעמען מעגט איר זיך. אזא ייד, קיין אייַנהאָרע!

רעב אלטער (פלאָנטעט מיט דער צונג). א ייד?... א ייד איז ניט קיין גוי... א ייד זאָל טאַקע זיין טאָמיד געזונט און מאַריך יאָמים ווענאָשים זיין [8]). וואָרעם א ייד, וויפל ער זאָל ניט טרינקען, איז ער קיינמאָל ניט ש־שיקער... (גיסט אָן א קוסע).

פראדל. וואָס סע האָט זיך מיר געכאָלעמט הייַנטיקע נאַכט און יענע נאַכט און א גאַנץ יאָר!... דאָרט זיין שטוב איז א מאַזלטאָוו, דעריבער באַדאַרפן זיי דאָ זשליאָקען ווייַן!... ביילע!

ביילע. זיי האָבן גאָר אַזויפיל ניט געטרונקען. זע נאָר! גענומען צו די ליפן...

כ א ַי ם. גענומען צו די ליפּן און טאקע באלד אראָפּגעשלונגען... הערט־זשע אויס, רעב אלטער. אז מיר האָבן יאָ דערלעבט א מאזלטאָוו, טאָ לאָמיר טאקע נעמען צו ביסלעך ווײַן און טרינקען לעכאַים פאר אונדז אליין און פאר אונדזערע אייגענע קאלעס, און לאָמיר זיך צו־ווינטשן איינס דאָס אנדערע, סע זאָל זײַן מיט מאזל. מאזלטאָוו דיר, פראדל, מײַן טײַערע קאלע, מײַן ליכטיקער שטערן, מײַן קרוין, מײַן שפּילפייגעלע! געב מיר אהער דײַן זיס הענטל און זאָג מיר צו, אז דו וועסט מיר זײַן געטרײַ!... (וויל זי ארומנעמען).

פ ר א ד ל (שטופּט אים אָפּ). אלע בייזע, וויסטע כאלומעס! אפּאָנעם, דו ביסט שיקער?...

כ א ַי ם. שיקער! כאס־וועכאָלילע! ווי קומט א ייִד זײַן שיקער? וואָס זאָגט איר, רעב אלטער? קאָן א ייִד זײַן שיקער?

ר ע ב א ל ט ע ר (שמייכלט און באלעקט זיך). א ייִד איז קיי־קיינמאָל ניט שי־שיקער! א ייִד איז א ייִד און דיזן, דאזן, דאָס און יענץ...

כ א ַי ם (וויל ארומנעמען פראדלען). עפּשער געפעלט דיר ניט, קאנאריקל, דער ייִכעס, וואָס איך בין א מעשאָרעס?... נארעלע, מעשאָרסים פירן הײַנט דאָס גאנצע רעדל... קארג פאראן בא אונדז באלעבאטים, וואָס זענען געווען אמאָל מעשאָרסים? און מײַן באלעבאָס אליין, זאָל דיר צו קיין כארפּע ניט זײַן, איז ניט געווען קיין מעשאָרעס... אביסל גנייווע, אביסל האצלאָכע — אכוצ זײַן שאָדן אפּ מיר געזאָגט געוואָרן אין צען יאָר ארום!... צי, אשטייגער, לעמאָשל, נעם דײַן מאדאם — ניט געווען פריִער אן אם?... הײַנט דאָקטערט זי זיך שוין און פאָרט אין די בעדער ארײַן... נארעלע, וועסט, אימירצעשעם, אויך זײַן א מאדאם אמאָל, וועסטו זיך אויך, מיט גאָטס הילף, דאָקטערן. זײַ זיכער...

פ ר א ד ל (שטויסט אים אָפּ). בײַס זיך אָפּ די צונג!...

כ א ַי ם. אָמיין, אלע ווײַבער! פאָלג מיך, קעצעלע מײַנס, לאָמיר ברעכן טעלער. מאזלטאָוו!... ביילע! רעב אלטער! זאָגט אונדז מאזלטאָוו! (שלעפּט ארויס פון קעשענע א גאָלדענע קייט און טוט אָן פראדלען אפּן האלדז). אזוי ווי דו ביסט איצטערט מײַן קאלע, שענק איך דיר א מאטאָנע. ס׳ליגט בא מיר אָנגעגרייט שוין פון צוויי וואָכן. (ער נעמט ארום פראדלען און טוט זי א קוש. זי שטופּט אים קלומערשט אָפּ).

ב ײ ל ע. מאזלטאָוו דיר, פראדל, פארנוצ געזונט. וואָס זאָגט איר דערויף, רעב אלטער? (זי ווײַזט אים אפּ פראדלס מאטאָנע).

ר ע ב א ל ט ע ר. וואָס זאָל איך זאָגן? איך זאָג, אז א ייִד... א ייִד

זאָל מאריך יאָמים ווענאָשים זײַן... א ייִד עסט און טרינקט — און גאָר... גאָרניט... שא, שטיל... פיש־פיש־פישטשעט ווי א פייגעלע... דיזן, דאזן, דאָס און יענץ. (ער שטייט אוף און פאלט פון די פיס). א ייִד, אפילע אז ער טרינקט, איז ער טאָ־טאָמיד ניכטער... פלאָנטעט ניט מיט דער צונג... פאלט ניט פון די פיס... גייט גלײַך, ווי א סטרונקעלע... טוט זיך נישט א בויג נישט אהער... נישט אהין... איז בֿא אלע געדאנקען... וואָרעם א ייִד... וויפל ער זאָל ניט טרינקען קיין ווײַן, איז ער קיי־קיינמאָל ניט, אָבער טאקע קיינמאָל ניט ש־ש־שי... אוי, א ייִד האָט א פינצטער מאזל... זיי זענען גערעכט, די צי־צי־ציִאָניסטן, אז דאָס פאָלק... אז א ייִד איז טאָ־טאָמיד אין דער ערד... טאָ־טאָמיד פאריאָמערט, פארכוי־שעכט, פארוואָגלט... (זינגט אונטער דער נאָז).

פאריאָ־וואָ־מערט, פאר־קלאָ־וואָ־אָגט,
פון זא־ווײַ־נעם פאר־יאָ־וואָ־אָגט,
פון גאָ־וואָט דאָס פאר־שאָלטענע קינד...
(אויסגעצויגן)
אוי־אוי־אוי־אוי!
אוי־אוי־אוי־אוי!...

כאַיִם (נעמט רעב אלטערן פאר א האנט). וואָס טויג אײַך, רעב אלטער, זײַן „פאריאָ־וואָמערט און פארקלאָ־וואָגט"? לאָזן בעסער אונדזערע סאָנים יאָמערן און קלאָגן אף זייערע קעפּ! איר פאָלגט מיך, רעב אלטער, גיסט אײַך בעסער אָן א פרישע קויסע, און טרינקט לעכאיִם צו אײַער ביילען... לאָז זײַן אין א גוטער שאָ, א מאזלדיקער, איר זאָלט זיך מיט איר עלטערן אין אוישער און אין קאָוועד... איך ווייס דאָך, אז איר פאדקעוועט ארום איר שוין פון א האלב יאָר... א וועלט שלאָפּט ניט... וואָס מאכט איר אָנשטעלן, ביילע, וואָס ברעקלט איר זיך? לאָמיך האָבן אזא יאָר, וואָס פאר א זיווּעג [9] דאָס איז, ווי מײַן רעבעצן פלעגט זאָגן אף איר שאָכן, בעשאס ער פלעגט זיך צעפּאטשן מיט זײַן פלוינעססטע... א זיווּעג, זאָג איך אײַך!

רעבֿ אלטער. א זיווּעג מין האשאָמאיִם... [10] לעכאיִם, לעכאיִם!
(עס קומען אָן ווידער די קינדער מיט פולע קעשענעס, קנאקן ניסלעך).

כאַיִם. גיט־זשע איר, רעב אלטער, די האנט, און לאָז זײַן מיט גליק. פונדאנען אין אן אייגענער שטוב, ווי לייבישל־גאנעוו האָט געזאָגט, בעשאס מע האָט אים דאָס ערשטע מאָל געבראכט צו פירן אין אָסטראָג... און לאָמיר זײַן געזונט! (ער גיסט ארײַן מיט גוואלד פוּאדלען

אביסל וויַין אין מויל אריַין. רעב אלטער גיט בײלען פון זײַן גלעזל). **רעב אלטער!** זינגט עפּעס א לידל פון איַיערע לידלעך, נאָר א רעכטס, ס'זאָל לאָפּטשען!

**רעב אלטער** (נעמט אָפּ דער אייבערשטער אָקטאַווע).

אָוו איז א פּאָטער,
קיידער איז א טאָטער,
א טאָטער איז קיידער,
בגאָדים זענען קליידער,
קליידער זענען בגאָדים,
זייַד איז ניט קיין פּאָדעם...

**כאַיִם** (שלאָגט אים איבער, זינגט אליין).

פּאָדעם איז ניט זייַד,
שיקער זאָלט איר זײַן ווי לאָט,
ווי לאָט זאָלט איר זײַן שיקער,
אין מויל זאָל אײַך ווערן ביטער,
ביטער זאָל אײַך ווערן אין מויל,
שיסן זאָל אײַך א קויל,
א קויל זאָל אײַך אויסשיסן...

**פראדל.** געשאָסן זאָלסטו ווערן פון גאָט!

**כאַיִם.** אָמיין, אלע ווייַבער!... ווייסט איר־זשע גאָר וואָס, רעב אלטער? זינגט אונדז דאָס פריִעריקע לידל: „וואָס מיר זענען זענען מיר" און לאָמיר זיך נעמען פאר די הענט אלע און לאָמיר גיין א האָפּקעלע. (אלע נעמען זיך פאר די הענט און מע גייט א טענצל).

**רעב אלטער.**

וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער ייִדן זענען מיר!

**כאַיִם** (זינגט צוזאמען מיט רעב אלטערן).

אָבער מעשאָרסים זענען מיר!

**רעב אלטער.**

וואָס מיר טוען טוען מיר,
אָבער ציצעס טראָגן מיר!

**כאַיִם.** (צוזאמען מיט רעב אלטערן).

אָבער מאשקע טרינקען מיר!

רעב אלטער.

װאָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער ייִדן זענען מיר!

כאַיִם (צוזאַמען מיט רעב אלטערן).

אָבער שיקורים זענען מיר!

רעב אלטער.

װאָס מיר טוען טוען מיר,
אָבער טפילן לייגן מיר!

כאַיִם (צוזאַמען מיט רעב אלטערן). אָבער טאַנצן טאַנצן מיר! (שרייַט). לעבעדיק, רעב אלטער! פּולקעס! שטאַרקער! שטאַרקער! קינדער! פּיסלעך, קינדער!...

(ער צעברעכט א טעלער. אלע שרייַען „מאַזלטאָװ! מאַזלטאָװ! מאַזל-טאָװ!“ פּלוצים עפנט זיך די שטוב-טיר און עס באַװייַזט זיך פריִער דער מאַדאַמס נאָז, נאָכדעם די מאַדאַם אַליין).

## נייַנטע סצענע

מאַדאַם (א פּליעסק מיט די הענט). א װיסטער, א פינצטערער, א רײַנער, אַן אומגליקלעכער, א שװאַרצער, א שלימאַזלדיקער מאַזלטאָװ אף אײַערע קעפּ און אף אײַערע הענט און פיס און לייַב און לעבן!... אַזא הולטייַקע, אַזא פאַרשיװע ייִדענע, אַזא סמאַרקאַטע מויד! װאָס פון מייַן שטוב! (צו רעב אלטערן). און אָט דער שלעפער װאָס טוט דאָ?

רעב אלטער (אָנגעדרודלט, פּלאָנטעט מיט דער צונג). ש-ש-שלעפער, זאָגט איר? װי קומט א ייִד צו זייַן א שלעפער? א ייִד איז קיי-קיי-קיינמאָל ניט קיין שלעפער! קיי-קיינמאָל ניט!... און װאָס איר טרייַבט מענטשן פון ש-ש-שטוב — מאַכטייסע, טרייַבט, טרייַבט. נאָר אַן אװלע איז דאָס פון אײַך... װייסט איר, פאַרװאָ-װאָ-װאָס? ס'איז הייַנט אַנדערע יאָרן גאָר... נישט דאָס, װאָ-װאָ-װאָס אַמאָל... איר זאָלט זען בא מיר אין די ביכלעך... די צעצעליסטן זאָגן... א קלאָג צו אײַער קאָפּ! דיזן, דאַזן, דאָס און יענץ...

מאַדאַם (צו כאַיִמען). און דו, שאַרלאַטאַן, װאָס טוסטו דאָ? װאָן פונדאַנען!

כאַיִם (גאַנץ עלעגאַנט). א דאַנק פאַר א קאָמפּלימענט! (די מאַדאַם לאָזט זיך צו אים מיט ביידע הענט, װיל צונעמען די קינדער. כאַיִם נעמט זי פאַר א האַנט, טוט א װוּנק צום איבעריקן עולעם, און מע כאַפּט זי אַרייַן אין רעדל אַרייַן און מע גייט מיט איר א טענצל. די מאַדאַם רייַסט זיך מיט אַלע קויכעס, נאָר ס'איז אומזיסט: מע לאָזט זי־

בישט ארויס פון קאָן). רעב אלטער! וואָס שווייַגט איר? זאָגט עפּעס א גוט וואָרט!

**ר ע ב  א ל ט ע ר** (אופגעלעבט, זינגט).

ס'איז הייַנט א נייַע וועלט,
מע קוקט ניט אַפ קיין געלט,
קיין גרויס, קיין קליין,
קיין מיעס, קיין שיין,
קיין אָרעם און קיין רייַך —
אלע זענען גלייַך!...

**א ל ע** (זינגען און טאנצן).

קיין גרויס, קיין קליין,
קיין מיעס, קיין שיין,
קיין אָרעם און קיין רייַך —
אלע זענען גלייַך!
אלע זענען גלייַך!...

(די מאדאם רייַסט זיך פון זייערע הענט אונגעשעלט, נאָר מע הערט ניט איר קאָל. עס עפנט זיך די טיר און עס קוקט ארייַן דערשראָקן אין קיך ארייַן דער גאנצער אוילעם: הערן און דאמען, און כאָכן-קאַלע אויך בעסויכעם. אייניקע מיט קאָרטן אין די הענט. מע בלייַבט שטיין א ווייַלע פארגליווערט, איטלעכער אין אן אנדער פּאָזע. — לאנגזאם פאלט דער פאָרהאנג).

# פאַרבײַטן די יאָרצײַטן

א פריילעכס אין איין אקט. איבער־
געמאכט פונעם איינאקטער „מאזל־
טאָוו“ אין די יאָרן 1906—1915.

## די פּאַרשוינען:

**ציוויע־קיילע**, א קעכנ אינ א רײַכ הויז, א יונגע אלמאָנע.

**מאשע**, א שטוב־מיידל.

**איציק**, א מעשאָרעס מיט א פּאטלע האָר, טראָגט א גאָלדענעם סיגנעט.

**קאָפּל**, א דינער אינ אנ אפּטייק.

**קאלמענ דאלעס**, א שוסטער, אנ אלטער באָכער.

**סאשקע**, א נאָגידס א באָכערל.

**קלארא**<br>**אנא** } צוויי נעגידישע פריילינס.

**דער נאָגיד**, אנ אופּגעקומענער אריסטאָקראט.

**די נעגידעס**, א מאדאם אינ א געלב פּאריק.

א גרויסע קיכ אינ א רײַכ הויז.—אויסגעהאנגענ אסאכ געפעס. אפ די ווענט — איליוסטראציעס פונ צײַטונגענ אונ זשורנאלנ, א שפיגל מיט א געשטיקט האנטעכל, א פּאָר יאפּאָנישע פעכער, קליידלעכ, קאָפּטלעכ. בא דער זײַט א גרינער קאסטנ, א בעטל מיט אסאכ קישנס. — צוויי טירנ: אײנע ארופ אינ שטוב ארײַנ, מיט עטלעכע טרעפּלעכ; די אנדערע, א הינטערטיר, אינ דרויסנ ארויס. — צ י ו י ע - ק יי ל ע שטייט באם אויווג מיט פארקאטשעטע ארבל. קאָכט ווּעטשערע.

צ י ו י ע־ק יי ל ע. (בראָקט א ציבעלע, זינגט א לידל).

אוי, ווּ זענט איר, יונגע יאָוואָרנ?

זאָגט, ווּ זענט איר אָהינגעקיוועמענ?

צי מיטנ פײַער פארברענט געוואָוואָרנ?

צי מיטנ וואסער אוועקגעשוויוועמענ?...

אז אָכ אונ אז ווי איז צו זײערע קעפ, אז ציוויע־קיילע נעבעכ באדארפ זײַנ בא זיי א דינסט, אונ בא די יונגע יאָרנ, אונ נאָכ אינ אזא שטוב מיט אזעלכע קינדער, גאָט זאָל ניט שטראָפנ פאר די רעד! (נעמט ארוֹפּ אינ א באזונדער טעפּל פונ אלע מאכאָלימ צו ביסלעכ). א שטוב!... א קרעטשמע!... איטלעכער פרעסט אינ אנ אנדער צײַט... האלט פאר זיי א גאנצנ טאָג דעם אויווג, האלטנ זאָל זיי באם בויכ!... אונ ווער שמועסט, אז דער באלעבאָס איז ניטאָ אינדערהיימ... (גיסט אָפּ אינ טעפּל ארײַנ, טרייסלט אָפּ די הענט, ווישט זיכ מיטנ פארטעכ). איי־איי־איי־איי! ווי לאנג בינ איכ אלײנ געווענ בא זיכ א באלעבאָסטע, בא מײַנ טיש מיט מײַנ מאנ עלי־שאָלעמ...

(זינגט),

יאָרנ יונגע!

יאָרנ גרינגע!

וואָס זענט איר אזוי גיכ אוועק?

עס זעט אײַכ ניט קיינ

איי־איי־אייגל,

עס יאָגט אײַכ ניט קיינ

פיי־איי־אייגל,

אוועק, אוועק, גאָר אָנ אנ עק!...

(עס הערט זיך א קלאַפּן אין דער הינטערטיר). ווער קלאַפּט דאָס דאָרטן? מיטן קאָפּ אין וואַנט!... (פאַרכאַפּט זיך) אוי, ווײ איז מיר, אוואדע רעב קאַלמען?... (לאָזט זיך צו דער טיר). א טײַערער ייִד דאָס איז, אָט דער קאַלמען דאַלעס!... האָט נעבעך ניט קיין גליק, אַזוי ווי איך... און עלנט, אַזוי ווי איך...

(עפנט די טיר. עס קומט אַרײַן פון דרויסן קאַלמען דער שוסטער, א ייִד פון א יאָר עטלעכע און דרײַסיק מיט א שוואַרץ בערדל, טראָגט א צוגעלעגערט קאַפּעליושל, מיט א קוויטיקער מאַנישקע, מיט צו-קורצע הויזן).

קאַלמען דאַלעס. א גוטן אָוונט אײַך, ציוויע-קיילע! וואָס מאַכט איר גוטס? געגאַנגען פאַרבײַ, געזען עס לײַכט זיך בײַ אײַך, טראַכט איך מיר: לאָמיך אַרײַנגיין אַף א ווײַלעטשקע זיך אָפּרוען. מע זיצט באַם וואַרשטעק, ווערט מען פאַרזעסן, צו אַלדי גוטע יאָר... (כאַפּט א קוק אין אויוון). נאָך זענט איר באַם אויוון? אַזוי שפּעט!

ציוויע-קיילע (טראָגט אים צו א בענקל). זיצט, רעב קאַלמען!... שפּעט, זאָגט איר? דאָ, אין דער שטוב, מוז מען א גאַנצן טאָג און א גאַנצע נאַכט שטיין באַם אויוון, שטיין זאָלן זיי אין געהאַקטע ווונדן! א שטוב איז דאָס? א קרעטשמע!... און ווער שמועסט, אַז דער באַלעבאָס איז ניטאָ אינדערהיים!...

קאַלמען דאַלעס. אַזוי? איז ער נישטאָ גאָר אינדערהיים! וווּ איז ער דען?

ציוויע-קיילע. ווייסט זיי דער שוואַרצער יאָר!... עפּשער וועט איר טרינקען א גלעזל טיי? אָדער גאָר עפּעס צובײַסן? (טראָגט אים אונטער פונעם קליינעם טעפּעלע).

קאַלמען דאַלעס (רוקט זיך צו צום טעפּעלע). א דאַנק, לעמײַ זאָלט איר זיך מאַטריִען זײַן?

ציוויע-קיילע. פאָרט ער נאָר אַרויס פון דער היים, אַזוי קערט מען איבער די שטוב מיטן קאָפּ אַראָפּ... אַלע מאָל, ווען ער פאָרט אַוועק, מוז זיך עפּעס טרעפן אן אומגליק... אָט איז געווען בײַ אונדז נעכטן אן „אָביסקע”. פּאָליציע, זשאַנדאַרן און סאָלדאַטן זענען אַריבערגעפאַלן, איבערגעקערט די שטוב און צוגענומען אונדזער וואַלאָדקען אין קאַטשומענט אַרײַן. מיסטאָמע האָט איר געהערט שוין?... עפּשער וועט איר נעמען פריִער אביסל קאָניאַק? נישקאָשע, זיי האָבן גענוג... (גיסט אים אָן א גלעזל).

קאַלמען דאַלעס. א דאַנק, צו וואָס זאָלט איר זיך מאַטריִען זײַן? איר ווייסט דאָך, אַז איך בין ניט קיין טרינקער... לעכאַיִם! לאָז גאָט געבן... (טרינקט אויס), אוו! א האַרבע גלעזל מאַשקע!... אַזוי, אַזוי?

האָט מען דעם באָכער, הייסט עס, אריַנגעפּאקט? א ווייל באָכערל וואלאָדקע! ווייסט איר ניט, פאר וואָסערע מיַסים טויווים?

צ י ו י ע ־ ק י י ל ע. ווייסט זיי דער שווארצער יאָר! צעצעליסטנ!... לעמיַ אָט איז דער עלטערער זייערער, פּעטי, גאָר פאַרפאלנ געוואָרנ... (רוקט אימ צו א טעפּעלע מיט א לעפל).

ק א ל מ ע נ ד א ל ע ס (קוקט אריַנ אינ טעפל). צו וואָס זאָלט איר זיכ מאטריַעכ זיַנ?... אזוי, אזוי? פאַרפאלנ געוואָרנ? (עסט גאנצ אפּעטיטלעכ). ווערליק איכ בינ אנ עסער...

צ י ו י ע ־ ק י י ל ע (גיסט אימ אונטער זופּ). ווי אינ דער ערד אריַנ! ס'איז אפילע בא אימ ניט דאָס ערשטע מאָל. איכ זאָל האָבנ די בראָכעס, וויפל מאָל עס מאכט זיכ, ער קומט אהיימ שוינ מיטנ טאָג גלייַכ, האָט מוירע פאַרנ באלעבאָס, קלאָפּט ער אָנ צו מיר, איכ זאָל אימ אריַנלאָזנ דורכ דער קיכ־טיר... זאָלט איר זעענ דעמאָלט א פּאָנעמ בא אימ, ווי אפ צעלאָכעס: די אויגנ רויט, די האָר צעקאָשמעט, קוימ וואָס ער האלט זיכ אפ די פיס... עפשער וועט איר נעמענ, רעב קאלמענ, א גלעזל ווישניק? נישקאָשע, ס'איז בא זיי דאָ גענוג!... (גיסט אימ אָנ).

ק א ל מ ע נ ד א ל ע ס. א דאנק, לעמיַ זאָלט איר זיכ מאטריַעכ זיַנ? (פּארזוכט). א שיינע מיַסע, נאָר א קורצע! ווו־זשע, לעמאָשל, קאָנ ער זיַנ, אָט דער פּעטי איַערער?

צ י ו י ע ־ ק י י ל ע. דער רועכ ווייסט די ביינער זייערע... א ראכמאָנעס, הערט איר, איז נאָר אפ איר, אפ דער באלעבאָסטע נעבעכ, וואָס זי צעוויינט! וואָס זי צעיאָמערט!... עפשער וועט איר נעמענ נאָכ א גלעזל? (גיסט אימ אָנ). טרינקט, ס'איז גוטער ווישניק, בעסער פונעמ בעסטנ וויַנ...

ק א ל מ ע נ ד א ל ע ס. א דאנק, לעמיַ זאָלט איר זיכ מאטריַעכ זיַנ? ווערליק איכ בינ א טרינקער... (טרינקט). ווייסט איר, וואָס איכ וועל איַיכ דערציילנ, ציוויע־קיילע? אז די וועלט זאָגט א ווערטל: די קאפּאָטע פארזעצנ אונ א נאָגיד זאָל מענ זיַנ, איז ניט אומזיסט.

צ י ו י ע ק י י ל ע. אקעגנ וואָס איז דאָס געקומענ צו רעד?

ק א ל מ ע נ ד א ל ע ס. אקעגנ דעמ, וואָס איר זאָגט ווישניק... איכ בינ דערגאנגענ מיט מיַנ סייכל, אז א נאָגיד איז טויזנט מאָל בעסער צו זיַנ ווי איידער א קאפּצנ, כאָטש אפילע קארל מארק זאָגט, אז קאפּיטאל איז א סאמ־האמאָוועס...

צ י ו י ע ־ ק י י ל ע. ווער איז דער מארק? (גיסט אימ אונטער). טרינקט, רעב קאלמענ, נאָכ א קאפּ!

קאלמען דאלעס. דאָס איז דער גרעסטער פּונ... אַ דאנק, לעמיַ זאָלט איר זיך מאטריִעך זיַנ? וועדליק איך בינ אַ טרינקער... (טרינקט). קארל מארק איז דער, וואָס נעמט זיך אָנ אונדזער קריוודע. ער איז פאר אונדז, באַלמעלאָכעס, שטאָל אונ איַזנ. אַ קליינינקיַיט פּראָ... פּראָל... פּראָלעטאריאט — קוים אויסגערעדט!...

ציוויע־קיילע. וואָס הייסט דאָס פּראָ... פּראָ... טפו! איך קאָנ עס גאָרניט ארויסרעדנ! (דערגיסט אימ דאָס גלעזל).

קאלמען דאלעס. אַ דאנק, לעמיַ זאָלט איר זיך מאטריִעך זיַנ? וועדליק איך בינ אַ טרינקער... (טרינקט אונ פּלאָנטעט מיט דער צונג). זאָגט מיר נאָך: פּראָ... פּראָ... טע... פּראָלע... פּראָט — טפו! לאָז דאָס גײנ אינ דער ערד! זאָגט מיר בעסער, ציוויע־קיילע סערדצע, וואָס איך וועל איַיך פרעגנ: אשטייגער, קעדוימע לעמאָשל, ס׳זאָל זיך איַיך מאכנ אַ פּראָל... פּראָלעטאריאט, מיינ איך אַ גליַיכער שידעך... אשטיי־גער, קעדוימע, אַ באַלמעלאָכע, אַ כעוורעמאנ, פונ די, וועלכע קאַטאָרע, איר פארשטייט? וואָס טרינקט ניט... סיַידנ אמאָל, אז עס מאכט זיך... איר פארשטייט? מענ איז דאָך ניט מעו ווי אַ לעבעדיקער מענטש... אונ דאָס איבעריקע דארפט איר שוינ אליינ פארשטיינ...

ציוויע־קיילע (ברעקלט זיך, דרייט דעמ שפּיצ פארטעך). אז איר רעדט אזוי פארשטעלט... (רוקט אימ אונטער אביסל איַינגעמאכטס). פארביַיסט, רעב קאלמענ, פארוואָס פארביַיסט איר ניט?

קאלמען דאלעס. אַ דאנק, לעמיַ זאָלט איר זיך מאטריִעך זיַנ? וועדליק איך בינ אנ עסער... (עסט). ווילט איר, איך זאָל איַיך זאָגנ אָפּנטלעך? (עס הערט זיך אַ קלאַפּ אינ טיר פונ דרויסנ).

ציוויע־קיילע. ווּעמענ טראָגט דאָס שוינ דער רוּעך? (זי רוימט אופ געשווינד פונעמ טישל, פארגעסט דאָס פלעשל ווישניק, גײט צו דער טיר. קאלמענ דאַ־לעס שלעפּט ארויס פונ קעשענע אַ ביכל, פארטיפט זיך קלוימערשט). ווער איז דאָרטנ?

אַ קאָל פונ יענער זיַיט טיר. ס׳איז איך.

ציוויע־קיילע. ווער איז געווענ דער איך?

דאָס קאָל פונ יענער זיַיט טיר. אַ מענטש, ניט קיינ רוּעך.

ציוויע־קיילע. ס׳איז דו, איציקל?

דאָס קאָל פונ יענער זיַיט טיר. וואָס עפּעס איציקל? וואָס האָט איר מיך פארצויגנ אָפּ אַ שטריקל? איציק איז ניט איציקל. גײ־כערט, עפנט אופ, אינ דרויסנ איז ניט געהייצט...

ציוויע־קיילע. ברענען זאָלסטו אפֿן פֿײַער, מעשומעד איינער.

(עפֿנט אוף מיט קאַס די טיר, און עס קומט אַרײַן איציק דער מעשאָרעס, א יונג מיט א סיגנעט און מיט א קייט, טראָגט אף זיך א פֿרעמדן פֿידזשאַק, וואָס הענגט אף אים ברייטלעך־לעפּעשעוואַטע, א רויטן שניפּס, געלע שיך, ווײַסע האַנטשוען).

איציק (טוט אויס די האַנטשוען, ברייט). א גוטן אָוונט אײַך, ציוויע־קיילע! א גוטן אָוונט אײַך, רעב קאַלמען! א גוטער נאָוונט זאָל זיך אַרײַנכאַפּן אין אײַך ביידן! ס'איז בא אײַך דאָ וואַרעם ווי אין א באָד, קיין אײַנהאָרע, ריין און ציכטיק, ווי בא מײַן מאַמען פֿלעגט צו זײַן ערעוו פּייסעך, בעשאַס דער טאַטע האָט נאָך אַרומגעטיאַפּקעט מיטן פֿעדרל איבער דער בלאָטע. (גייט צו צום טישל, גיסט זיך אָן א גלעזל ווישניק). געניסט, רעב ייִצכאָק! ווי מײַן באַלעבאָסטע־לעבן זאָגט צו אירע געסט, בעשאַס זי איז זיי מעכאַבעד מיט ווערעמיקע ניסלעך (טרינקט). ווו איז ערגעץ מאַשענקע?

ציוויע קיילע (רײַסט אַרויס בא אים דאָס גלעזל). אַוועק, מעשומעד, נישט אף דײַן מיסט געוואַקסן!... וואָס באַדאַרפֿסטו מאַשען? און וואָס ביסטו אַזוי אויסגעפּוצט? און וואָס הערט זיך עפּעס בא אײַך? וואָס מאַכן דײַנע באַלעבאַטים?

איציק. מיט די זײַטן לאָזן זיי אײַך מאַכן! מעיוכאָסים! האָבן זיך אײַנגעשמועסט, אַז נאָר זיי זענען לײַט, און אַלע איבעריקע זענען גאָרנישט מיט גאָרנישט... (צום שוסטער). וואָס לייענט איר, רעב קאַלמען?...

קאַלמען דאַלעס. וואָס איך לייען? וועגן קאַרל מאַרק און וועגן קאַפּיטאַל...

איציק. וואָסער מאַרק? און וועמענס קאַפּיטאַל? וואָסערע לאָקשן? און וואָסערע פֿלאָמען?

קאַלמען דאַלעס. וועגן מאַרק'ס מעטאָדע, וויִאַזוי צו קאַפּיטאַליזירן דעם פּראָ... פּראָ... פּראָלעטאַריאַט; אָדער וויִאַזוי צו פּראָ... פּראָלעטאַריזירן די קאַפּיטאַליזאַציע...

איציק. און איר פֿאַרשטייט, וואָס איר לייענט? און איר האָט נאָך אַלע ציינער אין מויל?

ציוויע־קיילע. האָבן זאָלסטו קאַדאָכעס, ריבוינעשעלוילעם! א שפּראַך פֿון א מענטשן!

(עס קומט אָן פֿון אויבן מאַשע מיט א פּעקל וועש, דערזעט איציקן).

איציק. א גוטן אָוונט דיר, נעשאָמע מײַנע! דו זאָלסט ניט זײַן אַזוי אָנגעלאָדן מיט העמדער און מיט אונטערהויזן, וואָלטן מײַנע

בלאסע ליפּן זיך באהעפט מיט דייַנע רויטע באקן, ווי בא רעב קאל־מענער אין ביכל שטייט געשריבן...

מ א ש ע. אין דער ערד מיטן קאָפּ! נא דיר אזא שלימאזל! וואָס האָסטו זיך אזוי אויסגעפּוצט, ווי צו דעו פּעגירע?

צ י ו י ע־ק י י ל ע. יאָ־נו, עפּעס איז ער מיר הייַנט צו יאָנטעוודיק!

א י צ י ק. וואָס דען? א מענטש לעבט איין מאָל, נישט קיין צוויי מאָל, ווי מייַן טאטע פלעגט זאָגן, אז ער האָט נישט געהאט אפּ שאבעס, און די מאמע האָט אים באגראָבן... זאָג נאָר, מאשוטקע, וואָס מאכט עפּעס מייַן יונגן באלעבאָס קאלעכן?

מ א ש ע. דייַן טאטנס אייסעק?

א י צ י ק. מיסטאמע אז איך פרעג, איז ניט אומזיסט, ווי מייַן שוועסטער האָט אמאָל געזאָגט, בעשאס איך האָב געכאפּט א פּאטש גאָר אומגערעכט... איך האָב צו איר א בריוול פון מייַן יונגן באלע־באָס. ער איז דאָס אין איר פארליבט אביסל, נאָך מער ווי איך אין דיר... (וויל א גלעט טון מאשען).

מ א ש ע (גיט איבער די הענט). פּאוואָלי מיט די הענט, דו שארלאטאן.

א י צ י ק (צו קאלמענען). אָט אזוי, ווי איר זעט, האָבן מיר קיין גליק ניט, נישט איך, נישט מייַן באלעבאָס... מיר זענען מיט זיי אדע־ראבע וועאדעראבע, און זיי זענען מיט אונדז קידער־ווידער... מייַן אראָנטשיק וויל זי, גייט אויס כאסענע האָבן, און זי זאָגט — זי האָט נאָך צייַט, ווי מייַנער א באקאנטער זאָגט, אז דער שנייַדער קומט צו אים מאָנען פאר געניי און ער האָט א מאקע ניט קיין געלט...

מ א ש ע. איך האָב מוירע, אז דייַן באקאנטער — דאָס ביסטו אליין...

א י צ י ק. און איך האָב מוירע, אז איר דרייט דער וועלט א קאָפּ איר דרייט אזוי לאנג, ביז איר פארדרייט אי זיך, אי יענעם...

מ א ש ע. אָבער דיר האָט נאָך לעסאטע קיינער ניט פארדרייט קיין קאָפּ?

א י צ י ק. ביז אהער — געלויבט דער אייבערשטער, אכוצ דיר...

מ א ש ע. לעבן זאָלסטו אזוי!

א י צ י ק. אָמיין, גאם אטעם!

צ י ו י ע־ק י י ל ע. טאָמער וואָלט געווען גענוג צו שארפן די צינגלעך? זאָג בעסער, וואָס טוסטו דאָ אזוי שטעט טאקע אפּ דער רעכטער עמעס?

א י צ י ק. אפּ דער רעכטער עמעס זאָג איך דאָך אייַך, אז איך האָב געבראכט א בריוול פון מייַן יונגן באלעבאָס צו אייַער אניוטען, און

געבעטן האָט ער מיך, איך זאָל אים ברענגען טשוווע. (שלעפּט ארויס דאָס בריוול פון דער אונטערשטער קעשענע). ער האָט מיר אָנגעזאָגט, לעמאַנעשעם, איך זאָל דאָס בריוול ניט ווײַזן קיינעם, אָפּגעבן גלײַך צו איר אין די הענט אַרײַן... נאָר וואָס דען? מיר וועלן דאָס פריִער פאַוואָלינקע אופעפענען, א קוק טון אומיסטן, וואָס שרײַבט ער דאָרטן? (צו ציוויע־קיילען). געפינט זיך ניט בא אײַך אביסל הייס וואַסער און א שאָלעכץ פון אן איי, וועלן מיר דאָס מאכן ווי עס געהער צו זײַן... ס'איז נישט דאָס ערשטע מאָל בא מיר, ווי מײַן פעטער האָט געזאָגט, בעשאס מע האָט אים אײַנגעזעצט אין כאדגאדיע... (ציוויע־קיילע גיט אים א טעלער מיט הייס וואַסער און א שאָלעכץ פון אן איי. ער באַנעצט דאָס בריוול פון דער אנדערער זײַט). ס'איז בא מיר, פארשטײט איר, אזא כלאס — איך האָב ליב אלצדינג וויסן, איך שטארב אוועק!

מאַשע. דו שטאַרבסט אוועק? איך וועל זאָגן נאָך דיר קאדעש. (קוקט, ווי איציק עפנט דעם קאָנווערט).

ציוויע־קיילע. א באלאָנעס צו עפענען פרעמדע בריוו! אנו, וואָס שטייט דאָרטן?

איציק (ציט ארויס דאָס בריוול). איך זע, איר זענט אלע זייער גײַציק צו האָרכן נײַעס... דער כיסאָרן, וואָס מײַן יונגער באַלעבאָס שרײַבט צו איר אף רוסיש. און מיר האָט דער דאָקטער אָנגעזאָגט טויזנט מאָל, אז „רישעס" קען מיר שאטן צו די אויגן... לאָז אן אנדערער שוין לייענען, ווי מײַן ברודער האָט געזאָגט, בעשאס מע האָט אים אופגערופן מאפטיר צו זײַן בארמיצווע... רעב קאלמען, איר ווילט פארדינען אוילעם־האבע? נאט לייענט זיי דאָס בריוול, נאָר פאַוואָלי, נישט געכאַפּט, וואָרט בא וואָרט, ס'איז ניט קיין הייסע לאָקשן, ווי מײַן מאמע פלעגט מיר זאָגן בעשאס בענטשן און טאקע אין איינוועגס שענקען א פּאָר פעטש אויך, גלאט אזוי זיך, פון היימלעכקײַט וועגן... נו, רעב קאלמען, רירט זיך, טוט אָן די בריל און לאָמיר הערן די מעגילע...

קאלמען דאלעס. (טוט אָן די ברילן, לייענט). „ליבע, טײַערע אנא! איך בין ניט אימשטאנד ארויסצוזאָגן, ווי ווײַט איך בין געקרענקט פון דעם, וואָס איך קאָן צו אײַך אין שטוב ניט קומען און פערזענלעך מיט אײַך זיך זעען! פון זינט מע האָט צוגענומען אײַער וואלאָדיען אין טורמע, לאָזט מען מיך ניט ארויס פון שטוב, מע היט מיר די טריט, מאמעש איך בין פריײַלאַז, איך בין ארעסטירט, איך בין אין טפיסע... טײַערע, טײַערע אנא! איך בעט אײַך, פאָרט נישט קיין זשענעווע!

בלײַבט דאָ, לאָז איבערגײן א קלײנע צײַט, מײַנע עלטערן װעלן זעען, אז איר פֿאָרט ניט, װעט זײ איבערגײן דער קאַפּריז, און זײ װעלן אײַנװיליקן צו אונדזער שידעך, און דעמאָלט — אָ! דעמאָלט, נאָך דער כאַסענע, װעלן מיר זײַן פֿרײַ צו טון װאָס מיר װילן! מיר װעלן דע־מאָלט בײדע קאָנען פֿאָרן קײן זשענעװע"...

**צ י ו ו י ע־ק י י ל ע.** װוהין קלױבן זײ זיך עס פֿאָרן, א מאקע זײ?

**מ א ש ע.** איר הערט דאָך, אז קײן זשענעװע.

**צ י ו ו י ע־ק י י ל ע.** װוּ איז דאָס? װײַט פֿונדאַנען?

**מ א ש ע.** דאָס דאַרף זײַן אין קאַרלסבאַד מיסטאמע. אלע זומער פֿאָרן זײ קײן קאַרלסבאַד.

**א י צ י ק** (צו מאשען). אזױ זאָגסטו? קאַרלסבאַד! װוּ איז קאַרלסבאַד? װאָס איז קאַרלסבאַד? מיט װאָס עסט מען קאַרלסבאַד?

**מ א ש ע.** װאָס זאָגט איר אָפּ זײַן טאַטן? אזױפֿיל, װי דו װײסט, װײס איך נאָך געװיס, און עפּשער נאָך אביסל מער!

**א י צ י ק.** א נײַע װײסערן געװאָרן! דו װײסט מער פֿון א טױטן! װוּ האָסטו זיך אָנגעהערט אזעלכע זאכן? בא דײַנע באַלעבאַטים עפּשער? װער זענט איר? שױן לאַנג זענט איר געשטאַנען מיט פֿיש אין מאַרק? געקומען אהער קײן אדעס, געװאָרן גאַנצע סטיקראַטן, און האָבן כײ־שעק זיך מעשאַדעך זײַן מיט אונדז, מיט די פֿינקלשטײנס!

**מ א ש ע.** אײַ־אײַ־אײַ! א גליק! פֿינקלשטײנס! װאָס איז מיט אײַך דער ייִכעס אזױ גרױס?

**א י צ י ק.** ע, ביסטו דאָך טאַקע א ציג, און עפּשער טאַקע א גאַנצע בעהײמע, אז דו פֿרעגסט גאָר אזעלכס!... מיר שטאַמען אַרױס — דו װײסט פֿון װעמען? אזש פֿון דעם גרױסן, גרױסן... טערעכן! האָסט געהערט אמאָל דעם נאָמען טערעך?

**מ א ש ע.** באַגראָב דיך מיט אים אין אײן גרוּבל!

**א י צ י ק.** ביטנײַ, אז דו זאָלסט זײַן א דריטע...

**צ י ו ו י ע־ק י י ל ע.** עס װעט זײַן אמאָל א סאָף, צי נײן? (צו קאַל־מענען). לײענט, רעב קאַלמען, װאָס הערט איר זײ?

**ק א ל מ ע ן ד א ל ע ס** (לײענט װײַטער). „טײַערע אַנאַ! איך װײס, אז ס'איז אײַך שװער דאָ צו זײַן. איך װײס, אז איר האָט צאָרעס ניט אזױ פֿון די עלטערן, װי פֿון דער שטוב, און איבערהױפּט פֿון די צװײ שײנע לײַט, דער שאַרלאַטאַן פּעטי און די פּוסטע קלאַרא. אַנאַ! איך בין זיך מוידע — איך בין צו שװאַך, איך האָב קײן העלדנמוט ניט,

אָבער א הארצ האָב איכ, א נעשאָמע — אונ די ביידע, דאָס הארצ אונ די נעשאָמע, געהערנ צו אייַכ, צו אייַכ, טייַערע אנא!... אלזאָ, נאָכאמאָל: איכ בעט אייַכ, פאָרט ניט קיינ זשענעווע! האָט אביסעלע געדולד, וועלנ מיר נאָכ דער כאסענע ביידע פאָרנ בעסער קיינ מאָנטע־קארלאָ, אָדער גאָר קיינ פאריזש!... האָט ראכמאָנעס אפ אייַער אומגליקלעכנ אראָנטשיק פינקלשטיינ".

א י צ י ק (ווישט זיכ די אויגנ). נו? קאָנ דאָס נישט נעמענ קיינ שטיינ? (צו מאשענ). איר זענט דאָכ ווערט, אלע מיידלעכ, מע זאָל אייַכ אופהענגענ איינציקווייַז אפ איינ שנירעלע, דערפאר וואָס בא אייַכ איז ניט קיינ הארצ, נאָר א קנויל בייַמוועלעכ, ווי מייַנ זיידע פלעגט זאָגנ צו דער באבע, בעשאס זי האָט ניט געוואָלט, ער זאָל שמעקנ טאבעקע...

מ א ש ע. ווער שוינ געהאנגענ בעסער אלייַנ!

א י צ י ק. אָמיינ, גאם אָטעם...

(עס הערט זיכ א קלאפנ אינ דער הינטערטיר).

צ י ו ו י ע־ק י י ל ע (הויכ). ווער איז?

א ק אָ ל פ ו נ י ע נ ע ר ז ייַ ט ט י ר. ס'איז איכ!

צ י ו ו י ע־ק י י ל ע. א נייַעם איכ האָט געבראכט דער רועכ!...

(עפנט אופ די טיר. עס קומט אריינ ק אָ פ ל פ ו נ ד ע ר א פ ט י י ק, א טרוקענער נעפעש, מיט א געשערנ גרוי בערדל, דאָס אונטערשטע האלבע פאָנעם העכער פונעם אייבערשטנ ארויסגעשטעלט. רעדט מאָנאָטאָנע, ווי בערויגעז).

א י צ י ק. באָרוכ האבאָ, א ייִד רעב קאָפל פלעשלוואסער, דעמ גרויסנ פלעשלוואסערס אנ איינִיקל! וואָס טוט איר דאָ?

ק אָ פ ל (קוקט ניט אפ איציקנ, רעדט צו די דינסטנ בערויגעז). מייַנ פרינציפאל הער שלייַענ האָט מיר געהייסנ אוועקווארפנ אלע געשעפטנ מיט אלע מעלאָכעס אונ מיט אלע פלעשלעכ, אונ אָנגעזאָגט, איכ זאָל די רעגע מיכ דורכגיינ צו קאָלאָראדא מיראָנאָוונא...

א י צ י ק. ווער איז די כייַע?

מ א ש ע. דאָס מיינט ער אונדזער קלארענ. (צו קאָפלענ). אפ וואָס דארפט איר זי?

ק אָ פ ל. אפ קאפאָרעס... מייַנ פרינציפאל הער שלייַענ האָט מיר געזאָגט, איכ זאָל די רעגע אָפטראָגנ צו איר א בריוול...

א י צ י ק. א בריוול? גיט אהער! דאָ עפנט מענ בריוולעכ...

ק אָ פ ל. זינט איכ לעב, זינט איכ שטיי אפ מייַנע פיס! וואָס הייסט, דאָ עפנט מענ בריוולעכ? ווער עפנט? צו וואָס עפנט מענ זיי?

א י צ י ק. וואָס פאַרשטייט איר דאָ ניט, פאַרשטאָפּטער מויעך? די בריוו, איידער מע גיט זיי איבער אַרופּ זיין שטוב אַרייַן, ווערן פריִער דורכגעלייענט אָט דאָ אין קיך... האָט איר שוין צעקייַעט, צי נאָך ניט? (צו קאַלמענען דאַלעס). רעב קאַלמען, זייַט־זשע מויכל, טוט אָן צוריק די ברילן. (צו קאָפּלען). פּערע־אָדעם! וואָס זענט איר געבליבן שטיין, גלייַך ווי אייַער פּרינציפּאַל וואָלט אייַך דערלאַנגען מיט אַ פלעשל אין האַלדז־און־נאַקן! גיט שוין אַהער דאָס בריוול, וועלן מיר דאָס עפענען, איבער־לייענען און צוריק פאַרכאַסמענען מיט אַ ווייַסכען פון אַן איי, שוין איניינעם מיט מייַן פּרינציפּאַלס בריוול. איר קאָנט זיך אָפּ מיר פאַר־לאָזן, איך בין אין די זאַכן אַ רעכטער באַלמעלאָכע, ווי מייַן רעבע פלעגט זאָגן, בעשאַס ער האָט געהאַלטן בייַ אויפשנייַדן אַ קאַוון...

ק אָ פּ ל (קנייטשט מיט די פּלייצעס). זינט איך לעב, זינט איך שטיי אָפּ מייַנע פיס... מייַן פּרינציפּאַל הער שלייַען האָט מיר אָנגעזאָגט לעמאַנע־שעם, איך זאָל מיך ניט דערוועגן איבערגעבן דאָס בריוול דורך קיין אַנדערן, נאָר גלייַך צו קלאָראַדאַ מיראָנאָוונא אין די הענט אַרייַן, וואָרעם ס'איז, פאַרשטייט איר מיך, אַ סאָד...

א י צ י ק. וואָס זאָגט איר צו זייַן קאָפּ? אַדעראַבע, ווייַל ס'איז אַ סאָד, באַדאַרף מען זען אין וואָס באַשטייט ער, אַניט — וואָס דאַרפן מיר דאָס, וועלכע שוואַרצע יאָר?... נו, מאַכט נאָר ניט קיין שיִעס, רעב פלעשלוואַסער, גיט אַהער דאָס בריוול, די נאַכט שטייט ניט!...

ק אָ פּ ל (קנייטשט מיט די פּלייצעס). ננו! זינט איך לעב, זינט איך שטיי אָפּ מייַנע פיס, האָט זיך מיר אַזעלכס ניט געכאָלעמט אַפילע! (טראָגט צו איציקן דאָס בריוול).

א י צ י ק (עפנט אויף דעם קאָנווערט פון דער לינקער זייַט, ציט אַרויס דאָס בריוול, באַטראַכט דאָס פריִער פון אַלע זייַטן, גיט דאָס איבער צו קאַלמענען). נו, רעב קאַל־מען, שנייַדט ווייַטער, ווי מייַן טאַטע פלעגט זאָגן, בעשאַס ער איז פאַר־טיק געוואָרן מיט איין טעלער און געהייסן געבן זיך נאָכאַמאָל...

ק א ל מ ע ן ד א ל ע ס (טוט אָן די ברילן, לייענט). „מייַן טייַער טייַ־בעלע, נעשאָמע מייַנע, קלאַראַ מיראָנאָוונא! איך בין אייַך מודיִע, אַז בייַ מיר איז שוין אַלץ פאַרטיק צו דער רייַזע, איך האָב שוין אַלע פּאַפּירן גרייט, איך האָב שוין אַפילע אַ פור אויך באַשטעלט. דאָס שטעטל איז ניט ווייַט פון דאַנען. איך האָב דאָרטן אַ באַקאַנטן, אויך אַ פאַרמאַצעווט, שרייַבט ער מיר, אַז פאַר איין פינף־און־צוואַנציקער וועט אונדז דער דאָרטיקער ראָוו געבן כופּע אוקעדושן... פאַרגעסט נאָר ניִשט

מיטנעמען מיט זיך אײַער געט מיט אײַערע מעטריקעס... אַך, ווי גליקלעך איך בין, אַז איך דערמאָן זיך, אַז ניט מער ווי אין פיר און צוואַנציק שעה אַרום באַפריי איך אײַך, מײַן טײַער טײַבעלע, פון געפענקעניש, און איר וועט נישט דאַרפן אָנקוקן מער די נימעסדיקע פּנים־ פון אײַערע דעספּאָטישע עלטערן און פון אײַערע מעטורעפּדיקע ברידערלעך, און איבערהויפּט — פון אײַער געשערענער שוועסטער אַניוטאַ, וועלכע איך האָב פײַנט גלײַך אַזוי ווי איר, מעגט איר מיר גלויבן אויף מײַנע הייליקע נעמאָנעס!... זײַט גרייט צו דער באַשטימטער שעה, טײַערע נעשאָמע, מײַן שיינע, גוטע, ערלעכע, געטרײַע קלאַראַ מיראָנאָוונאַ! פון מיר אײַער איבערגעגעבנסטער קנעכט, וואָס קושט אײַך אונטער די אויגן צען טויזנט מאָל, אַקימ לוואָוויטש שלײַען!"

**אייציק.** בראַוואָ! יענער שרײַט געוואַלד: נישט פּאָרן, דער האַלט דאַפּקע בײַ פּאָרן — דול און מעשוגע קען מען פון זיי ווערן! אַצינד דאַרף מען זיך נעמען צוריק פאַרכאַסמענען די בריוולעך... (ער נעמט זיך צום ווײַסכען פּונעם איי, טראָגט צו ביידע בריוולעך מיט די קאָנווערטן צו קאַלמענען).
אַנו, רעב קאַלמען, זײַט־זשע מויכל, וועלכס איז צו אַנען און וועלכס איז צו קלאַרען, אָדער צו קאָלאָראַדען? עס קאָן דאָ כאָלילע אַרויס אַ מיִעסער טאָעס. (קאַלמען באַווײַזט אים, ער לייגט אַרײַן די בריוולעך אין די קאָנווערטן, באַשמירט מיטן ווײַסכען פון איי, גיט איבער מאַשען). נאַ, מאַשוטעטשקע, נעשאָמעניו, גיי טראָג זיי אויף די בריוולעך, לאָז זיי זיך קוויקן...

**מאַשע.** וואָס פאַר אַ מאַשוטעטשקע בין איך דיר, ברענען זאָלסטו? (גייט אָפּ מיט די בריוולעך).

**אייציק** (צו מאַשען). אָמיין, גאָם אַטעם!... (צו ציוויע־קיילען). אַצינד גיט אַהער, מומעניו, נאָך אַ פּאָר גלעזלעך, וועלן מיר פאַרזוכן דעם ווישניק אײַערן, וואָס פאַר אַ טאַם ער האָט, און טאַקע אין איינוועגס טרינקען לעכאַיִם, וואָרעם מע דאַרף סײַוויסײַ שטאַרבן, ווי מײַנער אַ באַקאַנטער שנײַדער האָט געזאָגט, בעשאַס ער האָט דערזעען, אַז מע גיט צום טיש אַ פולע שיסל מיט הייסע לאַטקעס... טרינקט, רעב קאַלמען!

**קאַלמען דאַלעס** (אויפגעלעבט). אַ ייִד טרינקט דען? ווען טרינקט אַ ייִד? אַ ייִד טרינקט איין מאָל אין אַ שמיטע...[1] לעכאַיִם, לאָז גאָט געבן, מע זאָל זײַן ייִדן, וואָרעם איך גיי מיר מיט מײַן גאַנג... איך זאָג, אַז אַ ייִד איז גאָר אַן אַנדער זאַך! אַ ייִד איז ניט קיין גוי... אַ גוי איז אַ גוי, און אַ ייִד איז אַ ייִד... דיזן, דאַזן — איר פאַרשטייט, צי ניין?...

א י צ י ק. זעט איר, דאָס איז שוין אַן אופטו! דאָס איז אַ סייכל! אַ גוי איז אַ גוי, און אַ ייִד איז אַ ייִד. מער מע לעבט, מער עסט מען... צוליב דעם אַליין מוז מען איבערזעצן דעם פּאַסעק נאָך־אַמאָל. (גיסט אָן, אַלע דרײַ טרינקען). איך האָב מיך דערמאַנט אַ לידל. איר דאַרפט עס קענען, רעב קאַלמען, עס זינגט זיך אַזוי. איך וועל זינגען, און איר וועט מיר אונטערהעלפן (צו קאָפּלען). און איר, פּלעשעוואַסער, מעגט אויך אונטערהאַלטן (זינגט).

גייט אַ גוי אין שענק אַרײַן,
אין שענק אַרײַן,
אין שענק אַרײַן,
טרינקט זיך אויס זײַן פּעסל ווײַן,
זײַן פּעסל ווײַן,
זײַן פּעסל ווײַן.

א ל ע ד ר ײַ.
אוי, אוי, אוי!
שיכּור איז אַ גוי!
שיכּור איז ער,
טרינקען מוז ער,
ווײַל ער איז אַ גוי!
שיכּור איז ער,
טרינקען מוז ער,
ווײַל ער איז אַ גוי!

א י צ י ק.
נעמט אַ ייִד אַ גלעזעלע ווײַן,
אַ גלעזעלע ווײַן,
אַ גלעזעלע ווײַן.
שעלט ער באַלד אין טאַטן אַרײַן,
אין טאַטן אַרײַן,
אין טאַטן אַרײַן.
אוי, אוי, אוי!
שיכּור איז אַ גוי...

(עס קומט אָן פֿונויבן ס א ש ק ע מיט אַ הינטל אין דער האַנט, גייט אונ־טער שטיל צו ציוויע־קיילען, טראָגט איר אונטער דאָס הינטל צום האַלדז).

צ י ו י ע ־ ק יי ל ע (טוט א שפּרונג אָפּ). פאַרכאַפּט זאָלסטו ווערן, דו ווערוריק אײנער, מיט דײַנ הונט, די קאַפּאָרע זאָלסטו זײַנ מיט אים אינײנעם! דו האָסט דאָך מיך איבערגעשראָקנ קימאַט אפ טויט!

ס א ש ק ע (לאַכט). ער האָט דענ דיר א ביס געטאָנ? מאָפּס בײַסט זיך ניט. מאָפּס איז א גוטינקער, א ווילינקער!... (טראָגט צו דאָס הינטל זיך צום פּאָנעם).

א י צ י ק (באַטראַכט דעם הונט). ווי אַלט איז ער, ביז הונדערט אונ צוואַנציק יאָר, דאַרפ איך פרעגנ?

ס א ש ק ע. קײנ האַלב יאָר נאָך נישט אפילע.

א י צ י ק. קײנ אײַנהאָרע ניט! שטײט שוינ אַלײנ?

ס א ש ק ע (לאַכט). צי ער שטײט שוינ אַלײנ? כאַ־כאַ־כאַ! איר זאָלט אים זענ לויפנ! פײַל אויסנ בויגנ! גיכער פונ אנ אײַזנבאַנ... אינ אײנ מינוט קאָנ ער אײַך אָפּלויפנ טויזנט מײַל!...

א י צ י ק. טאַקע בעעמעס? מע קאָנ ניט זאָגנ, אַז ס'איז א גוזמע... וואָס קאָסט ער, דאַרפ איך פרעגנ?

ס א ש ק ע (די הענט אינ די קעשענעס). אָ! ער קאָסט גענוג! די מאַמע מײנט, אַז ער קאָסט נישט מער ווי דאָס פינפּערל, וואָס זי האָט באַצאָלט... דאָס ווײסט זי ניט, אַז אַכוץ דעם פינפּערל האָב איך שטילערהײט אונטערגעשמירט מיט נאָך עטלעכע פינפּערלעך, זי זאָל ניט וויסנ...

א י צ י ק. ווו האָסטו גענומענ פינפּערלעך, דאַרפ איך פרעגנ? געמאַכט מיט די רויפ?... (א מאַך מיט דער האַנט אונ א ווונק מיט די אויגנ).

ס א ש ק ע (לאַכט). ווער פרעגט דיך?... לעמײַ איך האָב נאָך געלט?..

א י צ י ק. עפּעס אַסאַך?

ס א ש ק ע. טויזנט!... בא דיר איז דאָס אַסאַך, בא מיר איז עס גאָרניט. איך זאָל וועלנ, וואָלט איך געקאָנט האָבנ נאָך! (נעמט אַרויס א בײַטעלע, קלינגט מיט דעם אינ דער לופטנ). אָט האָט מיר קלאַרא געגעבנ עטלעכע גאָלדענע, ערשט נעכטנ...

א י צ י ק. פאַר וואָס?

ס א ש ק ע. פאַר שווײַגנ.

א י צ י ק. וואָס הײסט, פאַר שווײַגנ?

ס א ש ק ע. איך זאָל שווײַגנ. איך זאָל ניט זאָגנ קײנעם, אַז זי האָט זיך געקושט מיטנ פּראָוויזאָר אונטנ אפ די טרעפּ, בעשאַס זי איז געגאַנגענ אים באַגלײטנ... (ציוויע־קײלע, קאַלמענ אונ קאָפּל לאַכנ).

א י צ י ק. בראוואָ, סאשקע, בראוואָ! ביסט א ווילער באָכער און א באַל־סאָד, וואָס מע קריגט דאָס נישט! קום דערפאר אהערצו מיט דײַן קאָדעש, וועסטו פארזוכן אזא מאשקע, וואָס דו האָסט אזעלכעס בא דײַן טאטן קיינמאָל ניט געטרונקען! (גיסט אים אָן א גלעזל). עפשער האָסטו מוירע, ס׳איז צו שטארק?

ס א ש ק ע. איך האָב קיין מוירע ניט פאר צו שטארק. (פארזוכט). ס׳איז דאָך אונדזער ווישניק!...

צ י ו י ע־ק י י ל ע (ווערט רויט, קוקט ניט אין די אויגן ארײַן, רעדט צו זיך). א מאקע אים!...

ס א ש ק ע (פארזוכט נאָכאמאָל). איך טרינק אים אלע טאָג באם טיש, אמאָל א גלעזל, אמאָל צוויי... איך קאָן אויסטרינקען דרײַ אויך, און פיר אויך, און צען, און צוואנציק, און דרײַסיק, און טויזנט גלעזלעך אויך! נאָר מאָפּס טרינקט נישט... (טראָגט צו דעם הונט צו קאלמענען גלײַך אין פּאָנעם ארײַן. קאלמען שפּרינגט אָפּ). כא־כא־כא, ער האָט מוירע פאר א הונט! קוקט אָן א מאָרדע, קוקט אָן אויערן א פּאָר! (שטופּט אים דעם הונט).

ק א ל מ ע ן ד א ל ע ס. (שטופּט אים אָפּ). איך האָב ניט מוירע, נאָר איך האלט נישט פון קיין הינט... א ייִד האָט פײַנט א הונט... א ייִד איז נישט קיין גוי!... (זינגט).

גייט א גוי אין שענק ארײַן,
אין שענק ארײַן,
אין שענק ארײַן.
טרינקט זיך אויס א פעסל ווײַן,
א פעסל ווײַן,
א פעסל ווײַן.

א ל ע.

אוי, אוי, אוי!
שיקער איז א גוי!
שיקער איז ער,
טרינקען מוז ער,
ווײַל ער איז א גוי!...

ס א ש ק ע (שטופּט דעם הונט קאָפּלען). וואָס זאָגסטו אפּ מײַן הונט?

ק אָ פּ ל (שפּרינגט אָפּ). זינט איך לעב... זינט איך שטיי אפּ מײַנע פיס...

צ י ו י ע־ק י י ל ע (צו סאשקען). לאָז צורו! קום בעסער אהער, וועל איך אים געבן עסן.

ס א ש ק ע (פריילעך). לאנג לעבן זאָלסטו, ציוויע־קיילע! דערפאר האָב איך דיך ליב. (גיט דעם הונט עסן. עס קומט אָן מאשע).

א י צ י ק. נו, מאשעניו, מײַן לעבן? האָסט אָפּגעגעבן די בריוולעך אקוראט?

מ א ש ע. וואָס דען האָב איך געטאָן?

א י צ י ק. בראַוואָ!

(טראָגט צו דאָס גלעזל צו די ליפּן און שיסט אויס א מוירעדיקן געלעכטער. אלע בלײַבן זיצן, קוקן זיך איבער).

צ י ו י ע־ק י י ל ע. וואָס איז דיר צוגעקומען, מעשומעד איינער?

ק א ל מ ע נ ד א ל ע ס. א ייִד איז פריילעך. ס'איז אים גוט אפן הארצן, לאכט ער... א ייִד איז ניט קיין גוי... א ייִד... (זינגט).

נעמט א ייִד א גלעזעלע וויין,
א גלעזעלע ווײַן,
א גלעזעלע ווײַן.
שעלט ער באלד אין טאטן ארײַן,
אין טאטן ארײַן,
אין טאטן ארײַן.

א ל ע.

אוי, אוי, אוי!
שיקער איז א גוי!
שיקער איז ער,
טרינקען מוז ער,
ווײַל ער איז א גוי!...

א י צ י ק (שיסט אויס נאָכאמאָל א געלעכטער). אוי, ייִדן, איר זאָלט וויסן, וואָס דאָרטן טוט זיך! (ווײַזט ארום, אפ די טרעפּ).

צ י ו י ע־ק י י ל ע (צו מאשען). וואָס קוועלט ער אזוי, דער מעשומעד?

מ א ש ע. ווייסט אים דער רועך! ס'איז אים אָנגעקומען דאָס מעשוגאַס...

ק אָ פּ ל. זינט איך לעב, זינט איך שטיי אפ מײַנע פיס...

א י צ י ק (האלט זיך בא די זײַטן, לאכט אלע מאָל שטארקער). וואָס ווייסט איר, וואָס פאר א כאסענע איך האָב אָנגעארבעט! איך האָב דאָך פארביטן די יאָצרעס [2]... ארײַנגעלייגט מײַן אראָנטשיקס בריוול צו דער שיינער קאָלאָראדע, און דעם אפטייקערס בריוול צו מײַן אראָנטשיקס

קאלעכנ — און לאָזנ זיי זיך דאָרטנ רײַסנ ווי די קעצ! (ווערט שיר ניט צעפּלאַצט פאַר געלעכטער).

צ י ו ו י ע־ק יי ל ע (א פּליעסק מיט די הענט). א, דו מעשומעד אייבער, וואָס האָסטו געטאָנ?

מ א ש ע (ברעכט די פינגער). אוי, א דונער איז מיר! אָט לויפ איך זיי זאָגנ. (לאָזט זיך לויפנ, ציוויע־קיילע האלט זי אָפּ).

צ י ו ו י ע־ק יי ל ע. וואָס ווערסטו לויפנ? איצט איז שוינ פאַרפאַלנ... מאַך שוינ בעסער א שווײַג... לאָזנ זיי זיך רײַסנ, לאָזנ זיי זיך בײַסנ. א שיינע, ריינע קאַפּאָרע!

א י צ י ק (קאַטשעט זיך). אוי, איך וועל דאָס ניט אויסהאלטנ!...

ק אָ פּ ל (קנייטשט מיט די פּלייצעס). זינגט איך לעב, זינט איך שטיי אָפּ מײַנע פיס!...

ק א ל מ ע נ ד א ל ע ס. ער לאַכט, מאַכטייסע. וואָס אַרט אײַך, לאָז ער לאַכנ, לאָז א ייִד אויך לאַכנ... א ייִד איז ניט קיינ גוי... א ייִד... (זינגט)

שיקער איז א גוי!
שיקער איז ער,
טרינקענ מוז ער,
ווײַל ער איז א גוי!...

א י צ י ק (צו קאַלמענענ). אָט ווענ איך האָב ליב! לאָמיך האָבנ אזא יאָר, וואָס פאַר א ייִד דאָס איז! לעכאַיִם, רעב קאַלמענ! איר פאָלגט מיך, נעמט טרינקט לעכאַיִם צו אײַער ציוויע־קיילענ, און לאָז זײַנ איך א גוטער שאָ! איר מיינט, מע ווייסט ניט, אז איר שאַדכנט זיך צו איר? האָט קיינ יעסורים ניט, מע ווייסט, א וועלט שלאָפט נישט! לאָמיך האָבנ אזא יאָר, וואָס פאַר א גלײַכער סליוועק [3] דאָס איז! (גיסט זיי אָנ ביידנ א גלעזל ווישניק). טרינקט לעכאַיִם און לאָז זײַנ מיט גליק, פונדאַנעט אינ אנ אייגענער, ווי מײַנ פעטער האָט געזאָגט, בעשאַס מע האָט אים דאָס דריטע מאָל אַרײַנגעזעצט אינ געפענקעניש... און דו, מײַנ טײַערע נעשאָמע, מאַשענקע, לעבנ זאָלסטו מיר, דו מיינסט, איך ווייס ניט, אז דו האָסט מיך ליב? לאָמיך, לעמאָשל, ניט קומענ צו גיינ א טאָג, פליסטו דאָך צוואַנציק מאָל אַראָפּ אינ קיך, זעענ, צי בינ איך שוינ געקומענ, און לאָמיך קומענ צו גיינ — שעלסטו מיך קלוימערשט מיט טויטע קלאָלעס... נאָר בלאָטע! איציקנ נאַרט מענ נישט! איציק ווייסט!... נא, זע, וואָס כ׳האָב דיר געקויפט! (נעמט אַרויס און טוט איר אָנ א קייטל אָפּנ האַלדז). ס׳איז קעסעפ טאָהויר [4] — ריינ גאָלד, נאַרעלע

וואָס דו ביסט. פֿאַרנוץ געזונט, ווי מײַן רעבע האָט געזאָגט מײַנעם א כאוזער, בעשאס ער איז געפֿאַלן און זיך צעשפּאַלטן א ליפּ...

(טראָגט איר אונטער א גלעזל ווישניק. זי קווענקלט זיך, באַטראַכט די קייט, באַווײַזט ציוויע־קיילען).

ציוויע־קיילע. פֿאַרנוץ געזונט! (אַפֿ איציקן). א מעשומעד דאָס איז!

קאָפּל (גייט צו צו מאַשען, באַטראַכט די קייט, קנײַטשט מיט די פּלייצעס, גייט צוריק). זינט איך לעב! זינט איך שטיי אַפֿ מײַנע פֿיס!...

איציק. מיקויעך כאַסענע וועלן מיר שמועסן אַן אַנדערש מאָל. אַצינד דאַרף מען בּרעכן טעלער. (נעמט פֿונעם פּריפּעטשיק צוויי טעלער, טוט זיי א וואָרף אין דער ערד אַרײַן). מאַזלטאָוו אײַך, רעב קאַלמען! מאַזלטאָוו אײַך, ציוויע־קיילע! מאַזלטאָוו דיר, מאַשענקע! מאַזלטאָוו אײַך, רעב ייִצכאָק אַלײַן! (צו קאָפּלען). רעב פֿלעשלשווענקער, גיט אונדז אָפּ מאַזלטאָוו! מאַזלטאָוו!

(נעמט אַלעמען פֿאַר די הענט. רעב קאַלמען שאָקלט זיך. ציוויע־קיילע רײַסט זיך. מאַשע קווענקלט זיך. קאָפּל קנײַטשט מיט די פּלייצעס. מע גייט א ראָד. סאַשקע מיטן הונט—אויך אין קאָן. איציק זינגט, קאַלמען העלפֿט אים צו).

אָוו איז א פֿאָטער,
קיידער איז א טאָטער,
מאַיִם רופֿט מען וואַסער,
וואַסער רופֿט מען מאַיִם,
דאַרף מען טרינקען לעכאַיִם —
לעכאַיִם! לעכאַיִם! לעכאַיִם!

טיירערעדערידעראָם! טיירערעדערידעראָם! טידערידעראָם! לאַדערידע־רידעראָם! וואַכטידעראָם! רעב קאַלמען! שטאַרקער! העכער!... קאָפּל! סאַשקע! פֿיסלעך!... טיירערעדערידעראָם! טיירערעדערידעראָם! טידערי־דעראָם! לאַדערידערידעראָם! וואַכטידעראָם!...

(עס עפֿנט זיך די שטוב־טיר און עס באַווײַזט זיך אַפֿ דער שוועל קלאַרא, און באַלד נאָך איר אַנאַ).

קלאַרא. ווער האָט געבראַכט דעם בריוו?

(דערזעט דעם אוילעם טאַנצן, טוט א שפּרונג־אָפּ צוריק).

אַנאַ. ווער האָט געבראַכט דעם בריוו?

(דערזעט קלאַרען, טוט א שפּרונג־אָפּ צוריק.—דער אוילעם הערט אויף צו טאַנצן. מע בלײַבט שטיין פֿאַרגליווערט, יעדער אין אַן אַנדער פּאָזע).

קלאַרא. נא זע, וואָס דײַן טאַכשיט שרײַבט צו דיר!

(טוט איר א שמיץ דאָס בריוול אין פּאָנעם אַרײַן).

אנא. נא זע, וואָס דײַן נאקעטער פּראָוויזאָר שרײַבט צו דיר!
(א שמיץ דאָס בריוול אין פּאָנעם אַרײַן).

איציק. (כאַפּט זיך בײַ די זײַטן, קאטשעט זיך פאר געלעכטער). פארביטן די יאָצרעס! כאַ־כאַ־כאַ!... א קאָמעדיע, ווי איך בין א מענטש! כאַ־כאַ־כאַ!

אלע. פארביטן די יאָצרעס! כאַ־כאַ!
(עס וואקסט אויס די נעגידעס, דערזעט די פלעשלעך מיט די גלעזלעך אפן טיש און דעם אוילעם, ווי מען איז פריילעך און מע לאכט, ווענדעט זיך צו די טעכטער).

די נעגידעס. וואָס איז דאָ? וואָס טוט זיך דאָ? (צו די דינסטן). א וויסטער, א פינצטערער, א שלימאזלדיקער כאָלעם צו מײַנע סאָנימס קאָפּ און צו אײַערע הענט און פיס! וואָס איז דאָס? ציוויע־קיילע, וואָס איז דאָס פאר שיקורים בא מיר אין קיך!... וואָן פונדאנען! וואָן שיקורים!!!...

איציק (צו קאלמענען). איר הערט, רעב קאלמען, אין וואָס מען איז אונדז כוישעד?

קאלמען דאלעס (קוים וואָס ער פּלאָנטעט מיט דער צונג). שיקורים? כאסוועשאָלעם! ווי קומט דאָס צו א יידן? אוביפראט נאָך דער מעטאָדע פונעם שטאנדפונקט פון דער קאפּיטאליזאציע אין די פּאָרגעשריטענע עלעמענטן פונעם קאפּיטאל! ווייס איך וואָס! א ייד איז ניט קיין גוי... (זינגט. די איבעריקע העלפן אים מיט).

אוי, אוי, אוי!
שיקער איז א גוי!
שיקער איז ער,
טרינקען מוז ער,
ווײַל ער איז א גוי!

(די נעגידעס, אויסער זיך, לויפט אראָפּ פון די טרעפּ, כאַפּט פון די ווענט די קליידלעך, וויל אָנהייבן ווארפן אין דרויסן ארויס. זי ווערט אונטערגעכאפּט פאר די הענט פון ביידע זײַטן: פון איין זײַט איציק, פון דער אנדערער זײַט קאָפּל, ווערט ארײַנגעכאפּט אין רעדל אַרײַן. אלע זינגען און טאנצן. זי רײַסט זיך מיט אלע קויכעס, נאָר זי מוז נאָכטאנצן מיט אלע אין קאָן. פּונקט אפּ דער מיטן דרייט זיך סאשקע מיטן הינטל, מאכט פיסלעך אקעגן דער מוטער. איציק גיט אונטער אלעמען היץ, זינגט. אלע העלפן אים, אלע דרייען זיך, ווי א וויכער.—פונויבן, פון די טרעפּ אראָפּ,

קוקט מיט גרויסע אויגן דער נ אָ ג י ד, א שיינער ייִד מיט א צילינדערהוט און מיט א שטעקל, ווייַזט אויס, נאָר־וואָס געקומען פון גאס, זעט דאָס בילד, פארשטייט ניט וואָס זאָל דאָס באַדייַטן. ער טוט זיך א לאָז אראָפּ, הייבט אויף דעם שטעקן מיט גרויס אויפרעגונג, שרייַט עפּעס, נאָר מע הערט ניט וואָס. אין איין מינוט ווערט ער אריַינגעכאפּט אין רעדל אריַין, און ער מוז טאנצן מיט אלע איניינעם. פונעם געזאנג ארויס הערט זיך איציקס קאָל).

**א י צ י ק** (טאנצנדיק). פריילעך! ייִדן! לעבעדיק! אויס באלעבאטים! אויס מעשאָרסים! אלע גלייַך! פארביטן די יאָצרעס!... רעב קאלמען! שטארקער! לעדערידערייידאָם! וואכטידעראָם!

לאנגזאם פאלט דער פאָרהאנג.

# צעזייט און צעשפּרייט

בילדער פֿונעם ייִדישן לעבן, אין דריי אקטן

(געשריבן אין יאָר 1905)

## צו דער צווייטער אופלאגע

מיט אייניקע יאָר צוריק האָט זיך געדרוקט פונ מיר א פעליעטאָנ אינ דער „יודישער פאָלקס־צײַטונג” אונטער דעמ נאָמענ „צעזייט אונ צעשפּרייט, בילדער פונעמ יידישנ לעבנ”. האגאמ דיראָזיקע בילדער זײַנענ געשריבנ אינ א דראמאטישער פאָרמ, דאָך האָט זיך מיר אפילע ניט געכאָלעמט, אז איך וועל אמאָל זוכע זײַנ צו זעענ זיי אופגעפירט אפ דער סצענע.

אינ עטלעכע יאָר ארומ האָט מענ די פּיעסע איבערגעזעצט אינ דער פּוילישער שפּראך אונ מע האָט זי געשפּילט אינ פּוילישנ טעאטער אינ ווארשע. עמעס, דאָס פּובליקומ האָט אופגענומענ די פּיעסע אונ דעמ מעכאבער פונ דער פּיעסע זייער ראשנד, די גאַלעריע האָט געפּאטשט „בראוואָ”, ווי געווייִנטלעך, נאָר וואָס מער דער אוילעמ האָט גע־גוואלדעוועט, אזוי מער האָט דאָס דעמ מעכאבער פארדראָסנ: ער האָט געפילט, אז דער פּיעסע פעלט אסאך מער, וויפל זי פארמאָגט; ער האָט געפילט, אז אפ דער בינע ווערט געשפּילט א פעליעטאָנ, נישט קיינ דראמע. דאָס, וואָס איך האָב דעמאָלט געליטנ, קאָנ מענ בעעמעס אָנרופנ „כיבעט האקייווער” 1). „קיינער ווייסט ניט, זאָגט מענ, ווּעמענ דער שוך קוועטשט”. איך בינ געוועג דענסמאָל אויפ נישט דער איינציקער, וואָס האָט אויסגעפײַפט דעמ מעכאבער פונ דער פּיעסע.

איצט, בא דער צווייטער אופלאגע, צומ אופירנ זי אפ דער יידישער בינע, האָב איך זי גענומענ צומ אויסבעסערנ. דאָס „אויסבעסערנ” האָט מיך אָבער אזוי ווײַט פארשלעפּט, אז איך האָב קימאט אָנגעשריבנ א גאנצ נײַע פּיעסע, קימאט נאָר איבערגעלאָזט דעמ הויפּט־געדאנק, די נעמענ פונ די פּארשוינענ אונ א צוויי־דרײַ סצענעס אומגע־ענדערט. איך האָב געוואָלט, אז מײַנ ערשטע פּיעסע אפ דער יידישער בינע זאָל האָבנ כאָטש א שטיקל פּאָנעמ פונ א פּיעסע, אזוי, אז אויב די גאַלעריע וועט זיך ניט קענענ אײַנהאלטנ אונ וועט אמאָל וועלנ „פּאטשנ בראוואָ”, זאָל זי ניט פּאטשנ אומזיסט...

„יונגע דראמאטורגנ—זאָגט טשעכאָוו—באדארפ מענ ווינציקער אפּלאָדירנ אונ מער אויספײַפנ”. גאָלדענע ווערטער !...

שאָלעמ-אלייכעמ.

קיִעוו, מײַ, 1905.

## די פארשוינען:

**מייער שאלאנט.** א ייִד א סויכער, אן אופגעקומענער גויר, א פראָסטער כײַ־וועקײַעם, שבײַדט זיך אפ אן אריסטאָקראט.

**מאלקע.** זײַנ ווײַב, א ייִדענע אנ ערלעכע, א קאָשערע נעשאָמע.

**מאָטוויי.** זייער עלטערער זונ, א „פראנט״.

**פלאָרא.** זייער עלטערע טאָכטער, א גרושע „פענ־דע־סיִעקל״ [2]).

**כאנע.** זייער ייִנגערע טאָכטער. געשאָרענע האָר. רײַסט זיך אפ די קורסנ.

**כאיִם.** זייער ייִנגערער זונ, א ציִאָניסט.

**וואלאָדי.** זייער דריטער זונ, א „כעוורעמאנ״.

**סאשקע.** זייער מיזיניקל, א צעבאלעװעטער בארמיצווע־באָכערל.

**מוישעלע זײַדנשטאמער.** שאלאנטס מעכוטנ, אנ אָפגעפוצט ייִנגל, אײַנגעטונקע אינ ייִכעס.

**איטעלי.** זײַנ ווײַב, טראָגט פערל אינדערוואָכנ.

**אראָנטשיק.** זייער זונ, כאנעס כאָסנ, א „סטאטעטשנע״ באָכער.

**פעסל.** אנ אָרעמע קרויווע מאלקעס, א ווײַבל מיט א פאטשיילע.

**דאווידקע.** מאטווייס א כאווער, א קאָרטנשפילער.

**בעני.** א ייִד מיט א זאָנטיק, האלב מעקלער, האלב שאדכנ.

**מאשע.** א שטוב־מיידל בא די שאלאנטס.

באָכורים מיט שווארצע העמדלעכ, מיידלעכ מיט רויטע בלוזקעס אונ גלאט פארשוינענ.

די געשיכטע קומט פאָר אינ א גרויסער שטאָט.

# ערשטער אקט

באַ אַ גרויסן, רײַך־געדעקטן טיש זיצט מייער שאַלאַנט אין אַ כאַלאַט, פאַרטיפט אין כעשבוינעס. — מאַלקע איז באַשעפטיקט באַם סאַמאָוואַר, טראָגט אונטער איטלעכן טיי. — פלאָרא, אַן אָנגעפּודערטע, מיט ברייטע צעשניטענע אַרבל, זיצט אין אַ וויג־שטול, וויגט זיך און זינגט שטילערהייט.—כאַנע, פאַרטיפט אין אַ ביכל, לייענט.—מאַטוויי, אַ צעקאָשמעטער, פײַפט אונטער שטילערהייט.

## ערשטע סצענע.

**מאַלקע** (אַף רוסיש). **שאַשע! שאַשענקע?**

**סאַשקע** (פונעם אַנדערן כיידער אַף רוסיש). **וואָס איז, מאַמאַשאַ?**

**מאַלקע.** וואָס טוסטו דאָרטן?

**סאַשקע.** איך וואַש די קאַץ. וואָס איז דען?

**מאַלקע.** גיי טרינקען טיי! (מאַטוויי און פלאָרא לאַכן).

**כאַנע** (צו דער מוטער). אַנדערש קאָנסטו טאַקע מיט אים ניט רעדן, נאָר אַף רוסיש?

**מאַלקע.** וויאַזוי דען זאָל איך רעדן, אַז איר רעדט אַלע אַזוי? איך וואָלט אַוואַדע געוואָלט בעסער רעדן אַף ייִדיש, אַף מאַמע־לאָשן, נאָר וואָס זאָל איך טון, אַז איר אַלע, און אַפילע אָט דער אַלטער נאַר (זי באַווײַזט אַף מייערן), האָט זיך אָנגערעדט, מע זאָל אַרויסטרײַבן אונדזער הייליקן לאָשן. און ווער שמועסט, פון זינט מיר זענען אַריבערגעפאָרן אַהער, אין דערדאָזיקער פאַרשאָלטענער שטאָט! וואָס, עפשער ניט אַזוי, מייער?

**מייער.** וואָס ניט אַזוי? אַז דו ביסט אַ בעהיימע? (מאַטוויי און פלאָרא לאַכן).

**מאַלקע.** לאַכט, לאַכט! דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווײַט פונעם ביימעלע. „יאַקי טאַטקאָ, טאַקי דזיעצקאָ"...

**מייער.** שוין? האָסט שוין אָנגעהויבן מיט דײַן מוסער, מיטן טײַטש־כומעש און מיטן פּעטשענע־וואַרענע[8]? (מאַטוויי און פלאָרא לאַכן). ווו איז כּאַיִם? ווו איז וואָלאָדי? (קוקט זיך אַרום). פאַרוואָס זעט מען זיי ניט?

מ א ל ק ע. שלאָפֿן נאָך מינאַסטאַם.

מ יי ע ר. אזוי שפּעט? טאָמער וואָלט מען זיי אופגעוועקט טרינ־קען טיי?

מ א ל ק ע. א ראַכמאָנעס, זיי האָבן זיך שפּעט געלייגט שלאָפֿן.

מ יי ע ר (קוקט אינ די פּאַפּירן). געלערנט?

מ א ט ו ויי. פֿאַרשטייט זיך! ווי דען? מיר דאַכט, אז זיי זענען ביידע געקומען אהיים מיטן טאָג גלייך.

פֿ ל אָ ר א. מיטן טאָג גלייך? געווען שוינ גרויסער טאָג.

מ יי ע ר. (צו מאַלקען). וואָס הייסט דאָס? ווו איז מען דאָס געווען? ווהין גייט מען דאָס ארום גאַנצע נעכט? וואָס פֿאַר ארומגייעכצן באַנאַכט?

מ א ל ק ע. ווייס איך וואָס — קינדער פֿלאַפּלען!

מ א ט ו ויי. מאַמאַשע! וואָס דאַרפֿסטו זיי פֿאַרענטפֿערן? זיי זענען געווען אפֿ א „זאַסעדאַניע”. וואָס איז דער אומגליק?

מ יי ע ר. וואָס פֿאַר זאַסעדאַניעס גאָר?

פֿ ל אָ ר א. שפּילסט זיך מיט זיי? יענע קערן וועלטן!

מ א ט ו ויי. מע ברענט די באָד!

כ א נ ע (ניט צוגעזומען די אויגן פֿונעם בוך). אלץ בעסער ווי שפּילן גאַנצע נעכט אינ קאָרטן.

פֿ ל אָ ר א (צו מאַטווייען). דאָס איז שוינ אינ דיין גאָרטן אריין, מאַטוויי...

מ א ט ו ויי. „לאַנגע האָר, זאָגט מען, קורצער סייכל”. בא איר איז ביידע זאַכן: אי קורצע האָר, אי קורצער סייכל.

כ א נ ע. אי פּלאַטשיק, אי אָן טאַם.

מ א ט ו ויי (ציט אויס א לאַנגן פּייפּ). פּי־יו־יט!

מ יי ע ר (הייבט אופֿ דעם קאָפּ). ווער פּייפּט עס? וואָס פֿאַר א פּייפּעריי?

מ א ל ק ע (צו די קינדער מיט א געבעט). לאָז זיין שטיל, איך בעט אייך!

(סע קומט אָן כ א י ם, טוט א קוש דעם פֿאָטער, גיט כאַנען די האַנט. מאַלקע טראָגט אים אונטער טיי).

## צ ו ויי ט ע ס צ ע נ ע.

מ יי ע ר. ווו ביסטו דאָס געווען, כאַימ? וואָס פֿאַר זאַסעדאַניעס בא דיר?

כ א י ם. פֿונ ציאָניסטן.

מאטווי. פון ערעץ־ייִסראָעל־ייִדן.

מייער (איראָניש). וואָס־זשע איז געבליבן דאָרטן בא אײַך אַף דער אסיפע?

מאטווי. מע זאָל אריבערפעקלען אלע ייִדן קיין ערעץ־ייִסראָעל.

כאיִם. ניט אלע... די ייִדן, וואָס זיי געפעלט ניט ערעץ־ייִסראָעל, קאָנען בלײַבן דאָ.

מאטווי. עס גייט זיי אָפּ צום רומל נאָר א ווײַס פערדל.

(פלאָרא לאכט נערוועז. עס קומט אָן וואלאָדי מיט א פעקל ביכער, טוט א קוש דעם פאָטער, קוועטשט כאיִמען און כאנען די האנט. מאלקע טראָגט אים אונטער טיי).

## דריטע סצענע.

וואלאָדי. וואָס איז דאָ אזוי פריילעך?

כאיִם. וואָס פעלט זיי?

מייער (צו וואלאָדיען, נישט אופגעהויבן די אויגן). נו, און דו, וואלאָדקע? וואוהין ווילסטו אריבערפירן די ייִדן? אויך קיין ערעץ־ייִסראָעל? צי עפשער גאָר קיין מיצראַיִם?

וואלאָדי. וואָס דארף מען קיין מיצראַיִם? מע קאָן ניט זײַן קיין שקלאפן דאָ?

מאטווי. פאפא! דאָס מיינט מען אונדז און דיך אויך בעסויכעם...

מייער (צו וואלאָדיען אין גוטן מוט). מיט א טאטן רעדסטו אזעלכע ווערטער, דו שייגאץ איינער?

וואלאָדי. וואָסערע ווערטער? (מאטוויי פײַפט, פלאָרא לאכט).

מייער (שטרענג). וואָס פאר א פײַפערײַ? וואָס פאר א געלעכטער?

מאלקע (לויפט צו). אָבער לאָז זײַן שטיל! קינדער, לאָז זײַן שטיל, איך בעט אײַך!

(עס קומט אָן סאשקע מיט צוויי קעצלעך אונטער ביידע הענט. ער קושט פריִער דעם פאָטער, נאָכדעם די מוטער. מאלקע באזעצט אים, דרייט זיך ארום אים, גיט אים טיי, ער האָדעוועט די קעץ מיט מילך).

## פערטע סצענע.

מאטווי. אהא! ער איז שוין דאָ מיט דער מישפאָכע!

פלאָרא. סאשקע מיט די קעץ!

סאשקע (קוקט ניט אף קיינעם). פארוואָס קויפט מען מיר ניט קיין וועלאָסיפעד?

**מאלקע** (לויפט צו צו אים). לאָז זײַן שטיל, סאשענקע! וואָס טויג דיר זיך האַלטן מיט אַזאַ מיִעסקײַט? וואַרף זיי אַרויס! שאַט צום זיקאָרן! אַ שערעץ!

**סאשקע** (הערט זי ניט). פאַרוואָס קויפט מען מיר ניט קיין וועלאָ־סיפּעד? (הויך). קיין וועלאָסיפּעד פאַרוואָס קויפט מען מיר ניט?! (אַלע לאַכן, כוץ מאַלקען).

**מייער** (רײַסט זיך אָפּ פון די פּאַפּירן). הא? וואָס האָט ער געזאָגט? וואָס זאָל מען אים קויפן?

**מאַלקע.** ווייס איך וואָס אַ קינד פּלאַפּלט!... אַ לעסיפּעד האָסטו צוגעזאָגט אים קויפן, וואָס?

**מייער.** וואָסערע לעסיפּעדן! וואָסערע פּלאָמען! אַזאַ קליינער וועוועריק ווי דו דאַרפסט נאָך לערנען, ניט אַרומפאָרן אויף ליסעפּעדן און שפּילן זיך מיט אַזאַ פּאַסקודסטווע! (וואַרפט אַראָפּ די קעץ; סאשקע הייבט זיי אויף איינמאָל און צוויי מאָל און דרײַ מאָל. אַלע לאַכן, כוץ מאַלקען). ווּ זענען דײַנע לערערס ווּ?

**סאשקע.** לערערס? כאַ־כאַ־כאַ! געווען איינער אַ לערער, איז ער אויך נישטאָ.

**מייער.** וואָס הייסט איינער אַ לערער? נו, און דער מעלאַמעד — ווּ איז דער רעבע?

**סאשקע.** וואָסער מעלאַמעד, וואָסער רעבע? שוין לאַנג דורכגעטריבן!

**מייער** (איבעראַשט). הא? וואָס? דורכגעטריבן? ווער האָט אים דורכ־געטריבן? ווער האָט דאָס געהאַט אַ האָזע אַרויסטרײַבן אַ מעלאַמעד אָן מיר? (קלאַפּט מיט די הענט אין טיש). איך בין דאָ באַלעבאָס, צי ניין? וואָס שווײַגט איר, ווער איז דאָ באַלעבאָס? (ער גייט אַרײַן וואָס ווײַטער אין אַלץ מער קאַס, וואַרפט די קעץ פונעם טיש; סאשקע וויל זיי אויפהייבן, דער פאָטער טרײַבט אים דורך). גיי דיר, דו פּידסוויניק איינער, מיט דער פּאַסקודסטווע!
(סאשקע מיט די קעץ גייט אַוועק, מורקעט אונטער דער נאָז: „אַ פּאַר־שאָלטענע שטוב“...).

## פינפטע סצענע.

**מאַטוויי** (ציט אויס אַ לאַנגן פײַפּ). פּי־יו־יט!
**פלאָרא** (שטיקט זיך שטילערהייט). כי־כי־כי!
**כאַים** (צו וואָלאָדיען). אַ זעלטן באָכערל!
**כאַנע.** זעלטענע ערציִונג!

וואלאָדי (דעקלאמירט). „וואָס זלאָנראוויא דאָסטאָיניא פלאָדי“...
(א פאָר מינוט הערשט א שטילשווייַגעניש).

כאַיִמ (צו וואלאָדיען). ווען מאכן מיר א דיסקוסיע?

וואלאָדי. נישטאָ דערווייַל קיין פלאצ... (צו כאנען). נעמסט אנ אנ־טייל אינ אונדזערע דעבאטנ?

כאנע. מיט פארגעניגנ. ווענ וועט דאָס זייַנ?

פלאָרא. וואָס? א ספעקטאקל?

כאַיִמ (צו וואלאָדינ). וואָס כאָלעמט זיכ א הונ?

כאנע. פראָסע.

פלאָרא (צו מאטווייען). וואָס זאָגסטו אפ אונדזער קורסיסטקע? זי מיינט, אז וויבאלד מע שערט זיכ אונטער די האָר, אזוי נעמט מענ שוינ צו אפ די קורסנ...

מייער. הא? קורסנ? וואָס פאר קורסנ?

מאלקע. ווייס איכ וואָס קינדער פלאפלענ!

מאטוויי. זי פארגעסט, אז דערווייַל איז זי א יידישע טאָכטער, דאָס הייסט, א „זשידאָווקע מיט אנ אטעסטאט“.

כאַיִמ. אלצ שענער ווי וואלגערנ זיכ אינ אלע קלובנ.

וואלאָדי. אונ שפילנ אינ קאָרטנ.

מייער. וואָס פאר קלובנ? וואָס פאר קאָרטנ?

מאלקע. ווייס איכ וואָס קינדער פלאפלענ! (צו די קינדער). איכ בעט אייַכ, לאָז זייַנ שטיל!

(עס ווערט אפ א ווייַלע שטיל. יונגווארג רעדנ צווישנ זיכ שטילערהייט).

מייער (שטייט אופ פונעמ טיש). ווער וועט מיר אָנשרייַבנ עפעס א רעכטנ בריוו צומ פאָרעצ, צומ גראפ, מיינ איכ?... ער שרייַבט מיר, דער גראפ, אז מע דינגט בא אימ וואלד, מע גיט אימ, זאָגט ער, אנ אייַזערנעמ פרייַז... ער מיינט, איכ ווייס ניט, וואָס ער מיינט!... עס ציט אימ שוינ אהינ, קיינ „מאָנטעקארל“ 4) ציט עס אימ! א קערטעלע!... באדארפ ער האָבנ געלט... בלאָטע! איכ וועל נישט דערלאָזנ, מע זאָל האקנ דעמ וואלד, מאכנ אימ א טעל פונ דער אימעניע, אָבער גאָר לוי... (גייט צו צו א שרייַבטישל, וואָס בא דער זייַט). מע באדארפ אימ אוועקשרייַבנ אזא בריוול, ס'זאָל אימ נעמענ!... נו, קינדער! ווער שרייַבט?

מאטוויי. איכ האָב גאָר פארגעסנ, אז כ'האָב הייַנט קיינ צייַט ניט. (הייבט זיכ אופ אונ גייט אוועק).

פלאָרא. איך וועל מיך היינט אמאָל אָנטון, צי ניין? (הייבט זיך אויף און גייט אוועק).

מייער. נו?

כאַים (צו וואלאָדיען). נו? וועסט עפּשער שרייבן?

וואלאָדי (צו כאַימען). פארוואָס ניט דו?

מייער. נו?

כאנע (גייט צו צום טישל). אָט וועל איך (נעמט זיך צו דער פּען).

מייער. שעמען מעגט איר זיך! מיילע יענע צוויי עלטערע האָבן זיך אָפּגעטראָגן, איז כאָטש דער פארדראָס ניט אזוי גרויס: ס'איז פאר זיי א סאָד, זיי קאָנען נעבעך נישט... אָבער איר, יימאכשמויניקעס? איר יאָכלט דאָך יאָ! קארג קאָסט איר מיך אָפּ?... א ווייל קינד איז טאקע כאנעלע... (צו כאנען). שרייב... (שטעלט זיך אוועק אין א פארטראכטע פּאָזע. דיקטירט). שרייב אים אזוי: „יעוואָ סיאטאלסטווו יאסנאָוועל־מאָזשנעמו פאנו הראביא"... שוין?

כאנע. שוין.

מייער (מיט די הענט). „ריישיס כאָכמע[5]) קום איך דיר, יאסנאָוועל־מאָזשנע פאן הראביא, צו מעלדן... ניין! ערניד עריקסט צו מעלדן מיין איבערגעבנהייט... ניין! מיין אלערטיפסטע איבערגעבנהייט"... שוין?

כאנע. שוין.

מייער. „מיין אלערטיפסטע איבערגעבנהייט און געטריישאפט... ניין! מיין שטענדיקע געטריישאפט צו דיר, יאסנאָוועלמאָזשנע פאן הראביא, און צו דיין הויזגעזינד... ניין! צו דיין יאסנאָוועלמאָזשנע הויזגעזינד..."

כאַים (הויך). איך פארשטיי ניט, צו וואָס זאָל א ייד זיך מאכן אזוי נידעריק פאר א פּאָרעץ?

וואלאָדי. וואָס עפּעס א ייד? און גלאט א מענטש פאר א מענטשן?

מייער (אופגעהויבן דעם קאָפּ). הא? שרייבן קאָן איך נישט — מע האָט מיך ניט געלערנט. נאָר וואָס און וויאזוי צו שרייבן צו א פּאָרעץ—דאָס באדארף איך מיך בא אייך ניט לערנען. איך וועל מיך נאָך אויסגלייכן מיט אלע אייערע קענערס דאָרטן, און עפּשער נאָך מיט א סמיטשעק. צי איר מיינט טאקע, אז וויבאלד איך קאָן ניט קיין געאָגראפיע, אזוי בין איך שוין גאָר א בעהיימע און פארשטיי שוין גאָרניט?

כאַים. ווער זאָגט דען? מע שמועסט נאָר פון דעם, לעמיי זאָל א ייִד אזוי אָנבייגן דעם קאָפ פאר א פּאָרעצ היינטיקע צייטן?

וואלאָדי. וואָס עפעס א ייִד? יעדער מענטש באדארפ זיך האלטן מענטשנגלייך. א מענטש באדארפ קוידעמקאָל אכטן זיך אליין, אליין קוקן אפ זיך, ווי אפ א מענטשן.

מייער. גוט, גוט. דער גראפ קאָן מיך, באַרוכאשעם, נישט דאָס ערשטע יאָר, און כאָטש איך האָב אין די „גימנאזיעס" ניט געלערנט, וועט ער פונדעסטוועגן אוועקגעבן פאר מיר דריי הונדערט פאָר מיינע בעריעס אזעלכע ווי איר, וואָרעם ער ווייסט, פארשטייט איר מיך, אז איך בין אים געטריי און איבערגעגעבן ווי א הונט...

כאַים און וואלאָדי (ביידע מיטאַמאָל). אַט־אַט, אָט דאָס מיינט מען טאקע! אָט דאָס וואָרט „הונט" איז איבעריק.

מייער (אופגערעגט). ווילט איר מיך לערנען סייכל, הייסט עס? די נאָז שנייצט אויס, יונגע צוציקעס וואָס איר זייט! (שרייט אלעמאָל העכער). וואָס פאר א האָזע האָט איר דאָס גאָר אזוי צו רעדן מיט א טאטן, הא? וואָס שווייגט איר?!...

מאלקע (לויפט ארונטער אינ אימפעט). אָבער געוואלד! לאָז זיין שטיל, אין גאָטעס ווילן, מייער! (שיקט ארויס כאַימען און וואלאָדען, נעמט צו די פּען בא כאנען). נו, גענוג, לאָז איבער אפ שפּעטער. מע וועט שוין שפּעטער שרייבן.

(כאנע גייט אָפּ, מייער און מאלקע בלייבן אליין).

## זעקסטע סצענע.

מייער (שפּאנט ארום איבערן שטוב). נו, א שטוב! נו, קינדער!

מאלקע. דיין שטוב, דיינע קינדער...

מייער. און דיין האשגאָכע.

מאלקע. נישט דו האָסט דאָס באדארפט זאָגן!

מייער. און דו וואָלסט בעסער שווייגן.

מאלקע. שווייגן? איך האָב שוין גענוג געשוויגן. איינגעמידט זיך שווייגנדיק. צייט איך זאָל שוין עפּעס רעדן. איר לאָזט מיך דען אויסרעדן א וואָרט? איך האָב דען אויך עפעס א דייע? און ווער איז שולדיק, אז ניט אָט די שטאָט מיט דער שטוב מיט דעם נייעם שניט? נישט געווען קיין געלט, איז נישט געווען קיין טארעראם, מיט קיין הארמידער, מיט קיין פּוסטעקראטישע גענג 6). נישט געווען די גרויסע שטאָט,

האָב איך נישט געוווּסט פון קיין שפּיגלען, מיט קיין פּאָטעלן, מיט
קיין צאַצקעס, מיט קיין טאָפּטשאַנעס, מיט קיין לעסיפּעדן...

מייער. ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט, אַז ניט דו, צוליבן טײַערן
מיזיניקל?

מאַלקע (אַ פּליעסק מיט די הענט). אוי, איך וועל מיר נאָר אַ מײַסע אָנ־
גון! איך האָב אויסגעטראַכט? איך? דו האָסט שוין, אַפּאָנעם, פאַרגעסן,
מייער, אַז דו ביסט געקומען צו פאָרן אַנומלטן פונעם גראַף, האָסטו
אַליין געזאָגט, אַז דו וועסט אים קויפן אַ לעסיפּעד. איך ווייס?
איך זאָל, דאַכט מיר, לעבן דרײַ הונדערט יאָר, וואָלט איך מיך באַ־
גאַנגען אָן דעם! אַדרבה, איך האָב געזאָגט, מע דאַרף ניט, איך האָב
גאָר מוירע געהאַט, דאָס קינד זאָל זיך סאַכאַקל ניט אויסברעכן אַ האַנט
אָדער אַ פוס, האָט מען נאָך געמאַכט פון מיר דאָס גרעסטע געלעכטער!

מייער. פאַרשטייט זיך, מע האָט געלאַכט, ביסט אַ געשלייערטע
האַנדזי, לאַכט מען!

מאַלקע. און דו ביסט דאָך דער גרויסער כאָכעם מיטן גרויסן
פוסטעקראַט [6])! זינט מיר האָבן באַקומען געלט און אַרויסגעפאָרן אין
דערדאָזיקער שטאָט, זענען מיר געוואָרן מיט גאָטס הילף גאַנצע
פוסטעקראַטן [6])!

מייער. און אַז מיר זענען, ניט הײַנט געדאַכט, געזעסן אינעם
פאַרשטונקענעם שטעטל און געפּייגערט פאַר אַ דרײַערל, איז דיר גע־
ווען בעסער? עס לוינט דיר ניט, אַפּאָנעם, וואָס איך הייס איצטער
„פאַני שאַלאַנט" און בין אַ מעכוטן מיט מוישעלע זײַדנשטאַמער? צי
נאָך דײַן סייכל קומט עפּשער אויס, אַז ס'איז געווען שענער דעמאָלט,
אַז איך האָב געהייסן „מייער טשאָלנט", און דיך האָט מען גערופן די
„די טשאָלענטעכע" — איאָ?

מאַלקע. איך זאָל האָבן די בראָכעס, ריבוינעשעלוילעם! ס'איז
מיר גאָר געווען בעסער, אַז איך האָב געהייסן „טשאָלענטעכע" און
בין מיר געשטאַנען באַ די פּיש...

מייער. ששש!... בעהיימע! דאַרפסט, אַז די קינדער זאָלן נאָך דערהערן?

מאַלקע. איז וואָס? לאָזן זיי הערן! איך דאַרף מיך שעמען פאַר
זיי? איך האָב עפּעס געגאַנוועט? כאָלילע צוגענומען פרעמדס? איך
האָב ערלעך, קאָשער פאַרדינט... האַלעווײַ וואָלטן מיר ניט אַוועקגע־
וואָרפן די אַלטע פּאַרנאָסע, נישט פאַרגלוסט קיין גרינגע פייגעלעך מיט
קיין פּריצים, מיט קיין גראַפן, מיט קיין אימעניעס, און ניט אַריבער־

געפּאָרן אהער, אינ דערדאָזיקער פאַרשאָלטענער שטאָט, צווישן הול־טײַעס, וואָס מע ווייסט נאָר אויסברענגען, טרענצלען קערבלעך דער רועכ ווייסט אפ וואָס, אפ שפּיגלען מיט טאָפּטשאנעס, מיט „טרעיאטערס", מיט גימענאזיעס, מיט סאָבראניעס, מיט גוליאניעס — טפו!

מ יי ע ר (לאכט). „סאָבראניעס־גוליאניעס"? כא־כא־כא!

מ א ל ק ע. לאכסט? אז אָכ און וויי צו דײַנ געלעכטער!... איכ זאָל האָבנ די טויזנטער, וואָס ס'איז געווענ בעסער דעמאָלט אָנ געלט, ווי אצינד מיט געלט... ניט געווענ קיינ געלט, זענענ די קינדער געווענ קינדער; אצינד זענענ די קינדער קיינ קינדער ניט, די מאמע איז קיינ מאמע ניט. איטלעכער גייט וווהינ ער וויל: איינער אינ ליסי, דער אנדערער אינ סטריסי. משטיינס־געזאָגט, צעזייט און צעשפּרייט אפ אלע זיבנ יאמענ!...

(וויינט, לאָזט זיכ צו דער טיר, באגעגנט זיכ מיט די מעכותאָנים, מ ו י ש ע ל ע ז ײַ ד נ ש ט א מ ע ר און ז ײַ נ ו וײַ ב א י ט ע ל י, טוט זיכ א נעמ צוריק).

## זיבעטע סצענע.

מ יי ע ר (שטייט אוף, גייט זיי אקעגנ, רײַסט א האנט אָנ א האנט). א? באָרוכ־האבאָ, געסט! זיצט, זיצט, מעכותנ! מעכעטענעסטע, זיצט! מאלקע! הייס געבנ טיי, הייס מאכנ קאווע, הייס דערלאנגענ עפּעס פאַרבײַסנ! (מאלקע שאפט. עס ווערט ארײַנגעטראָגנ א גרויסע זילבערנע טאצ מיט אלדאָס גוטס). וואָס־זשע מאכט איר עפּעס, מעכותנ? ווי גייט עס אײַכ אינ געזונט? וואָס מאכט עפּעס דער כאָסנ? פארוואָס זעט מענ אימ ניט?

ז ײַ ד נ ש ט א מ ע ר. וואָס זאָלנ מיר מאכנ? מע לעבט, דאנק גאָט.

(צעלייגט זיכ גאנצ ברייטלעכ אינ א ווייכנ פאָטעל. טראָגט אונטער א זילבערנ פּושקעלע מיט טאבעקע צו דער נאָז, רעדט הויכ, געצײלטע ווערטער, און לאָזט אויס אלע מאָל מיט א לאנגנ „און יאָאָאָאָ!!!" ביידע מעכעטענעסטעס זעצנ זיכ אוועק איינע אקעגנ דאָס אנדערע מיט צונויפגעלייגטע הענט און מע רעדט שטילערהייט).

מ יי ע ר. וואָס־זשע הערט זיכ עפּעס בא אײַכ? זעט, נעמט עפּעס אינ מויל ארײַנ, מעכותנ. מעכעטענעסטע, נעמט עפּעס! מאלקע! בעט, זיי זאָלנ עפּעס נעמענ אינ מויל ארײַנ!

מ א ל ק ע. נעמט עפּעס, פארוואָס נעמט איר עפּעס ניט, איכ בעט אײַכ!

ז ײַ ד נ ש ט א מ ע ר. ס'איז אזוי די מײַסע. געגאנגענ פארבײַ. וואָלט נישט ארײַנגעגאנגענ. רופט זיכ אָנ צו מיר זי: „לאָמיר ארײַנגיינ".

זאָג איך: „וואָס עפּעס פּלוצים אינמיטן דרינען? זאָגט צו מיר זי „וואָס אַרט דיך? מיר זענען שוין דאָ, לאָמיר אַרײַנגיין”. זאָג איך: „מיילע, לאָמיר אַרײַנגיין”... און יאָאָאָ! איך בין, דאַרפט איר וויסן, נישט קיין ליבהאָבער אָפּ גיין. מיר אַלע האָבן נישט ליב גיין. די זײַדנשטאַמערס האָבן פײַנט גיין. כאָטש אַפילע דער דאָקטער האָט מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל דאַפקע גיין, און דאַפקע אַסאַך! צוליב דער לופט. וואָרעם לופט איז א גרויסער איניען... און יאָאָאָ! נאָך מײַן זיידע, אָלעווהאַשאָלעם, פלעגט זאָגן, אז לופט — דאָס איז אזא מין זאַך, וואָס סײַ א מענטש, סײַ, לעהאַוודל, א בעהיימע אָדער א כײַע, אָדער אַזוי א לעבעדיקע זאַך, קאָן זיך אָן דעם נישט באַגיין. מאַכמעס לופט איז אזא מין זאַך, וואָס, וואָס... פאַרשטייט איך מיך... נאָך דער ראַמבאַם[7] ברענגט, אז אַלפי כאָכמעס הדאָקטאָריע קומט אויס, אז בעשאַס א מענטש כאַפּט דעם אָטעם... און יאָאָאָ!... איר האָט דאָך געהערט מיסטאַמע פונעם ראַמבאַם?

מייער. געהערט, ווי דען? פאַרוואָס נעמט איר עפּעס ניט אין מויל אַרײַן, מעכוטן? מעכעטעטעסטע, פאַרוואָס נעמט איר עפּעס ניט? מאַלקע! בעט, זיי זאָלן עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן!

מאַלקע. נעמט עפּעס, פאַרוואָס נעמט איר עפּעס ניט, איך בעט אײַך?

זײַדנשטאַמער. ברענגט ער, דער ראַמבאַם, הייסט עס, ערגעץ אין אַן אָרט, אז אַלפי „כאָכמעס האַפילאָסאָפיע” איז לופט קימאַט אַזוי נייטיק, ווי וואַסער. און וואַסער איז דאָך מאַיִם, פון די ארבעה יסודות[8], הייסט עס... (ציילט אָפּ די פינגער). רוח — לופט, מים — וואַסער, אש — פײַער, עפר — ערד...[9] (טוט א ניס).

איטעלי. צו געזונט און צו אַריכעס יאָמים[10]!

מייער און מאַלקע. צו געזונט און צו אַריכעס יאָמים!

זײַדנשטאַמער. א דאַנק... און יאָאָאָ!... איז ווו האַלט איך, הייסט עס? בא די ארבעה יסודות...

איטעלי. יאָ! דו האָסט דאָך געוואָלט, דאַכט מיר, שמועסן מיט זיי פון עפּעס אַן אַנדער איניען גאָר?...

זײַדנשטאַמער. וואָס־זשע האָבן מיר אַזוי קיין צײַט ניט? מיר וועלן נאָך רעדן. דו ווייסט דאָך, אז די זײַדנשטאַמערס האָבן פײַנט כאַפּ־לאַפּ. די זײַדנשטאַמערס האָבן צײַט. די זײַדנשטאַמערס האַלטן פונעם גלײַכווערטל: „גיי נישט גיך, וועסטו נישט רײַסן קיין שיך”.

איר האָט געהאָרכט אמאָל דאָסדאָזיקע גלײַכװערטל? דאָס איז מײַנ זײדנס א װאָרט. מײַנ זײדע, אָלעװהאשאָלעם, האָט געהאט אינ זיכ װערטער — װאָס װײסט איר? װאָס װײסט איר? אונ יאָאָאָ!... „דאָס עפּעלע, פלעגט ער זאָגנ, פאלט נישט װײַט פונעם בײמעלע״. אונ „ייכעס־אָװעס פלעגט ער זאָגנ, גא בײס האקװאָרעס״, אָדער: „אז גאָט װיל, שיסט א בעזעם״. האָט איר געהערט אמאָל דאָס װאָרט? איז דאָס אויכ זײַנס... הא איטל, װאָס זאָגסטו?

איטעלי. זײַנס, זײַנס, זײכער צאדיק ליװוראָבעס[11])! נאָר מיר דאכט, אז...

זײַדנשטאמער. האָב קײנ יעסורימ ניט, איכ װײס װוּ איכ האלט... אונ יאָאָאָ!... איז מײַנ זײדע, זײכער צאדיק ליװוראָבע, געװענ א ייִד א כאָכעמ אונ א גרויסער מעיוכעס, װי אײַכ איז באװוּסט, דעמ אלטנ רזשישטשעװער רענדארס אנ אײניקל. איר פארשטײט? פונ אײנ זײַט דער „בעל השור שנגח״[1]), פונ דער אנדערער זײַט דער רזשי־ שטשעװער רענדאר, װאָס געהײסנ האָט ער אונ אונ גערופנ האָט מענ אימ „רעב ארנ״. דאָס איז ער טאקע נאָכ אימ א נאָמענ, דער כאָטנ אײַערער, א שקאָצ א גרויסער! װעדליק דער נאָמענ זײַנער, װאָלט ער געמעגט זײַנ א קאפּעטשקעלע פרימער, כע־כע, נאָר גאָרנישט, מע קאָנ מיט הײַנטיקע קינדער גאָרנישט מאכנ. אז ס'איז גאָר געװאָרנ א מאָדע — אלע װילנ לערנענ זיכ! אלע װילנ לערנענ!

איטעלי. שטודירנ אינ די קלאסנ.

זײַדנשטאמער. אונ יאָאָאָ!... האָב איכ געזאָגט מײַנ זונ: לער־ נענ—װיפל דו װילסט, אבי ניט אינ די קלאסנ! װאָרעמ אונדזער מישו־ פּאָכע, װי אײַכ איז יאָדוע, איז קײנ אײַנהאָרע א היפּשע מישפּאָכע, װעט איר פונדעסטװעגנ ניט געפינענ בא אונדז נישט קײנ דאָקטער, נישט קײנ אדװאָקאט. נישט מאכמעס מיר זענענ, כאָלילע, אזעלכע פארברענטע כסידימ; אדעראבע, מאכטײסע, פארװאָס נישט? נאָר גאָר נישט, מיר זענענ נישט גוירעס[13]), מיר האלטנ עפּעס נישט דערפונ! (טוט א מאכ מיט דער האנט). אונ יאָאָאָ!... קאָנט איר דערפונ פארשטײנ, װאָס פאר א פּאָר־ נעמ עס האָט בא מיר, אז ער קומט צו גײנ צו מיר, דער כאָסנ הײסט עס, אונ זאָגט מיר, אז באשער אזוי װי זי, הײסט עס, װיל, ער זאָל זיכ לערנענ נאָכ...

איטעלי. שטודירנ, הײסט עס, אינ די קלאסנ.

זײַדנשטאמער. אונ יאָאָאָ!... זי איז אימ מסית ומדיח[14]), רעדט אימ צו, הײסט עס, ער זאָל זיכ מײכינ זײַנ, צוגרײטנ

זיך, הייסט עס, אין די קלאסן, און די כאסענע, זאָגט זי, זאָל מען אָפּלייגן אַ שפּעטער, אַפּ אמאָל, הייסט עס. זי האָט צייַט. כע־כע!...

מ יי ע ר (צעטראָגן). ווער? ווו?

א י ט ע ל י. טאקע אייַער טאָכטער מיינט מען, די קאלע, הייסט עס דרודלט אָן דעם כאָסן...

מ יי ע ר (כאפּט זיך אויף). הא? וואָס? ווער? כאנע?.. מאלקע, דו הערסט?

מ א ל ק ע. ווייס איך וואָס קינדער פּלאפּלען!

ז ייַ ד נ ש ט א מ ע ר. קינדער, זאָגט איר, פּלאפּלען? עס קאָן זייַן. מיסטאמע קענט איר בעסער אייַערע קינדער... איטלעכער קען זייַנע קינדער... איך ווייס, אז מייַנע קינדער פּלאפּלען ניט, כע־כע! אָט, לע־מאָשל, מייַנע קינדער זענען נישט קיין ציאָניסטן, די זייַדנשטאמערס האלטן עפּעס נישט פון דעם ציאָניזם... נישט מאכטעס איך האָב עפּעס כאָלילע צו די ציאָניסטן א טייַנע? אדעראבע, מאכטייסע, פאַרוואָס נישט? נאָר גאָרנישט, איך בין נישט גוירעס, איך האלט נישט דער־פון! (א מאך מיט דער האנט). צי אשטייגער, קעדוימע לעמאָשל, די הייַנטיקע ווייַסע־כעווערניקעס מיט די הייַנטיקע גענג זייערע, וואָס ווילן איבער־קערן די גאנצע וועלט מיטן קאָפּ אראָפּ, מיט די פיס ארויף, ווילן זיך צעטיילן מיט אייַער געלט, דרינגען, אז אלצדינג, וואָס איר האָט, איז דאָס ניט אייַערס, פריער גאָטס און נאָכדעם פרעמדס, הייסט עס, ס'איז בא אייַך טאמע גנייווע, גזיילע... און יאָאָאָ!...

מ יי ע ר (אופגעבראכט). איך האָב בא קיינעם נישט געגאנוועט, קיינעם נישט באגאזלט. איך האָב מייַן געלט קאָשער פארדינט! איך האָב גע־נוג געהאָרעוועט דערויף! איך בין גענוג...

ז ייַ ד נ ש ט א מ ע ר. (שלאָגט אים איבער). איך ווייס, איך ווייס! ס'ניט איך זאָג עס! דאָס זאָגן זיי, די ווייַסע־כעווערניקעס, הייסט עס... און יאָאָאָ!...

מ יי ע ר. וואָסערע ווייַסע־כעווערניקעס?

ז ייַ ד נ ש ט א מ ע ר. אָט־אָ דידאָזיקע, ווי, לעמאָשל, אייַערע, די יינגערע.

מ יי ע ר (טוט זיך א וואָרף). הא?...

ז ייַ ד נ ש ט א מ ע ר. איר דארפט זיך ניט אָפּעסן דאָס הארץ, מע־כוטן! ס'איז נישט קעדייַ, כלעבן... (צו מאלקען). וויאַזוי זאָגט איר? קינדער פּלאפּלען, כע־כע?... (ניסט).

**איטעלי.** צו געזונט און צו אריכעס יאָמים!

**מייער און מאלקע.** צו געזונט און צו אריכעס יאָמים!

**זײַדנשטאמער.** אדאנק... און יאָאָאָ!... איז ווי האלט איך, הייסט עס? רעדט זי אים צו, מײַנעם, הייסט עס, ער זאָל זיך נאָך אביסל צולערנען....

**איטעלי.** שטונדירן אין די קלאסן.

**זײַדנשטאמער.** ... און יאָאָאָ!... און איך וויל גאָר אָפּשטעלן די כאסענע, פארשטייט איר מיך, אף רווישכוידעש עלעל, מאכמעס איך האָב נישט ליב קיין קלאסן, נישט מאכמעס איך האָב עפּעס צו זיי; אדעראבע, מאכטייסע, פארוואָס ניט? נאָר גאָרנישט, איך בין נישט גוירעס. איך האלט נישט דערפון! (א מאך מיט דער האנט). און יאָאָאָ!... (א קוק אפן זייגער, כאפט זיך אוף). אר־וואו! אביסל פארזעסן. מיר וועלן זיך נאָך אומקערן מיסטאמע צו דעם איניען נאָכאמאָל, אז עס וועט האלטן בא אָפּשטעלן די כאסענע, אימירצעשעם... און יאָאָאָ!... איך האָב פּײַנט דויכעק עס האשאָ זײַן [15]), איך האָב נישט ליב כאפּ־לאפּ אל רעגל אכאט. די זײַדנשטאמערס האָבן צײַט. „ווער עס לויפט, דער מידט זיך אײַן". האָט איר געהאָרכט אמאָל דאָס וואָרט? ס'איז אויך מײַן זיידנס, זכוסוי יאָגיין אָליינו [16]). הא, איטל, וואָס זאָגסטו?

**איטעלי.** (גרייט אפ אוועקצוגיין). אלץ, אלץ איז זײַנס, זייכער צאַדיק ליוורעכע!...

**זײַדנשטאמער** (צו מאלקען מיט א זײַט). וויאזוי האָט איר געזאָגט? קינדער פּלאפּלען? כע־כע! נישט אלע קינדער פּלאפּלען. מײַנע קינדער פּלאפּלען נישט. די זײַדנשטאמערס פּלאפּלען נישט... א גוטן!

(זוכט א מעזוזע, גייען אָפּ. מייער און מאלקע בלײַבן א מינוט אן לאָשן, ווי געפּלעפּט).

## אכטע סצענע.

**מייער.** (צו מאלקען). נו?

**מאלקע** (צו מייערן). נו?

**מייער.** וואָס נו?

**מאלקע.** וואָס וואָס נו?

**מייער.** (א שטארקן שפּײַ אָן דער זײַט). טפו!...

(סאָף פון ערשטן אקט).

# צווייטער אקט

א רײַך מעבלירטער זאל בא די שאלאנטס, אָנגעשטעלט און אָנגעפּאקט, ווי אין א מעבל־מאגאזין. שפּיגלען הויכע; פּאָרטעפּיאנעס צוויי; שטולן געגילטע; בילדער אפּ די ווענט אסאך; אויבנאָן, אין גילדענע ראמען, צוויי גרויסע פּאָרטרעטן: דער באלעבאָס אין א יארמעלקע און די באלעבאָסטע מיט אסאך פּערל אפּן האלדז; באם קאמין זיצט א בייזער הונט מיט א מוירעדיקן קוק — סאקאָנעס נעפּאָשעס; א גליק, וואָס פון גיפּס.

## ערשטע סצענע.

**מאשע** (דרייט זיך ארום מיט א בארשט, שטעלט צונויפּ דאָס מעבל, קערט און ראמט און רעדט צו זיך אליין). **א שטוב! דרײַסיק מאָל א טאָג דארפ מען נאָך זיי ראָמען, אויסראָמען זאָל עס זיי!... און קינדער? נו, קינדער! מע זאָל זיי געדיכט זייען און שיטער אופגיין! פּאָרט אוועק דער באַלעבאָס — קערן זיי איבער די גאנצע שטוב הארע־קאָרע!** (שטעלט אוועק א שטול און צעברעכט א פּיסל). **א בראָך פּאר א בראָך... לאָז עס זײַן די קאפּאָרע פאר מיר און פאר קאָל־ייִסראָעל, זיי האָבן גענוג!... בעסער פון אלע איז מאטווייטשיק, מיטן קאָפּ זאָל ער אָנלייגן! טאָג ווי נאכט נאָר געקנײַפּט זיך!... און א פלאָרעניו! ס'זאָל אפּ איר קומען אן אויסכאפּעניש! טאָמער וויל די באלעבאָסטע אמאָל שענקען א קליידל אן אלטס, צי א פּאָר שיך, לאָזט זי נישט... זי מעג טאקע נישט פּארמאָגן קיינמאָל... א שטיקל גליק, וואָס די „בארישני" שטעלט זיך אײַן אמאָל, די קאפּאָרע זאָל זי זײַן פאר דער „בארישני" איינעם מיט דעם קליינעם סאשקע, פארברענט זאָל ער ווערן! מיט צעשניטן א פּאָר נײַע קאלאָשן!... אָנגערויכערט ווי אין א באָד!** (עפנט אופּ א פענצטער און טרײַבט ארויס דעם רויך מיטן האנטעך). **טאָמער פּאָרט אוועק דער באלעבאָס אפּ איין טאָג, קלויבן זיך צונויפּ אהערצו, צו די „פּאניטשלעך", גאנצע קעקעלי־קאָהאָל, פון דער וועלט באָכורים; דער רוער ווייסט זיי, וואָס זיי טוען דאָ; ווישן ניט אָפּ די שטיוול אפּילע; רײַסן זיך אפּ די גאָרגלען און רויכערן, און רויכערן, און רויכערן!** (טרײַבט ארויס דעם רויך מיטן האנטעכ; פארטשעפּעט און צעברעכט א וואזע). **א בראָך פּאר א בראָך!** (פּארקערט די שטיקלעך וואזע). **לאָז זי זײַן די קאפּאָרע פּאר מיר און פאר קאָל־ייִסראָעל, ס'איז בא זיי דאָ גענוג!..** (ס'הערט זיך א קאָל פון איבעוויייניק: „מא־שע! מא־שע!" — מאשע הויך אפּ א קאָל). **איך גיי! איך גיי!** (שטיפּ פּאר זיך). **ס'איז אוואדע פלאָדעניו מיט אירע האָר... דרײַ שאָ דארף מען שטיין אפּ די**

פיס, בעשאס זי פארקעמט זיך!... א מענטש האָט בא זיי א ווערט פון א הונט... עס מעג שוין קומען אפ זיי א כאָליערע אפ אלע באלעבאַטים, מע זאָל שוין פון זיי אמאָל עפעס אופגעריכט ווערן, ליבער גאָט!..

(דורך איין טיר גייט מאשע אוועק; עס קומט אָן פון דער אנדערער טיר מ א ל ק ע, נאָך איר — פ ע ס ל. פעסל קוקט זיך ארום אף אלע זייטן איבעראשט, רעדט גיך, מאָלט ווי א מיל).

## צווייטע סצענע.

מ א ל ק ע. ווען־זשע, הייסט עס, קומסטו אָן? זיץ, פעסל. הא? וואָס זיצסטו נישט?

פ ע ס ל. א ד אנק, איך קאָן באשטיין. (זעצט זיך אוועק מיט א זייט אף אן עק בענקל). ווען איך קום אָן — פרעגט איר מיך? מיטן באן קום איך אָן. איך בין געפאָרן פארביי בין איך געפאָרן, און האָב מיך אָנגעהויבן דער־פרעגן, צי ווייסט איר ניט, וואָס מאכט עפעס טשאָלנט? זאָגן זיי: וואָסער טשאָלנט? זאָג איך: מייער טשאָלנט. איר קענט ניט מייער טשאָלנט? זאָגן זיי: מיר ווייסן ניט קיין טשאָלנט; עפשער מיינט איר, זאָגן זיי, שאלאנט, מייער שאלאנט?... זאָג איך: איר ווילט שאלאנט, לאָז זיין שאלאנט. בא אונדז האָבן זיי געהייסן טשאָלנט: ער טשאָלנט און זי — טשאָלנטעכע...

מ א ל ק ע (רייסט זי איבער). וואָס־זשע מאכט עפעס דיין לייזער?

פ ע ס ל. וואָס זאָל ער מאכן? א מויכער־טווועניק!... וואָס מע טוט און וואָס מע מאכט — איז שלימ־שלימאזל! האָט ער געהאנדלט מיט ווייץ, איז ווייץ געלעגן נייען איילן אין דער ערד. אכוץ וואָס די ווייץ אליין האָט געטויגט אף קאפאָרעס, איז ניט געווען קיין קוינע אף קיין ווייץ, כאָטש נעם די ווייץ און ווארף ארויס די ווייץ. זאָג איך אים: וואָס האָסטו זיך אָנגעקלעפט אין ווייץ? זעסט דאָך, אז די ווייץ איז ניט קיין ווייץ; נעמט מען, זאָג איך, און מע קויפט פראָסע, און מע קויפט הירזש. גייט ער און קויפט הירזש. ווערט א זאָל אף הירזש; אומעטום הירזש, ווו מע טוט זיך א וואָרפ — איז הירזש און הירזש! צו וואָס האָט דיר געטויגט, זאָג איך, הירזש? הירזש גייט דיר אָפ? זאָגט ער: האָסט דאָך מיר אליין געהייסן קויפן הירזש! האָב איך דען געמיינט, זאָג איך, דאפקע הירזש?...

מ א ל ק ע (רייסט זי איבער). נו, און די קינדער דיינע וואָס מאכן?

פ ע ס ל. די קינדער? לאָזן זיי זיין געזונט און שטארק. איר ווייסט נישט הייַנטיקע קינדער? הייַנטיקע קינדער איז ניט דאָס, וואָס אמאָליקע קינדער.

אמאָליקע קינדער זענען געווען קינדער, און הײַנטיקע קינדער וואָס? הײַנ־טיקע קינדער ווייסן נאָר גיין אַפ „מעניסטראַציעס״, נאָר לויפן, און נאָר שרײַען, און נאָר ליאַרעמען, און נאָר פּילדערן! אַז עס קומט אונטער אַ יאָנטעוו אָדער אַ כאַגע, פאַלט מיר אויס די נעשאָמע: קינדער, גייט נישט! קינדער, לויפט נישט! קינדער, שרײַעט נישט!...

מ א ל ק ע. וויפל קינדער האָסטו?

פּ ע ס ל. וויפל קינדער איך האָב? לאָזן זיי זײַן געזונט און שטאַרק! איר האָט דען געזען אַמאָל אַסאַך קינדער? נישטאָ קיין צופיל קינדער! וויפל קינדער ס׳זאָלן ניט זײַן, זענען זיי קינדער! איינע האָב איך די עלטערע, רופט מען זי סאָסל, נאָך דער באָבע סאָסי, איר צו לענגערע יאָר; איז דאָס אַ סאָסל — וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? זינט גאָט האַנדלט מיט טאָסלעך, האָט ער נאָך אַזאַ סאָסל נישט געהאַט, מעגט איר מיר גלויבן אַפ נעמאָנעס! און אַ כאָסן נעמט זי — שוין איינמאָל אַ כאָסן, פון כאָסן־לאַנד אַ כאָסן!

(עס קימט אָן פ ל א ָ ר א, זעט נישט פאַר זיך קיינעם, דרייט זיך אַקעגן שפּיגל, זינגט אַ לידל און טאַנצט אונטער).

## ד ר י ט ע ס צ ע נ ע.

פּלאָרא (נעמט אַרויס אַ בריוול און לייענט אַפ רוסיש). „ליבסטע, טײַערסטע פּלאָרא! דײַן זיס בריוועלע האָט מיך דערקוויקט. איך בין זייער צו־פרידן, וואָס דײַן פאָטער איז אַוועקגעפאָרן און וואָס איך וועל זיך קאָ־נען זען מיט דיר הײַנט אַפ דער אַפּטעקע. צווישן טאָג און נאַכט וועל איך מיך אַראָפּכאַפּן צו אײַך און וועל דיך נעמען אין טעאַטער אַרײַן. האָב קיין פּאַריבל ניט, וואָס איך קום נישט באַלד; איך וויל נישט באַגעגענען זיך מיט דײַנע ברידערלעך, וואָס מיינען, אַז זיי מאַכן גליקלעך די וועלט מיט זייערע „סאָבראַניעס״ און מיט זייערע „זאַסע־דאַניעס״. איך האָב פײַנט דײַנע ברידער און האָב פײַנט דײַן שוועסטער מיט די געשערענע האָר. איך האָב ליב נאָר דיך אַליין, מײַן טײַערער ענגעל, מײַן נעשאָמע, מײַן האַרץ, מײַן לעבן פּלאָרא!״ (לייגט צונויפ דאָס בריוועלע, קוועטשט דאָס צו צום האַרצן). אַך, מײַן ליבער, טײַערער מאַקס!

פּ ע ס ל. אָט דאָס איז די געגעטע אײַערע? די גרושע? אַ באַרליאַנט דאָס איז!

פּ ל א ָ ר א (דערזעט, טוט זיך אַ וואָרפ צוריק). וואָס איז דאָס פאַר אַ שלי־מאַזל? אַלע מאָל, ווען דער פּאַפּאַ פאָרט אַוועק, טראָגט אָן דער רוּעך אַן אַנדער שוואַרץ יאָר!

פעסל. שלימאזל, זאָגסטו? שלים־שלימאזל! וואָס זאָל מען טון, אז גאָט וויל נישט געבן קיין מאזל? ווי זאָגט מען דאָס: אָן מאזל זאָל מען גאָרניט געבוירן ווערן! איידער א פונט גאָלד איז בעסער א לויט מאזל... פונדעסטוועגן האָט זיך יעדער מענטש זיין מאזל, און אפילע א קינד, אז ס׳ווערט געבוירן, אזוי שטייט, זאָגט מען, בא אונדז געשריבן אין די ספאָרים, ווערט דאָס אויך געבאָרן מיט זיין מאזל...

פלאָרא. זי האָט זיך עס אביסל צעמאזלט! ווער איז די ייִדענע, מאמע?

מאלקע. דאָס איז פעסל דער מומע טאָסיס, אונדזערע אן איי־גענע, א קרויווע דיינע.

פעסל (אפ פלאָרען). א בארליאנט דאָס איז!

(גייט צו, טוט א קוש פלאָרען אין האנט).

פלאָרא. וואָס־זשע טוט זי דאָ? וואָס דאַרף זי?

פעסל (אפ פלאָרען). א בארליאנט דאָס איז! וואָס איך טו דאָ? וואָס זאָל איך טון? גאָרניט, איך בין געפאָרן פארביי, האָב איך מיך אָנ־געהויבן צו דערפרעגן: „ווייסט איר נישט, וואָס מאכט עפעס בא אייך טשאָלנט?" זאָגן זיי: „וואָסער טשאָלנט?"...

מאלקע (רייסט זי אָפ). קום, פעסל, ווען מיר עפעס נעמען אין מויל אריין. ביסט אוודע הונגעריק...

פעסל. הונגעריק? ביז מיין לעבן זאָל איך אזוי זיין הונגעריק, ווי איך בין איצטער הונגעריק! פאר פרייד איז דער גאנצער הונגער אוועקגעפלויגן, גלייך ווי ס׳איז גאָר קיינמאָל קיין הונגער נישט געווען אפ דער וועלט! (מאלקע נעמט זי אוועק).

פלאָרא (האלט זיך בא די זייטן). כא־כא־כא!

פעסל (אפ פלאָרען). א בארליאנט דאָס איז!

(גייט אוועק מיט מאלקען. פלאָרא דרייט זיך אקעגן שפיגל. עס קומען אריין מאטוויי און דאווידקע).

## פערטע סצענע.

דאווידקע (קוקט, ווי פלאָרא דרייט זיך פארן שפיגל. רערט צו מאטווייען שטיל). הערסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן, מיין טייערער שפילפויגל? דיין שוועסטער איז דאָך נאָך עפעס טאקע גאָר א „שקאָשקעוואטע שטוטשקע!"

מאטוויי. פי! וואָס איז דאָס פאר א מין אויסשפראך בא דיר?

דאווידקע. טאקע בעעמעס? אפ וואָס דען פאר א שפּראכ ביסטו געווינט געוואָרן צו רעדן, דו דזשענטעלמענ מײַנער?

פלאָרא (דרייט זיכ אויס, דערזעט א פרעמדנ מענטשנ, טוט זיכ א וואָרפ צו דער טיר). אכ, פארדאָנ!

דאווידקע (צו פלאָרענ). פארדאָנ איז א לאָקשנבערעט...

(פלאָרא ווערט אנטרונענ).

### פינפטע סצענע.

מאטוויי. אָט אזוי רעדט מען מיט א דאמע, דו אומגעבילדעטער מענטש וואָס דו ביסט?

דאווידקע. וואָס זאָגט איר עפּעס אפ דעם טאר־נענויל[17]! לעמײַ האָסטו מיכ ניט פאָרגעשטעלט פאר דײַנ שוועסטער? עס שטייט דיר ניט אָנ, דו שויטע בענ פיקהאָלצ, דו שארלאָט שעבעשארלאָטימ, דו פאנסקי צאפּ איינער?

מאטוויי. נאכאל! קומסט צו מיר אינ שטוב ארײַנ מיכ זידלענ?

דאווידקע. כא־כא! צו אימ אינ שטוב ארײַנ! (באקוקט די שטוב). א גרויסנ כײַלעק האָסטו אינ דערדאָזיקער שטוב!

מאטוויי. מײַנ טאטנס שטוב...

דאווידקע. אז אָכ אונ וויי איז דײַנ טאטנ, וואָס פאר א זונ ער האָט אויסגעהאָדעוועט! הער נאָר, דו ווייסט כאָטש, דו גרינער אגרעס איינער, וואָס איכ בינ צו דיר אזוי פרי געקומענ?

מאטוויי. דעהײַנע? זאָג, וועלנ מיר הערנ.

דאווידקע. איכ האָב צו דיר א באקאָשע, מײַנ ליבער רעב על־יאָקומ, א טויוועלע.

מאטוויי. (ווערט בלייכלעכ). אָכ, מיטנ גרעסטנ קאָוועד!

דאווידקע. מיטנ גרעסטנ ביזאָיענ קערסטו מיינענ? מע האָט מיכ נעכטנ „צעלייגט", ווי א שעפּס, געשלאָגנ „צו דער אָדער", כ׳האָב געגליט א גאנצע נאכט ווי „אפ פאָקנ", אונ בינ ארויס „נאָקי", ריינ ווי א טעלער, נאָכ קײנמאָל נישט געווענ אזוי „אָפּנ", ווי הײַנט.

מאטוויי. ווער האָט דאָס דיכ אזוי אָפּגערייניקט?

דאווידקע. ווער ניט? טכילעס האָב איכ געהאט שוינ אָנגעשלאָגנ א היטל מיט גאָלד; טראָגט אָנ דער רועכ דעם שווארצנ „קאָטער", אונ וויבאלד דער שווארצער קאָטער שטעלט זיכ אוועק אונ הייבט [illegible] „מירנ" פאר מיר, אזוי ווייס איכ פריער, אז איכ וועל

אריַינ ווי קוירעכ[18]), איכ וועל ברענענ ווי א שטרויענער דאַכ — אזא שלימאזל איז דאָס, ברענענ זאָל ער! טוט ער א קוק אינ וואסער — הייבנ אָנ פייגערנ פיש... וואָס טויג דיר גרויס — איכ האָב מיכ „ארופּ־געריסנ" אפּ די ריינע דריַיצנ „פּאסנ"!

מ א ט ווי י (מיט ברענענדיקע אויגנ). דריַיצנ פּאסנ?!

ד א ווי ד ק ע. ווי די בערנ!

מ א ט ווי י. ווער האָט „געוואָרפנ" די „באנק"?

ד א ווי ד ק ע. דו ווייסט ניט ווער? אלצ דער פלאָקנשיסער! פּאר־שטערט זאָל אים ווערנ! אים, אז עס גייט אוועק דאָס „בלעטל", קאָנ ער אויסטונ די גאנצע „קוליסע" אָדאָמ־נאקעט, צונעמענ ווו ס'איז דאָ ערגעצ א העלער אונ לאָזנ זיצנ דעמ אוילעמ אפּנ קלאָצ!... איכ שארפּ אפּ אימ די צייננ שוינ פונ לאנג; איכ מוז אימ אמאָל כאפּנ אונ אָפּבייַסנ אנ אויער! זייַנ גליק, וואָס איכ בינ איצטער אנ „ארעאפּטשיק", גיי ארומ אָנ קלייגעלט... אונ אפּנ „פּאָנפּ" וויל ער מיט מיר ניט שפּילנ; קרייַד איז א רעפּוע, זאָגט ער, צו ווערימ, ווערימ זאָלנ עסנ זייַנ לייַב!.. וועסט מיכ דערהאלטנ בא מייַנ לעבנ, הערסטו, אז דו וועסט מיר געבנ אביסל גאָלד.

מ א ט ווי י (דערשראָקנ). ווי קומט צו מיר גאָלד?

ד א ווי ד ק ע. מאכ נאָר נישט קיינ אָנשטעלנ, דו זויערע קיסליצע, אונ געב אהער צוויי „שמאטעס". זייַ נאָר נישט דאָס, וואָס סע קוויטשעט!

מ א ט ווי י (כאפּט ארויס דעמ טייַסטער). איכ זאָל אזוי ריינ זייַנ פונ שלעכטס! נא, זע!

ד א ווי ד ק ע (שטופּט אימ אָפּ דעמ טייַסטער). די קונצנ גייענ בא מיר נישט אָנ! ווייסט דאָכ, אז איכ בינ א מייוונ אפּ א טשאד, הייַנט וואָס מאכסטו אָנשטעלנ, דו פּערע־אָדאָמ, דו פּוסטע גלאָק, דו „באָסיאק" איינער? אונ אז עס מאכט זיכ, דו בלייַבסט זיצנ אינ קלוב אָנ פּאָדעמ, געב איכ דיר נישט, דו יאָקל בענ פלעקל, דו הונט איינער, דו קעלעוו שעבעקלאָווימ!?

(עס קומענ אָנ פונ אנ אינוווייניקסטער טיר כ א ימ אונ וו א ל אָ ד י ; נאָכ זיי — פּאָרלעכוויַיז יונגע לייַט אונ באָכורימ מיט שווארצע אונ בלויע העמדלעכ — כאימס אונ וואלאָדיס כאוויירימ; אויכ מיידלעכ מיט אונטער־געשערענע האָר אונ מיט צעפּלעכ אונ מיט רויטע בלוזקעס: אייניקע גייענ ארומ הינ אונ צוריק, רעדנ מיט היצ, מאכנ מיט די הענט; אייניקע וויגנ זיכ אינ די וויגשטולנ; אייניקע צעלייגנ זיכ אינ די ווייכע פּאָטעלנ, ווי באמ טאטנ אינ וויַינגאָרטנ, אונ רויכערנ. א פּאָר מיידלעכ זעצנ זיכ אוועק צו פּאָרטעפּיאנ; איינע קלאפּט מיט די הענט איבער די ביינדלעכ. באזונ־

דער, אָן א זײַט, שטייט כ א נ ע; אקעגן איר — א ר אָ ב ט ש י ק, טײַנעט עפּעס, האלט א פּאפיר. מאטוויי און דאווידקע בלײַבן שטיין אין א ווינקל הינטער די בלומען; מע זעט זיי ניט).

## זעקסטע סצענע.

ע ר ש ט ע  ב ל ו ז ק ע. וואָס טוסטו?

צ ו ו י י ט ע  ב ל ו ז ק ע. איך שפּיל אפן בורזשואזנעם אינסטרומענט.

ע ר ש ט ע ר  כ א ו ו ע ר. אינטערנאציאָנאליזם! אינטערנאציאָנאליזם!... פאר א פאָלק, וואָס האָט א טעריטאָריע, זיצט אפ זײַן ערד, איז גרינג צו רעדן פון אינטערנאציאָנאליזם, זיך מעשאדעך זײַן מיט אנדערע פעלקער; פאר אונדז, יידן, איז דאָס א שכיטע!

צ ו ו י י ט ע ר  כ א ו ו ע ר. מיט וואָס איז דאָס א שכיטע?

כ א י ם. אזוי. וואָרעם אלע גרויסע פעלקער, נאָך אלע טײַנעס, בלײַבן פאָרט באלעבאָס בא זיך אין לאנד. ענגלענדער וועלן טאָמיד זײַן ענגלענדער; פראנצויזן וועלן טאָמיד בלײַבן פראנצויזן. און פון אונדז וואָס וועט בלײַבן? אָט דאָס־אָ! (בלאָזט פונעם פּאפּיראָס).

ד ר י ט ע ר  כ א ו ו ע ר. אן אומגליק מיט די ציאָניסטן! באלד זענען זיי דאָ מיט זייער נאציאָנאליטעט! מע רעדט פון פארייניקן זיך קעגן קאפּיטאל, פירן א מילכאָמע מיט דער בורזשואזיע, קומען זיי צו גיין מיט זייער פאָלקס־געפיל און מיט זייער גאָט... אסאך האָט איר געפּועלט מיט אײַער נאציאָנאליזם? וווהין זענען אהינגעקומען אונדזערע גרויסע יידן: שפּינאָזא, היינע, בערנע, לאסאל, מארקס און נאָך קעדוימע? איר האָט געזאָרגט פאר אײַער נאציאָנאלנאָסט, און זיי זענען זיך דערווײַל אוועק צו פרעמדע...

וו א ל אָ ד י. וואָסערע פרעמדע? נישטאָ קיין אייגענע! נישטאָ קיין פרעמדע!

פ ע ר ט ע ר  כ א ו ו ע ר. אהא! קאָסמאָפּאָליטיזם האָט זיך שוין צערעדט!

פ י נ פ ט ע ר  כ א ו ו ע ר. מע איז ארײַנגעגאנגען אהער זיך אָפּרוען פון דער דיסקוסיע, האָבן זיי פארבונדן דאָ א פרישע דיסקוסיע, מעשוגאָים!

ז ע ק ס ט ע ר  כ א ו ו ע ר (לאכט). כא־כא־כא! כא־כא־כא!

א ל ע. וואָס איז אפ אים אזא געלעכטער?

ז ע ק ס ט ע ר  כ א ו ו ע ר. קומט אהער, וועט איר עפּעס הערן א שיינס! (אלע לאָזן זיך צו אים). זעט איר? (ער נעמט בא כאנעס כאָסן א פּאפּיר

פונ די הענט). דאָס האָט זײַדנשטאמער געבראכט צו טראָגנ אזהער א „פעטיציע״!

אלע. א „פעטיציע״?

אראָנטשיק (רויט, ווישט זיכ דעמ שווייס, שטעלט ארויס א שווערע גאָלדענע קייט מיט א גרויסנ מעדאליאָנ). וואָס איז פאראנ וואָס צו לאכנ? אלע גייענ היינט מיט פעטיציעס, פארוואָס זאָלנ מיר ניט גיינ מיט א פעטיציע? מיט גוטנ אז מיר וועלנ גיינ, וועלנ מיר טאָמיד בעסער מאכנ... דאָס האָט איר נומער איינס... (האלט דעמ פינגער אזוי, אז מע זאָל זעענ, ווי דער בריליאנט פונעמ רינג פינקלט).

ערשטער כאווער. ווילט איר, אז מיר זאָלנ כאסמענענ אפ אײַער פעטיציע?

אראָנטשיק. פארוואָס ניט?

צווייטער כאווער. עפשער וואָלט איר זיכ מאטוויעכ געווענ זי איבערלייענענ?

דריטער כאווער (צומ צווייטנ). האָסט, אפּאָנעמ, מער ניט וואָס צו טונ? (דער אוילעמ לאכט).

כאנע (גייט צו). וואָס איז דאָ? (צומ כאָסנ). וואָס איז?

(זיי רעדנ ביידע שטילערהייט. אראָנטשיק באהאלט דאָס פאפיר צוריק אינ בוזעמ־קעשענע, ווישט דעמ שווייס, שטעלט ארויס די גאָלדענע קייט מיטנ גרויסנ מעדאליאָנ).

וואלאָדי (קוקט אפנ זייגער). שוינ באלד איבערגעגאנגענ די מינוטנ. קינדער, קינדער, צו דער ארבעט! די צײַט שטייט ניט!

(קלינגט מיט א גלעקל. אלע הייבנ זיכ אופ פונ די ערטער, ווארפנ אוועק די פאפיראָסנ אפ דער ערד, צעטרעטנ מיט די פיס, אונ לאָזנ זיכ גייב אלע אינ איינ טיר. כאנע מיטנ כאָסנ גייענ פונ הינטנ).

## זיבעטע סצענע.

דאווידקע. וואָס איז דאָס? וואָס פאר א קאָמעדיע בא אײַכ? ווער זענענ דידאָזיקע לײַט?

מאטוויי. ס'איז בא זיי אנ אסיפע... כעוורע יונגווארג... ציאָניסטנ... סאָציאל־דעמאָקראטנ...

דאווידקע. וואָס ווילנ זיי?

מאטוויי. ווייסט ניט וואָס זיי ווילנ?

דאווידקע. איכ זאָל אזוי וויסנ פונ דיר.

מאטוויי. האָסט קיינמאָל ניט געהערט דאָס וואָרט פּראָלעטאריאט?

ד א ו י ד ק ע. איך זאָל דיך אזוי האָבן פאר א טאטן.

מ א ט ו ו יי. זיי ווילן, פארשטייסטו מיך... זיי שטעלן זיך אײַן פאר די אָרעמע ארבעטער. זיי ווילן אײַנפירן, ס'זאָל זײַן ווינציקער געארבעט און מער גענומען געלט. הײַנט פארשטייסטו שוין, דו גוייִשער קאָפּ?

ד א ו י ד ק ע. אָט דאָס איז גאָר? דו פּוסטע קיילע וואָס דו ביסט! דאָס אייגענע ווילן מיר דאָך אויך!...

מ א ט ו ו יי. וואָס דען מיינסטו? קום, וועלן מיר מאכן אָן עקארטע.

ד א ו י ד ק ע. האָסט דאָך געזאָגט, אז דו האָסט קיין געלט ניט, דו שאקרען, דו קאזוועץ, דו ליגנער וואָס דו ביסט!... ווייסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן, פּאני פּיפּערנאָטער? ס'איז בא אײַך א שטוב פון סאמע מעשוגאָיִם, לאָמיך אזוי לעבן מיט דיר אײנײנעם. קום, יאקים!...

(גייען אָפּ, עס קומען אָן מ א ל ק ע מיט פ ע ס ל ע ן).

## אכטע סצענע.

פ ע ס ל (מאָלט ווי א מיל). גאָט זאָל אײַך העלפן, מאלקעניו, איר זאָלט טאָמיד זײַן רײַך, און טאָמיד געזונט, און טאָמיד אופגעלייגט, און טאָמיד פריילעך. איך זע, ס'איז בא אײַך א שטוב, קיין אײַנהאָרע, וואָס ס'איז טאָמיד פריילעך. קיין אײַנהאָרע, אזויפיל געסט בא אײַך. (ווײַזט מיט דער האנט אף דער טיר, ווו עס הערן זיך קוילעס פון יונגוווארג).

מ א ל ק ע (קוקט אף יענער טיר, זיפצט). געסט? האלעוויי וואָלטן זיי בעסער ווינציקער געגאנגען אהער, וואָלט איך געווען רויִקער...

פ ע ס ל (מאכט זיך ניט הערנדיק, מאָלט ווײַטער). קיין אײַנהאָרע, אזא ראָסקאָש ווי בא אײַך, קיין בייז אויג זאָל ניט שוילעט זײַן. וואָס פעלט אײַך?

מ א ל ק ע. זאָל עס מיר צוקומען! אונדז פעלט נאָר שאָלעמבאיִס [19]. ווייסטו שוין, וואָס אונדז פעלט?...

פ ע ס ל. (מאכט זיך ניט הערנדיק). הײַנט די קינדערלעך אײַערע, קיין אײַנהאָרע, קיין בייז אויג, בארליאנטן! און דעם נאכעס, וואָס איר האָט פון זיי, מיטן קאָוועד, קיין אײַנהאָרע, קיין בייז אויג!

מ א ל ק ע. ווו איך האָב ערגעץ א סוינע, ריבוינעשעלוילעם!... נאכעס, זאָגסטו? א שיינער נאכעס! די עלטערע טאָכטער געגעט זיך... די זין ווילן ניט כאסענע האָבן... באם עלטערן שיט זיך שוין א בערדל... די יינגערע האלטן אין איין לערנען מיט איינן גיין אף סאָבראניעס־גוליאניעס... ציטערט אף מיר דאָס לײַב פאר זיי... רעדן אזעלכע ווערטער, אז מע קאָן שטארבן!... אז ער איז אינדערהיים, מייער, הייסט עס,

האָט מען כאַטש אביסל דערעכערעצ, פאָרט א מאנצביל! און פאָרט ער אוועק אפ איין טאָג, קערט מען איבער די שטוב! מע קלויבט זיך צונויפ, ווי ערגעצ א שלעפער, א באלמעלאָכע, אפ טיש און אפ בענק! און פרווו זאָגנ א וואָרט, ביסטו ניט זיכער מיטנ לעבנ!... ס'איז עפעס גאָר העפקער געוואָרנ, עפעס א פארקערטע וועלט: טאטע־מאמע האָבנ היינט מוירע פאר די קינדער... וואָס, ניט אזוי?

פ ע ס ל. וואָס זאָלט איר קלערנ, מאלקעניו, ס'איז אינ אונדזער גראד אויכ ניט בעסער. מע דארפ היינט פאר קינדער האלטנ דאָס היטל אניט, כאפנ זיי א שטעקנ מיט א רויטע פאטשיילע און מע גייט אוויס אפ א „מעניסטראציע”...

מ א ל ק ע (ציטערט אזש). מער ווי פאר אלע האָב איכ מוירע פאר מיינ וואלאָדיענ — אָט־א יענער, וואָס איכ האָב דיר אָנגעוויזנ, מיטנ העמדל... מיילע דער עלטערער איז טאקע אפילע א גרויסער גאָרנישט, ווערט פארפאלנ אמאָל אפ א גאנצ מעסלעס; ווער ווייסט ווו ער איז געוועג? איז ער אָבער דערפאר א שטילער, מישט זיכ ניט אהינ, ווו מע דארפ ניט... וועט קומענ די צייט, וועט ער מיסטאמע כאסענע האָבנ, ווערנ א מענטש... דער אנדערער איז זייער א ווילער, איז ער אָבער א „צעניסט”, א פייערדיקער „צעניסט”!

פ ע ס ל (שאָקלט מיטנ קאָפ). איי־איי־איי! ווי קומט עס צו'נ אייכ?

מ א ל ק ע. לאָמיכ אזוי וויסנ שלעכטס מיט דיר איניינעם... לעמיי וואלאָדי? פונוואנענ קומט צו מיר אזא וואלאָדי? דער וואלאָדי האָט אפ זיכ א קאָפ, וואָס מע זאָל אויספאָרנ די גאנצע וועלט! ער האָט אימ ליב דאָס כייעס, מיינ מייער, הייסט עס... ער זאָל אָבער הערנ, וואָס דער וואלאָדי רעדט! ער זאָל וויסנ, וואָס דער וואלאָדי טוט! (בייגט זיכ צו צו פעסלענ אפנ אויער). ער לערנט זיכ שיסנ...

פ ע ס ל (שאָקלט מיטנ קאָפ, שמוצערט מיט די ליפנ). דער אייבערשטער זאָל שוימער אומאצל זיינ! פונקט דאָס אייגענע, וואָס בא אונדז. באלד עפעס — שיסנ זיי!...

מ א ל ק ע. איינ שטיקל נאכעס וואָלט איכ געהאט פונ מיינ קלענע רער טאָכטער, פונ מיינ כאנעלענ; קוים דערלעבט א שידעכ טונ, או נאָכ וואָס פאר א שידעכ! מוישעלע זיידנשטאמער — דער ערשטער יכעסנ בא אונדז! און א כאָסנ — אזא יאָר אפ מיר! א שטיק גאָלד! האָסט דאָכ אימ געזעענ?

פ ע ס ל. א בארליאנט דאָס איז! קיינ איינהאָרע, קיינ בייז אויג!

מאלקע. איז אָבער מײַן מאזל אזוי גרויס, אז זי וויל נישט כאַ־סענע האָבן.

פעסל. ווײ איז מיר! וואָס הייסט, זי וויל ניט כאַסענע האָבן?

מאלקע. זי וויל זיך לערנען וויל זי... מיינסט, זי איז ווינציק געלערנט? געלערנט מיט סאקאָנעס נעבאָשעס! נאָר וואָס דען? פאר איר איז קארג, זאָגט זי, זי וויל נאָך! טײַנע איך מיט איר: נו, און די כאַסענע? זאָגט זי: די כאַסענע וועט מעגן זײַן שפּעטער מיט עטלעכע יאָר... דו הערסט? א גליק, הערסטו, וואָס ער, מייער, הייסט עס, ווייסט נישט דערפון. ער ווייסט גאָרנישט, מע באהאלט פון אים, מע האָט פאר אים דערעכערעצ. פאָרט א מאנצביל! א מאנספּארשוין!

(עס פליט ארײַן ווי א וויכער סאשקע, גלײַך צו דער מוטער).

## נײַנטע סצענע.

סאשקע. מאמע, געלט! געלט, מאמע! דאווײַ דיענגי!

מאלקע (צו דער קעשענע). שא! וואָס פאר געלט? אפ וואָס איז געלט?

סאשקע. אפ וואָס? (טראכט אביסל). אפ... טינט!

מאלקע. טינט? קארג טינט אין שטוב, טאטעניו? ערשט נעכטן געקויפט א פלאַש טינט! ווער טרינקט אויס אזויפיל טינט?

סאשקע. נו, פּענעס!

מאלקע. פארשטייט זיך, אז ניט קיין טינט, איז פענעס.

פעסל. אָט דאָס איז אײַער מיזיניקל, לעבן זאָל ער? א בארליאַנט דאָס איז, קיין אײַנהאָרע, קיין בייז אויג!

(מאלקע ציילט אים געלט, פעסל שאָקלט מיטן קאָפּ, מאכט גרימאסן; סאשקע, הינטער אירע פּלייצעס, מאכט איר נאָך. מאלקע ווינקט צו אים, ער זאָל אוועקגיין. סאשקע אנטלויפט. עס לויפט ארײַן מאשע דאָס שטוב־מיידל מיט אן איבערגעשראָקענעם פּאָנעם).

## צענטע סצענע.

מאשע. געקומען אהער דער נאדזיראטעל מיטן „טשעסנע פּריסטעוו"... א פולער הויף... ארומגערינגלט די גאנצע שטוב ארום און ארום...

מאלקע (א פּליעסק מיט די הענט). א דונער האָט מיך דערשלאָגן!

(לאָזט זיך אין יענעם צימער, ווי די קינדער. פאלט כאַלאָשעס).

פעסל (ווארפט זיך צו מאלקען). גאָט איז מיט אײַך, מאלקעניו! האר־צעניו! נעשאָמעניו! וואסער! גיכערט! ברענגט אהערצו וואסער!...

(עס הערט זיכ א ראש אינ יענעמ צימער, ווו קלײנווארג איז. — גיכ שפרינגט ארויס פונדאָרטנ אראָנטשיק, בלאס ווי דער טויט, לויפט ארומ, ווי א פארסאמטער איבערנ זאל; אלע טירנ זענענ צו).

**א ר אָ נ ט ש י ק** (רעדט צו זיכ אלײנ). מע דארפ זיכ באַצײַטנס אָפּטראָגנ פונדאַנענ... וואָס האָב איכ דאָ צו טונ?... נישט מאכמעס איכ האָב מוירע! וואָס האָב איכ מוירע? נאָר גאָרנישט, איכ האָב עס פײַנט!... (שפרינגט ארויס דורכנ פענצטער).

(סאָפ פונעמ צווייטנ אקט).

## דריטער אקט

דיזעלבע דעקאָראציע, וואָס אינ ערשטנ אקט. — מ ײ ע ר גײט ארומ צעטראָגנ, די הענט ארונטער. — מ א ל ק ע, אינ א פאריק אונ אינ ברילנ, זיצט איבער א גראָבנ קאָרבנ-מינכע אונ דאוונט שטילערהײט מיט א פרומ פארוויינט פּאָנעמ. מישט אײנ בלעטל נאָכנ אנדערנ.

### ע ר ש ט ע ס צ ע נ ע.

**מ ײ ע ר.** יאָ, פּײַנ, פּײַנ... האָסט זיכ שײנ אויסגעפּײַנט, מײער שאַ־לאנט, שײנ!... די טאָכטער אנטלאָפנ — אונ מיט ווּעמענ? מיט עפּעס א נאקעטנ פראָוויזאָר, צי א צײגרײַסער, א דאנטיסט, דער רועכ ווײסט ווי דאָרטנ! אונ דער זונ זיצט... (שטעלט זיכ אָפּ א ווײַלע, ברעכט די הענט). אונ ווער איז שולדיק, אז ניט דו?

**מ א ל ק ע** (דאוונט). איכ?

**מ ײ ע ר.** ווער דענ? איכ?

**מ א ל ק ע.** נו, לאָז זײַנ איכ.

**מ ײ ע ר.** זאָג עפּשער, אז נײנ? דו ביסט זאָכ די מאמע!

**מ א ל ק ע.** נו, יאָ, איכ בינ א מאמע (דאוונט).

**מ ײ ע ר.** ווער דארפ אכטונג געבנ אָפּ קינדער, אז ניט די מאמע? א מאמע באדארפ צו ווּיסנ וואָס בא אירע קינדער קאָכט זיכ. אלצדינג, אלצדינג באדארפ א מאמע ווּיסנ! (שרײַט אלעמאָל העכער).

**מ א ל ק ע.** ביסט גערעכט, גערעכט. אלצדינג באדארפ א מאמע ווּיסנ. נאָר וואָס דענ? אײנ זאכ וועל איכ פונ דיר בעטנ: אָנ געשריי. טאקע דער אײגענער גוואלד, נאָר אַבּיסעלע שטילער. לאָז כאָטש די גאס נישט ווּיסנ אונדזער אומגליק!

**מ ײ ע ר.** א סאָד פאר גאנצ בראָד!... עס ווײסט שוינ מיטסאמע פונ דעמ די גאנצע שטאָט פונ אײנ עק ביזנ אנדערנ עק... אז א'נ אומגליק!

אזא ביזאָיענ! וואָס וועט מענ זאָגנ? שיינ געלערנט קינדער! (שטעלט זיך אָפּ, טוט א זעץ מיט דער האנט איבערנ טיש). מאלקע!

מאלקע (טוט זיך א וואָרפ). הא? וואָס איז דיר?

מייער. דו דאוונסט? די טאָכטער דיינע שפאצירט ארום ערגעצ דער רועכ ווייסט מיט וועמענ, דער זונ זיצט גאָט ווייסט ווו אונ מיט וועמענ—אונ דו דאוונסט?

מאלקע. איכ דאוונ, וואָס דענ? אזוי ווי דו? אזוי ווי איר, וואָס האָט אוועקגעוואָרפנ דאָס דאווענענ מיטנ גאנצנ יידישקייט? אליינ געוואָרנ אויס ייד, אונ די קינדער געמאכט פאר גוים... מייער! מיר האָבנ פארזינדיקט פאר גאָט, מייער, באדארפ מענ אימ דאווענענ. דאווענענ דארפ מענ אימ!...

מייער. נו, דאוונ, דאוונ. געזונטערהייט. ווער לאָזט דיכ ניט?... (גייט ארומ). אפּ איינ טאָג נאָר ארויסגעפאָרנ אינ וואלד — וואָס דאָ טוט זיכ! אנ איבערקערעניש! מע באדארפ עפּעס טונ... לויפנ... שרייבנ... בעטנ... שיטנ געלט.... ראטעווענ א קינד... אזא קינד! איכ וועל נישט זיצנ דאָ בעשאס ער וועט זיינ דאָרטנ, גאָט ווייסט ווו אונ מיט וועמענ! (כאפּט זיכ פארנ קאָפּ). מע דארפ שרייבנ א בריוו, א פּראָשעניע... ווו זענענ ערגעצ די קינדער? ווו איז מאטוויי?

מאלקע (דאוונט). מאטוויי איז ניטאָ.

מייער. וואָס הייסט ער איז ניטאָ? ווו איז ער?

מאלקע. איכ ווייס ווו ער איז.

מייער. ווער דענ ווייסט? ביסט א מאמע, צי ניינ? ווו איז מאטוויי, פרעג איכ דיכ?

מאלקע. שא, שריי נאָר ניט אזוי, מע ווערט פונ דיר ניט גליקלעכ... איכ באדארפ וויסנ, ווו מאטוויי איז! מע פרעגט בא מיר, צי מע דערציילט מיר? ביסט נאָר אוועקגעפאָרנ פונ דער היימ, קוק איכ אימ נישט אָנ אינ די אויגנ שוינ דריי מעסלעס!

מייער (אויסער זיכ). הא? וואָס? דריי מעסלעס?! ווו זענעג דיינע אויגנ? א קינד גייט אוועק אפּ דריי מעסלעס פונ שטוב — עס זאָל זי אפילע אָנהייבנ ארנ! זי זאָל דאָס אפילע א פרעג טונ, ווהינ מע גייט! וואָס פאר א מאמע ביסטו, פרעג איכ דיכ? ביסט א מאמע, צי ניינ?

מאלקע. טשעפּע זיכ אָפּ, איכ בעט דיכ! וואָס פאר א מאמע בינ איכ דיר, אז מע הערט מיכ ווי דעמ הונט, פונעמ גרעסטנ ביזנ קלענסטנ! וואָס פאר א מאמע בינ איכ איינ, אז איר אלע לאכט פונ מיר, מאכט

מיך מיט דער בלאָטע גלײַך? וואָס פאַר א מאַמע קאָן איך שוין זײַן, אז דו אליין האָסט זיי געלערנט פון קינדווײַז אום שטעלן דער מאַמע א פײַג? אליין געמאַכט א טעל פון די קינדער — און טשעפּעט זיך! וואָס? זאָג עפּשער, אז ניין?

מ ײ ע ר. גוט־גוט. ביסט גערעכט, גערעכט... ווו איז כאַיִם? (שרײַט) כאַיִם! כאַיִם!

(עס קומט ארײַן כאַיִם).

## צוויי טע סצענע.

מ ײ ע ר (צו כאַיִמען). ווייסט ניט, ווו איז ערגעץ מאַטווײ דעם דריטן טאָג?

כ א ַי ִ ם. פונוואַנען זאָל איך וויסן?

מ ײ ע ר. וואָס הייסט, פונוואַנען זאָלסטו וויסן? ער קער דיר, דאַכט מיר, אזוי אָן א ברודער, ווי דו אים, צי ניין?

כ א ַי ִ ם. א ברודער קער ער מיר אָן, נאָר ווו ער איז ווייס איך נישט

מ א ל ק ע. וואָס ווילסטו פונעם קינד? פונוואַנען זאָל ער וויסן?

מ ײ ע ר. פאַרוואָס זאָל ער נישט וויסן? פאַרוואָס ווייסט ער צו מאַכן סאָבראַניעס מיט זאַסעדאַניעס, אז איך פאָר אַוועק? (צו כאַיִמען, איראָניש). וואָס הערט זיך עפּעס מיט דײַן ערעץ־יִשׂראָעל?

כ א ַי ִ ם. מײַן ערעץ־יִשׂראָעל? ערעץ־יִשׂראָעל איז אזוי מײַנס ווי דײַנס.

מ ײ ע ר. געוויס! (מיט גיפט). רעכנסט עפּשער איינגיכן טאַקע זיך דורכפאָרן אַהינצו, הא?

כ א ַי ִ ם. פאַרוואָס ניט?

מ ײ ע ר. און טאַקע אין אײַנוועגס דאָרטן בלײַבן זיצן?

כ א ַי ִ ם. מיטן גרעסטן קאָוועד.

מ ײ ע ר (צום ווײַב). מאַלקע, דו הערסט?

מ א ל ק ע. ווייס איך וואָס א קינד פּלאַפּלט!

מ ײ ע ר (צו כאַיִמען). וואָס רעכנסטו, אשטייגער, דאָרטן צו טון, קעדוימע לעמאָשל?

כ א ַי ִ ם. דאָס, וואָס אלע קאָלאָניסטן: באַאַרבעטן די ערד, פלאַנצן ביימער, ווײַנגערטנער.

מ ײ ע ר (צום ווײַב). מאַלקע, דו הערסט? (נעמט כאַיִמס האַנט). ער וועט גראָבן ערד! פלאַנצן ביימער! כאַ־כאַ־כאַ! וואָס זאָגסטו אף דעם ערד־גראָבער? אף דעם ביימערפלאַנצער?

מ א ל ק ע. ווייס איך וואָס קינדער פּלאַפּלען!

מ ײ ע ר (מיט קאַס צום ווײַב). בעהיימע! יענער רעדט ווערטער, און

זי זאָגט (קרימט זי איבער) קינדער פלאפלען !... (צו כאַימען). זאָג מיר נאָר, זוניו, קיין שענערע פּאַרנאָסע האָסטו דיר שוין גאָר נישט געקאָנט געפינען, אכוץ ערד גראָבן אוןביימער פלאַנצן?

כאַים. מיט וואָס איז ערדאַרבעט מיִעסער, ווי זײַן דעם פּאָרעצס אַ ייִד? מיט וואָס איז קויפן און פאַרקויפן וואַלד אין גאָלעס שענער, ווי פלאַנצן ביימער באַ זיך אינדערהיים, אינעם אייגענעם לאַנד, צווישן אייגענע ברידער און שוועסטער?

מייער (צו מאַלקען). דו הערסט? איך האָב אים גאָר קיינמאָל ניט געהאָרכט אַזוי רעדן! (צו כאַימען, איראָניש). ווען־זשע רעכנסטו מאַכן די דײַזע, אימירצעשעם, אין אַ גוטער שאָ?

כאַים. אַפילע הײַנטיקן טאָג... מע דאַרף פריִער דאָס פאָלק ריִרן פונעם אָרט, צוגרייטן אונדזערע אָרעמע ברידער, די אַרבעטער.

מייער. ביסטו דאָס פון דידאָזיקע, וואָס רירן דאָס פאָלק? פון דידאָזיקע, וואָס גרייטן צו די אָרעמע ברידער?

כאַים. ווער דען? איר, וואָס זענט שטענדיק פאַרנומען נאָר מיט אײַער געלט און נאָר מיט אײַערע געשעפטן? צי אַזעלכע, ווי מאַטוויי, וואָס איז פאַרנומען מיט זיך אַליין? צי עפּשער זײַדנשטאַמער מיט זײַנע קינדער?...

מייער. ביסטו דאָס מעכויִעוו זיך אָננעמען די קריוודע פון אַלע אָרעמע לײַט? ווי געפעלט עס דיר?

כאַים. מעכויִעוו זענען מיר אַלע, וואָרעם מיר אַלע זענען קינדער פונעם אָרעמען ייִדישן פאָלק, וואָס לײַדט שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר און וואָס האָט ערשט נישט לאַנג אויפגעוואַכט פונעם שווערן מוירעדיקן שלאָף, ערשט ניט לאַנג אויפגעעפנט די אויגן און דערזען ווו ער איז אין דער וועלט.

מייער. וואָס איז דאָס מיט אײַך געוואָרן אַזעלכעס? איך מיין דיך... וואָלאָדין... כאַנען... איך האָב קיינמאָל נישט געהערט פון אײַך אַזעלכע ווערטער!

כאַים. וואָרעם דו האָסט זיך קיינמאָל ניט אינטערעסירט מיט אונדז, קיינמאָל ניט גערעדט פון אַזעלכע אַסאָק״ם...

מייער. אַזעלכע אַסאָקים? וואָס פאַר אַסאָקים באַ אײַך? ווי קומט צו אײַך אַסאָקים? דער — מיט ציִאָניזם! יענער — מיט ביכלעך! וואָס פאַר ביכלעך האָט מען דאָס געפונען באַ וואָלאָדין? דו מוזט דאָס וויסן! עפּשער וועט מען עפּעס קאָנען טון? ראַטעווען אים?

כאַים. איך האָב דיר שוין געזאָגט, אז איך קאָן דיר, ליידער, גאָרנישט זאָגן, וואָס מיט וואָלאָדיען איז געווען, וואָרעם איך מיט וואָלאָדיען גייען אין פארשיידענע וועגן...

מייער. אין פאַרשיידענע וועגן? נאָר אייך א גראָשן פאַר אַלע אייערע וועגן!...

כאַים. איטלעכן מאָלט זיך אויס, אז ער גייט אין רעכטן וועג...

מייער. אזא יאָר אף אַלע מיינע סאָנים. איינער בעסער פונעם אנדערן! די עלטערע זענען אוועק דער שווארץ יאָר ווייסט וואוהין; האָב איך גערעכנט פון אייך כאָטש א שטיקל נאַכעס; צום סאָף האָבן זיי זיך גענומען צו פרעמדע אסאָקים גאָר! געשעפטן!

כאַים (מיט פייער). פארוואָס עפעס פרעמדע? ס'איז אייגענע, ניט קיין פרעמדע! וועמען שלאָגט מען? אייגענע, צי פרעמדע? וועמענס ברידער ליידן? אייגענע, צי פרעמדע? צי מיינסטו, אז אלצדינג, וואָס קומט פאָר אצינד בא יידן, מיינט מען דאָס יענעם, ניט דיך?

מייער (ארויס פון די קיילים). שטיל זאָל זיין, דו שנעק איינער! אָט אזוי רעדט מען מיט א טאטן?! (לאָזט זיך צו אים).

מאלקע (שטעלט זיך אוועק אינמיטן). מייער! זאָל איך שלעכטס האָבן, זאָל איך שטארבן, אויב דו וועסט מיר אָנרירן דאָס קינד!

(עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אריין בעני מיטן זאַנטיק. כאַים גייט אָפּ).

## דריטע סצענע.

בעני (מאכט א „בוויר־בעשאָלעמ" 20). א גוטער מאָרגן זאָל אייך זיין, רעב מייער! א גוטער מאָרגן זאָל אייך זיין, מאַלקע! א גוטער מאָרגן זאָל אייך זיין ביידן! וואָס הערט זיך, וואָס מאכן עפעס אייערע... דאָס? (קוקט זיך ארום אף אַלע זייטן). אייערע קינדער מיין איך?

מייער. גוט מאָרגן — גוט יאָר, זיצט, וואָס מאכט א ייד?

בעני. עט! וואָס זאָלן מיר מאכן? (זעצט זיך אוועק). נישט גוט. דאָס הייסט, ס'וואָלט געווען גוט, מע זאָל פארדינען. פארדינט זיך אָבער ניט, איז שלעכט... גוט איז אייך, אז איר זיצט זיך, קיין איינהאָרע, מיט אייער אלטעטשקע און מיט אייערע קינדערלעך, קיין איינהאָרע. ווי שטייט דאָרטן געשריבן בא אונדז. הא? אשתך—דיין ווייב, כגפן—ווי א וויינשטאָק, פוריה — וואָס זי פרוכפערט זיך, בנים—די קינדער, כשתילי זיתים—ווי די איילבירט־צווייגן, סביב לשולחנך—רינגלען זיי ארום דיין טיש. (קוקט זיך ארום). ווו זענען זיי ערגעץ אייערע דאָס... די קינדער מיין איך?

מ יי ע ר (קוקט אפ מאלקעג. מאלקע ראוונט). וואָס איז דען? וואָס דאַרפט איר זיי?

ב ע נ י. וואָס איך דאַרפ זיי? גלאַט אזוי: איך זע, מע זעט זיי ניט,— פרעג איך... געראָטענע קינדער בא אײַך, קיין אײַנהאָרע, איינס בעסער פונעם אנדערן. ס'איז נאָר, הערט איר, א מאזל. דער נאָגיד, זאָגט מען, האָט גליק צו אלצדינג, אפילע צו קינדער. די עלטערע איז בא אײַך, קיין אײַנהאָרע, א פארשוין; שאדע, וואָס זי זיצט בא אײַך אזוי לאנג א דאָס, אן אלמאָנע מיין איך; איך האָב שוין וויפל מאָל געוואָלט צו אײַך ארײַנגיין שמועסן מיקויעך... איך האָב פון אירעטוועגן א דאָס, א שידעך מיין איך; וויל זי ניט, האָב איך געהערט זאָגן, כאסענע האָבן דורך א דאָס, דורך א שאדכן הייסט עס... (קוקט זיך ארום אפ אלע זײַטן). ווו איז זי ערגעץ אײַער עלטערע דאָס, די טאָכטער מיין איך?

מ יי ע ר (קוקט זיך איבער מיט מאלקען). וואָס איז דען? וואָס דאַרפט איר זי?

ב ע נ י. גלאַט אזוי, איך זע, מע זעט זי נישט,— פרעג איך... נאָר פארוואָס האָט ער ניט כאסענע — דאָס קאָן איך שוין ניט פארשטיין, איך מיין אײַער עלטערן דאָס, דעם זון מיין איך... דעם פריזיור האָט ער שוין, באָרוכאשעם, געפּאטערט לאנג, קומט אים שוין, דאכט זיך, א דאָס, א קאלע מיין איך? שאדע, וואָס מע טרעפט אים קיינמאָל נישט אינדערהיים... (קוקט זיך ארום אפ אלע זײַטן). ווו איז ערגעץ אײַער עלטערער דאָס, אײַער זון מיין איך?

מ יי ע ר. וואָס איז דען? איר דאַרפט אים עפּעס?

ב ע נ י. אפ וואָס דאַרף איך אים? גלאַט אזוי, איך זע, מע זעט אים ניט,—פרעג איך. זעט איר, דער אנדערער,—דער איז בא אײַך גאָר א געראָטענער. דער כיסאָרן, וואָס ער איז א דאָס, א ציִאָניסט מיין איך. דאָס הייסט, קיין כיסאָרן איז דאָס נישט; אדעראבע, ס'איז גאָר א מײַלע. איידער ליגן אין די קלובן און שפּילן אין קאָרטן, איז שוין גלײַכער זײַן א דאָס, א ציִאָניסט מיין איך... מײַנע קינדער אליין זענען אויך ציִאָניסטן, כאָטש סע געפעלט מיר ניט דער דאָס... דער געדאנק מיין איך. דאָס הייסט, געפעלן געפעלט ער מיר, פארוואָס זאָל ער מיר ניט געפעלן? אדעראבע, זייער שיין פון זייער זײַט, וואָס זיי פארנעמען יך מיט אזעלכע זאכן, זאָרגן זיך פארן דאָס, פארן קלאל הייסט דאָס. דער כיסאָרן, וואָס מע רעדט צופיל... אָט בין איך געווען אנומלטן אפ א דאָס, אן אסיפע הייסט עס: האָט אײַער זון געהאלטן א דאָס, א דראָשע מיין איך — צוקער־זיס!... דער דריטער אײַערער איז אויך גוטער א שקאָץ! נאָר, דאכט מיר, שוין ניט קיין דאָס, קיין ציִאָניסט

מיינ איכ? מיסטאמע ווייסט איר דאָך בעסער וואָס ער איז?... א כּעווערעמאַנ איז ער א גוטער! ער קענ זיכ מיט אַלע דאָס, כּעוורעלײַט מיינ איכ... (קוקט זיכ ארומ אפ אלע זײַטנ). ווּ איז ער ערגעצ אײַער דאָסיקער דאָס, אײַער ייִנגערער זונ מיינ איכ?

מייער. וואָס פרעגט איר זיכ אזוי נאָכ? איר דארפט אימ דענ?

בעני. וואָס איז שײַעכ, איכ דארפ אימ? גלאַט אזוי, איכ זע, מע זעט אימ ניט, — פרעג איכ... אנ אויסגעשפּילטע, זאָגט מענ, איז בא אײַכ די קליינע, אָט די, וואָס מיט די געשערענע דאָס, האָר מיינ איכ... א מאנצבילשער קאָפּ אפ איר, זאָגט מענ; אונ א קענערנ — א שארפע! אונ נעמט א דאָס, א כאָסנ מיינ איכ, אויכ זייער א געראָטענעמ... אונ כאָטש איכ בינ דאָ קיינ שאדכנ ניט געווענ אונ קיינ געלט בא אײַכ נישט פארדינט, נאָר פונדעסטוועגנ קאָנ מענ פונעמ עמעט ניט אוועקגיינ: איר האָט מיטנ דאָזיקנ שידעכ ניט שלעכט געדאָסט, געטראָפנ מיינ איכ... וואָרעמ לאָמיר זיכ ניט נארנ, איר זענט טאַקע א ייִד אנ אוישער, קיינ אײַנהאָרע, מע קאָנ זאָגנ א גוויר. כאָטש איכ האָב אײַער געלט נישט געציילט... נאָר ווי קומט איר צו רעב מוישעלע זײַדנשטאַמער? יענער איז אײַנגעטונקענ אינ דאָס, אינ ייִכעס מיינ איכ... דער כיסאָרנ, וואָס ער נעמט זיכ שוינ צופיל איבער, אונ פארגעסט, אז טאָמער זענט איר ניט אזא גרויסער יאכסנ, גיט איר אָבער דערפאר אײַער קינד אסאכ דאָס, נאדנ מיינ איכ... ווּ איז זי ערגעצ (קוקט זיכ ארומ אפ אלע זײַטנ) אײַער קלענערע דאָס, טאָכטער מיינ איכ?

מייער. אפ וואָס קאָנט איר זי, אשטייגער, דארפנ?

בעני. איכ? כאסוועשאָלעמ! גלאַט אזוי, איכ זע, מע זעט זי ניט, — פרעג איכ... דאָס הייסט, אז מע וויל שמועסנ דאָס אייגענע צוריק, באדארפ איכ גראדע צו איר יאָ האָבנ. דאָס הייסט, איכ האָב צו איר א שטיקל דאָס, א בריוו הייסט עס...

מייער. א בריוו? פונ וועמענ איז א בריוו?

בעני. עס רעדט זיכ אזוי א בריוו. טאַקע פונ אימ, פונ אײַער דאָס, פונעמ מעכוטנ מיינ איכ.

מייער אונ מאלקע. פונעמ מעכוטנ?

בעני (נעמט ארויס פונ דער אונטערשטער קעשענע א פאפיר). ער האָט מיכ געבעטנ, איכ זאָל אײַכ איבערגעבנ, אזוי ווי אײַער דאָס, טאָכטער הייסט עס, האָט נישט אינ זינענ אפילע צו טראכטנ מיקוויעכ דאָס, כאסענע הייסט עס, זי וויל גאָר פאָרנ אפ די דאָס, אפ די קורסנ הייסט עס, — זאָל זי

פאָרנ, זאָגט ער, געזונטערהייט... אונ אזוי ווי מיט אײַער עלטערער טאָכטער די גרושע האָט זיכ געטראָפנ א מײַסע... אונ אײַער זונ האָט מענ אײַנ־געזעצט אינ דאָס, אינ טורמע הייסט עס, אונ די גאנצע שטאָט, זאָגט ער, האלט אײַכ אינ די דאָס, אינ די מײַלער הייסט עס; לאָכיינ בעט ער, איר זאָלט קיינ פאריבל ניט האָבנ אונ זאָלט מויכל זײַנ איבער־געבנ אײַער דאָס, אײַער טאָכטער הייסט עס, אירע דאָס, אירע טנאָים הייסט עס. (גיט איבער מייערנ דאָס פאפיר).

מ יי ע ר (אויסער זיכ פאר קאס). מאלקע! דו הערסט? (צעקנייטשט די טנאָים אינ די הענט). גייט זאָגט אים, אײַער גרויסנ יאכסנ, אז איכ לאכ פונ זײַנ באבע! איכ דארפ אימ אפ זיבנ טויזנט קאפאָרעס מיט זײַנ גאנצנ ייִכעס! זאָגט אימ, לאָז ער נאָר נישט פארגעסנ אָפשיקנ דאָס ביסל בירונג, די מאטאָנעס, אונ טאקע הײַנט! אונ אז איר זענט שוינ יאָ א שילאטנ־שאמעס, טאָ גייט־זשע טאקע פונדאנענ גלײַכ אהינ, אונ טאקע באלד, אונ טאקע שוינ! (ווײַזט אימ אפ דער טיר).

ב ע נ י. וואָס דארפט איר זײַנ אזוי דאָסיק? איכ בינ דאָכ נישט מער ווי א דאָס, א שאָליִעכ מיינ איכ, מע זאָגט מיר, איכ זאָל דאָסנ — דאָס איכ, מיינ איכ, איכ זאָל גיינ — גיי איכ...

מ יי ע ר. דאָסט־זשע געזונטערהייט!

(בעני רוקט זיכ ארויס פונ דער טיר מיט א זײַטל).

## פ ע ר ט ע  ס צ ע נ ע.

מ יי ע ר (צו מאלקענ). נו? דו שווײַגסט?

מ א ל ק ע (קוקט אינ סידער ארײַנ). וואָס זאָל איכ שרײַענ?

מ יי ע ר. וואָס זאָלסטו שרײַענ, פרעגסטו? אוואדע דארפ מענ שרײַענ! אינ אלע גאסנ דארפ מענ אויסשרײַענ! קינדער זאָלנ אזוי מוטשענ א טאטנ! ווו זענענ די קינדער אלע? כאנע! כאיִמ! ווו זענט איר?!

מ א ל ק ע. שא! מע וועט זיכ דאָכ טאקע צונויפלויפנ פונ דער גאס!

מ יי ע ר. לאָז מענ לויפנ! לאָז מענ זעענ, וואָס קינדער טוענ מיט א טאטנ! נישטאָ זיי? נישטאָ די קינדער? נישטאָ קיינ קינדער, מאלקע! נישטאָ! צעלאָפנ זיכ, ווי די מײַז צעלאָפנ זיכ!

מ א ל ק ע. צעזייט אונ צעשפרייט אפ אלע זיבנ יאמענ...

(עס קומט ארײַנ כ א נ ע, קוקט אפנ פאָטער אונ אפ דער מוטער).

## פ י נ פ ט ע  ס צ ע נ ע.

כ א נ ע. פאפא!... דער מעכוטנ האָט אָפגעשיקט די טנאָים?...

כ׳האָב שוינ געהערט, ס׳איז עמעס?

מייער. א געדולע אפ דער באבע! וואָס־זשע ביסטו אזוי לעבעדיק?

כאנע. וואָס־זשע? ווינען זאָל איך?

מייער. ניין, טאנצן דארף מען. מע דארף גיין א פריילעכס! זאָג מיר, כאנע, וואָס טוט זיך עס מיט אייך? כאַסנ־קאלע איז עפּעס בא אייך שפּילעכלעך, צי וואָס?

כאנע. ס'איז בא אייך שפּילעכלעך, נישט בא אונדז. אייך האָט זיך געגלוסט א שידעך טון מיט מוישעלע זיידנשטאמער, איינקויפן זיך אין ייכעס. עס איז אייך דען אייגעפאלן, איר זאָלט פרעגן מיך, צי געפעלט מיר זיידנשטאמערס זון? אבי גאָט האָט אייך געהאָלפן, איר האָט א שיינעם מעכוטן... אייער מעכוטן איז א נידעריקער מענטש! ער האנדלט מיט ייכעס, ווי מיט עסרויגים. אָנשטאָט דעם, וואָס ער זאָל קומען דיך טרייסטן אין דיין אומגליק, וואָס האָט אונדז געטראָפן, האָט ער אונדז אָפּגעשיקט די טנאָים. איך דאנק אים זייער און זייער, וואָס איך בין פּאָטער געוואָרן פון א כאָסן, וואָס טראָגט בריליאנטענע פינגערלעך און שרייבט פּעטיציעס. אצינד בין איך פריי און קאָן מיר פּאָרן לערנען.

מייער (צו מאלקען). דו הערסט? זי איז פריי!... זי קאָן פּאָרן לערנען!...

מאלקע. ווייס איך וואָס א קינד פּלאפּלט.

כאנע. ניין, מאמע, איך פּלאפּל נישט, איך רעד ערנסטע ווערטער.

מייער. וווהין, אייגנטלעך, פּאָרסטו, הייסט עס, אויב מע קאָן וויסן?

כאנע. קיין בערן פאָר איך. דאָ נעמט מען נישט צו, מוז מען פּאָרן אין דער פרעמד.

מייער (צו מאלקען). דו הערסט ווערטער? קיין בערל פּאָרט זי. דאָ איז פאר איר ווינציק טוירע, דארף מען פּאָרן אזש קיין... וויאזוי הייסט עס?

כאנע. בערן.

מייער. בערל! זייער שיין, א שיינער נאָמען! דו קיין בערל, און כאַיִם קיין ערעצ־ייִסראָעל.

כאנע. איך געב נישט אָפּ קיין דינוועכעשבן פאר כאַיִמען, און כאַיִם — פאר מיר. איטלעכער פאר זיך.

מייער. די אייגענע ווערטער האָב איך געהערט פון כאַיִמען. איטלעכער פאר זיך, איטלעכער פאר זיך. נו, און פאר אונדז ווער? און פאר ווּעמען מיר? איר קערט אונדז עפּעס אָן שטיקלעך אייגענע, צי ניין? איר זענט אונדזערע קינדער, צי ניין?

כאנע. אײַערע.

מײער. און מיר זענען אײַערע פֿאָטער און מוטער, צי ניין?

כאנע. אונדזערע.

מײער. האָבן מיר עפּעס אָפּ אײַך צו שאַפֿן, צי ניין? ווי מײנסטו, אשטײגער?

כאנע. איך מיין, אז א מענטש אַפֿ א מענטשן קאָן נישט האָבן צו שאַפֿן.

מײער. נישט דאָס מיין איך. איך מיין, צי קענען מיר אײַך זאָגן, לעמאָשל, דאָס מעגט איר און דאָס ניט? דאָס ווילן מיר און דאָס ניט?

כאנע. ניין. איר קאָנט ניט.

מײער. ניין? מיר קאָנען ניט? דו הערסט, מאלקע, וואָס די טאָכטער דײַנע זאָגט? מיר קאָנען נישט! מיר האָבן נישט אַפֿ זיי קיין שום דייע, קיין שום שליטע!

מאלקע. ווייס איך וואָס א קינד פּלאַפּלט!

מײער (לאָזט אויס דאָס הארץ צו מאלקען). בעהיימע וואָס דו ביסט! יענע רעדט, ווי אַן אלטער, ווי א באַרדאַס, און זי (קרימט זי איבער)— ווי א קינד פּלאַפּלט! (צו כאנען). זאָגסטו, הייסט דאָס, אז נאָך דײַן סייכל נאָך קומט אויס, אז מיר מיט אײַך קערן זיך גאָרנישט אָן, לאַכלוטן גאָרנישט? איר זענט זיך — איר, און מיר זענען זיך — מיר?...

כאנע, ווער זאָגט דאָס דען? איר זענט אונדזערע עלטערן, און מיר זענען אײַערע קינדער, וואָס זענען פֿארפּליכטעט האלטן אײַך בעקאָוועד, ליב האָבן און...

מאלקע (אופגעלעבט). נו־יאָ, ווי מיר זאָגן אלע אינדערפֿרי: „איך וועל פֿאָלגן אלצדינג, וואָס דער טאַטע הייסט, וואָס די מאַמע הייסט, וואָס גוטע פֿרומע לײַט הייסן״...

מײער (רײַסט איר איבער, לייגט צונויף בײדע הענט, קוקט ארויף). „א בראָכע האצלאָכע זאָל קומען אָפּ מײַן קעפּעלע, אָמיין סעלאָ״... אוואדע וועט זי דיך באלד פֿאָלגן! דו זעסט ניט?

כאנע. אבי נאָר א גלײַכע זאך — פֿארוואָס ניט?

מײער. גוט. לעמאָשל, אז מיר וועלן דיר זאָגן: כאנעלע, פֿאָר ניט אהינצו אין יענער שטאָט, וועסטו דאָך מיסטאמע דאפֿקע יאָ פֿאָרן?

כאנע. אוואדע, ווארעם אין דעם הענגט אָפּ דאָס גאנצע לעבן מײַנס!

מײער. פֿארשטײט זיך! ווארעם ווי קאָן מען גאָר לעבן אָפּ דער וועלט, אז מע פֿאָרט ניט אוועק אהין... וויאזוי הייסט די שטאָט?

כאנע. בערנ.

מייער. בערל. און דייַנ ברודער כאַיִם מוז פאָרנ קיינ ערעצ־יִסראָעל פלאנצנ ווייַנגערטנער?

כאנע. איכ האָב דיר שוינ געזאָגט, אז איטלעכער פאר זיכ.

מייער. פארשטייט זיכ, איטלעכער פאר זיכ: דער קיינ בערל, דער קיינ ערעצ־יִסראָעל, דער וועט זיצנ אינ טורמע, דער וועט גלאט פארפאלנ ווערנ אפ דרייַ מעסלעס, און די וועט לויפנ אינ דער וועלט אריינ — האקלאל, איטלעכער וווהינ די אויגנ וועלנ אים טראָגנ (צו מאלקענ) נו? און מיר, מאלקע? מיר וועלנ זיכ בלייַבנ דאָ אינגזווייענ. ווי זאָגט ער: „דיד דא באבא". די קינדער אלע באוואָרנט, וועמענ הערנ מיר? (לאכט מיט גאל). כא־כא־כא! (צו כאנענ). וויאזוי רעכנסטו, לעמאָשל, פונ וועמענס וועגנ איז דאָס אָט דאָס אלעס, דאָס גאנצע פארמעגנ מיטנ גאנצנ געלט? איכ מיינ נישט איצטער, איכ מיינ שפעטער, איבער הונדערט צוואנציק יאָר?

כאנע. א מענטש, קאָלזמאנ ער לעבט, דארפ ער זאָרגנ פארנ לעבנ, ניט פארנ טויט.

מייער. ביסט קלוג טאקע נאָר ווי שלוימע האמעילעכ, כלעבנ. לאָכיינ וואָלט איכ וועלנ, זאָלסט מיר קלאָר מאכנ, פונ וועמענס וועגנ, אייגנטלעכ, האָבנ מיר דאָס גאנצע לעבנ געהאָרעוועט, אויסגעריסנ געוואָרנ, אָפטמאָל נישט דערשלאָפנ, נישט דערעסנ, אסאכ מאָל געליטנ ביזיוינעס, האקלאל—זיכ מאפקיר געווענ, געקליבנ א קערבל צו א קערבל— אייַכ נאָכגעגעבנ אלצדינג, וואָס אייַער הארצ גלוסט, ביכדיי איר זאָלט זיכ אופהייבנ אינ א שיינעם פרימאָרגנ, צעקריכנ זיכ דער אהער, דער אהינ, און אונדז איבערלאָזנ אליינ, עלנט, אָנ א זייַ־געזונט, ווי מע זאָגט..

(מאלקע בייגט זיכ אָנ איבערנ סידער און וויינט שטילערהייט).

כאנע (גייט צו צו איר, נעמט זי ארומ, קושט זי). מאמע, וויינ נישט, איכ קאָנ נישט זעענ, ווי דו וויינסט.

מייער. דו קאָנסט ניט זעענ, ווי זי וויינט? און אז איכ קאָנ ניט שלאָפנ קיינ נעכט פונ זינט מע האָט צוגענומענ וואלאָדיענ, וואָס איר ווילט אפילע ניט זאָגנ מיר, פאר וואָס און פאר ווענ? אלצ איר? אלצ פונ אייַערטוועגנ?...

כאנע. וואָס־זשע ווילסטו, פאפא? אז צוליב דיר זאָל די זונ אופהערנ ווארעמענ די ערד, נאָר פארקערט?... דו ווילסט, אז צוליב דיר זאָל די גאנצע נאטור זיכ איבערבייַטנ, און קינדער זאָלנ ווערנ

צוגעוואקסן צו זייערע עלטערן, ווי צווײַגן צו'ן א בוים? ניט הײַנט, איז מאָרגן, שיידן זיך מוז מען דאָך אמאָל!

מייער. רעדסט ווי א באַרדאס, לאָמיך האָבן אזא יאָר... נאָר אלץ הייסט בא דיר שיידן זיך? שיידן זיך הייסט בא מיר, אז קינדער האָבן כאסענע, באַזעצן זיך ווי מענטשן, דער בא אזא געשעפט, דער בא אזא געשעפט... אָבער ניט אזוי ווי מיר. אף מיר איז עפּעס אַן אויסגאָס... (רעדט מיט א וויינענדיק פארדומפּטן קאָל). א גאָטס שטראָף אף מיר... איִעווס צאָרעס [21])... און וועאל קולאָם אָט דער וואלאָדי האָט מיר גאָר דעם קאָפּ אראָפּגענומען!... איך וויים גאָרניט, ווי איך האלט דאָס אויס... (ווישט זיך די אויגן. מאַלקע וויינט. אף איר קוקנדיק—אויך כאנע. פּויזע דויערט א מינוט. מייער נעמט פּלוצים כאנען פאר א האנט, ציט זי צו זיך. כאנע קושט אים). זאָג מיר צו, טאָכטער מײַנע, זאָג מיר צו, אז דו וועסט ניט פאָרן אהין...

כאנע (ראנגלט זיך מיט זיך א ווײַלע). ניין, פּאפּא! ניין! אלצדינג יאָ, אלצדינג וועסטו בא מיר פּויעלן, נאָר דאָס נישט, דאָס נישט, איך מוז פאָרן! איך קאָן נישט! איך קאָן נישט זײַן דאָ מער, אין דער־דאָזיקער שטוב!...

מייער (שפּרינגט אָף). הא? דו קאָנסט נישט זײַן דאָ מער? אין דערדאָזיקער שטוב? מאלקע! דו הערסט? זי קאָן ניט זײַן דאָ מער, זאָגט זי, אין דערדאָזיקער שטוב! ס'איז איר דאָ ענג, ס'איז זיי דאָ אלעמען מיטאמאָל געוואָרן ענג אין דערדאָזיקער שטוב!... (כאפּט זיך אוף, שרײַט מיט קאס). שוין לאנג, אז ס'איז אײַך נימעס געוואָרן די דאָזיקע שטוב?!...

מאלקע (שטעלט זיך אוועק צווישן פאָטער און צווישן דער טאָכטער). מייער!..
(כאנע גייט אָפּ, עס פליט ארײַן סאשקע מיט א געדולע).

## זעקסטע סצענע.

סאשקע. דו ווייסט, מאמע? מע האָט דאָך מיר טאקע געבראכט צו פירן א הונט! אוי, זאָלסט זען וואָסער א הונט! געב מיר, מאמע, געלט! האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט, אז מע וועט מיר קויפן א הונט!

מאלקע (ווינקט צו אים, ער זאָל אוועקגיין). אָט האָסטו דיר די אַנדערע טעג יאָנטעוו!

מייער (אין קאס פון פריִער). וואָס פאר הינט?

סאשקע. א מאָפּס. אַן עמעסער מאָפּס!

מייער. איך וועל דיר געבן א מאָפּס! הינט פּעלט דאָ נאָך אין דערדאָזיקער שטוב! אוועק, דו וועוויק, דו פּידסוויניק איינער! וואָן!!!...

סאשקע. אויב אזוי, גיי איך גאָר זיך טרינקען! (אנטלויפט).

מייער (שרייט אים נאָך). זיך טרינקען? טרינק זיך! הענג זיך! הענגט זיך אלע! אלע זאָלט איר זיך אופהענגען אפ איין שטריקל! אזעלכע קינדער, ווי איר, זאָלן גאָרניט געבאָרן ווערן!... (מאלקע וויל זיך לאָזן לויפן נאָך סאשקען; מייער האלט זי אָפּ). שאַ! לויף ניט! ציטער ניט! האָב קיין מוירע ניט פארן מיזיניקל! עס וועט אים גאָר ניט זײַן, דעם קאַדעש דײַנעם!... (עס קומט ארײַן מאשע דאָס דינסטמיידל).

## זיבעטע סצענע.

מאשע. דאָ איז געקומען צו גיין א מענטש פון גראנד־האָטעל זאָגן, מע זאָל אײַך זאָגן, אז דער פּאָרעץ, דער גראף הייסט עס, איז געקומען צו פאָרן, אין גראנד־האָטעל הייסט עס, און ער רופט אײַך, דער פּאָרעץ, דער גראף הייסט עס, איר זאָלט באלד קומען צו גיין אהינצו, אין גראנד־האָטעל הייסט עס.

מייער. הא? וואָס? דער פּאָרעץ? דער גראף איז געקומען צו פאָרן? וואָס־זשע שווײַגט איר? דאָס אָנטון גיט אהער! די שטיוול! דאָס היטל! גיכערט! דער פּאָרעץ! דער גראף איז געקומען צו פאָרן, און איר שווײַגט!? (ער ווארפט זיך אפ אלע זײַטן. מע טראָגט אים צו דאָס אָנטון. ער שלעפּט אפ זיך די מאלבושים, טרעפט ניט ווו מע דארף און ווערט נאָך מער צעטראָגן און נאָך מער אין קאס). בעהיימעס! פערד! וואָס שטייט איר, ווי די טאָקן? פארוואָס העלפט איר מיר ניט אָנטון זיך? איר הערט דאָך, אז דער פּאָרעץ, דער גראף איז געקומען צו פאָרן, דער גראף! דער גראף!!... (זיך אָנגעטון, לאָזט ער זיך צו דער טיר און בלײַבט שטיין מיטן צילינדער א ווײַלע ווי פארטראכט). מאלקע! (רײַבט זיך אין שטערן). וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן... (דערמאָנט זיך). און וואלאָדי זיצט?... און די איבעריקע קינדער?

מאלקע. צעזייט און צעשפּרייט אפ אלע זיבן יאמען...

מייער. הא? וואָס זאָגסטו? מאלקע! ווו זענען אונדזערע קינדער?... (פאלט צו איבעם גאנצן אָנטון צום טיש און וויינט).

מאלקע (לויפט צו צו אים אין שרעק). מייער! גאָט איז מיט דיר! מייער!!...

(סאָף פונעם דריטן אקט).

# „א דאָקטער״

דער איינאַקטער „א דאָקטער״ איז צום ערשטן מאָל דערשינען אלס בײַלאגע צום זשורנאל „דאָס יידישע פאָלקסבלאַט״ אין 1887־טן יאָר.

זײַן אופגאבע אין „א דאָקטער״ האָט שאָלעם־אלייכעם, קאָנטיק, געהאלטן פאר א גאנץ באַשיידענע, דאָס איז צו זען אפּילע דערפון, וואָס ער קאָן זיך ניט אנטשליסן צו געבן דעם איינאַקטער „א דאָקטער״ וועלכע עס איז מער־באַדײַטנדיקע זשאנער־באַצייכענונג. אויב אין דער ערשטער אויסגאַבע פון „געט״ (געשריבן אין זעלבן יאָר 1887) לייענען מיר, אז דער „געט״ איז „א קאָמעדיע אין דרײַ בילדער״, ווערט „דער דאָקטער״ אין דער ערשטער אויסגאַבע באַצייכנט בלויז ווי „א שטוב־זאַך, אונטערגעהערט דורך שאָלעם־אלייכעמען״. זײַן שפּעטערדיקע באַציִונג צו אָט דער „שטוב־זאַך״ האָט שאָלעם־אלייכעם אויסגעדריקט אין זײַנעם א בריוו (געשריבן אין 1908־טן יאָר), ווו מיר לייענען: „ויהי בימי ה„פאָלקסבלאַט״ האָב איך אָנגעדראַקט א וואָדעוויל־פּעליעטאָן מיטן נאָמען „א כאָסן א דאָקטער״[1].

ווי פּרימיטיוו דער איינאַקטער „א דאָקטער״ איז ניט געווען אין דער ערשטער אויסגאַבע פון 1887, האָט ער דאָך געהאַט א היפּשן באַטײַט פאר דער אויספורעמונג פון שאָלעם־אלייכעמס דראַמאַטישן נוסעך. דער איינאַקטער „א דאָקטער״ האָט צום ערשטן מאָל אָנגעמערקט יענעם קרײַז געשטאַלטן—ספּעציִעל די סוויווע פון אופגעקומענע נעגידים—וואָס מיט זיי האָט שאָלעם־אלייכעם נאָכדעם אין מעשעך פון זײַן גאנצן לעבן ניט אופגעהערט צו פארפולן זײַנע דראַמאַטישע ווערק.

שאָלעם־אלייכעמס אידעאָלאָגישע אײַנשטעלונג אינעם איינאַקטער „א דאָקטער״ שטימט מיט דער אײַנשטעלונג פון אנדערע ווערק, געשריבענע אין דערזעלבער צײַט ניט אין דער דראַמאַטישער פאָרם. פונקט ווי אין איינאַקטער „א דאָקטער״, זעען מיר אויך אין דעם ראָמאן

1) „שאָלעם־אלייכעם־בוך״ ז. 226. אין דער ערשטער אויסגאַבע האָט דער איינאַקטער געהייסן „א כאָסן א דאָקטער״.

„סענדער בלאנק“ אונ „קינדער־שפּיל“, אז שאָלעם־אלייכעמס איז אינ די 80־ער יאָרנ פרעמד געווענ די טענדענצ צו באווייזנ דעם באָדנ פונ עקספּלואטאציע אונ סאָציאלנ אומרעכט, פונוואַנעג עס וואַקסט ארויס די עקאָנאָמישע מאכט פונעם אופגעקומענעם גוויר. שאָלעם־אלייכעמס נעגידימ־געשטאלטנ טרעטנ ניט ארויס — סיי אינ „סענדער בלאנק“ אונ סיי אינ „קינדער־שפּיל“ — אפנ פאָנ פונ אזא ברייטער געזעלשאפטלעכער אקציע, ווי מיר זעענ דאָס, לעמאָשל, אינ מענדעלעס קאָמעדיע „די טאקסע“. פאר דעם שרייבער, דעם אויסדריקער פונעם יידישנ קליינבירגערטום, איז אָבער די איינשטעלונג פונ מענדעלעס „טאקסע“ ווייניק איבערצייגנדיק אינ די 80־ער יאָרנ, ווענ די אָנפירנדיקע אידיי פונ מענדעלעס „טאקסע“ — די האסקאָלע־אידיי איז שוינ לאנג דיסקרעדיטירט אינ די אויגנ פונעם קליינבירגערטום.

דער אָנוואקסנדיקער קאפּיטאליזם, וואָס מאכט דורכ אינ די 80־ער יאָרנ א היפּשנ שטיק וועג איבער דער יידישער סוויווע, די רויִנירונג־פּראָצעסנ, וואָס ער הייבט אָנ ארייַנטראָגנ פונ טאָג צו טאָג אינ דער לאגע פונעם יידישנ קליינבירגערטום, — דאָס אלצ באווייזט אפ שריט אונ טריט די נישטיקייט פונ יענעם אויסוועג, וואָס די האסקאָלע האָט פּרעטענדירט אָנצומערקנ דער יידישער קליינבירגערלעכער מאסע. שאָלעם־אלייכעמ איז אינ די 80־ער יאָרנ שוינ טיפ דורכגעדרונגענ מיט אָט דער דערפאַרונג פונ זיינ קלאס, דעם יידישנ קליינבירגערטום. ער גלויבט ניט מער אינ דער מאכט פונ דער אָקאָרשט־דיסקרעדיטירטער האסקאָלע־אידיי.

שאָלעם־אלייכעמ לאָזט ניט דורכ די געלעגנהייט אָט די דיסקרעדיטאציע צו באשטעטיקנ אויכ מיט זיינ איינאקטער „א דאָקטער“. אבראמטשיק, דער געזעצלעכער יורש פונ מענדעלעס וועקער (דער מאסקיל אינ מענדעלעס „טאקסע“), טרעט שוינ אופ בא שאָלעם־אלייכעמען ווי א דורכויס קאָמישע פיגור. אבראמטשיקס פּאטעטישע אויסרופנ „אָ, דעספּאָטיזמוס, פאנאטיזמוס, כאסידיזמוס, אָבסקוראנטיזמוס!“ — אינ פלוג, נאָר א באשטאנד־טייל פונ די מאָנאָלאָגנ, וואָס מיט זיי טרעטנ אופ די הויפּטהעלדנ פונ דער מאסקילישער דראמע, — קלינגענ אינ שאָלעם־אלייכעמס „דאָקטער“ בלויז ווי א געלונגענע פּאראָדיע אפ א באוועגונג, וואָס האָט שוינ לאנג אויסגעהויכט איר לעצט ביסל לעבנס־קראפט אונ לעבנס־אינהאלט.

אינ דעם פראט איז שאָלעם־אלייכעמס גאנג אינ „א דאָקטער“ שוינ

גאנץ אויסגעשפּראָכן. דער אנטימאסקיליזם טרעט דאָ ארויס שוין גאָר אָפן און קלאָר. אָבער פּונקט ווי אין שאָלעם־אלייכעמס אנדערע ווערק פון דער צײַט, אזוי זעט זיך אויך אין „א דאָקטער“, אז מיט וואָס צו פארבײַטן די אָקאָרשט־דיסקרעדיטירטע האסקאָלע־אידיי האָט נאָך שאָלעם־אלייכעם ניט געהאט אין 1887־טן יאָר. שאָלעם־אלייכעמס פאָלקיסטישע שטימונגען זײַנען צו דער צײַט נאָך צופיל אומקלאָר, צו אומבאשטימט, אז זיי זאָלן קאָנען דיקטירן שאָלעם־אלייכעמען א זעלבשטענדיקע שטעלונג צו דעם קרײַז געשטאלטן פון דער יידישער בורזשואזער סוויווע, וואָס ווערט געשילדערט אין „א דאָקטער“. דערפאר זעט דאָ אויס אזוי אינערלעך אויסגעהוילט און פּוסט די קריטיק פון דער בורזשואזער סוויווע, דערפאר איז די גאנצע האנדלונג אין דער ערשטער אויסגאבע נאָך זייער צעשוווּמען און איבערפלעכלעך, אזוי אז עס באקומט זיך ווירקלעך ניט מער ווי א פעליעטאָן, ווי שאָלעם־אלייכעם האָט עס ריכטיק באצייכנט אין זײַן בריוו פון 1908־טן יאָר.

---

די צווייטע אויסגאבע, ווו דער איינאקטער „א דאָקטער“ איז געדרוקט נאָך א גרינטלעכער איבעראַרבעטונג, איז באצייכנט מיטן יאָר 1907. צי האָט שאָלעם־אלייכעם טאקע אין זעלבן יאָר 1907 איבערגעארבעט „א דאָקטער“, אָדער מיר האָבן דאָ דעמזעלבן פאל, וואָס מיט דער קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט“, וועלכע איז איבערגעארבעט געוואָרן מײַ כוידעש 1905 און איז דערשינען אין פארלאג „ביכער פאר אלע“ ערשט אין יאָר 1906—קיין זיכערע יעדיעס וועגן דעם האָבן מיר ניט. ס'איז אָבער צווייפלהאפט, אז דער איינאקטער „א דאָקטער“, וואָס איז אנאָנסירט געוואָרן אין פארלאג „ביכער פאר אלע“ נאָך אָנהייב 1905, זאָל איבערגעגעבן ווערן דעם פארלאג ערשט אין יאָר 1907. אין דעם יאָר 1907 זײַנען שוין שאָלעם־אלייכעמס פארבינדונגען מיטן פארלאג „ביכער פאר אלע“ קימאט ווי אויסגעשעפּט. ניט זײַנע פּיעסע „דער אויצער“ (אָנגעשריבן 1907), ניט דעם איינאקטער „מענטשן“ (אָנגעשריבן, ווי עס ווײַזן אָן די ארויסגעבער פון דער פאָלקס־פאָנד־אויסגאבע, אין יאָר 1907) גיט שאָלעם־אלייכעם ניט ארויס אין פארלאג „ביכער פאר אלע“. ס'איז דעריבער מער וואַרשײַנלעך, אז דער איבערגעארבעטער איינאקטער „א דאָקטער“ איז א שטיק צײַט אָפּגעלעגן אין פּאָרטפעל פונעם פארלאג און שטאמט די איבעראַרבעטונג פון „א דאָקטער“ פון יענער צײַט, ווען שאָלעם־אלייכעם האָט געשריבן

אין זײַנעם א בריוו וועגן דעם אָפּמאכ מיטן אָדעסער טעאַטער: „פּאַרן ערשטן סעזאָן האָב איכ צוגעגרייט (און אַרבעט נאָכ איצט) צוויי גרויסע און פיר איינאקטיקע פּיעסעס“. אָט צווישן די „פיר איינאקטיקע פּיעסעס“, וואָס שאָלעמ־אַליכעמ האָט אָפּ זיי געאַרבעט אין יאָר 1905, איז, קאָנטיק, געווען אויכ דער איינאקטער „א דאָקטער“ [1].

צו דער צײַט, ווען שאָלעמ־אַלייכעמ האָט זיכ גענומען איבעראַרבעטן „א דאָקטער“, האָט ער שוין געהאַט צו פאַרצייכענען א צאָל גרעסערע קינסטלערישע ווערק, וואָס האָבן איידעס געזאָגט וועגן דעם, אז זײַן קלאַסאָווע זעלבסטבאַוווסטזײַן באַקומט פון יאָר צו יאָר א מער בוילעטן, א מער דײַטלעכן אויסדרוק. פאַר די קאַרגע צוואַנציק יאָר, וואָס טיילן אָפּ די ערשטע אויסגאַבע „א דאָקטער“ פון דער צווייטער — באַזונדערס אין גאַנג פון די רעוואָליוציע־יאָרן אַרום 1905, — איז געוואָרן אַסאַכ קלאָרער שאָלעמ־אַלייכעמס שטעלונג צו יענע געשטאַלטן פון דער בורזשואַזער סוויווע, וואָס זײַנען באַוויזן אין „א דאָקטער“. אָט די נײַע שטעלונג האָט עס באַשטימט דעם כאַראַקטער פון די ענדערונגען, וואָס שאָלעמ־אַלייכעמ האָט אין דער צווייטער אויסגאַבע אַרײַנגעטראָגן אין טעקסט פון „א דאָקטער“.

אין דער ערשטער אויסגאַבע „א דאָקטער“ האָבן מיר נאָכ ניט קיין אויסגעהאַלטן גראָטעסקירטע געשטאַלט פון אַן אויפגעקומענעם גביר, פאַרקערט, דאָ און דאָרט מערקט זיכ, אז שאָלעמ־אַלייכעמ וויל זיכ נאָכ אָנעמען די קריוודע פונעם ווילנלאָזן גביר, וואָס איז ניט מער ווי א שפּילכל אין די הענט פון איטלעכן, ווער עס וויל נאָר מיט אים שפּילן: דער שאַדכן, דעם גבירס ווײַב, דעם גבירס קינדער. אין דער ערשטער אויסגאַבע פון „א דאָקטער“ איז פאַראַן א ספּעציעלע סצענע צווישן דעם גביר בייגעלמאַן [2] און זײַן ווײַב, ווען זיי רעדן אונטער פיר אויגן. בייגעלמאַן פּרוּווט רעדן „מיט היץ“, „מיט פײַער“ (אַזוי ווערט אָנגעוויזן אין די רעמאַרקעס), נאָר באַלד נאָכ דעם ווערט זײַן ווילן געבראָכן און ער גיט נאָכ אַלץ, וואָס מע פאַרלאַנגט פון אים.

---

1) קיין נײַע „פיר איינאקטיקע פּיעסעס“ האָט שאָלעמ־אַלייכעמ אין 1905־טן יאָר ניט אָנגעשריבן. דער איינציקער נײַער איינאַקטער שאָלעמ־אַלייכעמס, וואָס איז געשריבן 1905, איז „אַגענטן“.

2) אין דער אויסגאַבע 1887 הייסט דער הויפּט־העלד, דער גוויר, ניט קרענדעלמאַן, נאָר בייגעלמאַן, זײַן פרוי הייסט אויכ ניט סאָרע־לייע, ווי אין דער שפּעטערדיקער אויסגאַבע, נאָר סאָרע־זיסעלע.

דידאָזיקע סצענע איז אין דער צווייטער אויסגאַבע אַרויסגעוואָרפן געוואָרן.

עס איז אין דער צווייטער אויסגאַבע אָפּגעוואָרפן געוואָרן אויך דער לעכאַטשילעדיקער פינאַל פונעם איינאַקטער (זע ווייטער אין די „צוגאָבן", ז. 297). דער ערשטער וואַריאַנט פון „א דאָקטער" ענדיקט זיך ניט דערמיט, וואָס די דינסטמוידן לויפן אַרײַן פרעגן, צו וועמען דאַרף מען עס רופן א דאָקטער, ווי דאָס קומט פאַר אינעם שפּעטערדיקן איבערגעאַרבעטן וואַריאַנט.

אינעם ערשטן וואַריאַנט קומט נאָך דער סצענע מיט די דינסטמוידן א לאַנגער מאָנאָלאָג בײַגעלמאַנס. מיר הערן דאָ דיזעלבע „היצ", דעמזעלבן „פײַער", ווי אין דעם שמועס צווישן בײַגעלמאַנען און זײַן פרוי. בײַגעלמאַן הייבט קלוימערשט אָן פּראָטעסטירן קעגן דעם שטוביק יאָך, וואָס ער טראָגט אַף זיך, באַלד קומט אָבער ווידער אַרײַן זײַן פרוי, סאָרע-זיסעלע (אין אייניקע אירע אינטאָנאַציעס הערט זיך עפּעס ענלעכס צו דער געשטאַלט פון סאָרע-כאַנציע אין „געט"), און דער איינאַקטער לאָזט זיך אויס מיט דערזעלבער נאָכגעביקײַט פון אַן אונטערטעניקן מאַן, ווי מיר האָבן עס אומעטום אין גאַנג פונעם ערשטן וואַריאַנט.

דער ערשטער וואַריאַנט וואַקלט זיך ביכלאַל צווישן וואָדעווויל און פאַמיליען-דראַמע. אין צווייטן וואַריאַנט איז שוין אָט די וואַקלעניש קאַם צו דערקענען. דער איינאַקטער ווערט איבערגעבויט אַזוי, אַז ס'זאָל זיך פון אַלע סצענעס באַקומען די גאַנצקײַט און איינהייטלעכקײַט פון א וואָדעוויל, מיט אַן אויסגעשפּראָכענער נויגונג צו גראָטעסק, וואָס באַציט זיך אַף אַלע פאַרשוינען, וועלכע טרעטן אויף אינעם איינאַקטער. דערבײַ בײַט שאָלעם-אַלייכעם אויך דעם אויפן, ווי עס ווערט געשילדערט דעם גווירס טאָכטער.

אינעם ערשטן וואַריאַנט איז פאַראַן א סצענע, וואָס לאָזט דרינגען, אַז וויעראָטשקע — דעם גווירס טאָכטער — איז גאָר א קאָרבן פון דער פאַרדאָרבענער נעגידישער שטוב. די טאָכטער שרײַט אַפילע אויס: „איר ווילט מיך פאַרקנאַסן, פאַרשלייערן, פאַטערן, כאַסענע מאַכן מיט גוואַלד עפּעס פאַר א מין נעוועזשע, פאַר א זאַק מיט גאָלד, פאַר א טויגעניכטס! איך ווייס! איך ווייס!..."

אויך דאָ וואַקלט זיך נאָך שאָלעם-אַלייכעם צווישן וואָדעוויל און דראַמע, צווישן ראַכמאָנעס צום „אומשולדיקן קאָרבן" און שאַרפער

סאטירע געווענדט קעגנ דער פוסטער אונ לײַכטזיניקער נעגידישער טאָכ־טער. אינ צווייטנ וואריִאנט פאלט אָפ דער עלעמענט פונ דראמאטיזמ אינ דער שילדערונג פונ דעמ גווירס טאָכטער. וויעראָטשקעס מאָנאָלאָג ווערט ארויסגעוואָרפנ, איר „פראָטעסט" פאלט אָפ, אונ שאָלעמ־אלייכעמ שילדערט דעמ גווירס טאָכטער, ווי אנ אָרגאנישנ גליד פונ דער פאר־דאָרבענער בורזשואזער מישפאָכע, וואָס ווערט אינ צווייטנ וואריִאנט דער אָביעקט פונ שאָלעמ־אלייכעמס שארפער אָפלאכונג. אָט דער נײַער צו־גאנג שאָלעמ־אלייכעמס געפינט זײַנ אויסדרוק באזונדערס אינ דעמ שאדכנס פינאל־רעפליקע, וואָס איז צוגעקומענ אינעמ צווייטנ וואריִאנט.

„רעב שאָלעמ שאדכנ... א שטוב פונ גאָלע מעשוגאָיִמ,
כלעבנ... זיי דארפנ אלע א דאָקטער, דארפנ זיי... ווי אינ לעבנ
ארײַנ א דאָקטער"...

פונ די אלע בײַשפילנ, וואָס מיר האָבנ געבראכט, איז צו זענ, אז אינ זײַנ ארבעט אפנ טעקסט פונ „א דאָקטער" האָט שאָלעמ־אלייכעמ ארויסבאוויזנ א גאנצ היפשע אקטיווקײַט. דאָס דערקלערט זיכ דערמיט, וואָס די געשטאלטנ פונ „א דאָקטער" האָבנ אויכ ארומ 1905־טנ יאָר ניט אופגעהערט צוציִענ שאָלעמ־אלייכעמס אופמערקזאמקײַט. צו דער צײַט גייט ער שוינ אָבער צו צו די געשטאלטנ פונ „א דאָקטער" מיט דער דערפארונג, וואָס זײַנ קלאס, דאָס ייִדישע קלייִנבירגערטומ, האָט אָנגעזאמלט אינ דער צײַט צווישנ די אכציקער יאָרנ אונ דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע. אָט די דערפארונג, וואָס האָט באוויזנ, ווי אָפט עס גייענ זיכ פאנאנדער די וועגנ פונ דער ייִדישער בורזשואזיע אונ דעמ ייִדישנ קלייִנבירגערטומ, האָט אפ א געוויסע צײַט — באזונדערס אינ דעמ פעריִאָד ארומ 1905 — פארשטארקט אונ פארשארפט אויכ שאָ־לעמ־אלייכעמס קריטישע באציִונג צו דער ייִדישער בורזשואזער סוויווע [1]. דערפאר זעענ מיר בא שאָלעמ־אלייכעמענ אזא אנטשלאָסנקײַט אינעמ איבערבויענ דעמ איינאקטער „א דאָקטער", דערפאר איז אינ זײַנ אָפשא־צונג פונ 1908־טנ יאָר דער אמאָליקער טעקסט פונ „א דאָקטער" (אינ דער ערשטער אויסגאבע) געווענ שוינ ניט מער א „וואָדעוויל־פעליעטאָנ", וואָס ער האָט „אָנגעדראקעט בימי ה„פאָלקסבלאט"...

פונ דער ארבעט, וואָס שאָלעמ־אלייכעמ האָט דורכגעפירט ארומ 1905־טנ יאָר, האָט דער איינאקטער זייער אסאכ געווונענ: די פיגורנ

[1] געבויער וועגנ דעמ זע ווײַטער אינ אונדזערע באמערקונגענ צו „יאקנעהאָז" אונ „צעזייט אונ צעשפרייט".

זײַנען געװאָרן װײניקער צעשװומען, די דיאַלאָגן זײַנען געװאָרן לאַ־קאָנישער, טרעפֿלעכער, די האַנדלונג װערט מער ניט פֿאַרצױגן דורך דער פֿריערדיקער סענטימענטאַלער פֿינאַל־סצענע מיט בײגעלמאַנס מאָנאָלאָג; ס'איז אױך געקירצט געװאָרן אַפֿ אַ גאַנצער העלפֿט דעם שאַדכנס בריװ, װאָס איז פֿריער געװען אַ שװערער באַלאַסט פֿאַר דער האַנדלונג; דער פֿינאַל פֿונעם אײנאַקטער איז געװאָרן מער עפֿעקטפֿול, מער צוגעפּאַסט פֿאַר דער סצענע. מיט אַ באַשטימטער אָריענטאַציע אַפֿ דער סצעניִשער אױפֿפֿירונג זײַנען דורכגעדרונגען באַזונדערס די שטעלן, װאָס שאָלעם־אַלײכעם האָט אין 1907־טן יאָר ספּעציעל צוגעשריבן. ס'איז דעמאָלט צוגעקומען, לעמאָשל, דער דיאַלאָג:

„רעב שאָלעם שאַדכן. פֿאַר צען טױזנט װילט איר האַנדלען מעציִעס, װילט איר?...

כאַנע־לײע. צען טױזנט?... צװאַנציק טױזנט...

כאַים־לײב. צװאַנציק טױזנט?... צען טױזנט"... א. אַז. װ.

עס איז צוגעקומען אױך אַ צװײטער ענלעכער דיאַלאָג:

„רעב שאָלעם־שאַדכן. אַ סױכער? מײלע, אױך דײ אײגענע מײַסע! איר זאָגט אַ סױכער, זאָל זײַן אַ סױכער, זאָל זײַן.

כאַנע־לײע. איז דאַפֿקע װײַל דו װילסט אַ סױכער, װיל איך אַ דאָקטער.

רעב שאָלעם שאַדכן. אַ דאָקטער.

כאַים־לײב. איר הערט, ר' שאָלעם, אַ סױכער...

כאַנע־לײע (הױך). אַ דאָקטער..." א. אַז. װ.

די דאָזיקע סצענעס זײַנען ספּעציעל צוגעשריבן פֿאַר דער צװײטער אױסגאַבע. מיט אָט דער צװײטער אױסגאַבע שטימט אױך דער טעקסט אין דער פֿאָלקס־פֿאָנד־אױסגאַבע, פֿונװאַנען מיר דרוקן דאָ איבער דעם אײנאַקטער „אַ דאָקטער".

## „דער געט"

„דער געט" איז צום ערשטן מאָל פֿאַרעפֿנטלעכט געװאָרן אין מ. ספּעקטאָרס זאַמלבוך „דער הױז־פֿרײַנד" (ערשטער באַנד 1887).

צו דער צײַט, װען „דער געט" איז געשריבן געװאָרן, איז עס געװען בײַ שאָלעם־אַלײכעמען אײנער פֿון די ערשטע פּרוּװן צו שרײַבן אין דער דראַמאַטישער פֿאָרם. שאָלעם־אַלײכעם דער דראַמאַטורג באַ־

ווײַזט זיך נאָך דאָ מיט א גאנצער רײ כאראקטער־שטריכן פון דעם פריערדיקן דאָר דראמאטורגן־מאסקילים. דער סאטירישער טאָן, וואָס דרינגט דורך די גאנצע האנדלונג פון דעם איינאקטער, לאָזט ניט צווייפלען דערין, אז שאָלעם־אליכעם פארבלײַבט נאָך דאָ געטרײַ דער טראדיציע אויסצונוצן דעם דראמאטישן זשאנער צוליב שארפער קריטיק פונעם אלטפרענקישן שטעטל־שטייגער, ווי מיר זעען דאָס אלעמאָל אין דער עלטערער מאסקילישער דראמע.

מיט דידאַזיקע שטריכן פון דער מאסקילישער דראמע ווערט נאָך אָבער ניט אויסגעשעפט די כאראקטעריסטיק פון שאָלעם־אליכעמס איינאקטער „דער געט". פאר שאָלעם־אליכעמען איז צו יענער צײַט כאראקטעריסטיש גראדע דאָס, וואָס די קריטיק פונעם שטעטל־שטייגער באקומט אין „געט" גאָר אן אומגעריכטן פינאל. אָנשטאָט די טראדיציאָנעל מאסקילישע העלדן, וואָס אין זייער נאָמען ווערט געוויינלעך אין דער מאסקילישער דראמע געפירט דער קאמף מיט די מיטלאלטערלעכע רעשטן אין דער יידישער סוויווע, אָנשטאָט אָט די קאמפלוסטיקע יונגעלײַט, וואָס מיט זייער קאמף און מיט זייערע ניצחונעס איז פול די האנדלונג פון דער מאסקילישער דראמע, באקומען מיר אין שאָלעם־אליכעמס „געט" צוויי מאסקילים־געשטאלטן, וואָטל און לייווי־ביניאָמין, וואָס זײַנען מיטן וועג פונעם האסקאָלע־קאמף קיינמאָל ניט געגאנגען און צו א ניצאָכן קיינמאָל ניט געקומען.

די מאסקילים פון „געט", פונקט ווי דער מאסקיל אבראמטשיק אין „א דאָקטער", האָבן אין שאָלעם־אליכעמס שילדערונג אָנגעוואָרן דעם טראדיציאָנעלן גלאנץ פון „פאָזיטיווע פיגורן". דער מאסשטאב פון זייער האנדלונג איז ביז גאָר פארשמאָלט, זיי באוועגן זיך נאָר אינעם ענגן רוים פון שטוב־אָנגעלעגנהײַטן מיט די קנאפסטע סימאָנים פון געזעלשאפטלעכע אינטערעסן, קימאט אָן שום סטימול צו געזעלשאפטלעכער טעטיקײַט.

מיט א פארשפעטיקונג אף קארגע צען יאָר האָט דאָ שאָלעם־אליכעם איבערגעכאזערט יענע אָפשאצונג פון דער האסקאָלע־באוועגונג, וואָס מאָריס ווינטשעווסקי האָט אין נאָמען פון דער סאָציאליסטישער אידיי געגעבן נאָך אין די 70־טע יאָרן. מאָריס ווינטשעווסקי האָט אינעם יאָר 1879 געשריבן:

„אין אונדזער צײַט, וואָס די אלגעמיינע אויסבילדונג האָט זיך מער און מער אײַנגעפלאנצט בא דעם קרעמער־פאָלק, איך מיין בא אונדז

ייִדנ, האָבנ זיכ אָנגעפאנגענ די אמאָליקע פוסטע באלעבאטישע ייִנגלעכ (וואָס נאָכ דער כאסענע זײַנענ זיי קעדערעכ האטעווע געוואָרנ פוסטע באלעבעסלעכ אונ האָבנ ווײַטער קעדערעכ האטעווע געגעסנ קעסט אונ געזאָרגט „פאר די פאָרטפלאנצונג דער מענטשהײַט“, ווי די דײַטשנ זאָגנ) — האָבנ זיי אָנגעפאנגענ פונ טאָג צו טאָג מעגולגל ווערנ אינ מאסקילימ... אונדזערע מאסקילימ האלטנ זיכ פאר פרײַגײַסטער גלײַכ ווי זיי הערנ אופ צו דאווענע. דאָס וואָלט נאָכ קיינ בייז ניט געווענ, זײַנענ זיי אָבער צײַטנווײַז אזוי פוסט, אז דער אייבערשטער זאָל זיכ מעראכעמ זײַנ... אונדזערע פוסטע ייִדישע פרײַגײַסטער האָבנ געהערט רעדנדיק פונ נײַע מענטשנפרײַנטלעכע אידייענ, אונ ווײַל ס'איז ניטאָ וואָס צו טונ, האָט מענ זיכ דערצו געכאפט. צײַט, לאנד, מענטש, — דאָס איז בא זיי א זײַטיקע מײַסע, דעריבער רעדנ זיי גאָרניט“...

ווענ מע לייענט דידאָזיקע שורעס בא מאָריס ווינטשעווסקינ, זעט מענ, אז אונטער דער קריטיק פונ די ייִדישע „פרײַגײַסטער“ שטייט בא מאָריס ווינטשעווסקינ די אלגעמיינ קריטישע באציִונג זײַנע צו די „נײַע מענטשנפרײַנטלעכע אידייענ“, צו דעמ בורזשואזנ ליבעראליזמ, נאָכ וועלכנ עס לעכצנ אזוי די מאסקילימ. מאָריס ווינטשעווסקיס קרי־טיק פונ די „פוסטע באלעבעסלעכ“ — די מאסקילימ — רעדט אינ נאָמענ פונ דער סאָציִאליסטישער אידיי, זי גייט ארויס פונ די אינטע־רעסנ פונעמ ארבעטער־קלאס. גאָר ערגעצ אנדערש ליגט דער אויס־גאנג־פונקט פונ שאָלעמ־אלייכעמס קריטיק בענעגייע דער האסקאָלע־באוועגונג.

די קריטיק פונ די פוסטע באלעבעסלעכ — די מאסקילימ — רײַסט אינ קיינ שומ פאל ניט אָפ שאָלעמ־אלייכעמענ פונ יענעמ סאָציִאלנ באָדנ, פונוואנענ עס שטאמענ די מאסקילימ זײַנע. שאָלעמ־אלייכעמ איז באגלײַכ מיט זײַנע העלדנ — די מאסקילימ — טיפ אײַנגעוואָרצלט אינ דעמ ייִדישנ קלײנבירגערטומ. אינ זײַנ צוגאנג צו דער האסקאָלע־באוועגונג פרווט שאָלעמ־אלייכעמ נאָר ברענגענ צומ אויסדרוק יענע דערפארונג, וואָס דאָס ייִדישע קלײנבירגערטומ האָט אָנגעזאמלט אינ גאנג פונ די 80־ער יאָרנ, ווענ אונטערנ מעכטיקנ דראנג פונ דעמ אָנ־וואקסנדיקנ קאפיטאליזמ איז בא דעמ קלײנבירגערטומ אונטערגעריסנ געוואָרנ דער גלויבנ אינ די האסקאָלע־לאָזונגענ. דורכגעדרונגענ מיט אָט דער דערפארונג פונ זײַנ קלאס, דעמ ייִדישנ קלײנבירגערטומ, גייט שאָלעמ־אלייכעמ צו קריטיש צו די געשטאלטנ פונ די מאסקילימ אינ

„געט״. די קריטיק איז אָבער דורכויס א פּאסיווע. די שילדערונג פונ די מאסקילימ אינ „געט״, ניט געקוקט דערופ, וואָס זי איז דורכגעדרונגענ מיט א שארפ־קריטישער באציִונג, טראָגט זי דאָכ אינ א געוויסער מאָס א ליריש־מיטפילנדיקנ כאראקטער. אינ לייווי־ביניאָמינס מאָנאָלאָגנ קלינגט אָט דער ליריש־מיטפילנדיקער טאָנ באזונדערס דייַטלעכ. ער הערט זיכ אָבער ערטערווייַז אויכ אינ די איבעריקע רעפּליקעס פונ די „אײדעמס״, פונ ווּעמענ עס ציִענ זיכ געוויסע פעדימ פונ סאָציִאלער קרויוועשאפט צו שאָלעמ־אלייכעמענ גופא.

דידאָזיקע וואקלענדיקע שטעלונג צו די מאסקילימ־געשטאלטנ באשטימט, פארשטייט זיכ, דעמ גאנצנ כאראקטער פונ שאָלעמ־אלייכעמס צוגאנג צו דער האנדלונג פונ זייַנ איינאקטער „דער געט״. פונקט ווי אינ „א דאָקטער״, טרעפנ מיר אויכ אינ „געט״ אפ שריט אונ טריט דעמ געמיש פונ מאסקיליזמ אונ אנטימאסקיליזמ. שאָלעמ־אלייכעמ באציט זיכ שוינ קריטיש, טיילמאָל אפילע פארשארפט קריטיש צומ אידיישנ טאָכ פונ דער ליטעראטור־טראדיציע, וואָס איז פארקערפערט אינ דער מאסקילישער דראמע; אונ דאָכ האָט ער נאָכ ניט ענדגילטיק צעריסנ מיט אָט דער טראדיציע, אונ ער נעמט איבער פונ דער מאסקילישער דראמע די אָדער יענע באזונדערע כאראקטער־שטריכנ, וואָס מיר טרעפנ נאָכ זייער אָפט אינ דער ערשטער אויסגאבע פונעמ איינאקטער „דער געט״.

---

דער איינאקטער „דער געט״ איז געווענ דאָס ערשטע ווערק, וואָס שאָלעמ־אלייכעמ האָט ארויסגעלאָזט אינ 1905־טנ יאָר, בעשאס ער האָט אָנגעהויבנ ארויסגעבנ זייַנע דראמאטישע ווערק אינ א בוכ־פאָרמ אינ פארלאג „ביכער פאר אלע״. די בוכ־אויסגאבע פונ „געט״ איז געווענ באזאָרגט מיט פאָלגנדיקער אופשריפט:

„דאָס אופירנ אפ דער בינע אָנעמ וויסנ פונעמ מעכאבער איז ניט דערלויבט״.

דידאָזיקע אופשריפט ווארפט א געוויסע שייַנ אפ דער נייַער סיטואציע, וואָס האָט זיכ געשאפנ צו יענער צייַט ארומ שאָלעמ־אלייכעמס דראמאטישע ווערק. ס'איז געווענ די צייַט, ווענ פאר שאָלעמ־אלייכעמס א פיעסע האָט זיכ אָנגעצייכנט א מער ווייניקער רעאלע פערספּעקטיוו אופגעפירט צו ווערנ אפ דער בינע. דידאָזיקע פערספּעקטיוו האָט געוויס מיטגעווירקט אינ פראָצעס פונ שאָלעמ־אלייכעמס ארבעט איבערנ אמאָליקנ טעקסט פונעמ „געט״. די צוגעפּאסטקייַט צו דער סצענע — דאָס

איז אין 1905־טן יאָר שוין דער שטענדיקער קריטערי, וואָס שאָלעם־אליכעם ווענדט אָן צו יעדער איינציקן עפּיזאָד פֿון זיינעם א דראמאטישן ווערק.

מיר באמערקן אָבער צווישן די ענדערונגען, וואָס שאָלעם־אליכעם האָט איינגעטראָגן אינעם אמאָליקן טעקסט פֿון „גט", אויך אזעלכע, וואָס דערקלערן זיך ניט נאָר מיט שאָלעם־אליכעמס שטרעבן זיך צופּאסן צו דער בינע. די דאָזיקע ענדערונגען שטאמען דעריקער דערפֿון, וואָס צו דער צייט ארום 1905־טן יאָר איז שאָלעם אליכעם שוין לאנג פֿריי פֿון יענעם וואקלען זיך צווישן מאסקיליזם און אנטימאסקיליזם, וואָס איז אזוי קענטיק אין דער ערשטער אויסגאבע פֿון „גט". די לאָזונגען פֿון דעם האסקאָלע־קאמף, וואָס האָבן נאָך אין די 80־ער יאָרן אופגעהערט באגייסטערן שאָלעם־אליכעמען, קלינגען שוין פֿאר אים איצט, ארום 1905, נאָר ווי א פֿארדרייסלעכער אנאכראָניזם. שאָלעם־אלייכעם וויל בעשומויפֿן ניט, אז אין „גט" זאָלן פֿארבלייבן די אלע אטריבוטן פֿון מאסקילישער קריגערישקייט, וואָס זיינען נאָך געדיכט צעוואָרפֿן איבערן טעקסט פֿון דער ערשטער אויסגאבע „גט".

די ערשטע ענדערונג, וואָס שאָלעם־אלייכעם טראָגט דערביי ארײַן אינעם טעקסט פֿון „גט", איז דאָס אויסשטרייכן די ברייטערע עכט מאסקילישע רעמארקע, וועלכע מיר טרעפֿן גאָר אויבנאָן אינעם טעקסט פֿון „הויז־פֿריינד". דאָרטן לייענען מיר:

„עס קומט פֿאָר אין 19־טן יאָרהונדערט אין א קליין פּויליש שטעטל, וועלכע שטייט באם ברעג טייך, אף וועלכן עס גייט ניט קיין אָקרענט מיט קיין שיפֿן מיט קיין קליינע שיפֿעלעך, און אכוץ ראקעס, זשאבעס מיט שקאָצים אורמאָסים געפֿינט זיך דאָרט קיין שום פֿיש אף דער וועלט. ניט קיין קאָשערע און ניט קיין טרייפֿע. פֿיל ערלעכע ייִדן און אסאך פֿרומע ווייבער זיינען זיך טויוול אומטאהער אין דערדאָזיקער בלאָטע מיט דעם גאנצן ראָצן און מיט גרויס קאוואָנע, און די אלע קונדייסים מיט די ווייסע כעווערניקעס ליגן דאָרט זומער־לעבן טאָג־טעגלעך און ווילן גאָרניט ארויסקריכן פֿון דעמדאָזיקן זעלטענעם באסיין".

דידאָזיקע רעמארקע, וואָס קלינגט, אגעוו, ווי א נאָכאמונג מענדעלען, ווארפֿט שאָלעם־אלייכעם אין דער צווייטער אויסגאבע אינגאנצן ארויס. אָנשטאָט דעם שטעלט ער אוועק ניט מער ווי די עטלעכע ווערטער:

„די געשיכטע קומט פֿאָר אין א קליין שטעטל אינעם פֿאָריקן יאָרהונדערט".

די באַטאָנונג, וואָס הערט זיך אין די ווערטער „אינעמ פּאַריקנ יאָרהונדערט”, איז, קאָנטיק, ניט קיינ צופעליקע. מיר טרעפנ זי אויכ אינ דער נייער זשאנר־באַצייכענונג, וואָס שאָלעמ-אַלייכעמ גיט אָנ אַפּ דעמ איינאַקטער „דער געט” אינ דער אויסגאַבע 1905. אינ דער ערשטער אויסגאַבע 1887 איז „דער געט” באַצייכנט ווי „אַ קאָמעדיע אינ דריי בילדער”. אינ דער אויסגאַבע 1905 הייסט עס: „סצענעס פונעמ אַמאָליקנ יידישנ לעבנ אינ איינ אַקט אונ דריי בילדער”.

שאָלעמ־אַלייכעמ וויל דערמיט, אַפּאָנעמ, באַטאָנענ, אַז ער זעט די עפּיזאָדנ פונ „געט” אַזוי צו זאָגנ שוינ אינ דער היסטאָרישער פּער־ספּעקטיוו, ער זעט דאָ אַזעלכע דערשיינונגענ, וואָס האָבנ זיכ אָפּגע־שפּילט נאָר אינ „אַמאָליקנ יידישנ לעבנ”. ניט אַלע דעטאַלנ פונעמ אַמאָליקנ יידישנ לעבנ האַלט שאָלעמ־אַלייכעמ אינ יאָר 1905 פאַר נייטיק צו פיקסירנ אינ דעמ טעקסט פונ „געט”. אַזוי, למשל, קירצט ער די סצענע מיטנ שרייבנ דעמ געט באַמ ראָוו אינ שטוב. די דראַמאַטישע סצענע איז מאַכמעס די רעשטנ פונ מאַסקילישער קריגערישקייט אינ דער ערשטער אויסגאַבע פונ „געט” געווענ געשריבנ מיט אַ פּראָטאָקאָ־לישער גענויקייט אונ איז געווענ זייער לאַנג.

שאָלעמ־אַלייכעמ מעקט אויכ אָפּ די שפּורנ פונ מאַסקילישער קרי־געררישקייט, וואָס זיינענ אינ 1887־טנ יאָר נאָכ געווענ זייער קאָנטיק אינ דעמ דיאַלאָג צווישנ רוונ־הערשנ אונ דעמ שאַדכנ רעב שאָלעמענ.

אינ דער ערשטער אויסגאַבע לייענענ מיר:

„רעב שאָלעמ (רוקט זיכ אָפּ). וואָס קאָנ איכ זאָגנ, וואָס? וואָס קאָנ איכ זאָגנ, וואָס? גאָט איז דער מעזאָווע זוווגים איז ער, וואָס קענ איכ, אַ מענטש, וויסנ, וואָס?

רוונ־הערש (כאַפּט אָנ רעב שאָלעמענ פאַר די לאַצנ אונ טרייסלט אימ). גאָט איז מעזאָווע זוווגים? רעב שאָלעמ! איכ קאָנ אייכ, איר זענט אַ גוטער צוויאַק! איר זענט אַ פאַלשער מענטש! איר זענט ערגער פונ אַנ אַפּיקוירעס, אַז איר קאָנט אַזעלכעס זאָגנ! איר ווייסט דעמ גאַנצנ עמעס, וואָס דאָ טוט זיכ, אונ ווילט מיכ אָפּנאַרנ?!”

אינ דער אויסגאַבע 1905 פאַרבלייבט רעב שאָלעמס רעפּליקע אומ־פאַרענדערט. רוונ־הערשס רעפּליקע קלינגט אָבער שוינ אַנדערש.

„רוונ־הערש (כאַפּט אָנ רעב שאָלעמענ באַ די לאַצנ אונ טרייסלט אימ). גאָט איז מעזאָווע זוווגים, זאָגט איר? איר

קאָנט מיר אזעלכעס זאָגנ? איר ווייסט דאָכ יאָ, וואָס דאָ טוט זיכ, אונ ווילט מיכ אָפּנארנ? מיכ?..."

די כאראקטעריסטיק פונעמ שאדכנ, ווי א „צוויאק", א „פאלשער מענטש", באזונדערס דאָס באטאָנעג „איר זענט ערגער פונ אנ אפּיקוי-רעס!", אָט דאָס אלצ, וואָס טראָגט אפּ זיכ דעמ שטעמפּל פונ מאסקי-לישער קריגערישקײַט, פאלט ארויס אינ דער אויסגאבע 1905. אפנ אָרט פונ אָט דעמ סאטירישנ עלעמענט, וואָס איז פאראנ אינ די ארויס-געוואָרפענע ווערטער וועגנ דעמ שאדכנ, פארשטארקט שאָלעמ-אלייכעמ גראדע דעמ הומאָריסטישנ עלעמענט אינ דעמ דיאלאָג צווישנ רוונ-הערשנ אונ דעמ שאדכנ. אָט די פארשטארקונג ווערט דערגרייכט דורכ דעמ, וואָס שאָלעמ-אלייכעמ פארלענגערט די שטעל, ווו ביידע, אי דער שאדכנ, אי רוונ-הערש, ווארײַרנ אפּ פארשיידענע אויפאנימ דעמ „פע". אינ דער ערשטער אויסגאבע איז די שטעל קירצער, די וואריאַ-ציע מיטנ „פע" כאזערט זיכ ניט איבער אזויפיל מאָל, ווי אינ דער שפּעטערדיקער אויסגאבע.

דיזעלבע טענדענצ צו באפרײַענ זיכ פונ די אטריבוטנ פונ אמאָליקנ מאסקיליזמ זענ מיר אויכ אינ דער שילדערונג פונ די יונגעלײַט, מאָטל אונ לייווי-ביניאָמינ. מיר זענ, לעמאָשל, ווי שאָלעמ-אלייכעמ טראָגט ארײַנ א כאראקטעריסטישע ענדערונג אינ לייווי-ביניאָמינס מאָנאָלאָג: אינ דער ערשטער אויסגאבע לייענ מיר:

„ל ײ ו י - ב י נ י אָ מ י נ .... קאָנ זײַנ, מיר וואָלט זיכ גאָר געגלוסט א צינד זײַנ ווײַט-ווײַט פונדאנענ, ערגעצ אינ א זשי-טאָמיר, אָדער פּעטערבורג... עכ, ברודער, נעמ זע, וואָס זאָגט א ליליענבלומ, א סמאָלענסקינ, א גאָטלאָבער... ניטאָ וואָס צו רעדנ, מאָטל, מיר זענענ ביידע גוט אינ דער נעצ"...

אינ דער אויסגאבע 1905 לייענט זיכ דידאָזיקע שטעל אזוי:

„ל ײ ו י - ב י נ י אָ מ י נ. אונ מיר, קאָנ זײַנ, וואָלט זיכ גאָר גע-גלוסט א צינד זײַנ ווײַט-ווײַט פונדאנענ, ערגעצ אינ אָדעס אָדער אינ פּעטערבורג... שטודירנ... עכ, ברודער, ניטאָ וואָס צו רעדנ, מאָטל, מיר זענענ גוט אינ דער נעצ"...

כאראקטעריסטיש איז אינ דעמ פאל אָט וואָס. אינעמ טעקסט פונ דער ערשטער אויסגאבע, ווו מיר טרעפנ די שטעל וועגנ ליליענבלומענ, סמאָלענסקינ, גאָטלאָבער, איז פאראנ נאָכ א צווייטע שטעל, ווו עס רעדט זיכ וועגנ אבראמאָוויטשנ (מענדעלע מויכער-ספאָרימ).

קעדיי צו באַרעכטיקן דאָס צונעמעניש „מאָטל די יידענע", וואָס מאָטל באַקומט פון זיינ פריינט לייווי־ביניאָמינען, פירט שאָלעמ-אַלייכעמ אריינ א היפשלעכע שטעל, ווו עס ווערט ציטירט מענדעלעס „מאסאָעס ביניאָמינ האשלישי".

פון ביידע פאלנ — אי פונ דעמ פארופנ זיכ אפ לילייענבלומענ, סמאָלענסקינען, גאָטלאָבערנ, אי פונ דעמ ציטירנ אבראמאָוויטשנ — איז צו זענ, אז פאר שאָלעמ־אַלייכעמען האָט נאָכ צו יענער צייט ניט אופגעהערט גילטנ דער טראַדיציאָנעלער מאַסקיליזמ, וואָס האָט אלעמאָל ליב געהאט אפעלירנ צומ „הויכנ אווטאָריטעט"...

אינ דער צווייטער אויסגאבע פאלט דאָס פארופנ זיכ אפ לילייענבלומענ, סמאָלענסקינען, גאָטלאָבערנ אינגאנצנ ארויס, — דאָס ציטירנ „אבראמאָוויטשנ" פארבלייבט, ווי וויים דאָס האָט דאָכ אוועלכע עס איז פונקציע אינ דער האנדלונג פונעמ איינאקטער: עס העלפט שאָלעמ־אַלייכעמען כאראקטעריזירנ די געשטאלט פונ „מאָטל די יידענע".

אינ דער שילדערונג פונ די יונגעלייט פירט שאָלעמ־אַלייכעמ 1905 אריינ איינעמ א צוגאָב־שטריכ, וואָס איז אינ דער ערשטער אויסגאבע ניט געווענ. שוינ גאָר אינ דער ערשטער סצענע, ווי נאָר סאָרע־כאנצי הייבט אָנ רעדנ וועגנ איר איידעמ, זאָגט זי: „טאָג ווי נאכט וויסט מענ נאָר זיצנ איבער די שיינע ביכלעכ אונ פאטשקענ אינ די גאזעטנ".

דערדאָזיקער זאצ וועגנ די גאזעטנ ווערט אינ דערזעלבער סצענע איבערגעכאזערט נאָכ א צווייטנ מאָל. סאָרע־כאנצי זאָגט וועגנ איר מאנ רוווג־הערשנ:

„ס'זאָל אימ אָנהייבנ, אשטייגער, ארנ, וואָס דער שיינער געניידעמ זיינער, ברענענ זאָל ער, פאטשקעט מיכ אפ די גאזעטנ"...

אינ דערזעלבער סצענע נאָכדעמ ווידער:

„ס אָ ר ע־כ א נ צ י. וואָס האָסטו געוואָלט זאָל ער מיר טונ?
ער זאָל מיכ שלאָגנ? ס'איז גענוג דאָס, וואָס ער באשרייבט מיכ
אפ די גאזעטנ!"

ניט געקוקט אפ די דערווידערונג מיצאד רוווג־הערשנ, בלייבט דאָכ באמ לעזער אנ איינדרוק, אז עפעס א שייכעס צו גאזעטנ האָט דער „פיינער יונגערמאנטשיק" מאָטל געהאט אָדער אלנפאלס געקאָנט האָבנ. עס קומט אזוי ארומ צו א נייער שטריכ צו דער כאראקטעריסטיק פונ מאָטלענ, א צוגאָב־שטריכ, וואָס איז אינעמ „געט" פונ „הויז־פריינד" ניט געווענ.

אין דער ערשטער סצענע הערן מיר פון סאָרע־כאַנציג, אז מאָטל האָט „צונויפגעקאָמפּאַניעט זיך מיט א שארלאטאַן א שרײַבער". אויך דער זאַץ האָט אין „הויז־פרײַנד" געפעלט, פּונקט אזוי האָט געפעלט אויך דער עפּיזאָד, וואָס מיר טרעפן אין דער אויסגאַבע 1905, בעשאַס סאָרע־כאַנצי רעדט מיט דער טאָכטער, עטל.

„עטל. מיט וואָס איז לייווי־בינימין א שארלאטאַן?

סאָרע־כאַנצי. איך ווייס מיט וואָס? ער וויל ניט, דער טאַטע דײַנער, אז דײַן מאַן זאָל זײַן באַקאַנט מיט א שלימאַזל, וואָס פּאַטשקעט אַפּ די קרויט־בלעטלעך, שרײַבט אַפּ די גאַזעטן מײַן איך..."

וועגן לייע־דוואָסיס איידעם, לייווי־בינימין, רעדט סאָרע־כאַנצי אויך אין דער ערשטער סצענע פון ערשטן בילד. דאָרט, ווו זי פירט מיט רוון־הערשן דעם שמועס וועגן מאָטלען.

„רוון־הערש. ווער האָט דיר געזאָגט, אז ער פּאַטשקעט אין די גאַזעטן?

סאָרע־כאַנצי. וואָס דען טוט ער טאָג ווי נאַכט בא לייע־דוואָסיס געניידעמל, וואָס אלע ווייסן, אז ער פּאַטשקעט אַפּ די קרויט־בלעטלעך, מײַן איך אַפּ די גאַזעטן?..."

אלע אזעלכע רעפּליקעס, ווו עס רעדט זיך וועגן שרײַבער און וועגן שרײַבן אין גאַזעטן, האָבן געפעלט אינעם טעקסט, וואָס איז געווען געדרוקט אין „הויז־פרײַנד" [1].

אין אנדערע פאַלן ווידער קאָריגירט שאָלעם־אליכעם די פריִער־געוועזענע רעפּליקע דורך דעם, וואָס ער פירט ארײַן דעם מאָטיוו „גאַזעטן".

אזוי איז אין דער ערשטער אויסגאַבע אין סאָרע־כאַנציס דיִאַלאָג מיט עטלען געווען אזא שטעל:

„סאָרע־כאַנצי. וואָס זאָל איך דיר זאָגן, וואָס? וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר? גיי, לאָז ער דיר זאָגן! לאָז דיר מאָטעלע זאָגן: וווהין גייט ער אלע טאָג נאָכן דאַווענען?

עטעלע. וואָס הייסט וווהין? צו לייווי־בינימינען, צו לייע־דוואָסיס איידעם!"

1) וועגן גאַזעטן ווערט אין „הויז־פרײַנד"־טעקסט דערמאָנט בלויז איינמאָל אינעם פינאַל־זאַץ פון דער פּיעסע, בעשאַס לייווי־בינימין שרײַט אויס: „שווײַגט! נאַראָנים! וואָס לאַכט איר? מע וועט אײַך באַשרײַבן אַפּ גאַזעטן, טיפּשים, וועט איר ערשט דעמאָלט א בוירע האָבן צו לאַכן"...

אינעם צווייטן וואריאַנט פון 1905־טן יאָר קלינגט עטעלעס רעפּליקע עטוואָס אנדערש.

„ע ט ע ל ע. וואָס הייסט וווהין? צו לייווי־בינימינען, צו לייע־דוואָסיס איידעם, דאָרט לערנען זיי צוזאמען, לייענען גאזעטן...‟

אינעם צווייטן וואריאַנט האָבן מיר אזוי ארום א שטענדיקע טענדענץ צו קאָנקרעטיזירן, בוילעטער און אויספירלעכער צו שילדערן די מאסקילים־געשטאלטן. ס׳איז אָבער ניט אויסגעשלאָסן, אז מיטן גיין אריינגעפירטן מאָטיוו „גאזעטן‟ איז שאָלעם־אליכעם אויסן געווען אין א געוויסער מאָס באַרעכטיקן זיין ליריש־מיטפילנדיקן טאָן בנוגע די מאסקילים, געוואָלט עטוואָס הייבן זייער פּרעסטיזש, באַווייַזנדיק, אז דאָ האָבן מיר פאר זיך ניט קיין ליאַדע פּאָר „פּוסטע באַלעבעסלעך‟, נאָר די, וואָס האָבן א געוויסן געזעלשאפטלעכן באַרוף — א סימען, מע רופט זיי אין שטעטל: „שרייַבער‟.

אין דער שילדערונג פון סאָרע־כאנצין טראָגט שאָלעם־אליכעם אין 1905־טן יאָר קיין נייַע שטריכן ניט אריין. שאָלעם־אליכעם ענדערט נאָר דעם פינאַל פון דער ערשטער סצענע אינעם ערשטן בילד. אינעם „הויז־פריינד‟־טעקסט ענדיקט זיך די דראַמאַטישע סצענע אזוי:

„ס אָ ר ע־כ א נ צ י... (בייגט זיך אָן צו אים גלייַך אין אויער אריין).

רווון־הערש! רווון־הערש! רווון־הערש!

ר ו ו ן־ה ע ר ש. (רייסט זיך אָפּ פונעם סייפער). א? א? א? א?

ס אָ ר ע־כ א נ צ י (קוקט אפּן מאן ווי פארווונדערט, שנייַצט זי אויס די נאָז און הייבט אָן צו וויינען). אוי, אז אָך און ווי איז מייַנע יאָר און טעג, וואָס איך לעב אף דער וועלט. בעסער וואָלט איך געווען אויסריגען בא מייַן מאמען אין בויך איידער זי האָט מיך געהאט אף צאָרעס מיט שלעק, מיט אומגליק, מיט, מיט...‟

אין דער צווייטער אויסגאַבע פון „געט‟ איז דער עפּיזאָד מיט וויינען איינגאנצן ארויסגעוואָרפן. סאָרע־כאנצים דיאַלאָג מיט רווון־הערשן ווערט פאַרגעזעצט אויך נאָך רווון־הערשס רעפּליק... „א? א? א? א?‟ דער דיאַלאָג דויערט נאָך נאָכדעם א היפּשע צייַט און ענדיקט ענדיקט ער זיך דערמיט, וואָס סאָרע־כאנצי טראָגט אונטער דעם מאן אירן א פייַג. די ענדערונג, וואָס שאָלעם־אליכעם האָט דאָ אריינגעטראָגן, שטימט מיט שאָלעם־אליכעמס טענדענץ, וואָס באמערקט זיך אומעטום אינעם טעקסט פונעם 1905־טן יאָר: שאָלעם־אליכעם וויל דורכויס אונטערשטרייַכן סאָרע־כאנצים מעשוגעדיקייַט און בייזוויליקייַט.

צומ שלוס וארפ מענ נאָכ באמערקנ אָט וואָס: אינ דער אמעריקאנער פאָלקס־פאָנד־אויסגאבע, פונוואנענ מיר דרוקנ דאָ איבער דעמ טעקסט פונ „געט“, טרעפנ מיר איינ עפּיזאָד, וואָס איז ניטאָ ניט אינעמ „הויז־פריינד“־טעקסט, ניט אינ דער אויסגאבע „ביכער פאר אלע“. דאָס איז דער עפּיזאָד מיט „כאימ־מייער ליפּע־כאסקלס איידעמ“, וואָס עס דערציילט די רעבעצנ. ווענ שאָלעמ־אליימ האָט ארייגעפירט דעמ־דאָזיקנ עפּיזאָד אינ „געט“ איז אונדז ניט באוווסט.

אינ אלגעמיינ אָבער שטימט דער טעקסט פונ דער פאָלקס־פאָנד־אויסגאבע מיט דעמ טעקסט פונ דער צווייטער אויסגאבע „געט“ אינ פארלאג „ביכער פאר אלע“.

## „די אסיפע“

„די אסיפע“ האָט שאָלעמ־אליימ פארעפנטלעכט 1890 אינ דעמ זאמלבוכ „די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק“ (צווייטער באנד).

באצייכנט מיטנ פאָלקסטימלעכנ אונטערקעפּל „א ריינע קאָמעדיע“, שטעלט פאָר דער איינאקטער „די אסיפע“ א פרווו צו שרייבנ א פובליציסטישנ פעליעטאָנ אינ א דראמאטישער פאָרמ. מיט אָט דעמ זשאנר דראמאטיזירטע פעליעטאָנענ האָט זיכ שאָלעמ־אליימ אינ זיינ ווייטערדיקער ליטערארישער טעטיקייט אָפּגעגעבנ גאנצ אָפט, באזונדערס, ווענ עס האָט אינ רוסלאנד אָנגעהויבנ זיכ אנטוויקלענ די יידישע טעגלעכע פרעסע. פאר זיינעמ א דראמאטיזירטנ פעליעטאָנ קלויבט שאָלעמ־אליימ אויס געווייגלעכ א פּאָליטיש־אקטועלע טעמע, ווי, לעמאָשל, „אנ אסיפע פונ יק“א אינ פאריז“ (געדרוקט אינ דער צייטונג „דער פריינד“ 1903), אָדער: „אוגאנדיאדא“ (געדרוקט אינ דער צייטונג „דער וועג“ 1906). מערסטנטייל טראָגט אזא דראמאטיזירטער פעליעטאָנ דעמ כאראקטער פונ א פּאָליטישנ איבערזיכט, און כאָטש שאָלעמ־אליימ גליטשט זיכ דאָ איבער דער אויבערפלאכ פונעמ געזעלשאפטלעכ־פּאָליטישנ לעבנ פונ זיינ צייט, האָבנ דאָכ די־דאָזיקע פעליעטאָנענ א געווויסנ ווערט, ווי מאטעריאל פאר דער אָפּשאצונג פונ שאָלעמ־אליימס באציונג צו איינציקע פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכע שטרעמונגענ אינ דער יידישער סוויווע.

צו דער כאראקטעריסטיק פונ שאָלעמ־אליימס איינאקטער „די אסיפע“ איז נייטיק קוידעמקאָל צו דערמאנענ, אז־דעמ יאָר 1890, ד. ה. דעמאָלט, ווענ ער האָט פארעפנטלעכט „די אסיפע“, האָט ער אָנטייל

גענומענ אינעמ ערשטנ צוזאמענפאָר פונעמ אָדעסער פאלעסטינער קאָמיטעט. דאָס כאראקטעריזירט גענוג קלאָר דעמ רעאקציאָנער־נאציאָנאליסטישנ כאראקטער פונ שאָלעמ־אלייכעמס פאָליטישע אָנשויונגענ אינ יענער צײַט. אינ זעלבנ 1890 דרוקט שאָלעמ־אלייכעמ אויכ זײַנס א ביכל מיטנ נאָמענ „אמ ישעוו ערעצ־יסראָעל“, א דערציילונג, וואָס אגיטירט פאר דער פאלעסטינאָפילישער פראָגראמ.

ניט געקוקט דערויפ, וואָס שאָלעמ־אלייכעמ איז אינ דערדאָזיקער דערציילונג ניט אָפגעטראָטנ פונ דער פראָגראמ, וועלכער ער האָט אָקאָרשט אפנ אָדעסער צוזאמענפאָר געשוווירנ צו זײַנ טרײַ, האָט די דערציילונג דאָכ געזאָלט לויט שאָלעמ־אלייכעמס מיינונג ארויסרופנ א געוויסע אויפרודערונג צווישנ די אָפיציעלע פאָרשטייער פונ דער כיבאס־ציאָנ־באוועגונג [1]). קאָנטיק, שאָלעמ־אלייכעמ האָט געהאלטנ, אז מיט זײַנ דערציילונג שטעלט ער זיכ אינ אָפאָזיציע צו די אָפיציעלע פאָרשטייער פונ דער באוועגונג. דער כאראקטער פונ אָט דער „אָפאָזיציע“ ווערט קלאָר, ווענ מע באקענט זיכ מיט דער דערציילונג „אמ ישעוו ערעצ־יסראָעל“. דער גרונט־אינהאלט פונ דער דערציילונג באשטייט דערינ, וואָס שאָלעמ־אלייכעמ באשולדיקט די אינטעליגענטנ, די פירער פונ דער כיבאס־ציאָנ־באוועגונג, אז זיי זײַנענ אָפגעריסנ פונעמ „פאָלק“, זיי באנעמענ ניט די פראָצעסנ, וואָס קומענ פאָר אינ דער געדיכטעניש פונ אָט דעמ „פאָלק“ [2]). ווי נאָר אָבער שאָלעמ־אלייכעמ הייבט אָנ שילדערנ אָט די דאָזיקע פראָצעסנ, אזוי ווײַזט זיכ טייקעפ ארויס, אז קיינ גרונט־אונטערשייד צווישנ די באשטרעבונגענ פונעמ „פאָלק“ אונ די „הויכע, שיינע מעליצעס“ פונ דער אינטעליגענצ זעט שאָלעמ־אלייכעמ ניט אײַנ. דעמ טיפערנ סאָציאלנ אינהאלט פונ דעמ „פאָלקס“ באשטרעבונגענ באווײַזט שאָלעמ־אלייכעמ ניט. פארקערט, די גאָרע

---

1) זע וועגנ דעמ שאָלעמ־אלייכעמס בריוו צו ש. דובנאָוו אינ „Еврейская Старина“ 1916.

2) שאָלעמ־אלייכעמ שרײַבט אינ דערדאָזיקער דערציילונג:

„די דאָזיקע יונגעלײַט, וואָס שרײַבנ אונ פילדערנ אפ אלע זאסטאָוועס „דאָס פאָלק, דאָס פאָלק!“, האָבנ אפאָנעמ, גאָר פארגעסנ, אז זעליק דער שנײַדער איז טאקע אײנער פונעמ פאָלק, נאָכ וועלכנ זיי לייגנ אזוי אײַנ די וועלט. — — — זאָרגנדיק זיכ אפ דעמ „אומגליקלעכנ פאָלק יסראָעל“, באשרײַבנדיק דאָס דאַרפנ אינ די בלעטער מיט הויכע שיינע מעליצעס, אלצ איבערגעבנדיק האָבנדיק דאָס פאָלק, האָבנ די דאָזיקע מאזעפעוועקער מאסקילימ געהאלטנ פונעמ פאָלק פונ דער ווײַטנס, געפראוועט לעצאָנעס איבער דעמ אונ געלאכט, געלאכט, געלאכט“...

אידעאַליזאַציע פונעם „פאָלק" באַשטייט בא שאָלעם־אַלייכעמען דערין, וואָס זעליק דער שנײַדער, וועלכער פאַרטרעט דאָס „פאָלק", ווײַזט אַרויס נאָך מער באַגײַסטערונג פאַר דער פּאַלעסטינאָפּילישער פּראָגראַם איידער די „יונגעלײַט, וואָס לייענען גאַזעטן".

ס׳פאַרשטייט זיך, אַז צו אַ קאָנפליקט מיט די אָפּיציעלע פאָרשטייער פון דער פּאַלעסטינאָפּילישער באַוועגונג איז בא שאָלעם־אַלייכעמען ניט געקומען. די קאָלעגן זײַנע פונעם פּאַלעסטינע־קאָמיטעט האָט זייער ווייניק געשראָקן די פּאָלקיסטישע פּראָנדע, וואָס ווערט דורכגעפירט קעגן די קאָמיטעט־לײַט אין דער דערציילונג „אַף יישעוו ערעצ־ייִסראָעל". פאַר זיי איז געווען גענוג קלאָר, אַז אָט די פּראָנדע רײַסט ניט אָפּ שאָלעם־אַלייכעמען פון זייער לאַגער. זיי האָבן אין דער דערציילונג געהערט די שטים פון אַן אייגענעם מענטשן.

דיזעלבע שטים פון אַן אייגענעם מענטשן האָבן זיי געמוזט פאַרנעמען אויך פון דעם איינאַקטער „די אַסיפּע", וואָס האָט אויך טייל־ווײַז צו טון מיט די אָנטיילנעמער פון דער כיבּאַס־ציִאָן־באַוועגונג. דער צוגאַנג פון אַ נאַציִאָנאַליסטיש געשטימטן פּאָלקיסט ליגט אויך דאָס מאָל אין גרונט פון שאָלעם־אַלייכעמס קריטישער באַציִונג צו די „יונגעלײַט, וואָס לייענען גאַזעטן". שאָלעם־אַלייכעם פירט דאָ דורך אַ גאַנצע היפּשע גאַלעריי יונגעלײַט און אַזעלכע, וואָס „רײַבן זיך צווישן יונגעלײַט". ער לאָזט זיי אַרויסבאַווײַזן זייער באַציִונג צו אַזאַ אַקטועלער צו יענער צײַט געזעלשאַפטלעכער פראַגע, ווי עמיגראַציע. עס וואַרפט זיך דורך אין זייערע רעפּליקעס דער געדאַנק וועגן פּאַלעס־טינע, אָבער דאָס אַלץ איז דאָס מאָל ווידער געווענדעט ניט קעגן דער רעאַקציאָנער־נאַציִאָנאַליסטישער כיבּאַס־ציִאָן־אידיי, מיט וועלכער שאָלעם־אַלייכעם איז גרייט זיך סאָלידאַריזירן, נאָר בלויז קעגן דעם, וואָס דידאָזיקע אידיי ווערט אָנפאַרטרויט די „יונגעלײַט, וואָס לייענען גאַזעטן", און ניט דעם „פאָלק".

ס׳איז ווידער ניט מער, ווי אויבנאויפיקע פּאָלקיסטישע פּראָנדע, וואָס באַווירט זיך אַף שאָלעם־אַלייכעמס איבערצײַגונג, אַז „ווער עס איז באַקאַנט מיט אונדזער „פאָלק", דער ווייסט, אַז העלדן געפינען זיך צווישן אונדזער האַמוין־אַם אַסאַך מער, אַלס בא אונדזער העכערע קלאַסע, וואָס מע רופט דאָס אָן אינטעליגענציע"[1].

1) פון שאָלעם־אַלייכעמס אַ דעקלאַראַטיווען אַרטיקל: „אַ בריוו צו אַ גוטן פרײַנט", געדרוקט אין זעלבן באַנד „ייִדישע פאָלקס־ביבליאָטעק", ווו עס איז געדרוקט אויך „די אַסיפּע".

פאָרשאָרפט זײַנ סאטירע קעגנ דעם עצעם אידײ פונ דער כיבאס־ציאָנ־באוועגונג איז שאָלעמ־אלייכעמ אינ „דער אסיפע“ ניט אויסגעוועג. האָט ער זיכ געגליטשט איבער דער אויבערפלאכ פונ די געזעלשאפטלעכע דערשײַנונגענ, וואָס ווערנ אינ „דער אסיפע“ אָנגערירט. קאָנטיק, אז שאָלעמ־אלייכעמ אליינ האָט דאָס אויכ באמערקט. איבערשיקנדיק „די אסיפע“ ש. דובנאָוונ, רעדט שוינ שאָלעמ־אלייכעמ ניט וועגנ דעם, אז דער איינאקטער קאָנ ארויסרופנ א געוויסע אופרודערונג אינ דער „העכערער קלאסע“. ער שרײַבט בלויז: „איכ שיק אײַנ א שפּאס, א פעיעריע פונעמ קרײַזל־לעבנ פונ אונדזער פראָווינציעלער יידישער אינטעליגענצ“ [1]).

ווײַטער פונ א שפּאס, וואָס שטאמט פונ אנ אייגענעמ, פונ א מענטשנ, וואָס האָט נאָכ אלע שאנסנ זיכ ווידער „איבערבעטנ“ מיט די, וועמענ ער האָט דאָס מאָל אטאקירט, — ווײַטער דערפונ איז די האנדלונג אינ דער „אסיפע“ ניט געגאנגענ. בלויז אינ איניקע ערטער רײַסט זיכ דאָ דורכ דער טאָנ פונ א פּאָליטישנ פאמפלעט. מיר באקומענ דעמאָלט געציילטע, אָבער גאנצ בײַסיקע ווערטער וועגנ די באוווסטע עמיגראציע־קאָמיטעטנ פונ די 80־ער יאָרנ, וועגנ זייערע „פירער“ — די טאמעוואטע ראבינערס אונ זייערע מיטגלידער — די „הומאנע מענטשנ“, די מאסקילימ־וואָכערניקעס, די אופגעקלערטע נעגידישע יונגעלײַט, וואָס האלטנ די טאקסע א. אז. וו.

דעמ איינאקטער „די אסיפע“ האָט שאָלעמ־אלייכעמ, ווי ווײַט אונדז איז דערווײַל באוווסט, קיינמאָל ניט איבערגעדרוקט אינ א בוכ־אויסגאבע. דער טעקסט פונ דער פאָלקס־פאָנד־אויסגאבע, פונוואַנענ מיר דרוקנ דאָ איבער „די אסיפע“, שטימט מיט דעמ טעקסט, וואָס איז געווענ געדרוקט אינ דער „יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק“.

## „יאקנעהאָז“

די קאָמעדיע „יאקנעהאָז“ איז — לויט דער צײַט, ווענ זי איז אָנגעשריבנ געוואָרנ (1894) — שאָלעמ־אלייכעמס ערשטע קאָמעדיע פונ א גרויסנ פארנעמ. נאָכ די „איינאקטיקע זאכעלעכ“, ווי שאָלעמ אלייכעמ באצייכנט זיי אליינ (געמיינט די איינאקטערס, ווי „א דאָקטער“, „דער

1) „Еврейская Старина“ 1916, ז. 747. דער בריוו איז דאטירט: 1890. III .15.

געט"), נעמט ער זיך אין „יאַקנעהאָז" צום ערשטנ מאָל אויספורעמענ א מוסטער פינ א גרויסער פיראַקטיקער קאָמעדיע, ווו ס'ווערט דורכ־געפירט א ברייטע גאַלעריי געשטאַלטנ אונ ס'ווערט אזוי ארום גע־געבנ אנ אויסשעפנדיק בילד פונ א געוויסער סוויווע.

דער פארלאנג צו שרײַבנ אזא קאָמעדיע פונ א גרעסערנ פארנעמ איז צונויפגעפאַלנ מיט א וויכטיקנ מאָמענט אינ שאָלעמ־אַלייכעמס אַלגעמיינער אַנטוויקלונג. אינ דער צײַט גראַדע באַווײַזנ זיך בא שאָ־לעמ־אַלייכעמענ די ערשטע פרווונ צו שאַפנ דאָס בוך „מענאַכעמ־מענדל" (1892). שאָלעמ־אַלייכעמ פארעפנטלעכט דעמאָלט זײַנ ערשטנ עסקיז צו דעמ בוך „טעוויע דער מילכיקער" (1894). שאָלעמ־אַלייכעמס קוק אפ דעמ ארומ איז איצט אסאַך ניכטערער, שאַרפער; זײַנ בא־וווסטזײַנ איז דורכגעדרונגענ מיט אינטערעס צו די ברייטערע מער קאָמפּליצירטע פּראָבלעמעס, וואָס שטעלנ זיך צו דער צײַט אוועק פאר דער יידישער ליטעראַטור.

איינע פונ אָט די פּראָבלעמעס—די וויכטיקסטע, וואָס שטעלט זיך אוועק פאר די שרײַבער פונ די 90־ער יאָרנ, איז די פּראָבלעמ פונ זייער באַציונג צו דער געשווינד־אָנוואַקסנדיקער אַרבעטער־באַוועגונג. אינ די 90־ער יאָרנ, מיטנ וווקס פונ דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פילנ שוינ די אידעאָלאָגנ פונעמ יידישנ קלייינבירגערטומ די נויטווענ־דיקײַט צו נעמענ א געוויסע שטעלונג בענעגייע דעמ אַרבעטער־קלאַס, זיי רעאַגירנ גאַנצ שאַרפ אפ אָט דער נײַ־צוגעקומענער קראַפט, וואָס באַוועגט זיך שוינ אפ דער געזעלשאַפטלעכער ארענע.

איניקע — די פאָרשטייער פונ דער מער אימפעטפולער ראַדיקאַל־געשטימטער, קלייינבירגערלעכער אינטעליגענצ — טוענ מיטאַמאָל זיך א רוק צו נעענטער צום לאַגער פונעמ קעמפנדיקנ אַרבעטער־קלאַס,—אזוינס האָט אפ א צײַט פאַסירט דעמאָלט מיט י. ל. פּערעצנ; אַנדערע — אונ צו זיי געהער שאָלעמ־אַלייכעמ — פארלירנ ניט זייער „גלײַכגעוויכט" אינ דער נײַער היסטאָרישער סיטואַציע, זיי בלײַבנ פעסט אפ די פּאָזיציעס פונעמ קלייינבירגערטומ אונ ווײַזנ ניט ארויס קיינ מינדסטנ פארלאַנג אָט די קלאַסאָווע פּאָזיציעס צו פארלאָזנ.

„די יידישע קלייינ־בורזשואַזיע האָט געכאַפּט קלעפּ פונויבנ אונ פונ־נונטנ. אונטער איר קיעם האָט זיך אונטערגעגראָבנ די אופקומענדיקע גרויס־מאַנופאַקטור אונ די קאָנקורענצ פונ ביליקע פאַבריקאַטנ, וואָס פלעגנ אָנקומענ פונ ווארשע אונ לאָדז אפנ אָרטיקנ מאַרק אונ פלעגנ

פונדאָרט ארויסשטויסנ דעמ קליינעמ באַלמעלאָכע — דעמ שנײַדער, דעמ שוסטער א. א. פונונטנ האָט די ארבעטער־באַוועגונג מיט זיער קאמפ פאר א קלענערנ ארבעט־טאָג אונ פאר א גרעסערנ ארבעט־לוינ אונטערגעריסנ בא דער קליינ־בורזשואַזיע די איינציקע האָפענונג אפ עקזיסטענצ, די האָפענונג מיט דער עקספלואטאציע פונ די געזעלנ צו קאָמפענסירנ פאר זיך דעמ העזעק, וואָס זי האָט געהאט איבער דער קאָנקורענצ פונ די ביליקע פראָדוקטנ, וואָס די גרויס־מאנופאקטור אונ די מאשינ פראָדוצירנ"[1].

זוכנדיק אנ אויסוועג פונ אָט דער סיטואציע, ווענ דאָס קליינבירגערטומ האָט „געכאפט קלעפ פונ ביידע זײַטנ", ווערט א טייל פונ דער קליינבירגערלעכער אינטעליגענצ — ווי י. ל. פערעצ, ד. פינסקי — ראדיקאל געשטימט, זיי ווײַזנ ארויס א פארלאנג זיך דערנענטערנ צו דער ארבעטער־באַוועגונג, אונ ווי אנ אויסדרוק פונ אָט דעמ פארלאנג קומט בא זיי דעמאָלט דאָס ארײַנפירנ דעמ ארבעטער, אלס וויכטיקע פיגור אינ זייערע קינסטלערישע ווערק. מיר באקומענ דעמאָלט די באַוווסטע דערציילונגענ פונ ארבעטער־לעבנ בא י. ל. פערעצנ, בא ד. פינסקינ.

אנדערש אָבער אָריענטירט זיך אינ דער נײַער סיטואציע שאָלעמ־אַלייכעמ. פונקט דעמאָלט, ווענ פערעצ ווערט ראדיקאל געשטימט אונ זוכט אָט דעמ ראדיקאליזמ זײַנעמ צו פארקערפערנ אינ די געשטאלטנ פונ די „דרײַ נייטערנס", „באָנצי שווײַג", — פונקט דעמאָלט הייבט שאָלעמ־אַלייכעמ אָנ ארויסרוקנ די געשטאלטנ פונ „טעוויע דעמ מילכיקנ", וואָס איז בארופנ צו פארקערפערנ דאָס קלאסאָווע זעלבסטגאַווסטזײַנ פונעמ יידישנ קליינבירגערטומ. שאָלעמ־אַלייכעמ רעאגירט אויך אפ דער נײַער היסטאָרישער סיטואציע, וואָס האָט זיך געשאפנ פאר דעמ יידישנ קליינבירגערטומ אינ די 90־ער יאָרנ. שאָלעמ־אַלייכעמס רעאקציע באשטייט אָבער דערינ, וואָס ער זוכט דעמאָלט אָנצוטאפנ אינעמ קליינבירגערטומ זײַנ אייגענע קראפט, זײַנ אייגענע רעכט צו פארנעמענ אנ אָרט אינ דער געזעלשאפטלעכער ארענע. אונ דאָס לאָזט זיך זענ אויך אינ דער קאָמעדיע „יאקנעהאָז".

וועגנ דער קאָמעדיע „יאקנעהאָז" לאָזט זיך שוינ ניט זאָגנ, ווי מיר זאָגנ, לעמאָשל, וועגנ דעמ ראָמאנ „סטענדער בלאנק" אָדער וועגנ דעמ

---

1) מ. ראפעס. קאפיטלענ געשיכטע פונ „בונד". קיעוו 1929, ז. 26.

אײנאַקטער „א דאָקטער“, אז שאָלעמ-אלײכעמ מײַדט אויס צו שילדערנ דעמ עקאָנאָמישנ באָדנ, פונוואַנענ עס איז אויסגעוואָקסנ די מאַכט פונ די יעהופּעצער נגידימ. שאָלעמ-אלײכעמ מײַדט שוינ אויכ ניט אויס צו שילדערנ דעמ סאָציאַלנ אנטאגאָניזמ, וואָס מערקט זיכ אָנ אינ דער יעהופּעצער סוויווע.

מיר באמערקנ אינ „יאַקנעהאָז“, ווי שאָלעמ-אלײכעמ באמיט זיכ מיט אלע מיטלענ אנטקעגנ דער יידישער בורזשואַזער סוויווע, אנטקעגנ די גרויסע בערזע-שפּילער אוועקצושטעלנ אַנ אנדער גרופּע געשטאַלטנ מיט מענאַכעמ-מענדלענ בעראָש. צו דער גרופּע געשטאַלטנ געהערנ: זײַוול פּאָנפּאַטש, זײַוול זאַיקע, די אלמאָנע פונ דער סלאָבאָדקע — אלצ אזעלכע געשטאַלטנ, וועמענ שאָלעמ-אלײכעמ וויל פאָרשטעלנ, ווי די אומשולדיקע קאָרבאָנעס פונ דער גרויסער בערזע-שפּיל. אינ נאָמענ פונ אָט דער קלײנבירגערלעכער געשטאַלטנ-גרופּע (צו זײ קומט צו אינ פּראָצעס פונ דער האַנדלונג אויכ דער אָרעמער סטודענט מאַרקומ) פירט שאָלעמ-אלײכעמ זײַנ שאַרפע קריטיק פונ יעהופּעצער נגידימ. שאָלעמ-אלײכעמ פאַרטרויט אײנער פונ אָט דער גרופּע — דער אלמאָנע פונ סלאָבאָדקע אינ פינאַל פונ דער קאָמעדיע — אויסצודריקנ אָפּ א גאָר אָפענעמ אויפנ איר פאַרביטערונג קעגנ די גרויסע בערזע-שפּילער. מע זעט, אז שאָלעמ-אלײכעמ סאָלידאַריזירט זיכ מיט דער דאָזיקער פינאַל-רעפּליקע פונ דער יידענע פונ סלאָבאָדקע. די אינטערעסנ פונ דעמ דאָזיקנ שיכט קלײנבירגערטומ — זײ ווערנ עס דער אויסגאַנג-פּונקט פונ שאָלעמ-אלײכעמס קריטיק בענעגײע דער בורזשואַזער סוויווע. דערפאַר באמערקנ מיר, ווי שאָלעמ-אלײכעמס סאַטירישע שילדערונג, וואָס האָט דאָ ערשט באַקומענ איר פעסטנ אויסגאַנג-פּונקט, באַקומט אינ „יאַקנעהאָז“ אויכ א באַזונדערע שטײַפקײַט אונ זיכערקײַט, וועלכע זי האָט פריער ניט פאַרמאָגט. שאָלעמ-אלײכעמ טראָגט אפילע אהער ארײַנ א היפּשע מאָס לײדנשאַפטלעכקײַט, סאַרקאַסטישע פאַרביטערונג. ערטערווײַז דערגרײכט עס ביז צומ פאַרשאַרפטנ פּאַמפלעט.

אינ דער קאָמעדיע „יאַקנעהאָז“ האָט שאָלעמ-אלײכעמ צומ ערשטנ מאָל זיכ באַגעגנט פּאָנעמ-על-פּנעמ מיט דעמ בילד פונ דעמ אָנגרײַפנדיקנ קאַפּיטאַליזמ. אינ קײנ אײנציקנ פונ זײַנע פריערדיקע ווערק האָט ער ניט ארויסבאַוויזנ אזא אויסגעשפּראָכענע טענדענצ צו פאַרקערפּערנ אינ קאָנקרעטע בילדער דעמ קאָלאָריט פונ א קאַפּיטאַליסטישער שטאָט,

מיט איר אינטענסיוון גרויסשטאָטישן לעבנס־טעמפּ, מיט די גרויסע קאָנטאָרן, אַרום וועלכע ס'דרייען זיך אַרום גאַנצע „כאַליאַסטרעס", מיט די בערזע־געשעענישן, וואָס פּלאַצן אויף קאַטאַסטראָפאַל גיך און אומגעריכט.

צו דעמדאָזיקן ברייט פאַרמאָסטענעם בילד איז שאָלעם־אַלייכעם צוגעגאַנגען מיט יענעם קלאַסאָוון זעלבסטבאַוווסטזיַין, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין די ערשטע בריוו פון דעם בוך „מענאַכעם־מענדל". דאָס האָט געהייסן, אַז צו דער גרויסער סאָציאַלער פּראָבלעם, וואָס די נייַע היסטאָרישע סיטואַציע האָט אויפגעשטעלט, איז שאָלעם־אַלייכעם צוגעגאַנגען בלויז ווי דער גרעסטער צווישן די „קליינע מענטשעלעך מיט די קליינע האָסאָגעס". דאָס האָט באַטייַט, אַז אין זייַן בילד פון דעם אָנגרייַפנדיקן קאַפּיטאַליזם איז שאָלעם־אַלייכעם ניט מסוגל צו גיין ווייַטער ווי אָנצווייַזן די „קליינע כעסרוינעס פונעם מעכאַניזם", אַז ער וועט אויפּאַסן די געשעענישן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אין יעהופּעץ, און יעטווידער פעיִקייַט צו באַנעמען דעם צוזאַמענהאַנג צווישן די געשעענישן און דער גאָרער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, און יעטווידן רעמעז אויף דער גרייטקייַט די אָרדענונג אין אַוועלכער ניט איז מאָס צו באַקעמפן.

און אָט אַזוי, אין דידאָזיקע ראַמען פאַרלויפט אין „יאַקנעהאָז" די קריטיק פון דער בורזשואַזער סוויווע.

דער פּאַמפלעטישער כאַראַקטער פון דער בורזשואַזיע־שילדערונג אין דער קאָמעדיע „יאַקנעהאָז" האָט גלייַך צוגעצויגן צו דעם ווערק די באַוונדערע „אויפמערקזאַמקייַט" פון די קרייַזן, וואָס האָבן זיך געפילט מיט אָט דער קאָמעדיע געטראָפן. ווי עס איז צו זען פון דעם נאָכוואָרט צו דער קאָמעדיע, האָט שאָלעם־אַלייכעם נאָך פאַרן דערשייַנען פון „יאַקנעהאָז" אָנגעהויבן באַקומען בריוו מיט אַלערליי אָנצוהערענישן און דראָונגען. פּונקט אַזוי ווי די קאָמעדיע „די טאַקסע" האָט אַמאָל געבראַכט מענדעלען צו אַ קאָנפליקט מיט די בערדיטשעווער „פּניי", אַזוי האָט דאָסמאָל שאָלעם־אַלייכעמס „יאַקנעהאָז" אויפגערודערט די גאַנצע סוויווע קיִעווער בערזע־שפּילער. ניט קוקנדיק אויף דעם נאָכוואָרט צו דער קאָמעדיע, ווו שאָלעם־אַלייכעם באַמיט זיך אָפּוועגדן די באַשולדיקונג, וואָס דער אַרומיקער בערזע־אוילעם האָט קעגן אים אַרויסגערוקט, האָט דאָך די קאָמעדיע „יאַקנעהאָז" אַנדערש ניט געקאָנט ווערן אויפגענומען, ווי נאָר אַלס אַ בייַסיקער פּאַמפלעט קעגן

די „גרויסע בערזע־שפּילער“. דאָס האָט אינגיכנ געבראכט גאנצ מאמאָשעסדיקע פאָלגנ: די קיעווער יידישע פּלוטאָקראטיע האָט געפּועלט בא דער צארישער צענזור, אז שאָלעמ־אלייכעמס קאָמעדיע זאָל פארבאָטנ ווערנ. אָפיציעל האָט עס געהייסנ, אז שולדיק זיינענ די „אמאראלישע“ ווערטלעכ, וואָס פיגורירנ אינ דער קאָמעדיע, זיי פאראָדירנ די „הייליקע“ פסוקימ, פארדארבנ דעמ רעליגיעזנ געפיל א. אז. וו.

דער צענזור־פארבאָט, וואָס האָט געדויערט היפּשע עטלעכע יאָר, האָט געבראכט דערצו, אז די קאָמעדיע „יאקנעהאָז“ איז פארבליבנ אומבאקאנט דעמ ברייטערנ לייענער־עוילעמ. די ערשטע יעדיעס וועגנ שאָלעמ־אלייכעמס „יאקנעהאָז“ — שוינ נאָכנ צענזור־פארבאָט — באקומענ מיר פונ די אנאָנסנ (געדרוקט אינ 1905־טנ יאָר), וואָס גיבנ צו וויסנ, אז שאָלעמ־אלייכעמ גרייט זיכ ארויסצוגעבנ אינ פארלאג „ביכער פאר אלע“ א דראמאטיש ווערק מיטנ נאָמענ „די בערזע“. צי איז דאָס ווערק דערשינענ, איז אונדז דערווייל ניט באוווסט, גיכער — ניט, מאכמעס אויסער דעמדאָזיקנ אנאָנס האָבנ מיר אינערגעצ ניט קיינ איינציקנ אָנווייז אפ דער פּיעסע „די בערזע“.

עס איז באוווסט, אז שאָלעמ־אלייכעמ האָט זיינ קאָמעדיע „יאקנעהאָז“ געפּרוווט צופּאסנ צו דער בינע. דאָס איז פאָרגעקומענ אינ 1907־טנ יאָר, ווענ עס האָט זיכ געמאכט א מעגלעכקייט אופצופירנ „יאקנעהאָז“ אינ אנ אמעריקאנער יידישנ טעאטער. שאָלעמ־אלייכעמ האָט דעמאָלט געגעבנ דער קאָמעדיע א נאָמענ: „דער אויסוואורפ אָדער שמועל פּאָסטערנאק“. צי האָט שאָלעמ־אלייכעמ דערביי עפּעס געענדערט אויכ אינעמ טעקסט פונ דער פּיעסע גופע, איז אונדז ניט באוווסט. קיינ גענויערע יעדיעס וועגנ דעמ געפינענ מיר אויכ ניט אינ די ביז אהער פארעפנטלעכטע בריוו שאָלעמ־אלייכעמס. מיר לייענענ נאָר, ווי שאָלעמ־אלייכעמ באשרייבט זיינע איינדרוקנ פונ דער ערשטער אופפירונג פונ „דער אויסוואורפ אָדער שמועל פּאָסטערנאק“ אינ א בריוו דאטירט: ניו־יאָרק 9־טער פעברואר 1907: „נו, דעמ עקזאמענ האָב איכ אויסגעהאלטנ אונ, דוכט זיכ, גלענצנד. די זאכ דערפונ איז דאָס, וואָס ס'איז ניט מעגלעכ געווענ ארויסצוטראָגנ א גאנצנ איינדרוק, ווייל ס'איז אויסגעקומענ צו צערייסנ זיכ אפ צווייענ: איכ בינ געווענ אפ צוויי אקטנ אינ איינעמ אונ אפ צוויי אקטנ אינעמ צווייטנ טעאטער[1]. אי דאָ, אי

[1] דער בריוו איז געשריבנ פונ ניו־יאָרק, ווו די צוויי פּיעסעס „סטעמפּעניו“ אונ „שמועל פּאָסטערנאק“ זיינענ איינצייטיק געשפּילט געוואָרנ אינ צוויי יידישע טעאטערנ.—נ. א.

דאָרטנ האָט מענ מיכ ארויסגערופנ אסאכ מאָל. געמאכט אָוואציעס. דער אוילעמ, ווי עס שײַנט, איז געבליבנ צופרידנ. יעדנפאלס איז געווינ אזויפיל נײַקײַט, אז עס האָט געקלעקט גענוג. „סטעמפעניו" האָט געמאכט דעמ אײַנדרוק פונ עפעס, וואָס איז פאָעטיש, פאטריארכאליש. „דער אויטר וויפ" ווידער האָט געצווונגענ דאָס פובליקומ די גאנצע צײַט צו האלטנ אָפנ דאָס מויל אונ צו לאכנ ביזוואנאנ דער פאָרהאנג איז געפאלנ. דאָס איז אויכ דאָ נײַ, מאכמעס די באלאגאנ־סאטירע האָט זיכ שוינ צוגעגעסנ, אונ דער הומאָר פונ די היגע מאָדישע דראמאטורגנ איז אזוי אָרעמ, אז ס'איז פראָסט א ראכמאָנעס אפ זיי"... [1].

דעמ טעקסט פונ „יאקנעהאָז" גיבנ מיר אלס אויסנאמ (צוליב די באמערקטע פעלערנ) ניט פונ דער פאָלקס־פאָנד־אויסגאבע, נאָר פונ דער אויסגאבע 1894 י.

## „מאזלטאָוו"

דער אײנאקטער „מאזלטאָוו" איז צומ ערשטנ מאָל פארעפנטלעכט געוואָרנ אינ 1899־טנ יאָר אינעמ ציאָניסטישנ וואָכנבלאט „דער יוד" (נומ. 8).

געשריבנ מיט פינפ יאָר שפעטער נאָכ דער קאָמעדיע „יאקנעהאָז", איז דאָכ דער אײנאקטער „מאזלטאָוו" נאָכ אפ א גאנצ קענטלעכנ אופנ פארבונדנ מיטנ אינהאלט פונ „יאקנעהאָז". דידאָזיקע פארבינדונג לאָזט זיכ דערקענענ ניט נאָר אינ די עטלעכע נעמענ פונ דיזעלבע נעגידישע הײַזער, וואָס פיגורירנ סײַ אינ „יאקנעהאָז", סײַ אינ „מאזלטאָוו" (מאדאמ פאָסטערנאק, קנאקניסל), — מיר זעענ אָט די פארבינדונג דערינ, וואָס שאָלעמ־אלײכעמ פרווט אינ „מאזלטאָוו" אנטוויקלענ ווײַטער די הויפט־טענדענצ, וועלכע איז געלעגנ אינ גרונט פונ „יאקנעהאָז".

שאָלעמ־אלײכעמס הויפט־טענדענצ אינ „יאקנעהאָז" איז געווענ: אנטקעגנ דער יעהופעצער בורזשואזער סוויווע, אנטקעגנ די גרויסע בערזע־שפילער, אוועקשטעלנ א גרופע קלײנבירגער־געשטאלטנ מיט מענאכעמ־מענדלענ בעראָש, פארוואנדלענ די אינטערעסנ פונ אָט דעמ אָרעמענ קלײנבירגערלעכנ שיכט אינ דעמ אויסגאנג־פונקט פונ דער גאָרער קריטיק, וואָס ווערט אינ „יאקנעהאָז" געווענדעט קעגנ די יעהופעצער נעגידימ. אינ „מאזלטאָוו" מאכט שאָלעמ־אלײכעמ א ווײַטער־

---

[1]) „שאָלעמ-אלײכעמ-בוכ", ז. 84.

דיקנ שריט אפ דעמזעלבנ וועג. די יעהופעצער נעגידימ גופע טרעטנ ניט אופ אינ „מאזלטאָוו“, זיי שטייענ נאָר אינ ווײַטנ הינטערגרונט פונ דער האנדלונג, דאָכ אָבער איז די גאנצע האנדלונג דורכגעדרונגענ מיט דירעקטנ אונ אומדירעקטנ רעאגירנ אפ די רייד אונ די מײַסימ פונ די יעהופעצער נעגידימ, אונ מיר באקומענ אזא אײַנדרוק, אז די האנדלונג איז דאָ באוווסטזיניק געבויט געוואָרנ אפ דער קעגנשטעלונג פונ די אָרעמע קיכ־לײַט אונ זייערע באלעבאטימ, די יעהופעצער נעגידימ.

אינ דעמ הינזיכט, מוז מענ זאָגנ, האָט אינ זיכ דער אײנאקטער „מאזלטאָוו“ נאָכ מער אויסגעשפּראָכנקײַט איידער די קאָמעדיע „יאקנעהאָז“. די פארביטערונג קעגנ די „יעהופעצער נעגידימ“, וואָס לאָזט זיכ הערנ אינ דער פינאל־רעפליקע פונ דער אָרעמער אלמאָנע אינ דער קאָמעדיע „יאקנעהאָז“, באקומט גאָר אנ אנדער, א מער שטאנדהאפטיקנ כאראקטער אינ די רייד פונ די קיכ־לײַט אינ „מאזלטאָוו“. מיר זעענ דאָ דעמ געמיט־צושטאנד פונ מענטשנ, וואָס טראָגנ דעמ יאָכ פונ עקספּלואטאציע אינ מעשעכ פונ לאנגע יאָרנ: ס׳איז דער געמיט־צושטאנד פונ די, וועמענ דאָס שווערע לעבנ לאָזט אפ קיינ רעגע ניט פארגעסנ אָנ דער אײַנטײלונג אפ „מענטשנ“ אינ מענטשנ, וואָס גילט אינ די יעהופעצער נעגידישע הײַזער. אונ אָט אָנ דעמ געמיט־צושטאנד פונ די פארשוינענ, וואָס טרעטנ אופ אינ „מאזלטאָוו“, באהעפט זיכ שאָלעמ־אלייכעמ מיט גאָר ווארעמענ מיטגעפיל.

דערמיט, וואָס שאָלעמ־אלייכעמ האָט אינ קרײַז פונ זײַנע שטענדיקע געשטאלטנ ארײַנגעפירט די הויפט־פיגורנ פונ „מאזלטאָוו“ — „נאשבראט דעמ פראָסטנ אוילעמ“, ווי רעב אלטער דער פאקנטרעגער רופט זיכ אליינ אָנ — האָט ער צו יענער צײַט באשטימט פאנאנדערגערוקט די ראמענ פונ זײַנ שאפנ. דער אײנאקטער האָט באוויזנ, אז שאָלעמ־אלייכעמ האָט צומ סאָפ 90־ער יאָרנ שוינ געהאט דערנענטערט זיכ צומ מאסנ־מענטש אסאכ מער איידער אינ דער צײַט פונ „סטעמפעניו“ (די 80־טע יאָרנ), ווענ ער האָט בלויז מיט הוילער ראָמאנטישער באגײַסטערונג גערעדט וועגנ „פאָלק“.

אָבער אײנצײַטיק דערמיט האָט דער אײנאקטער „מאזלטאָוו“ באוויזנ, אז שאָלעמ־אלייכעמ הערט ניט אויפ צו זאָגנ דערפאר, אז די אינטערעסנ אונ פארלאנגענ פונ דעמ „פראָסטנ אוילעמ“ זאָלנ אײַנגעפרעסט ווערנ אינ די ראמענ פונ דער יידישלעכ־געמיטלעכער קליינבירגערלעכקײַט, וואָס ווערט אינ „מאזלטאָוו“ פארקערפערט דורכ דער

געשטאלט פונ רעב אלטער דעמ פאקנטרעגער. דורכ אָט דער געשטאלט פירט שאָלעמ־אלײכעמ דורכ א באשטימטע טענדענצ: פארגלעטנ אונ פארווישנ די שארפקײט פונעמ סאָציאלנ אנטאגאָניזמ, וואָס ווערט געשילדערט אינ „מאזלטאָוו״. דאָס איז באזונדערס קאָנטיק אינ דער ערשטער אויסגאבע פונ „מאזלטאָוו״.

די צווײטע אויסגאבע „מאזלטאָוו״, ווו דער אײנאקטער איז געדרוקט נאָכ א גרינטלעכער איבערארבעטונג, איז באצײכנט מיטנ יאָר 1907. פונקט ווי אינ דעמ פאל מיט „א דאָקטער״, האָבנ מיר אויכ דאָסמאָל ניט קײנ זיכערע ידיעות וועגנ דעמ, ווענ די איבערארבעטונג פונעמ אײנאקטער איז פאקטיש דורכגעפירט געוואָרנ: צי אינעמ יאָר 1907, ווענ די צווײטע אויסגאבע איז דערשינענ, צי פריער, אינעמ יאָר 1905, ווענ די צווײטע אויסגאבע הײבט אָנ אנאָנסירט ווערנ. דער עצעמ כאראקטער פונ דער איבערארבעטונג איז גראדע אזא, וואָס קאָנ שטאַמענ גיכער פונ 1905. עס פילט זיכ נאָכ אינ דערדאָזיקער איבערארבעטונג שאָלעמ־אלײכעמס נײַגיר צו די ערשטע אָפּקלאנגענ פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, ווי ווײַט זײ האָבנ זיכ דערקײַקלט צו „נאש־בראט דעמ פראָסטנ אוילעמ״. עס ווערנ נאָכ אינ די רעפּליקעס פונ די קיכ־לײַט, וואָס רעדנ אי וועגנ ציאָניסטנ, אי וועגנ סאָציאליסטנ, ניט דערמאָנט מיט קײנ אײנציקנ וואָרט די פּאָגראָמ־געשעענישנ פונ סאָפּ 1905, וואָס האָבנ, ווי באוווּסט, געמאכט גאָר אנ שטארקנ רושעמ אפ שאָלעמ־אלײכעמענ. שאָלעמ־אלײכעמ שרײַבט דעמאָלט אפילע א ספּעציעלע פּיעסע „דער לעצטער קאָרבנ אָדער די בלוטיקע טעג״, וואָס דארפ שילדערנ די פּאָגראָמ־כוואליע אינ די אזויגערופענע קאָנסטיטוציע־טעג פונ סאָפּ 1905. אינ דער איבערארבעטונג פונ „מאזלטאָוו״ הערנ מיר נאָכ ניט דעמ אָפּקלאנג פונ אָט די פּאָגראָמ־געשעענישנ. דערפאר אָבער לאָזט זיכ אינ דער איבערארבעטונג פונ „מאזלטאָוו״ דײַטלעכ פילנ די אטמאָספער, וואָס האָט אינ ברײטערע קרײַזנ קלײנבירגערטומ געהערשט אינ פארלויפ פונ דער ערשטער העלפט 1905, — יענער צײַט, פונ ווענ עס שטאמט אויכ די איבערארבעטונג פונ „צײַט אונ צעשפרײט״.

צו דער צײַט, ווענ שאָלעמ־אלײכעמ האָט אָנגעהויבנ צוגרײטנ דעמ טעקסט פונ „מאזלטאָוו״ צוליב דער צווײטער אויסגאבע, האָט די הויפּט־טעמע פונעמ אײנאקטער — די באציִונגענ צווישנ די „מענטשנ״ אונ זײערע באלעבאטימ — געהאט א שטארקנ אָנגאנג סײַ אפ דער

ייִדישער בינע, סײַ אין דער ייִדישער ליטעראטור. אפ דער ייִדישער בינע אין רוסלאנד האָט מען דעמאָלט גאנצ אָפּט אופגעפירט יאקאָוו גאָרדינס „כאסיע די יעסוימע”, ווו מיר האָבנ אינ צענטער פונ דער האנדלונג דעמ צווייטנ אקט, וואָס קומט פאָר אינ קיכ באמ גוויר טראכטענבערגנ מיט דער הויפט־פיגור — כאסיע — אלס א דינגסטמיידל; מע האָט זיכ שוינ געגרייט אופצופירנ פערעצעס אָקאָרשט־פארעפנטלעכטנ איינאקטער „שוועסטער” [1], ווו די הויפט־פיגורנ זײַנענ ווידער דינסטמיידלעכ. מיט דידאָזיקע אופירונגענ האָט דער טעאטער אויסגעפילט די סאָציאלע באשטעלונג פונ גאָר היפשע קרײַזנ באזוכער. ס'איז געווענ די באשטעלונג פונ יענעמ שיכט קליינבירגערטום, וואָס האָט אינ דער אָנהייב־צײַט פונ דער רעוואָליוציע 1905 — געשטויסנ דורכ זײַנע אייגענע סאָציאלע אינטערעסנ — ניט געוואָלט אינגאנצנ זיכ דערווײַטערנ פונ די לאָזונגענ, וואָס ס'האָט ארויסגערוקט די ארבעטער־באוועגונג, געלאָזט זיכ אפילע אינ געווייסע הינזיכטנ פונ איר באווירקנ (ניט אופהערנדיק דערבײַ אליינ צו באווירקנ דעמ נאציאָנאל־אָפּאָרטוניסטישנ טייל פונ דער ארבעטער־באוועגונג), אונ פונ צײַט צו צײַט שטאָלצירט מיט אופמערקזאמקײַט אונ מיטגעפיל צומ אָרעמענ „פראָסטנ אוילעמ”. אָט פונ דעמ שיכט קליינבירגערטומ האָט עס געשטאמט דער ספעציפישער אינטערעס צו יאקאָוו גאָרדינס „כאסיע די יעסוימע”, פונדאנענ האָט זיכ גענומענ דער פארלאנג צו זענ אפ דער בינע פערעצעס „שוועסטער”.

שאָלעמ־אליכעמ, וואָס האָט צו יענער צײַט שוינ א שטענדיקנ קאָנטאקט מיט דער בינע, ענטפערט אפ דער נײַער „סאָציאלער באשטעלונג” דערמיט, וואָס ער נעמט זיכ איבערארבעטנ דעמ פריִער־געשריבענעמ איינאקטער „מאזלטאָוו”.

באמ שײַנ פונ דער דערפארונג, וואָס שאָלעמ־אליכעמ האָט אָנגעזאמלט פונ 1899 — די צײַט, ווענ ס'איז דערשינענ די ערשטע אויסגאבע „מאזלטאָוו” — ביז 1905, ווענ ער האָט אָנגעהויבנ צוגרייטנ די צווייטע אויסגאבע, האָבנ די געשטאלטנ פונ „מאזלטאָוו” באקומענ גאָר אנ אנדער אויסזענ אינ שאָלעמ־אליכעמס אויגנ. אינ דער צווייטער אויסגאבע פילט זיכ שוינ ערטערווײַז די טענדענצ צו פארשארפנ די

[1] פערעצעס איינאקטער „שוועסטער” איז פארעפנטלעכט געוואָרנ אינעמ זשורנאל „דאָס ייִדישע וואָרט” אינ 1905־טנ יאָר, אונ נאָכ דעמאָלט האָט מענ אינ דער פרעסע געקאָנט לייענענ וועגנ דעמ, אז ס'גרייט זיכ אנ אופירונג פונ פערעצעס „שוועסטער”.

באַציִונגען צווישן די באַלעבאַטים און קיך־לײַט ביז צו א געוויסן סאָציאַלן קאָנפליקט. מיט אָט דעם קאָנפליקט צווישן די קיך־לײַט און זייערע באַלעבאַטים אַסאָציִירט זיך בא שאָלעם־אַלייכעמען אין 1905־טן יאָר די פאָרשטעלונג וועגן דעם קאָנפליקט, וואָס ער זעט איַין צו דער צײַט צווישן דער יִדישער בורזשואַזיִע און דעם קלײנבירגערטום. דאָסראָוו קינסטלערישע ווערק, וואָס שאָלעם־אַלייכעם שרײַבט צו דער צײַט, זײַנען דורכגעדרונגען מיט דערדאָזיקער אומקלאָרער פאָרשטעלונג וועגן עפעס אַן אײַנרײַס, וואָס שאָלעם־אַלייכעם פילט דעמאָלט צווישן דער בורזשואַזיִע און קלײנבירגערטום [1]. דידאָזיקע אומקלאָרע פאָרשטעלונג האָט שאָלעם־אַלייכעם אין 1905־טן יאָר געלייגט אין גרונט פון זײַן אַרבעט אפן טעקסט פינעם אײנאַקטער „מאַזלטאָוו".

די גרונט־ענדערונג, וואָס שאָלעם־אַלייכעם טראָגט אין 1905־טן יאָר אַרײַן אינעם טעקסט פון „מאַזלטאָוו", באַציט זיך צו דער שילדערונג פון אַלטער דעם פּאַקנטרעגער, דער פאַקנטרעגער, ווי מיר זעען אים אין דער צווייטער אויסגאַבע, איז שוין ניט נאָר באַלעזן אין די באַוווּסטע שאָמער־ראָמאַנען „אין זעקס טײלן מיט אַן עפּילאָג". דאָסמאָל הערן מיר, ווי דער פאַקנטרעגער זאָגט וועגן זיך: „ס'איז ניט מײַנע ווערטער. דאָס האָב איך אַרויסגעלייענט פון א ביכל, פון די הײַנטיקע ביכלעך, וואָס זיי געבן אַרויס, די יִמאַך־שמוינִיקעס, די צעצעליסטן".

אָט דער אָפּקלאַנג פון די נײַע מינע „ביכלעך", וואָס האָבן זיך באַוויזן בא רעב אַלטער דעם פּאַקנטרעגער, הערן מיר אין די וויכטיקסטע עפּיזאָדן פון דער האַנדלונג אין דער צווייטער אויסגאַבע „מאַזלטאָוו".

ווי אומבאַהאָלפן עס קלינגען דערבײַ ניט דעם פּאַקנטרעגערס רייד (ער זאָגט אַליין: „ס'איז ניט מײַנע ווערטער"), הייבן זיי אָן אָפּ א נײַעם אויפן באַפאַרבן די געשטאַלט פונעם אַלטן פּאַקנטרעגער. דאָס ווערט באַזונדערס קלאָר, ווען מע פאַרגלײַכט די פינאַל־סצענע, ווי זי ווערט געגעבן אין דער ערשטער און צווייטער אויסגאַבע.

פון דער פינאַל־סצענע אין דער ערשטער אויסגאַבע איז קלאָר, אַז רעב אַלטער האָט ניט קיין מוט אָפּצוענטפערן דער מאַדאַם, וואָס טרײַבט אים אַרויס פון איר שטוב.

1) גענויער וועגן דעם זע ווײַטער אין אונדזער באַמערקונג צו „צעזייט און צעשפּרייט".

„**רעב אלטער** (ציילט די ווערטער). א ייִד... א ייִד גייט אליין... א ייִד איז דיר אָבער אַ אנטיק, גאָר קיין קאַטאָוועז ניט. א ייִד טרינקט און עסט און דיזן, דאַזן, דאָס און יענץ און גאָרנישט! ששא... שטיל... פּיש... פּיש... פּישטשעט ווי א פייגעלע, פּלאָנטעט ניט מיטן צונג! וואלגערט זיך ניט פון די פיס, גייט זיך פּאַוואָלינקע, גלייך ווי א סטרונקעלע, טוט זיך ניט א ריר ניט אהער, ניט אהין, און איז בא אלע געדאנקען... ווייסט איר פאַרוואָס? וואָרעם א ייִד, וויפל ער זאָל ניט טרינקען קיין וויין, איז ער קיינמאָל ניט, וואָרעם טאקע קיינמאָל ניט שי־שי־שי... (פאָרהאנג)".

אזא פינאל שילדערט דעם אלטן פּאקנטרעגער, ווי אַן „אָרעמס נאָר א פריילעכס". עס מאכט אָבער צו נישט דעם צוזאמענשטויס צווישן דער מאַראַם און די קיך־לייט. אָט ווי עס זעט אויס רעב אלטערס פינאל־רעפּליקע אין דער צווייטער אויסגאבע.

„**רעב אלטער** (אנגעדרודלט, פּלאָנטערט מיט דער צונג). ש־ש־שלעפּער, זאָגט איר? ווי קומט א ייִד צו זיין א שלעפּער? א ייִד איז קיי־קיי־קיינמאָל ניט קיין שלעפּער! קיי־קיינמאָל ניט... און וואָס איר טרייבט מענטשן פון ש־ש־שטוב—מאכטייסע, טרייבט, טרייבט. נאָר אַן אוולע איז דאָס פון אייך... ווייסט איר פאַר־וואָ־וואָ־וואָס! ס'איז היינט אנדערע יאָרן גאָר... נישט דאָס וואָ־וואָ־וואָס אמאָל... איר זאָלט זען בא מיר אין די ביכלעך... די צע־צעליסטנ זאָ־ג... א קלאָג צו אייער קאָפּ! דיזן, דאַזן, דאָס און יענץ..."

דער צוזאמענשטויס מיט דער מאדאם ווערט אזוי ארום אוועקגע־שטעלט אין צענטער פון דער האנדלונג אין דער צווייטער אויסגאבע. קעדיי אונטערשטרייכן דעם פּאקנטרעגערס האלטונג אין דעמדאָזיקן קאָנפליקט מיט דער מאדאם, פירט שאָלעם־אליינעם ארײַן אין דער צווייטער אויסגאבע א נייע פינאל־ליד, וואָס מיט איר שליסט זיך דער איינאקטער. די ליד, וואָס רעב אלטער זינגט דאָסמאָל, זאָגט:

„ס'איז היינט א נייע וועלט,
מע קוקט ניט אַף קיין געלט,
קיין גרויס, קיין קליין,
קיין מיִעס, קיין שיין,
קיין אָרעם און קיין רייך —
אלע זענען גלייך"...

שאָלעמ־אַלײכעמ שטעלט אַװעק אָט דאָס לידל אױפֿ דעמ אָנגעזעענסטנ אָרט, אינ דער פֿינאַל־סצענע, ער װיל די װערטער פֿונ דעמ לידל פֿאַרװאַנדלענ אינ דעמ לײטמאָטיװ פֿונ זײַנ אײנאַקטער, ער װיל זײַנ דעמ לײטמאָטיװ פֿונ „מאַזלטאָװ“ דערינ, װאָס די אָרעמע קיכ־לײַט „נאַש־בראַט דער פּראָסטער אױלעמ“, װעלכער האָט אינ מעשעכ פֿונ לאַנגע יאָרנ געשטיקט אינ זיכ יעטװידנ סימענ פֿונ סאָציאַלנ פּראָטעסט, האָט ענדלעכ אָנגעהױבנ דערװאַכנ, אָנגעהױבנ זוכנ דעמ אױסדרוק פֿאַר דער אָנגעזאַמלטער פֿאַרביטערונג קעגנ דער עקספּלואַטאַציע. דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע פֿאַר אָט דער דערװאַכונג פֿונעמ „פּראָסטנ אױלעמ“ זעט שאָלעמ־אַלײכעמ אינ דעמ, װיאַזױ עס שאַפֿט זיכ דאָ, אױפֿנ סאַמע לעצטנ שטאַפּל — אינ קיכ — אַ געװיסע באַציִונג צו די „צעצעליסטנ“, יענע האָפֿעװדיקע אונ גלױביקע באַציִונג צו די „צעצעליסטנ“, װאָס לאָזט זיכ הערנ אינ רעבנ אַלטערס רײד.

די סאָציאַלע כאַראַקטעריסטיק פֿונ אַלטער דעמ פֿאַקנטרעגער װערט אָבער ניט אױסגעשעפּט נאָר מיט אָט דער פֿאָרשטעלונג װעגנ די סאָציאַליסטנ, װי די אײנציקע, װאָס „נעמענ זיכ אָנ די קריװדע פֿונ די אָרעמעלײַט“. פֿאַר שאָלעמ־אַלײכעמס פֿאַקנטרעגער איז דורכױס כאַראַקטעריסטיש דער פֿאַקט, װאָס די ציִאָניסטנ זײַנענ אינ דעמ פֿאַקנטרעגערס רײד אױכ די יעניקע, װאָס „װילנ העלפֿנ די אָרעמעלײַט“.

אינ אָט דעמ טײלנ די סימפּאַטיעס צװישנ סאָציאַליסטנ אונ ציִאָניסטנ אַנטפּלעקט זיכ דער ייִדישלעכ־קלײנבירגערלעכער װעזנ פֿונ יענעמ סאָציאַלנ פּראָטעסט, װאָס שאָלעמ־אַלײכעמ האָט געװאָלט מאַכנ פֿאַר דעמ לײטמאָטיװ פֿונ דער צװײטער אױסגאַבע „מאַזלטאָװ“. ניט געקוקט אױפֿ דער אױסגעשפּראָכענער טענדענצ אַװעקצושטעלנ אינ צענטער פֿונ דער האַנדלונג דעמ פּראָצעס פֿונ דערװאַכונג, װאָס קומט פֿאָר צװישנ די קיכ־לײַט, ניט געקוקט אױפֿ דעמ באַװוסטזיניקנ פּרוּװ צו פֿאַרשאַרפֿנ דעמ צוזאַמענשטױס צװישנ די קיכ־לײַט אונ זײערע באַלעבאַטימ ביז צו אַ געװיסנ סאָציאַלנ קאָנפֿליקט, פֿאַרבלײַבט דאָכ שאָלעמ־אַלײכעמ געטרײַ זײַנ סאָציאַלער נאַטור אונ שאַפֿט אַרומ די קיכ־לײַט אַזאַ אַטמאָספֿער פֿונ ייִדישלעכ־געמיטלעכער קלײנבירגערלעכקײַט, אַז דער סאָציאַלער פּראָטעסט זײערער װערט ערטערװײַז קימאַט װי פֿאַרװישט. די גרױסע צאָל פֿאָלקס־לידער, װאָס שאָלעמ־אַלײכעמ פֿירט אַרײַנ אינ דער צװײטער אױסגאַבע, דער אופֿנ, װיאַזױ די מוזיקע לידער װערנ אינ גאַנג פֿונ דער האַנדלונג טראַקטירט, באַװײַזט, אַז שאָלעמ־אַלײכעמ

קאָנ אויכ אינ דער צווייטער אויסגאַבע ניט ארויסרייסנ זיכ פונ יענעמ קרייז נאַציאָנאַליסטיש־פּאָלקיסטישע שטימונגענ, וואָס האָבנ זיכ אָפּגע־שטעמפּלט אפ דעמ ערשטנ וואַריאַנט „מאָלטאָוו“. באַ נייַע אומשטאַנדנ, אינ דער נייַער געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער, וואָס ס׳האָט מיט זיכ גע־בראַכט דאָס יאָר 1905, האָבנ די פאָלקיסטיש־נאַציאָנאַליסטישע שטי־מונגענ דאָכ ניט פאַרלאָזט שאָלעמ־אַלייכעמענ, אונ די געשטאַלט פונעמ אלטנ פאַקנטרעגער איז, ניט געקוקט אפ אלע ענדערונגענ, דאָכ ניט אָפּגעריסנ געוואָרנ פונ יענער יידישלעכ־געמיטלעכער קליינבירגערלעכ־קייט, וואָס איז פאַרקערפּערט געוואָרנ אינ דער ערשטער אויסגאַבע.

אינ דער שילדערונג פונ די איבעריקע פּאַרשוינענ—כוץ דעמ פאַקנ־טרעגער—האָט שאָלעמ־אַלייכעמ ניט אַרייַנגעטראָגנ קיינ גרונטלעכע ענ־דערונגענ.

ס׳איז אָבער כאַראַקטעריסטיש, וואָס ער באַמיט זיכ ארויסצוואַרפנ אייניקע רעפּליקעס, וועלכע פאַרטושירנ דעמ אַנטאַגאָניזמ צווישנ „אָרעמ אונ רייַכ“. אזוי, לעמאָשל, איז אינ ערשטנ וואַריאַנט פאַראַנ א שטעל, ווו כאַימ דער מעשאָרעס טרינקט לעכאַימ.

„כ א י מ. כאַס וועכאָלילע, ווי קומט דאָס א ייִד זאָל גאָר זייַנ שיקער! ווי קענ גאָר א ייִד זייַנ שיקער, אז ער נעמט ניט קיינ־מאָל אינ מויל אַרייַנ? דערפאַר דאַרפ מענ טאַקע ווידעראַמאָל מאַכנ בוירע פּרי האַגאָפענ אונ טרינקענ לעכאַימ פאַר אונדז אלע, פאַר אונדזערע באַלעבאַטימ אונ פאַר קאָל יִסראָעל[1] (ער פילט אָנ די גלעזלעכ)“.

אינ צווייטנ וואַריאַנט זעט אויס די דאָזיקע רעפּליקע אזוי:

„כ א י מ. כאַס וועכאָלילע! וואָס הייסט א ייִד וועט גאָר זייַנ שיקער?... דערפאַר דאַרפ מענ טאַקע נעמענ נאָכאַמאָל צו קאָפּ־לעכ (ער גיסט אָנ נאָכאַמאָל...)“.

אז דאָ האָבנ מיר צו טונ ניט בלויז מיט א טענדענץ צו קירצנ די רעפּליקעס, קענ מענ זענ פונ א צווייטנ פאַל, ווענ שאָלעמ־אַלייכעמ פאַרלענגערט גראַדע כאַימס רעפּליקע. אינ ערשטנ וואַריאַנט איז פאַראַנ א שטעל, ווו כאַימ דער מעשאָרעס זאָגט: „הערט זשע, רעב אלטער, אז מיר האָבנ יאָ דערלעבט אזא סימכע, טאָ לאָמיר ערשט נעמענ צו ביס־לעכ ווייַנ אונ טרינקענ לעכאַימ שוינ פאַר אונדז אלייַנ[1] אונ צווינטשעווענ ס׳זאָל זייַנ מיט מאַזל“... אינ צווייטנ וואַריאַנט

1) קורסיוו אונדזערער — נ. א.

זעט אויס דידאָזיקע רעפּליקע אזוי: „הערט־זשע אויס, רעב אלטער, אז מיר האָבנ יאָ דערלעבט א מאזלטאָוו, טאָ לאָמיר טאַקע נעמענ צו ביסלעכ וויינ אונ טרינקענ לעכאַיִמ פאר אונדז אליינ אונ פאר אונדזערע אייגענע קאַלעס[1]) אונ לאָמיר זיכ צווינטשעווענ איינס דאָס אנדערע, סע זאָל זיינ מיט מאזל"...

ווי מיר זעענ, איז שאָלעמ־אלייכעמ גענויגט צו אנטוויקלענ יענע שטעל, ווענ די קיכ־לייט טרינקענ לעכאַיִמ פאר זיכ אליינ, ער וואַרפט אָבער איינגאנצנ ארויס יענע שטעל, ווענ די קיכ־לייט טרינקענ לעכאַיִמ פאר די באַלעבאַטימ אונ פאר קאָל־ייִסראָעל. דאָס שטימט דורכויס מיט דער טענדענצ צו פארשארפנ דאָס בילד פונ סאָציאַלנ אַנטאגאָניזמ, וואָס שאָלעמ־אלייכעמ פירט דורכ אינ צווייטנ וואריאַנט „מאזלטאָוו". אינ דעמ פראַט איז כאראקטעריסטיש נאָכ א צווייטע ענדערונג, וואָס שאָלעמ־אלייכעמ טראָגט אריינ אינ טעקסט פונ זיינ איינאקטער.

אינעמ ערשטנ וואריאַנט „מאזלטאָוו", אז כאַיִמ דער מעשאָרעס הייבט אָנ באשרייבנ זייגע באַלעבאַטימ, די אופגעקומענע גווירימ, ווי זיי זיצנ אינ שטוב „ווי די טייבעלעכ אונ מע זידלט זיכ", לייענענ מיר פאָלגנדיקס.

„כאַיִמ... אפּאָנעמ, זיי שטאמענ, טראַכט איכ מיר, ביידע פונ גרויסנ ייִכעס, פונקט גלייכ מיטמיר[1]): איינ זיידנ האָב איכ געהאט א פאָטאָגראַפ — פלעג אראָפּנעמענ גרעט פונ בוידעמ, אונ דער אנדערער זיידע איז געווענ גובערנסקי רעוויזאָר — איבער אלע שענקע..."

אינ צווייטנ וואריאַנט „מאזלטאָוו" זעט אויס דידאָזיקע רעפּליק אנדערש:

„כאַיִמ... אפּאָנעמ, טראַכט איכ מיר, זיי שטאמענ ביידע פונ גרויסנ ייִכעס, גלייכ מיט דעמ ייִכעס פונ זייער מעכוטנ: כינקעס[1]). איר ווייסט, רעב אלטער, כינקיסעס ייִכעס?

רעב אלטער. דעהייִנע קעדוימע לעמאָשל?

כאַיִמ. דעהייִנע קעדוימע לעמאָשל, איינ זיידנ האָט ער געהאט א פאָטאָגראַפ — פלעגט אראָפּנעמענ גרעט פונעמ בוידעמ, אונ דער אנדערער זיידע איז געווענ גובערנסקי רעוויזאָר איבער אלע שענקענ"...

מיר זעענ דאָ, ווי שאָלעמ־אלייכעמ טראָגט באוווסטזיניק אריבער דעמ „גרויסנ ייִכעס" פונעמ מעשאָרעס כאַיִמענ אפ דעמ אופגעקומענעמ

[1]) קורסיוו אונדזערער — נ. א.

גוויר כינקיסנ. אזעלכע אויסערלעכ אומבאַדײַטנדע ענדערונגענ, וואָס זײַנענ אָבער זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר שאָלעמ־אַלייכעמס אידעאָלאָגי־שער אײַנשטעלונג אַרומ 1905, קענ מענ טרעפֿנ אינ צווייטנ וואַריאַנט „מאָזלטאָוו" גאַנצ אָפּט. מיר זעענ עס, לעמאָשל, אויכ אינ דער שילדע־רונג פונ דער קעכנ ביילע. אינ ערשטנ וואַריאַנט דערציילט ביילע וועגנ זיכ:

„ביילע (דערגיסט אימ דאָס גלעזל). ווייס איכ וואָס איר רעדט, רעב אַלטער, ווער וועט מיכ נעמענ אַנ אַלמאָנע מיט קינדער צוויי, כאָטש אַפילע באַוואָרנטע קינדער, באַמ בעסטנ באַלמעלאָכע, נאָר מה אַנו מה חיינו... וואָס איז מײַנ פאַרמעגנ, משטייינס־געזאָגט, דרײַ הונדערט שמאַרדאָוואַנצעס, ניט מער זאָלנ די נעגידימ האָבנ זייער אייגנס"...

אינ צווייטנ וואַריאַנט לייענענ מיר אָפּ דעמזעלבנ אָרט:

„ביילע. יאָ איר זײַט אַוואַדע גערעכט, רעב אַלטער, א אייגענע פּאָמיניצע איז אַוואַדע ליבער פונ א פרעמדער שיסל. וואָס קומט אָבער אַרויס? א וויסטע אַלמאָנע. מה אַנו מה חיינו?...

רעב אַלטער. אימקיינ איז וואָס? אַנ אַלמאָנע איז דענ קיינ מענטש ניט? פאַרקערט, אַנ אַלמאָנע איז נאָכ אַדעראַבע מער סבוירע... מיצאַד ראַכמאָנעס... (מאַכט מיט די הענט) מיצאַד דיזנ, דאַזנ, דאָס אונ יענצ...

ביילע. ווייס איכ וואָס? ווער וועט זיכ קוואַפּענ אָפּ מיר מיט סאַכאַקל צוויי הונדערט שמאַרדאָוואַנצעס? ניט מער זאָלנ מײַנע באַלעבאַטימ פאַרמאָגנ, ריבוינעשעלוילעמ..."

בעיימנ איבעראַרבעטנ „מאַזלטאָוו" צוליב דער צווייטער אויפֿלאַגע איז שאָלעמ־אַלייכעמ, ווי מיר זעענ, פאַרינטערעסירט, אַז אָפּ ביילענ זאָל ניט פאַלנ קיינ שאָטנ פונ באַלעבאַטישער אײַנגעפונדענקײַט. די „באַוואָרנטע קינדער", די דרײַ הונדערט רובל, דאָס אַלצ קענ נאָכ שאָלעמ־אַלייכעמס מיינונג אָפּשוואַכנ די פאָרשטעלונג וועגנ אַנ אָרעמער אונ דערשלאָגענער קעכנ, וואָס מיר דאַרפנ דאָ באַקומענ. וואַרפט שאָלעמ־אַלייכעמ אַרויס די רייד וועגנ די „באַוואָרנטע קינדער" אונ אַנ־שטאָט דרײַ „הונדערט שמאַרדאָוואַנצעס" שטעלט ער אַוועק צוויי הונדערט.

פונ די ציטאַטנ, וואָס מיר האָבנ ביז אהער געבראַכט, איז שוינ צו זענ, ווי שאָלעמ־אַלייכעמ האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז די רעפליקעס פונ זײַנע העלדנ זאָלנ זיכ באַקומענ וואָס מער כאַראַקטעריסטיש, טרעפ־

לעכ און אויסדריקלעכ. אינ אייניקע פאלנ קומט אימ אויס צוליב דעם צוועק קירצנ. אינ אנדערע פאלנ — צוגעבנ נײַע ווערטער, נײַע ווענדונגען, וואָס דאַרפנ בולטער מאכנ די אָדער יענע געשטאַלט. אַזוי איז עס, לעמאָשל, מיטנ אויסגעצייכנטנ עפּיזאָד, ווענ כאַימ דער מעשאָרעס גיט איבער דעם אינהאַלט פונ שאָמערס ראָמאַנ, און רעב אַלטער פאַריכט אימ פונ מאָל צו מאָל. אינעם ערשטנ וואַריאַנט „מאזלטאָוו" איז דער עפּיזאָד מיטנ פאַריכטנ ניטאָ. רעב אַלטער הערט, ווי כאַימ גיט איבער דעם אינהאַלט פונ די „ראָמאַנענ", נאָר אַליינ מישט ער זיכ ניט אַרײַנ אינ כאַימס רייד.

שאָלעמ־אַלייכעמ האָט אינעם צווייטנ וואַריאַנט באַדײַטנדיק פאַרגרעסערט די געזאַנג־נומערנ, וואָס גייענ אַרײַנ אינ „מאַזלטאָוו". מעגלעכ, ער האָט דאָס געטאָנ אונטער דער ווירקונג פונעמ יידישנ טעאַטער פונ יענער צײַט. שאָלעמ־אַלייכעמ האָט אָבער געלייגט אכט דערויפ, אַז די לידער אינעמ איינאַקטער זאָלנ שטימענ מיט די גרונט־טענדענצנ פונעמ ווערק. דאָס זעענ מיר סײַ אינ דער נײַ־אַרײַנגעפירטער פינאַל־ליד וועגנ „אָרעמ און רײַכ", סײַ אינ דער ליד „וואָס מיר זענענ זענענ מיר", וואָס איז אַנטוויקלט און וואַרײַרט געוואָרנ אינ דער צווייטער אויסגאַבע. אי דער צופלוס פונ נײַע סאָציאַלע מאָטיוונ, אי די אויבערהאַנט פונ נאַציאָנאַליסטיש־פאָלקיסטישע שטימונגענ — אָט דאָס אַלצ, וואָס שאַפט דעמ גרונט־אינהאַלט פונ דער צווייטער אויסגאַבע „מאַזלטאָוו", לאָזט זיכ הערנ אויכ אינ די נײַע געזאַנג־נומערנ, וואָס שאָלעמ־אַלייכעמ האָט אינ אָט דער צווייטער אויסגאַבע אַרײַנגעפירט.

## „פאַרבײַטנ די יאָצרעס"

דעמ איינאַקטער „פאַרבײַטנ די יאָצרעס" האָט שאָלעמ־אַלייכעמ בײַ זײַנ לעבנ ניט פאַרעפנטלעכט. אינ דער פאָלקס־פאָנד־אויסגאַבע ווערט דער איינאַקטער געדרוקט מיט א באַמערקונג: „איבערגעמאַכט פונעמ איינאַקטער „מאַזלטאָוו" אינ די יאָרנ 1906 — 1915"[1]. די אָנווײַזונג, אַז „פאַרבײַטנ די יאָצרעס" איז איבערגעמאַכט פונעמ איינאַקטער „מאַזל-

[1] אינ אונדזער אויסגאַבע לאָזנ מיר איבער די דיזיקע באַמערקונג און מיר דרוקנ „פאַרבײַטנ די יאָצרעס" נאָכ „מאַזלטאָוו", כאָטש ס'וואָלט ריכטיק געווענ צו געבנ „פאַרבײַטנ די יאָצרעס" נאָכ „צעזייט און צעשפּרייט", האַלטנדיק זיכ באַמ כראָנאָלאָגישנ סיידער

טאָוו" איז ניט אינגאַנצן פּינקטלעך. דער טעקסט פון „פּאַרביטן די יאָצרעס" באַווײַזט, אַז דאָ האָט שאָלעם־אַליכעם געפּרוּווט „איבער־מאַכן" ניט נאָר דעם איינאַקטער „מאַזלטאָוו", נאָר אויך די קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט". די גאַנצע איבעראַרבעטונג פון „מאַזלטאָוו" באַשטייט דאָ, אייגנטלעך, דערין, וואָס עס ווערן אַרײַנגעפירט נײַע עפּיזאָדן, גענומענע פון „צעזייט און צעשפּרייט".

פון דער סצענע, בעשאַס ציוויע־קיילע מאָלט אויס די שטוב, ווי זי דינט, ווערט קלאָר, אַז דאָ גייט די רייד וועגן דער שטוב פון מייער שאַלאַנט (די הויפּט־געשטאַלט פון „צעזייט און צעשפּרייט"). דאָ אין שטוב ווערט אַלעמאָל אַן „איבערקערעניש", ווי נאָך דער באַלעבאָס פאָרט אַוועק, דעמאָלט טאַקע קומט עס פאָר, ווי די קעכן דערציילט, „אַן אַביסקע, פּאָליציע, זשאַנדאַרמען, און סאָלדאַטן זײַנען אַריבער־געפאַלן, איבערגעקערט די שטוב און צוגענומען אונדזער וואַלאָדקען אין קאַטשומענט אַרײַן". אָט די גאַנצע סיטואַציע איז פאַראַן אין צווייטן אַקט „צעזייט און צעשפּרייט".

וועגן דעם עלטערן פון אירע באַלעבאַטימס זון דערציילט די קעכן אין „פּאַרביטן די יאָצרעס" דאָס אַלץ, וואָס ס'ווערט דערציילט אין „צעזייט און צעשפּרייט" וועגן מייער שאַלאַנטס עלטערן זון מאָט־ווייען, דעם קאָרטנשפּילער. ענלעך צו זײַן פּראָטאָטיפּ פון „צעזייט און צעשפּרייט" איז אויך דער צעבאַלעוועטער קלענסטער זון, וואָס פירט זיך אַרום מיט הינט. מיר האָבן דאָ אויך די געשטאַלט פון דער עלטערער טאָכטער קלאַרע (אין „צעזייט און צעשפּרייט"—פלאָרא), וואָס פירט אַ ראָמאַן מיט אַן אַפּטייקער; די יינגערע טאָכטער אַנאַ (אין „צעזייט און צעשפּרייט"—כאַנע) קלײַבט זיך פאָרן קיין אויסלאַנד לערנען. איר כאָסן שטאַמט פון גרויסן ייִכעס, מע רופט אים אַראָנ־טשיק פּינקלשטיין (אין „צעזייט און צעשפּרייט"—אַראָנטשיק זײַדנ־שטאַמער). „אירע עלטערן זענען אָפּגעקומענע גווירים, זיי זענען אַמאָל געשטאַנען מיט פיש אין מאַרק. געקומען קיין אָדעס, געוואָרן גאַנצע סטיקראַטן און האָבן כּיישעק זיך מעשאַדעך זײַן מיט אונדז, מיט די פּינקלשטיינס" — אַזוי דערציילט דער מעשאָרעס איציק. די סיטואַ־ציע איז דאָ ווידער דיזעלבע, ווי אין „צעזייט און צעשפּרייט" אַרום דער פאַמיליע שאַלאַנט.

אין אייניקע פאַלן פּרוּווט שאָלעם־אַליכעם אַנטוויקלען ווײַטער די עפּיזאָדן, וואָס זײַנען געגעבן געוואָרן אין „צעזייט און צעשפּרייט".

אזוי איז עס, לעמאָשל, אינ עפּיזאָד מיט אראָנטשיקס בריוו. די קאָמעדיע „צעזייט אונ צעשפּרייט" ענדיקט זיכ דערמיט, וואָס די זײַדנשמאַמערס לאָזנ אָפּ דעמ שידעכ נאָכדעמ ווי מע האָט שאלאנטס זונ, וואָלאָדינ, אײַנגעזעצט אינ טורמע. אינ „פארבײַטנ די יאָצרעס" האנדלט זיכ אויכ וועגנ דעמ, אז דער שידעכ איז אָפּגעלאָזט, אראָנטשיק שרײַבט אָבער א בריוו צו אנענ, ער בעט זי ניט פאָרנ קיינ אויסלאנד ביז זײַנע עלטערנ וועט איבערגיינ דער קאַפּריז אונ זיי וועלנ אײַנווילִיקנ צו דעמ שידעכ.

עס קאָנ אלזאָ קיינ סאָפּעק ניט זײַנ, אז פארנ איינאקטער „פארבײַטנ די יאָצרעס" האָט שאָלעמ־אלייכעמ אויסגענוצט א היפּשע צאָל מאָטיוונ אונ געשטאלטנ פונ „צעזייט אונ צעשפּרייט"; מעגלעכ, אז דער איינאקטער איז אפילע געווענ געפּלאנט, ווי א ווײַטערדיקע פאָרזעצונג פונ „צעזייט אונ צעשפּרייט". די אייגנארטיקײַט פונ שאָלעמ־אלייכעמס „פארבײַטנ די יאָצרעס" באשטייט אָבער דערינ, וואָס די מאָטיוונ אונ געשטאלטנ פונ „צעזייט אונ צעשפּרייט" ווערנ דאָ איבערגעפלאָכטנ מיט די מאָטיוונ אונ געשטאלטנ פונ „מאזלטאָוו". שאָלעמ־אלייכעמ וויל פונ אָט די צווייערליי עלעמענטנ באשאפנ איינ גאנצעס. ער שטרעבט אָנ זײַנ גאנצע דערפינדערישקײַט קעדיי צו דערנעענטערנ די צוויי, אינ גרונט פארשיידענע ווערק. צוליב דעמ צוועק טראָגט ער אריבער די האנדלונג פונ „מאזלטאָוו" אינ דער צײַט ארומ 1905 יאָר, ווענ די אָפּקלאנגענ פונ די רעוואָלוציע־געשעענישנ דערקײַקלענ זיכ ביז צו דער „קיכ", אונ אפילע צירויע־קיילע, די קעכנ, ווייסט שוינ אויכ עפּעס וועגנ „צעצאליסטנ". אינ צענטער פונ דער האנדלונג שטייט שוינ איצט ניט רעב אלטער דער פּאקנטרעגער, וואָס טיילט זײַנע סימפּאטיעס גלײַכ אָפּ צווישנ די ציאָניסטנ אונ סאָציאליסטנ, נאָר קאלמענ דער שוסטער, א פארשוינ, וואָס האָט שוינ עפּעס געהערט וועגנ קארל מארקסנ אונ פּרוּווט זיכ אויסצורעדנ דאָס וואָרט „פּראָלעטאריאט".

דער אויפנ, ווי אזוי שאָלעמ־אלייכעמ שילדערט אינ „פארבײַטנ די יאָצרעס" די געשטאלטנ פונ די קיכ־לײַט, איז ווײַט ניט דערזעלבער, וואָס מיר האָבנ געזענ פריִער אינ „מאזלטאָוו". דאָרט אינ „מאזלטאָוו" זעט מענ, אז שאָלעמ־אלייכעמ איז נאָכ דורכגעדרונגענ מיט טיפנ אינטערעס צומ „נאש־בראָט דעמ פּראָסטנ אוילעמ", ער קלײַבט זאָרגעוודיק אויס א דעטאל נאָכ א דעטאל אָפּ צו

שילדערנ אָט דעמ אוילעמ, ער שטרעבט וואָס מער צו אַנטוויקלענ די סאָציאַלע כאַראַקטעריסטיק פונ די אינצלנע געשטאַלטנ. אינ „פאַר־ביטנ די יאָצרעס" איז די כאַראַקטעריסטיק פונ די קיכ־געשטאַלטנ שוינ גאָר אַנ אויבנאויפיקע. די פּסיכאָלאָגישע שטריכנ זײַנענ ניט מער־אַלגעמײַנערט, טיילמאָל פעלט אינגאַנצנ דער וויכטיקסטער גרונט־שטריכ, וואָס לויט אימ זאָל מענ קאָנענ אונטערשיידנ איינ געשטאַלט פונ א צווייטער.

אויכ אינ דער שילדערונג פונ קאַלמענ דעמ שוסטער געפינענ מיר ניט יענע בוילעטקײַט פונ א פעסט געצייכנטער סאָציאַלער פיגור, וואָס מיר האָבנ אינ דער שילדערונג פונ אַלטער דעמ פאַקנטרעגער. קאַל־מענ דעמ שוסטערס רעפּליקעס וועגנ קאַרל מאַרקסנ און וועגנ „פּראָ־לעטאַריאַט" זײַנענ געגעבנ ווי רעפּליקעס פונ א ליכטנ וואָדעוויל; זיי ווערנ אַפּ א ריינ מעכאַנישנ אופנ צונויפגעפּאָרט מיט יענע רעפּליקעס, ווענ ער ווינטשט זיכ אינ זײַנ גלײַבנס „מע זאָל זײַנ ייִדנ". קיינ טי־פערע מאָטיווירונג פונ דעמ אינטערעס, וואָס קאַלמענ שוסטער האָט פאַר קאַרל מאַרקסנ, איז דאָ ניט שײַעכ צו זוכנ. אינ „מאַזלטאָוו" האָבנ מיר געזענ, אַז אָנ די „ביכלעכ" פונ די „צעצעליסטנ" דערמאָנט זיכ אַלטער דער פאַקנטרעגער גראַדע אינ דער פינאַל־רעפּליקע, דעמאָלט, ווענ ער דאַרפ רעאַגירנ דערויפ, וואָס די מאַדאַמ טרײַבט אימ פונ שטוב. אינ „מאַזלטאָוו" הערנ מיר, ווי דער פאַקנטרעגער זאָגט צו דער מאַ־דאַמ אינ דער פינאַל־רעפּליקע: „ס'איז הײַנט אַנדערע יאָרנ גאָר.. נישט דאָס וואָס אַמאָל... איר זאָלט זענ בא מיר אינ די ביכלעכ... די צעצעליסטנ זאָגנ... א קלאָג צו אײַער קאָפּ"... אינ „פאַרביטנ די יאָצרעס" ווערט אָט די רעפּליקע קימאַט ווי אינגאַנצנ פאַרשווונדנ. קאַלמענ שוסטער רעאַגירט לאַכלוטנ ניט אַפּ דעמ פאַקט, וואָס די מאַ־דאַמ טרײַבט אימ אַרויס פונ שטוב. אינ איר אויסגעשריי: „יונג, שי־קורימ!" דערהערט קאַלמענ שוסטער נאָר דאָס וואָרט „שיקורימ" און ענטפערט אָפּ דערויפ מיט א רעפּליקע, וואָס זעט אויס ווי גענומענ פונ א רעאַקציאָנערנ פּאַסקוויל אַפּ דער אַרבעטער־באַוועגונג: „שיקורימ? כאַסוועשאָלעמ! ווי קומט דאָס צו א ייִדנ? אויפּראַט נאָכ דער מע־טאָדע פונעמ שטאַנדפּונקט פונ דער קאַפּיטאַליזאַציע אינ די פאַרגעש־ריטענע עלעמענטנ פונעמ קאַפּיטאַל!"...

אַפּנ פאַנ פונ אַזא אַרט שילדערונג ווערנ שוינ קימאַט ווי אינגאַנצנ אָפּגעווישט יענע שפּורנ פונ סאָציאַלנ אַנטאַגאָניזמ, וואָס זײַנענ פאַראַנ

אינ דער האנדלונג פונ „מאזלטאָוו". איציק דעם מעשאָרעס אויסגעשריי אינ „פארבײטנ די יאָצרעס", ווענ ער רופט אויס: „אויס באלעבאטים! אויס מעשאָרסים! אלע גלײַכ!" קומט ניט ווי א לאָגישער פינאל פונ דער האנדלונג, וואָס מיר האָבנ אינ אײנאקטער. ס'קלינגט מער ווי אנ אויסערלעכ־צוגעגעבענער טריוק, וואָס דארפ בארעכטיקנ די באצײכענונג „א פרײלעכס אינ אײנ אקט", ווי עס שטײט אויפגעשריבנ אפנ אײנאקטער „פארבײטנ די יאָצרעס".

ניט געקוקט דערויפ, וואָס דער אײנאקטער „פארבײטנ די יאָצרעס" שטעלט מיט זיכ פאָר ניט קײנ ענדגילטיק אויסגעפורעמט ווערק — גיכער האָבנ מיר דאָ צו טונ מיט א ניט פארענדיקטנ עקספערימענט — קאָנענ מיר דאָכ זאָגנ מיט רעכט, אז דאָ זענענ מיר פאר זיכ אײניקע שטריכנ, וואָס זײַנענ כאראקטעריסטיש פאר דער עוואָליוציע, וואָס שאָלעמ־אלײכעמ האָט דורכגעמאכט אינ די יאָרנ 1906—1915 — די צײַט ווענ „פארבײטנ די יאָצרעס" איז געשריבנ געוואָרנ. אינ דער צווישנצײַט פונ 1906 ביז 1915 ליגט אויכ יענער פעריאָד פונ רעאקציע, ווענ שאָלעמ־אלײכעמ האָט, ווי ס'איז באוווסט, אפ א גאנצ קענטלעכנ אויפנ געביטנ דעמ צוגאנג צו די צענטראלע אָביעקטנ פונ זײַנ שאפנ. דער ראָמאנ „דער בלוטיקער שפאס", די לעצטע דערצײלונגענ פונעמ בוכ „טעוויע דער מילכיקער", באזונדערס די דראמאטיזאציע פונ „טעוויע דעמ מילכיקנ" — דאָס אלצ האָט באוויזנ, אז אינ גאנג פונ די רעאקציע־יאָרנ, ווענ שאָלעמ־אלײכעמס שאפנ שטעלט זיכ אלצ אָפענער אונ אָפענער אונטערנ צײכנ פונ נאציאָנאליסטישער אפאָלאָגעטיק, האָבנ מיר אויכ א באשטימטע ענדערונג אינ שאָלעמ־אלײכעמס באציִונג צו דער ייִדישער בורזשואזיע. אינ די יאָרנ זוכט שוינ שאָלעמ־אלײכעמ מיט אלע מיטלענ צו פארטרײַבנ פונ זיכ די פאָרשטעלונג וועגנ דער אומפארמײַדלעכקײַט פונ א געוויסנ אײַנרײַס צווישנ ייִדישנ קלײנבירגערטומ אונ דער בורזשואזיע, יענע פאָרשטעלונג, וואָס האָט — האגאמ אינ א גאנצ אומקלאָרער פאָרמ — זיכ באוויזנ אינ זײַנע ווערק, געשריבענע ארומ 1905 יאָר.

זוכנדיק צו פארגלעטנ אָט דעמ אײַנרײַס מיט דער ייִדישער בורזשואזיע, וואָס איז אפנ בולטסטנ אויפנ באוויזנ געוואָרנ אינ דער געשטאלט פונ אראָנטשיקנ אינ „צעזייט אונ צעשפרייט", מאכט שאָלעמ־אלײכעמ א פרווו אינ „פארבײטנ די יאָצרעס" לאָזנ פאלנ גאָר אנ אנדער שײַנ אפנ דער געשטאלט פונ אראָנטשיקנ.

יענע קאַטעגאָרישקייט, וואָס מיר האָבן אין דער שילדערונג פון אַראָנטשיקן אין „צעזייט און צעשפּרייט“, וועלן מיר אין „פאַרביטן די יאָצרעס“ ניט געפינען. פאַרקערט, אין „פאַרביטן די יאָצרעס“ פיגורירט אַראָנטשיק ווי דער מעכאַבער פון אַ בריוו, וואָס דאַרף אונדז צו וויסן טון, אַז אַראָנטשיק איז ניט געראָטן אין זײַן פאָטער, ער וויל ניט אײַנרײַסן מיט שאַלאַנטס שטוב אויך נאָכדעם, ווי וואָלאָדי איז אַרעסטירט געוואָרן. אַראָנטשיק איז שוין דאָסמאָל פאַרגעשטעלט ניט ווי יענער פאַרטעמפּטער און זעלבסטצופרידענער „סטאַטעטשנער באָכער“, וואָס מיר האָבן געזען אין „צעזייט און צעשפּרייט“, דאָסמאָל גיט שוין שאָלעם־אַליכעם אָנצוהערן, אַז אַראָנטשיק איז אַ שוואַכלינג, אַ קאָרבן פון זײַן פאַרדאָרבענער עלטערן־שטוב, ער איז אָבער אַ מענטש מיט אַ „האַרץ“, מיט אַ „נעשאָמע“.

„איך בין זיך מודע — שרײַבט אַראָנטשיק אין זײַן בריוו — איך בין צו שוואַך, איך האָב קיין העלדן־מוט, אָבער אַ האַרץ האָב איך — אַ נעשאָמע“.

עמעס, אָט דער פּלוצים אויפגעוואַכטער אינטערעס צו אַראָנטשיקס „האַרץ“, צו זײַנע „נעשאָמע“־איבערלעבונגען איז אין „פאַרביטן די יאָצרעס“ ניט אַנטוויקלט געוואָרן, דער עפּיזאָד מיט אַראָנטשיקס בריוו איז אָבער איינער פון די סימפּטאָמען, וואָס זאָגן אײַדעס וועגן דער ענדערונג אין שאָלעם־אַליכעמס באַציִונג צו דער בורזשואַזיִע, וואָס מערקט זיך אָן אין די יאָרן פון דער רעאַקציִע. און דערמיט שטימט אויך די ענדערונג אין דער שילדערונג פון דעם „נאָש בראַט דעם פּראָסטן אוילעם“, ווי מיר זעען דאָס אין „פאַרביטן די יאָצרעס“. שאָלעם־אַליכעם קאָן שוין איצט בעשומויפן ניט דערלאָזן, אַז זײַנס אַ דראַמאַטיש ווערק זאָל פאַרקערפּערן אין זיך אַזאַ שאַרפן קאָנפליקט, ווי דאָס איז געגעבן געוואָרן, לעמאָשל, אינעם אײנאַקטער „מענטשן“. אַפילע דער גאָר מעסיקער פּראָטעסט אין „מאַזלטאָוו“ ווערט שוין צו ראַדיקאַל פאַר שאָלעם־אַליכעמען אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן. ווערט דעריבער אין „פאַרביטן די יאָצרעס“ דער קאָנפליקט צווישן די קיך־לײַט און די באַלעבאַטים קימאַט ווי פאַרווישט. שאָלעם־אַליכעם פירט אַפילע אַרײַן אינעם אײנאַקטער אַ פרישע געשטאַלט פון אַ דינער — קאָפּל. דידאָזיקע געשטאַלט איז אָבער קלאָר ניט באַרופן אונטערצושטרײַכן דעם אַנטאַגאָניזם צווישן די „מענטשן“ און זייערע באַלעבאַטים, — ניט אַף דעם בילד פון אָט דעם אַנטאַגאָניזם בויט שאָלעם־

אַלייכעמס זײַן אײַנאַקטער „אַרבעטן די יאַצרעס". אָפּן ערשטן פּלאַן ווערט דאָסמאָל אויסגעשטעלט די „אינטריגע" מיט די פּאַרביטענע בריוו. אַרום אָט דער „אינטריגע" אַנטוויקלט זיך עס איצט די האַנדלונג, דאָס איבערוקן די שילדערונג פֿון די קינד-לײַט גופֿא ווערט אין אייניקע עפּיזאָדן פֿון דער האַנדלונג שוין קימאַט ווי אַ נעבן-זאַך.

ווי געזאָגט, איז „אַרבעטן די יאַצרעס" ניט קיין ענדגילטיק-אויסגעפֿורעמט ווערק, גיכער האָבן מיר דאָ צו טון מיט אַ ניט-פֿאַרענדיקטן עקספּערימענט, אָבער אויך אַלס אַן עקספּערימענט ווײַזט ער אונדז געוויסע שטריכן פֿון יענער ענדערונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין שאָלעם-אַלייכעמס שאַפֿן אין די יאָרן פֿון דער רעאַקציע. בוילעטער זײַנען די-דאָזיקע שטריכן אַרויסגעטראָטן אין אַנדערע דראַמאַטישע ווערק, וואָס שאָלעם-אַלייכעם האָט געשריבן אין די רעאַקציע-יאָרן, — וועט אונדז וועגן דעם נאָך אויסקומען רעדן גענויער אין אונדזערע באַמערקונגען צום צווייטן באַנד „דראַמאַטישע שריפֿטן".

## „צעזייט און צעשפּרייט"

די קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט" האָט שאָלעם-אַלייכעם אָנגעהויבן שרײַבן קאָנטיק נאָך סאָף 1902-טן יאָר. דאָס איז צו זען דערפֿון, וואָס שוין אין נומ 3 פֿון מ. ספּעקטאָרס וואָכנבלאַט „די יידישע פֿאָלקסצײַטונג" פֿון 1903-טן יאָר (דער נומער איז דערשינען דעם 13-טן יאַנוואַר) איז פֿאַראַן אַן אָנאָנס, אַז פֿון קומענדיקן נומער הייבט זיך דאָ אָן דרוקן שאָלעם-אַלייכעמס קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט". די קאָמעדיע האָט זיך געדרוקט אין דער „יידישער פֿאָלקסצײַטונג" פֿון וואָך צו וואָך אינעם פּעריאָד פֿון 21-טן יאַנוואַר ביז דעם 4-טן פֿעווראַל 1903-טן יאָר. דערמיט איז אָבער די געשיכטע פֿון „צעזייט און צעשפּרייט" נאָך ניט געווען פֿאַרענדיקט. אין אַ פּאָר כאַדאָשים נאָכדעם, ווי די לעצטע סצענע פֿון „צעזייט און צעשפּרייט" איז אָפּגעדרוקט געוואָרן, שרײַבט שאָלעם-אַלייכעם אין אַ בריוו צו ספּעקטאָרן (דער בריוו איז דאַטירט: 7-טער יוני 1903):

„הײַנט האָב איך אַרויסגעשיקט אַ נײַס אָפּן אַדרעס „טושיאַ"
און ווייס, אַז דו וועסט אַביסל שפּרינגען און זיך שמיצן אין
דער ערד, און מאַכמעס עס וועט דיר ניט העלפֿן קיינשום

ריבוינעשעלוילעם, לאָכיינ זאָלסטו זיך אביסל אויסשמייצן און אויס־שפריגגען, אויסטרינקען א גלאָז קאַלט וואסער און טון אזוי ווי איך הייס: אָנדרוקן, און לעמאנעשעם אָפּדרוקן, דעם 4-טן (ד. ה., אייגנטלעך, דעם דריטן) אקט פון מיין קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט". איך האָב ניט אזויפיל צייט איינצוטיינען מיט דיר, אַפ וויפל ער איז נייטיק, אוביפּראָט אז מע שפּילט די קאָמעדיע (ליובּיטעלי) אין פיל ערטער; נאָר איך זאָג דיר, אז אָן דעם דריטן אקט איז די קאָמעדיע עפּעס ניט דערעדט. מאטווי קומט אויס ניט גאנץ, דאווידקע — א פארביילויפנדיקער פארשוין. אויסער דעם, וואָס די סצענעס פון דעם אקט זיינען עכט פאָלקסטימלעך (נאראָנע), און ווי אויגן, בא די אופגעקומענע אריסטאָקראטן, אזוי אויך אונטן, בא די „קליינע מענטשעלעך", איז צעזייט און צעשפּרייט! איך רעכן, אז דו פארשטייסט פּאָרט אן אייסעק און וועסט ניט מאכן קיין פוילע שטיק און ניט זאָגן מיר, אז עס פּאסט ניט, שוין שפּעט אוכעדוימע: מיר פּאסט אלצדינג — אָן א שום טערעץ, לעמאנעשעם, לעמאנעשעם, לאָזן אָפּדרוקן"...

מ. ספּעקטער האָט געטוזט פאָלגן, און דעם 22־טן יולי 1903 אין נום. 30 פון דער „ייִדישער פאָלקסצייטונג" האָט מען געקענט זען אָפּגעדרוקט:

„א נייער אקט

צו דער קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט"
בילדער פונעם ייִדישן לעבן אין פיר אקטן".

דערביי איז נאָך געווען אָנגעגעבן:

„איבער א זייטיקע סיבע איז דער דאָזיקער אקט באצייטנס ניט אריין אין דער קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט" („ייִד. פ. צייטונג" נום. 4—10 היינטיקס יאָר). דער דאָזיקער אקט קומט אפ דעם אָרט פון דעם דריטן, און דער פריִערדיקער דריטער דארף זיין דער פערטער, לעצ־טער אקט".

דער עפּיזאָד מיטן „נייעם אקט" איז ביז גאָר כאראקטעריסטיש פאר דעם עטאפּ פון שאָלעם־אליכעמס קינסטלערישער אנטוויקלונג, וואָס איז פאַרגעשטעלט אינעם טעקסט פון „צעזייט און צעשפּרייט", ווי ער איז געדרוקט אין דער „ייִדישער פאָלקסצייטונג" (מיר וועלן אים ווייטער באצייכענען: „דער ערשטער וואריִאנט"). כאראקטעריסטיש איז שוין דאָס גופע, וואָס שאָלעם־אליכעם ווערט נאָך באלד נאָכן אָפּדרוקן

די ערשטע דריי אקטן אומצופרידן מיט זיין קאָמעדיע, ער דערפילט גלייך, אז אין דער קאָמעדיע איז „עפּעס ניט דערעדט".

שאָלעם־אליינכעם גלויבט, אז מיטן אריינפירן דעם „נייעם אקט" ווערט די „ניט־דערעדטקייט" באזייטיקט. אז דאָס איז ניט מער ווי א פאלשע אילוזיע — דערויף איבערצייגט זיך שאָלעם־אליינכעם גאָר אינגיכן, אין 1905־טן יאָר, ווען ער קומט ווידער צו א נייעם באשלוס: ארויסוואַרפן דעם „נייעם אקט" פון „צעזייט און צעשפּרייט". די „ניט־דערעדטקייט" פון דעם ערשטן ווארִיאַנט איז געווען א מער טיפער, א מער אָרגאַנישער פעלער פון אָט דעם ווערק. אָט דער פעלער איז באשטאנען דערין, וואָס אין דעם ערשטן ווארִיאַנט „צעזייט און צעשפּרייט" האָט ניט געפונען דעם אדעקוואטן אויסדרוק שאָלעם־אליינכעמס קלאסאָוועד דערפאַרונג האַרט באַם אָנהייב פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע.

אין דעם ערשטן ווארִיאַנט „צעזייט און צעשפּרייט" וואַרפט זיך אין די אויגן פריִער פאַר אַלץ דער פאַקט, אַז די אַלע שטייגער־דערשיינונגען, וואָס ווערן דאָ געשילדערט, האָבן גאָר א קנאַפּע שייכות צו יענע באַדייטונגפולע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָצעסן, וואָס קומען דעמאָלט פאָר אין דער יידישער סוויווע. דאָס ווערט באַזונדערס מערקווירדיק, ווען מע דערמאָנט זיך, אַז דעמזעלביקן 1902־טן, ווען שאָלעם־אליינכעם הייבט אָן שרייבן „צעזייט און צעשפּרייט", שרייבט ער אָן א היפּשן טייל פון בוך „אייזנבאַן־געשיכטעס" — א בוך, וואָס איז אַזוי ווי ספּעציעל באַרופן צו פיקסירן די נייע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּאַרהעלטענישן, וועלכע הייבן זיך אָן אויסקריסטאַליזירן ערשט 1905־טן יאָר אין דער סוויווע פונעם יידישן קליינבירגערטום. און דידאָזיקע פאַרהעלטענישן זיינען געווען אַזעלכע אַז זיי האָבן געמוזט צוציִען די אויפמערקזאַמקייט פון א שרייבער, וואָס האָט אויסגעדריקט דאָס יידישע קליינבירגערטום.

„דער פּעריאָד פון 1905־טן יאָר האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער מענדענץ פון דער אָפּשטאַרבונג פון דער אַלטער יידישער האַנטווערקעריי... דער וווּקס פון אינדוסטריע און האַנדל, די אַנטוויקלונג פון דער אייזנבאַן־נעץ, דער וווּקס פון די שטעט האָט אינגאַנצן געענדערט דעם כאַראַקטער פון האַנדל. ס'עפענען זיך גרויסע מאַגאַזינען, וועלכע שטויסן ארויס אַלץ מער און מער דעם קליינעם האַנדל, אין וועלכן ס'איז געווען פאַרנומען א גרויסע צאָל יידישע הענדלער. דער מיסכער פאָדערט גרויסע קאַפּיטאַלן, וואָס די מערהייט יידן האָבן ניט פאַרמאָגט. די רייכ־געוואָרענע דאָרפישע באַלעגופים הייבן אָן שטאַרק צו פאַרנעמען זיך

מיט האַנדל אין די שטעט און שטעטלעך, ארויסשטויסנדיק די עקאָנאָמיש שוואַכערע עלעמענטן און פאַרוואַנדלענדיק זיי אין זייערע אגענטן און טיילמאָל אין זייערע אָנגעשטעלטע"[1].

ווי ניִשטיק ס'איז ניט געווען דער פאַרנעם פון סאָציִאַל-פּאָליטישן אינטערעס אין דער „ייִדישער פאָלקסצײַטונג", וווּ שאָלעם-אלייכעם האָט געדרוקט זײַן קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט", האָט מען דאָך אפילע אפ די שפּאַלטן פון אָט דער באַלעבאַטישער צײַטונג געקאָנט טרעפן א גאַנץ לעבעדיקן אָפּקלאַנג פון דער שווערער נויט, אין וועלכער עס טרעפט צו יענער צײַט דאָס ייִדישע קליינבירגערטום.

מיר געפינען אָבער ניט אָט דעם אָפּקלאַנג אין דער קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט", ווי זי איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן אין דער „ייִדישער פאָלקסצײַטונג". די פּיעסע איז געבויט לויט דער סכעמע פון שאָלעם-אלייכעמס פריִער געשריבענע דראַמאַטישע ווערק („א דאָקטער", „יאַקנעהאָז", „מאַזלטאָוו"). פּונקט ווי אין „יאַקנעהאָז", זעען מיר אויך אין „צעזייט און צעשפּרייט", אז אין צענטער פון דער האַנדלונג שטייט די שטוב פון עם אופגעקומענעם אוישער.

שוין אין „יאַקנעהאָז" הערן מיר, ווי מאַרקוס פרעגט:

„וואָס פאַר א וועלט? ווען רעדט דער מאַן מיטן ווײַב, דער פאָטער מיט די קינדער, אז א גאַנצן טאָג איז מען אפ דער בערזע און באַנאַכט בא די קאָרטן? ווען זעען זיך די קינדער מיט זייער פאָטער? וואָס ווייסן זיי און וואָס טראַכטן זיי פון אים?"...

אין „יאַקנעהאָז" ווערט וועגן דעם גערעדט נאָך גאָר פאַרבײַגייענדיק — אין „צעזייט און צעשפּרייט" ליגט אין דער פראַגע דער שליסל צו דער גאַנצער האַנדלונג. מייער שאַלאַנט, וואָס איז טאָג ווי נאַכט פאַרטון אין זײַנע געשעפטן מיטן גראַפ, איז פּונקט אזוי אָפּגעפרעמדט פון זײַנע קינדער, ווי דער יעהופּעצער בערזע-שפּילער. מיר האָבן דאָ די טיפּישע געשיכטע פון א געלטזוכטיקן סענדער בלאַנק, ווי זי ווערט איבערדערציילט אין פאַרשיידענע פריִער געשריבענע ווערק שאָלעם-אלייכעמס. די נײַע מאָטיוון, וואָס זאָלן גילטן ווי אן אָפּקלאַנג פון די נײַע סאָציִאַל-עקאָנאָמישע פּראָצעסן אין דער ייִדישער סוויווע, זײַנען דאָ נאָר קאַם-קאַם אָנגעמערקט. און אָט דערפון האָט זיך עס גענומען שאָלעם-אלייכעמס אומצופרידנקײַט מיט זײַן ערשטן וואַריִאַנט „צעזייט

1) ש. דימאַנשטיין. די רעוואָליוציִאָנערע באַוועגונג צווישן די ייִדישע מאַסן אין דער רעוואָליוציע פון 1905-טן יאָר, ז. 13.

און צעשפרייט". דערפונ האָט זיכ גענומענ דער אײַנדרוק, אז דאָ איז „עפּעס ניט דערעדט".

שאָלעמ־אלייכעמ פרווט פאריכטנ די פּיעסע „צעזייט און צעשפּרייט" גלײַכ אפנ אָרט. ער שרײַבט צו א פערטנ אקט. דער־דאָזיקער אקט דארפ לויט שאָלעמ־אלייכעמס מיינונג ארײַנברענגענ א נײַעמ טאָנ אינ דער האנדלונג פונ דער פּיעסע. ער דארפ באווײַזנ, אז „ווי אויבנ בא די אופגעקומענע „אריסטאָקראטנ", אזוי אויכ אונטנ בא די „קליינע מענטשעלעכ" „איז צעזייט און צעשפּרייט".

אָבער די „קליינע מענטשעלעכ", וואָס ווערנ באוויזנ אינעמ „נײַעמ אקט", זײַנענ ווײַט ניט ענלעכ אפ יענע קאסרילעווקער אײַנוווינער, וואָס ווערנ בא שאָלעמ־אלייכעמען באצייכנט מיטנ נאָמענ „קליינע מענטשעלעכ מיט קליינע האשאָגעס". דאָ אינעמ „נײַעמ אקט" וועלנ מיר ניט קאסרילעווקע מיט אירע האלב־אידילישע, אלטפרענקישע געשטאלטנ און בילדער. דער „נײַער אקט" פירט אונדז אינ דער סוויווע פונ דעמ גרויסשטאָטישנ קליינבירגערטומ, וואָס איז שוינ געפאלנ ביז צומ לעצטנ שטאפל פונ עקאָנאָמישער דעגראדאציע. דער „נײַער אקט" איז דערמיט אינטערעסאנט, וואָס ער באווײַזט אונדז א שיכט, וואָס איז בא שאָלעמ־אלייכעמען בעדערעכ קלאל גאָר ווייניק פארטראָטנ. אינ דעמדאָזיקנ שיכט פונ גרויסשטאָטישנ קליינבירגערטומ, וואָס האָט זײַנ שילדערונג באקומענ בא אזעלכע שרײַבער, ווי סעמיאָנ יושקעוויטש, האָט צו יענער צײַט מיט א באזונדער בולעטקײַט זיכ ארויס־באוויזנ די שארפקײַט פונ די עקאָנאָמישע פּראָצעסנ, וואָס קומענ פאָר אינ יידישנ קליינבירגערטומ אינ פעריאָד ארומ 1905. און אָט צו דעמ שיכט איז געווענדעט שאָלעמ־אלייכעמס אופמערקזאמקײַט אינ 1903־טנ יאָר. די שילדערונג פונ אָט דעמ שיכט דארפ עס באווײַזנ די ניט־דערעדטקײַט פונ דער קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט".

אויסקוקנדיק אינ צענטער פונ דער קאָמעדיע אָט די שילדערונג, וואָס מיר האָבנ אינ „נײַעמ אקט", האָט אָבער געהייסנ — גאָר אפ א נײַעמ אויפנ איבערבויענ די גאנצע פּיעסע. דאָס האָט געהייסנ מאכנ די אינטערעסנ פונ אָט דעמ עקאָנאָמיש־דעגראדירטנ גרויסשטאָטישנ שיכט קליינבירגערטומ פאר דעמ אויסגאנג־פּונקט פונ דער גאנצער האנדלונג. מעכאניש ארײַנשטעלנ דעמ „נײַעמ אקט" אינ דער אלטער סכעמע פונ דער קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט" האָט מענ ניט געקאָנט. דערייבער איז עס געווענ ניט מער, ווי א פאלשע אילוזיע, אז

דורכ דעם „נײַעם אקט“ ווערט באַזײַטיקט די „ניט־דערעדטקײַט“ פונ דעם ערשטנ וואריִאַנט „צעזייט און געשפּרייט“.

די געשיכטע פונ דער קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט“ איז נאָכ ווײַט ניט געווענ פאַרענדיקט. אינ דאָס האָט זיכ ארויסגעוויזנ גאָר אײַ־גיכנ. סאכאקל אינ צוויי יאָר ארום נאָכ דעם, ווי דער ערשטער וואריִאַנט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרנ אפ די שפּאַלטנ פונ דער „יידישער פאָלקסצײַטונג“—אינ 1905־טנ יאָר—זעענ מיר, ווי שאָלעמ־אלייכעמ נעמט זיכ אפּסנײַ איבעראַרבעטנ זײַנ „צעזייט און צעשפּרייט“.

---

וועגנ די אומשטאנדנ, וואָס האָבנ געבראַכט שאָלעמ־אלייכעמענ צום איבעראַרבעטנ די קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט“, ווערט דערציילט אינ שאָלעמ־אלייכעמס האקדאָמע צו דער 2־טער אופלאגע פונ דער קאָמעדיע.

פונ דערדאָזיקער האקדאָמע זעענ מיר, אז צו דער צײַט, ווענ די האקדאָמע איז געשריבנ געוואָרנ (זי איז דאטירט: קיִעוו, מײַ 1905), האָט שוינ שאָלעמ־אלייכעמ ניט געהאלטנ, אז אינ דעם ערשטנ וואריִאַנט „צעזייט און צעשפּרייט“ איז בלויז „עפּעס ניט דערעדט“. דאָסמאָל דריקט זיכ שאָלעמ־אלייכעמ אויס אסאכ קאטעגאָרישער: „אפ דער בינע האָט מענ געשפּילט א פעליעטאָנ, ניט קיינ דראמע“—אזוי באצייכנט ער דעם אײַנדרוק פונ דער ערשטער אופירונג „צעזייט און צעשפּרייט“ אינ פּוילישנ טעאטער אינ ווארשע און ער גיט צו דערבײַ: „איכ בינ געווענ דעמאָלט אויב ניט דער איינציקער, וואָס האָט אויסגעפײַפט דעמ מעכאבער פונ דער פּיעסע“.

דער פאקט, וואָס שאָלעמ־אלייכעמ האָט, ניט געקוקט אפ דעם גרויסנ דערפאָלג פינ „צעזייט און צעשפּרייט“, דאָכ געגעבנ דער פּיעסע אזא נעגאטיווע אָפּשאצונג, באווײַזט ווי ווײַט שאָלעמ־אלייכעמ האָט זיכ א רוק געטאָנ פאָרויס אינ זײַנ אנטוויקלונג פאר די פּאָר יאָר, וואָס טיילט אָפּ דעם ערשטנ וואריִאַנט „צעזייט און צעשפּרייט“ פונעם צווייטנ. די־דאָזיקע פּאָר יאָר זײַנענ באצייכנט מיט גאָר א גרויסער אופלעבונג אינ שאָלעמ־אלייכעמס שאפנ[1]. אפנ פּאָנ פונ אָט דער אופלעבונג ווארפט זיכ

[1]) אינ דעם פּראט איז זייער כאראקטעריסטיש שאָלעמ־אלייכעמס א בריוו צו ספּעקטאָרנ, געשריבנ אינ יאָר 1903. שאָלעמ־אלייכעמ שרײַבט:

„איכ מוז מיכ מוידע זײַנ פאר דיר, אז איכ פיל מיכ עפּעס ווי נײַ־געבוירנ

באזונדערס אין די אויגן דער צופלוס פון נייע מאָטיוון, וואָס זיינען אפּ א דירעקטן אויפן פאַרבונדן מיט די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן פון יענער צייט. אין אזעלכע דערציילונגען, ווי „האָדל" (1904), „יוסעפ" (1905), „שמוליק" (1905) פילט זיך שוין, ווי שאָלעמ־אלייכעמ דערנעענטערט זיך ביסלעכווייז צום שילדערן געוויסע געשטאלטן און בילדער פון דער רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע. דאָסזעלבע זעען מיר אויך אין זיינע פּאָליטישע פּאמפלעטן פון יענער צייט, ווי דאָס „נייגעבוירענע" (1904), „דער פעטער פיניע און די מומע רייזע" (1905). ס'איז צו יענער צייט אפילע מעגלעך געווען אזא פאל, אז שאָלעמ־אלייכעמס א פּאמ־פלעטישע „וויג־ליד", געווידמעט ניקאָליי דעם צווייטן און זיין יורשׁ אלעקסיי, זאָל געדרוקט ווערן אין די אומלעגאלע אויסגאבן פון דער ארבעטער־באוועגונג און אפּ אזא אויפן קריגן גאָר א היפּשע פּאָפּולערקייט.

ס'איז זעלבסטפארשטענדלעך, אז שאָלעמ־אלייכעמס באציונג צו דער רעוואָליוציע ווערט באשטימט דורך דער אלגעמיינער באציונג צו דער רעוואָליוציע מיצאד זיין קלאס, דעם קליינבירגערטום. וועגן אָט דערדאָזיקער באציונג פונעם קליינבירגערטום האָט לענין געשריבן אין 1905־טן יאָר:

„דער סאָציאל־דעמאָקראט וועט קיינמאָל, פארשטייט זיך, ניט פאר־געסן וועגן דער צווייענדיקער פּאָליטיש־עקאָנאָמישער נאטור פון דער קליינבירגערלעכער שטאָטישער און דאָרפישער מאסע, ער וועט קיינ־מאָל ניט פארגעסן וועגן דער נייטיקייט פון א באזונדערער און זעלבּ־שטענדיקער קלאסאָווער אָרגאניזאציע פונעם פּראָלעטאריאט, וואָס קעמפט פאר סאָציאליזם. ער וועט אָבער אויך ניט פארגעסן, אז בא דערדאָזי־קער מאסע איז פאראן „כוץ דער פארגאנגענהייט נאָך א צוקונפט, כוץ פּאָרורטיילן נאָך א פארשטאנד", וואָס שטויסט זי פאָרויס, צו דער רע־וואָליוציאָנער־דעמאָקראטישער דיקטאטור; ער וועט ניט פארגעסן, אז אופקלערונג לאָזט זיך באקומען ניט נאָר פונעם ביכל אליין און אפילע

מיט נייע, שפּאָגל־נייע קויכעס. קימאט קאָן מען זאָגן, אז איך הייב ערשט אָן צו שרייבן. ביז אהער האָב איך מיך נאָר געמאכט נאריש, מיינע קונדעס. איך האָב נאָר מוירעי־טאָמער כאָלילע גייען אויס די יאָרן.. איך בין איצט מעוברעס מיט אזויפיל מאכשאָוועס אין בילדער, אז איך בין שטארקער פון אייזן, וואָס איך ווער ניט צעשפּרונגען"... („שאָלעמ־אלייכעמ־בוך" ז. 198).

ניט אזויפיל פונעם ביכל, ווי פונעם סאמע גאנג פון דער רעוואָליוציע, וואָס עפנט די אויגן, גיט א פּאָליטישע שול" 1).

די „פּאָליטישע שול", וואָס דאָס יידישע קלײנבירגערטום האָט צו יענער צײַט באַקומען, לאָזט זיך דײַטלעך פילן אין אלע שאָלעם־אלייכעמס ווערק, געשריבענע ארום 1905. שאָלעם־אלייכעמ ווערט דעמאָלט דורכגעדרונגען מיט אקטיוון אינטערעס צום ארומיקן פּאָליטיש־געזעל־שאפטלעכן לעבן; ער איז דעמאָלט גרייט צו רעאגירן אפ אלע וויכ־טיקערע דערשײַנונגען, וואָס דאָס פּאָליטיש-געזעלשאפטלעכע לעבן רוקט ארויס פון טאָג צו טאָג.

צו דער כאראקטעריסטיק פון שאָלעם־אלייכעמס שטימונגען אין דער צײַט ארום 1905־טן יאָר דארף דערמאָנט ווערן, אז שאָלעם־אלייכעמ טראָגט זיך דעמאָלט ארום מיט א קאָנקרעטן פּלאַן פון זײַנער אן איי־גענער צײַטונג. די באַמיִונגען צו קריגן א דערלויבעניש אפ א צײַטונג שטעלן זיך אוועק אפ א געוויסער צײַט אין צענטער פון שאָלעם־אלייכעמס גאנצער ליטעראַרישער טעטיקײַט. שאָלעם־אלייכעמ פאָרט ארום צוליב דעם צוועק. איבער אייניקע גרעסערע שטעט, ווי ווילנע, ווארשע, ענדלעך פּעטערבורג, ווו ער פארברענגט דעמאָלט דרײַ כאַ־דאָשים נאָכאנאנד. ארומפאָרנדיק איבער אָט די שטעט, ווערט שאָלעם־אלייכעמ אן אומיטלבארער צושויער פון די גרויסע פּאָליטישע געשעע־נישן, וואָס קומען פאָר אין לאנד. זײַנע פאָרשטעלונגען וועגן דער רעוואָליוציע ווערן פון טאָג צו טאָג קאָנקרעטער, אָבער גראדע דע־מאָלט ווײַזט זיך ערשט ארויס די „צווייענדיקע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע נאטור" פונעם קלײנבירגער.

אָט וואָס שאָלעם־אלייכעמ שרײַבט אין א בריוו פון פּעטערבורג 29/11 1904 — „וואָס טוט זיך דאָ איז שווער צו באשרײַבן. געכטן איז געווען א שלאכט, א מין רעפּעטיציע צו — דער רעוואָליוציע. מע ווארט מאָרגן אפ עפּעס גראנדיעזעס! עס פארשטייט זיך, אז איך געפין מיך אינדערווײַטן פון „דידאָזיקע זאכן" (ווי קום איך צו פּאָליטיק!)" 2)...

אין דידאָזיקע אינטימע שורעס (דער בריוו איז געשריבן צו דער טאָכטער) ווײַזט זיך ארויס גאנץ בולט שאָלעם־אלייכעמס רעאגירן אפ די גרויסע רעוואָליוציאָנערע געשעענישן, וואָס ער דערזעט צום ערשטן מאָל אין פּעטערבורג. אי דער מאַסשטאַב פון אָט די געשעענישן, איז

1) לענין, ווערק, VII ב., ז. 191.
2) „שאָלעמ-אלייכעמ-בוך", ז. 60.

דער עצעם באגריפ פונ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ זײַנענ פרעמר שאָלעמ־אלייכעמען. די געשעענישנ שרעקנ אימ, זיי שטויסנ אימ אָפּ. מיר זעענ שוינ דאָ שאָלעמ־אלייכעמענ אינ דעמ מאָמענט, ווענ ער אײַלט זיכ אָפּצורוקנ זיכ וואָס ווײַטער פונ דעמ קעמפנדיקנ ארבעטער־קלאס, פאר ווענ פאָליטיק באטײַט רעוואָליוציאָנערער קאמפ. פונ אזא פאָליטיק ווײַכט שאָלעמ־אלייכעמ. „ווי קומ איכ צו פאָליטיק?" — זאָגט ער אינ אזא פאל.

מעגלעכ, אז עס איז גאָרניט קיינ צופאל, וואָס אינ דעמזעלביקנ בריוו, ווו שאָלעמ־אלייכעמ שרײַבט „ווי קומ איכ צו פאָליטיק?", פיגורירט פעטערבורג, ווי דער „פארשאָלטענער פעטערבורג". אנ ענלעכנ אויסדרוק „ווילדער פעטערבורג" טרעפנ מיר צו דערזעלביקער צײַט אויכ אינ א צווייטנ בריוו, וואָס שאָלעמ־אלייכעמ שרײַבט פונ פעטערבורג [1]. מעגלעכ, אז „פארשאָלטנ" אונ „ווילד" איז די שטאָט פעטערבורג פאר שאָלעמ־אלייכעמענ געוואָרנ טאקע דערפאר, ווײַל דאָ האָט זיכ צומ ערשטנ מאָל בא אימ אָנגעהויבנ אויסקריסטאליזירנ די קלאָרע פאָרשטעלונג וועגנ די גרויסע שלאכטנ, וואָס די רעוואָליוציע ברענגט מיט זיכ, וועגנ די גרויסע היסטאָרישע דערשיטערונגענ, וואָס קאָנענ פונ טאָג צו טאָג אויסברעכנ.

מיט אייניקע כאדאָשימ שפעטער, ווענ א טייל פונ אָט די דערשיטערונגענ איז געקומענ אינ די אזויגערופענע קאָנסטיטוציע־טעג מיט די פאָגראָמענ נאָכ זיי, האָט שאָלעמ־אלייכעמ זײַנ באציִונג צו דער רעוואָליוציע פאָרמולירט שוינ גאָר דײַטלעכ. „צו טײַער וועט אונדז קאָסטנ אונדזער פרײַהײַט" — האָט געשריבנ דעמאָלט שאָלעמ־אלייכעמ אינ א בריוו צו מאָריס פישבערגנ. שאָלעמ־אלייכעמ האָט דאָסמאָל, אונטערנ שטארקנ אײַנדרוק פונ די פאָגראָמ־געשעענישנ, געפונענ דעמ פאסיקנ אויסדרוק פאר יענע שטימונגענ, וואָס האָבנ נאָכ מיט א געוויסער צײַט פריִער פאר די פאָגראָמענ זיכ אָנגעהויבנ פארשפרייטנ אינ היפשע קרײַזנ פונ דעמ יִידישנ קלייניבירגערטומ.

אויסדריקנדיק אָט די שטימונג פונעמ קלייניבירגערטומ, וואָס האָט זיכ ארומגעקוקט, אז די רעוואָליוציע איז צו ווײַט פארגאנגענ, — אסאכ ווײַטער ווי דאָס איז געוועננ די האסאָגע פונעמ קלייניבירגער, — הייבט אָנ י. ל. פערעצ צו יענער צײַט רעדנ וועגנ דעמ, אז די רעוואָליוציע — דאָס איז „האָפענונג אונ שרעק". א גאנצע ריי שרײַבער פונ יענער

[1] „שאָלעמ-אלייכעמ־בוכ", ז. 204.

צײַט — אויסדריקער פונעם ייִדישן קלײנבירגערטום — וואַריִרן אַפּ פאַרשײדענע אופֿאַנים אָט דעם מאָטיוו: „האָפֿענונג און שרעק". אַפּ אַ געוויסער צײַט באַשטימט אָט די „האָפֿענונג און שרעק" די גאַנצע אַט־מאָספֿער, אין וועלכער ס'פֿאַרלויפֿט צו יענער צײַט די אַנטוויקלונג פֿון דער קלײנבירגערלעכער ליטעראַטור. און אָט אין דער אַטמאָספֿער קומט שאָ־עם־אַלײכעם צום באַשלוס אָפּן גרינטלעכסטן אופֿן איבעראַר־בעטן זײַן קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט".

צוטרעטנדיק אין 1905־טן יאָר צו דער אַרבעט אָפּן טעקסט פֿון „צעזייט און צעשפּרייט", האָט שאָלעם־אַלײכעם אָפּגעוואָרפֿן די טענ־דענץ, וואָס ער האָט געהאַט אין יאָר 1903, בעשאַס ער האָט נאָך גע־פּרוּווט מיט דער הילף פֿון „נײַעם אַקט" באַזײַטיקן די „ניט־דערעדט־קײַט" פֿון דער פּיעסע. איצט, אין יאָר 1905, וואַרפֿט שאָלעם־אַלײכעם אינגאַנצן אַרויס דעם „נײַעם אַקט". ער זאָגט זיך אָפּ פֿון די „קלײנע מענטשעלעך", וואָס זײַנען דורך דעם „נײַעם אַקט" אַרײַנגעפֿירט גע־וואָרן אין דער פּיעסע. אײנצײַטיק דערמיט פֿירט ער אָבער ווידער אַרײַן אין דער פּיעסע נײַע געשטאַלטן, ער פֿירט זײ אַרײַן מיט אַזאַ אַנטשלאָסנקײַט, אַז ווו ס'איז נייטיק איז ער אַפילע גרייט צוליב די נײַ־אַרײַנגעפֿירטע געשטאַלטן אין גרונט ענדערן די פֿאַבולע פֿון דער קאָמעדיע. אַפּ אָט די נײַ־אַרײַנגעפֿירטע געשטאַלטן לאָזט זיך דעריבער אַמבעסטן דערקענען שאָלעם־אַלײכעמס נײַע אײַנשטעלונג אין דער צײַט אַרום 1905.

---

צוויי נײַע געשטאַלטן טרעפֿן מיר אין דער צווייטער אויסגאַבע „צעזייט און צעשפּרייט". דאָס זײַנען: אַראָנטשיק, זײַדנשטאַמערס זון, און וואָלאָדיע, מייער שאַלאַנטס דריטער זון.

אַראָנטשיק, זײַדנשטאַמערס זון, האָט אינעם ערשטן וואַריִאַנט „צע־זייט און צעשפּרייט" ניט פֿיגורירט. נאָכמער: די האַנדלונג אינעם ערשטן וואַריִאַנט איז פּלאַנירט אַזוי, אַז דאָרטן האָט וועגן זײַדנשטאַ־מערס זון ניט געקאָנט אַפילע זײַן קיין רייד. עמעס: אין ערשטן וואַ־ריִאַנט „צעזייט און צעשפּרייט" אַנטוויקלט זיך די האַנדלונג אויך אַרום אַ שידעך־עפּיזאָד. אָבער דאָרט האַנדלט זיך עס וועגן דעם, אַז מייער שאַלאַנט מאַכט כאַסענע זײַן עלטערן זון, מאַטווייען, דעם קאָרטנשפּילער, פֿאַר זײַדנשטאַמערס אַ טאָכטער. ווער עס איז אָט די טאָכטער זײַדנ־שטאַמערס דערוויסן מיר זיך ניט פֿונעם ערשטן וואַריִאַנט „צעזייט און

צעשפרייט". ס'באמערקט זיך ביכלאַל, אז אין ערשטן וואריאַנט איז די סוויווע ארום זייַדנשטאמערן ווייניק־וואָס קאָנקרעטיזירט. מיר זעען דאָ בלויז דעם אויסערלעכן אונטערשייד צווישן מייער שאלאנטן — „א פראָסטן כייַוועקייַעם" און מוישעלע זייַדנשטאמער — „אַן אויסגעפוצט יידל, אייַנגעטונקענער אין ייִכעס".

דער טיפערער אונטערשייד צווישן מייער שאלאנט און זייַדנשטאמערן, אלס פאָרשטייער פון צוויי סאָציאַלע שיכטן, איז אינעם ערשטן וואריאַנט נאָר קאם־קאם אָנגעמערקט. אנדערש זעט עס אויס אינעם צווייטן וואריאַנט „צעזייט און צעשפרייט".

שאָלעם־אלייכעם באמיט זיך אין צווייטן וואריאַנט צו באווייַזן זייַדנשטאמערן גאָר אין אן אנדער אספעקט. דאָס, וואָס מיר הערן ווי פארבייַגייענדיק פון זייַדנשטאמערן אין ערשטן וואריאַנט („איך בין א מענטש א שטילער, א רויִקער, איך האָב פייַנט די אלע הייַנטיקע פליִעכצן"), ווערט אין צווייטן וואריאַנט אנטוויקלט אין א ברייטער סאָציאַלער כאראקטעריסטיק. זייַדנשטאמער וואקסט אויס צו דער גרייס פון א פיגור, וואָס קאָן גילטן ווי א פאָרשטייער פון א געוויסן סאָציאַלן שיכט מיט זייַנע אייגענע אינטערעסן, מיט זייַן אייגענער באציִונג צו די פאָליטיש־געזעלשאפטלעכע דערשייַנונגען פון ארום. קעדיי אָט דאָס אלץ צו באווייַזן, ארבעט שאָלעם־אלייכעם איבער די סצענע אין ערשטן אקט, ווען זייַדנשטאמער באווייַזט זיך בא מייער שאלאנטן אין שטוב.

אין ערשטן וואריאַנט איז אויך געווען געשילדערט, וויִאזוי זייַדנשטאמער קומט מיט א וויזיט צו מייער שאלאנטן. דאָרטן האנדלט זיך עס וועגן דעם, וואָס דער יאכסן זייַדנשטאמער קומט צו שאלאנטן נאָך א גמילעס־כעסעד. מיר באקומען דאָ אייניקע טרעפלעכע שטריכן צו דער שילדערונג פון א ייִדן, וואָס איז „אייַנגעטונקען אין ייִכעס", נאָר העכער פון אָט דער שטייגער־כאראקטעריסטיק קאָן זיך די סצענע אינעם ערשטן וואריאַנט ניט אופהייבן. ניט אזוי אָבער ווערט די־אָזיקע סצענע געגעבן אינעם צווייטן וואריאַנט.

דער עפּיזאָד מיטן גמילעס־כעסעד איז דאָ אינגאנצן ארויסגעוואָרפן. זייַדנשטאמער קומט צו גיין צו שאלאנטן, קעדיי צו וויסן געבן וועגן זייַן, זייַדנשטאמערס, אומצופרידנקייַט מיט דער „פרייַקייַט", וואָס הערשט בא שאלאנטן אין שטוב. אנשטאָט דער אומבאשטימטער רעפליקע פונעם ערשטן וואריאַנט, בעשאס זייַדנשטאמער זאָגט — מע ווייסט ניט אף וועמעס אדרעס: „אָנקוקן קאָן איך ניט אָט די פליִערס, מיט די הייַנטיקע

פײַנע בעריעס, מיט די הײַנטיקע פארנאָסעס, מיט דעמ הײַנטיקנ שניט"— אנשטאָט דעמ באקומענ מיר אינ צווייטנ ווארִיאנט א ברייט אנטוויקלטע כאראקטעריסטיק פונ זײַדנשטאמערס באציִונג צו די וויכטיקסטע געזעלשאפטלעכ-פּאָליטישע דערשײַנונגענ פונ זײַנ צײַט. מיר דערוויסנ זיכ דאָ וועגנ דעמ, וויאזוי די זײַדנשטאמערס באציִענ זיכ צו די סאָציִאליסטנ, מיט וועמענ עס כאווערנ זיכ שאלאנטס קינדער, ס'ווערט קלאָר אויכ, אז „די זײַדנשטאמערס האלטנ עפּעס ניט פונ דעמ ציִאָניזמ", אפילע פונעמ לערנענ „אינ די קלאסנ", וואָס קאָנ ארײַנברענגענ אינ דער מישפּאָכע א דאָקטער, אנ אדוואָקאט — אפילע פונ דעמ האלטנ ניט די זײַדנשטאמערס.

פאר שאָלעמ-אלייכעמס צוגאנג צו דערדאָזיקער סצענע אינ 1905-טנ יאָר איז כאראקטעריסטיש דאָס, וואָס ער וויל זײַנ נעגאטיווע באציִונג צו א געוויסנ טייל פונ דער יִדישער בורזשואזיִע מאָטיווירנ דורכ דער שילדערונג פונ דעמ פארגליווערטנ קאָנסערוואטיזמ, וואָס הערשט אינ דערדאָזיקער סוויווע.

אינ דעמ פּראט איז כאראקטעריסטיש אויכ די ענדערונג, וואָס שאָלעמ-אלייכעמ טראָגט ארײַנ 1905 אינ דער שילדערונג פונעמ קאָנפליקט צווישנ שאלאנטנ אונ זײַדנשטאמערנ צומ סאָפּ פּיעסע. דעמדאָזיקנ קאָנפליקט צווישנ שאלאנטנ אונ זײַדנשטאמערנ, וואָס שיקט אָפּ די טנאָיִמ, האָבנ מיר אויכ אינ ערשטנ ווארִיאנט „צעזייט אונ צעשפּרייט". דאָרט אָבער ווערט דער שידעכ אָפּגעלאָזט בלויז איבער דעמ, וואָס שאלאנטס עלטערע טאָכטער איז אנטלאָפנ מיט אנ אפּטייקער אונ די „גאנצע שטאָט" רעדט דערפונ. אינ צווייטנ ווארִיאנט פיגורירט אלס מאָטיוו אָפּצולאָזנ דעמ שידעכ אי דאָס, וואָס האָט פּאסירט מיט שאלאנטס עלטערער טאָכטער, דעריקער אָבער קאָנ זײַדנשטאמער ניט פארלײַדנ, וואָס שאלאנטס יִנגערע טאָכטער, די קאלע, קלײַבט זיכ פּאָרנ אָפּ קורסנ, אונ אויכ דאָס, וואָס שאלאנטס זונ — דעמ רעוואָליוציִאָנער וואלאָדי האָט מענ ארעסטירט אונ ער זיצט אינ טורמע.

מיר זעענ אויכ דאָסמאָל, אז שאָלעמ-אלייכעמ וויל דורכדרינגענ די גאנצע האנדלונג פונ דער פּיעסע מיט דעמ אָפּקלאנג פונ די פּאָליטיש-געזעלשאפטלעכע דערשײַנונגענ פונ ארומ, ער וויל, אז די באציִונג צו די אָדער יענע דערשײַנונגענ פונ דעמ ארומיקנ געזעלשאפטלעכנ לעבנ זאָל דינענ ווי א קריטערי באמ שילדערנ די סוויווע פונ די זײַדנשטאמערס.

נאָכמער דײַטלעכ טרעט ארויס שאָלעמ־אלייכעמס טענדענצ צו באַצייכענענ די געזעלשאפטלעכ־פּאָליטישע פיזיאָנאָמיע פונ זײַדנשטאמערס סוויווע אינ דער שילדערונג פונ זײַדנשטאמערס זונ, אראָנטשיק.

אראָנטשיק איז אינ דער פּיעסע ניט פונ די צענטראלע פיגורנ, דאָכ געלינגט שאָלעמ־אלייכעמענ אינ אראָנטשיקס געשטאלט אונטערשטרײַכנ דעמ גרונטלעכנ אונטערשייד צווישנ זײַדנשטאמערס סוויווע אונ שאלאנטס סוויווע. מייער שאלאנט, דער געוועזענער אָרעמער פיש־הענדלער, איז נאָכ מיט פיל פעדימ פארבונדנ מיטנ קליינבירגערטומ. אינ שאלאנטס שטוב האָט מענ נאָכ ניט אינגאנצנ פארגעסנ, ווי אלצ האָט אויסגעזענ פריִער, איידער מע האָט באקומענ דאָס געלט אונ „מע איז געוואָרנ מיט גאָטס הילפ גאנצע פּוסטעקראטנ". אהער אינ שטוב דערלאנגט נאָכ דאָ אונ דאָרט דער אומרו, וואָס האָט אינ דער רעוואָליוציע־צײַט ארומ 1905 ארומגעכאפּט ברייטערע קרײַזנ פונעמ ייִדישנ קליינבירגערטומ. ווי אנ אויסדרוק דערפונ קומענ די קליינבירגערלעכ־רעוואָליוציאָנערע שטימונגענ בא שאלאנטס קינדער. אונ אָט אלס א קאָנטראסט קעגנ דידאָזיקע שטימונגענ אינ מייער שאלאנטס קליינבירגערלעכער סוויווע טרעט ארויס אראָנטשיק, דער פאָרשטייער פונ דער ייִדישער בורזשואזער סוויווע.

פּונקט אזוי ווי אינ דער שילדערונג פונעמ אלטנ זײַדנשטאמער, אזוי באמיט זיכ שאָלעמ־אלייכעמ אויכ אינ דער שילדערונג פונ אראָנטשיקנ פריִער פאר אלצ באווײַזנ דעמ פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכנ פּארצעפּ פונ זײַנ העלד. שאָלעמ־אלייכעמ באטאָנט, אז אראָנטשיקנ, אָט דעמ „סטאטעטשנעמ באָכער", וואָס איז דערצויגנ אינ א שטוב „אײַנגעטונקענ אינ ייִכעס", זײַנענ דאָכ ניט פרעמד געוויסע „אידייענ". אינ דעמ פראט איז אראָנטשיק מער „פּאָרגעשריטנ" איידער זײַנ פּאָטער, דער אלטער זײַדנשטאמער. אראָנטשיק ווערט בא שאָלעמ־אלייכעמענ באצייכנט מיט די טיפּישע שטריכנ פונ א בורזשואזנ ליבעראל פונ יענער צײַט. שאָלעמ־אלייכעמ לאָזט אפילע אראָנטשיקנ ארויסטרעטנ מיט א פּראָיעקט פונ א „פּעטיציע", איינעמ פונ יענע פּראָיעקטנ, וואָס האָבנ צו יענער צײַט אזוי אויסגענומענ בא די ליבעראלנ פונ גאָרנ רוסלאנד. קעדיי נאָכ בוילעטער מאכנ דעמדאָזיקנ פּאָליטישנ מאָמענט אינ אראָנטשיקס אופטריט, פירט שאָלעמ־אלייכעמ ארויס אראָנטשיקס געשטאלט אפּנ פאָנ פונ א פּאָליטישער פארזאמלונג אינ מייער שאלאנטס שטוב. די רעוואָליוציאָנער־געשטימטע קליינבירגערלעכע יוגנט בא שאלאנטנ אינ שטוב לאכט אויס אראָנטשיקס „פּעטיציע". די נישטיקײַט פונ אראָנ־

טשיקס ליבעראליזמ טרעט ארויס אָפֿנ אונ קלאָר, אונ ווי דער לאָגישער אויספיר פונ אָט דער שילדערונג, קומט די פינאל־סצענע אינעמ צווייטנ אקט, בעשאַס שאלאנטס שטוב ווערט ארומגערינגלט מיט פּאָליציי אונ אראָנטשיק ווערט אנטרונענ דורכנ פענצטער.

„— מע דארפ זיכ באצייטנס אָפּטראָגנ, — רעדט דערבײַ צו זיכ אליינ אראָנטשיק. — וואָס האָב איכ דאָ צו טונ?"

דער סאטירישער טאָנ, וואָס הערט זיכ בא שאָלעמ־אלייכעמענ אינ דער שילדערונג פונ דער נײַ־ארײַנגעפירטער געשטאַלט — אראָנטשיקנ — לאָזט ניט צווייפלענ דערינ, אז דאָ האָבנ מיר דעמ אויסדרוק פונ שאָלעמ־אלייכעמס קלאסאָווע זעלבסטבאוווסטזײַנ אינ זער סאמע אָנהייב־צײַט פונ דער רעוואָליוציע 1905. ס'איז דער באוווסטזײַנ פונ א קליינ־בירגערלעכנ שרײַבער, וואָס האָט אָנגעהויבנ באנעמענ, אז די וועגנ פונעמ ייִדישנ קליינבירגערטומ אונ דער ייִדישער בורזשואזיִע גייענ זיכ דאָסמאָל פאנאנדער.

ס'איז גענוג צו לייענענ שאָלעמ־אלייכעמס בריוו פונ פעטערבורג (געשריבנ סאָפ 1904), בעשאַס ער האָט זיכ צומ ערשטנ מאָל דירעקט צוזאמענגעשטויסנ מיט די אידעאָלאָגנ פונ דער ייִדישער בורזשואזיִע אינ איינער פונ די פעטערבורגער ייִדישע רעדאקציעס [1], קעדיי צו זענ, ווי קלאָר עס ווערט צו דער צײַט בא שאָלעמ־אלייכעמענ די פאָרשטעלונג וועגנ דעמ פּאָליטישנ אָנמאכט פונ דער ייִדישער בורזשואזיִע אונ אירע אידעאָלאָגנ. ווי אָרעמ־קליינ ס'איז ניט שאָלעמ־אלייכעמס האסאָגע אינ געביט פונ אקטועלע פּאָליטישע פראגעס, מוז ער דאָכ ארויסטרעטנ קעגנ דער „ליניע", וואָס פירנ דורכ צו יענער צײַט די אידעאָלאָגנ פונ דער ייִדישער בורזשואזיִע. אונ ס'איז קלאָר פארוואָס.

„אינ פארגלײַכ מיט דעמ ייִדישנ בורזשוי וואָלט מענ דעמ רוסישנ בורזשוי געקאָנט פארעכענענ פאר א רעוואָליוציאָנער. די גרעסטע זאכ, וואָס דער ייִדישער ליבעראליזמ האָט געקאָנט טונ — איז נאָכשלעפּנ זיכ נאָכ דער רוסישער, ניט וואגנדיק אופצוהייבנ א קאָל וועגנ זײַנע ייִדישע נאציאָנאלע פאָדערונגענ" [2].

פאר שאָלעמ־אלייכעמס קריטיק פונ דער ייִדישער בורזשואזיִע צו יענער צײַט איז געוויס ניט ציפעליק, וואָס ער באטאָנט דערבײַ מער־

---

[1] „שאָלעמ־אלייכעמ-בוכ", ז. 204.

[2] ש. דימאנשטיינ. די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג צווישנ די ייִדישע מאסנ אינ דער רעוואָליוציע פונ 1905-טנ יאָר, ז. 19.

ווי אלץ דער בורזשואזיִעס אינדיפערענטיזם צו די „נאציִאָנאלע פּאָדערונגענ". דערמיט ווערט אפנ בעסטנ אויפנ כאראקטעריזירט דער קליינבירגערלעכער וועזנ פונ שאָלעמ־אלייכעמס קריטיק.

עס קאָנ אָבער קיינ סאָפעק ניט זײַנ, אז אינ פארגלײַכ מיט דעמ, וואָס ס'איז געווענ אינ ערשטנ ווארִיאנט, טרעט ארויס שאָלעמ־אלייכעמס קריטיק פונ דער יִידישער בורזשואזיִע אינ צווייטנ ווארִיאנט אסאכ בּוילעטער. די קריטיק איז דאָ געוואָרנ פּאָליטיש פארשארפט, זי באזירט זיכ אפ דעמ קלאסנקאמפ זעלבסטבאוווסטזײַנ פונעמ יִידישנ קליינבירגערטומ אינ דער אָנהייב־צײַט פונ דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציִע. אונ דערפונ האָט געשטאמט דער סטימול ארײַנצופירנ אינ „צעזייט אונ צעשפּרייט" די נײַע געשטאלט פונ זײַדנשטאמערס זונ — אראָנטשיקנ.

די צווייטע נײַ־ארײַנגעפירטע געשטאלט, וואָס מיר טרעפנ אינ דער צווייטער אויסגאבע „צעזייט אונ צעשפּרייט", — דאָס איז וואלאָדי, שאלאנטס דריטער זונ. ווי עס איז צו זענ פונ דער האנדלונג, וואָס שפּילט זיכ אָפּ אינ דער פּיעסע, איז וואלאָדי, קאָנטיק, א סאָציִאל־דעמאָקראט. אנ ענלעכע פיגור פונ א סאָציִאל־דעמאָקראט האָט געזאָלט אינ ערשטנ ווארִיאנט פאָרשטעלנ שאלאנטס טאָכטער — כאנע. וועגנ כאנעס פּאָליטישע אָנשוינונג לאָזט זיכ אמבּעסטנ אורטיילנ פונ איינער א רעפּליקע, וואָס איז אינ צווייטנ ווארִיאנט ארויסגעפאלנ. די רעפּליקע טרעפנ מיר אינ צווייטנ אקט, בעשאס שאלאנטס זונ, כאיִמ, דער ציִאָניסט, באקענט די כאוויירימ זײַנע, ציִאָניסטנ — מיט דער שוועסטער זײַנער כאנע.

„כ א יִ מ . מײַנ שוועסטער, פארשטייט איר מיכ, איז א סאָציִאלדעמאָקראטקע. בא איר שפּילט דאָס יִידישע פאָלק קיינשומ ראָליע ניט. זי האלט מילכאָמע פאר די ג א נ צ ע מענטשהײַט.

כ א נ ע. מײַנ ברודער כאָלעמט זיכ „מילכאָמע". איכ האלט ניט קיינ מילכאָמע מיט קיינעמ אונ פאר קיינעמ. איכ גיי נאָר מיט דעמ גאנג, אז א יִיד איז קודעמקאָל א מענטש גלײַכ מיט אלע מענטשנ. אונ אלע מענטשנ האָבנ איינ קולטור, די מענטשלעכע קולטור..."

אינ דעמדאָזיקנ קורצנ דיִאלאָג האָט זיכ אָפּגעשפּיגלט שאָלעמ־אלייכעמס נעבעכדיקע פאָרשטעלונג וועגנ דעמ, וואָס ס'טײַלט אָפּ די סאָציִאל־דעמאָקראטקע כאנע פונ איר ברודער כאיִמ, דעמ ציִאָניסט. דעמ עמעסנ פּאָליטישנ אינהאלט פונ זייערע כעלוקעדייעס האָט שאָלעמ־אלייכעמ, ווי מיר זענ, לאכלוטנ ניט געקאָנט באנעמענ. פונקט דאָסזעלבע

זעען מיר אויך אין צווייטן וואריאַנט „צעזייט און צעשפרייט״. ערנסט באַנעמען די געשטאַלט פונעם אקטיוון רעוואָלוציאָנער, דעם אינטערנאַציאָנאַליסט וואָלאָדי, האָט שאָלעם־אַליכעם ניט באַוויזן אויך אין 1905-טן יאָר, בעת ער האָט געשריבן דעם צווייטן וואריאַנט פון זיין קאָמעדיע „צעזייט און צעשפרייט״. אויך דאָ איז די שילדערונג פון דעם אקטיוון רעוואָלוציאָנער וואָלאָדי נאָך דורכויס אויבערפלעכלעך, זי גייט ניט ווייטער פון א צאָל אויסערלעכע כאַראַקטער־שטריכן, וואָס שאַבלאָניזירן נאָך גאָר באַם אָנהייב די געשטאַלט פונעם רעוואָלוציאָנער וואָלאָדי.

ס'וואַרפט זיך אָבער אין די אויגן דער פאַקט, אַז שאָלעם־אַליכעם צייכנט די געשטאַלט פונעם אקטיוון רעוואָלוציאָנער, וואָלאָדי, ניט אָן א געוויסער סימפּאַטיע. אין דער שילדערונג פון וואָלאָדיען טרעפן מיר אינערגעץ ניט יענעם סאַטירישן טאָן, וואָס מיר האָבן אָקאָרשט געזען אין דער שילדערונגען פונעם „סטאַטעטשנעם באָכער״ — אַראָנטשיקן [1]. ווי אויבערפלעכלעך ס'איז ניט געשילדערט וואָלאָדי, באַמערקט זיך דאָך, אַז מיט דער געשטאַלט פון אָט דעם אקטיוון רעוואָלוציאָנער ווערט באַ שאָלעם־אַליכעמען — דעם אויסדריקער פונעם קלייןבירגערטום — פאַרבונדן א געוויסער סכום אינטערעסן, וואָס קאָנען רעאַליזירט ווערן נאָר אין גאַנג פון דער רעוואָלוציע. דערפון נעמט זיך די סימפּאַטיע שאָלעם־אַליכעמס, וואָס רייַסט זיך פון צייַט צו צייַט דורך אין דער שילדערונג פון וואָלאָדיען. די רעוואָלוציע איז אָבער פאַר דעם יידישן קלייןבירגערטום צו יענער צייַט אי „האָפענונג״, אי „שרעק״. קומט דאָס צום אויסדרוק אויך אין שאָלעם־אַליכעמס צוגאַנג צו דער געשטאַלט פונעם אקטיוון רעוואָלוציאָנער וואָלאָדיען.

אויב פריִער, אינעם ערשטן וואַריאַנט, האָט שאָלעם־אַליכעם נאָך ניט אייַנגעזען, אַז דער וועג פון דער רעוואָלוציע פירט אומפאַרמייַדלעך

[1]) אין דער הינזיכט איז כאַראַקטעריסטיש אויך דער צווייטער פאַל, ווען שאָלעם־אַליכעם פּרוּווט אַרייַנפירן אין זייַנער א פּיעסע די געשטאַלט פון אַן אקטיוון רעוואָלוציאָנער. דאָס איז געווען אין דער פּיעסע „דער לעצטער קָרבן״ אָדער „די בלוטיקע טעג״, וואָס שאָלעם־אַליכעם האָט אָנגעשריבן אין יאָר 1905. דער טעקסט פון דער פּיעסע איז, ווי באַוווּסט, פאַרלאָרן געגאַנגען. ס'איז אָבער פאַרבליבן שאָלעם־אַליכעמס בריוו, וווּ ער כאַראַקטעריזירט די הויפּט־ראָלן אין דער פּיעסע. אָט אין דעם בריוו שאָלעם־אַליכעמס לייענען מיר: „פאַראַן נאָך א קאַרדינאַלע ראָל — פונעם יונגן שוסטער, דעם סאָציאַל־דעמאָקראַט יוליק דראַטווע — זייער א דאַנקבאַרע ראָל פאַר א גוטן טראַגיקער״... („שאָלעם־אַליכעם־בוך״, ז. 211).

צו פֿאַרביטערטן קאַמף, צו „מילכאָמע", פֿאַר וועלכער עס שרעקט זיך אַזוי די סאָציאַל־דעמאָקראַטקע כאַנע, — קומט איצט, אינעם צווייטן וואַריאַנט, וואָלאָדי, ווי די לעבעדיקע פֿאַרקערפּערונג פֿון אָט דער „מילכאָמע", די פֿאַרקערפּערונג פֿון יענע גרויסע געפֿאַרן און שווערע דערשיטערונגען, וואָס לאָזן זיך ניט אויסצומײַדן אין גאַנג פֿון דער רעוואָליוציע. דער גרונט־אונטערשייד צווישן ערשטן וואַריאַנט „צעזייט און צעשפּרייט" און דעם צווייטן באַשטייט טאַקע הויפּטזאַכלעך דערין, וואָס אַלע שווערע קאָליִיעס, וועלכע עס לעבט איבער מייער שאַלאַנטס שטוב, אַלע ווערן זיי אין שאָלעם־אַליכעמס פֿאָרשטעלונג אַזוי אָדער אַנדערש פֿאַרבונדן מיט דער רעוואָליוציע־עפּאָכע. פֿון איר שטאַמט עס דער גאַנצער „צעזייט און צעשפּרייט", וואָס דערשיטערט מייער שאַלאַנטס שטוב. דער פֿאַנאַנדערפֿאַל פֿון מייער שאַלאַנטס שטוב ווערט אינעם צווייטן וואַריאַנט געגעבן, ווי אַן אָנזאָג פֿון אַ געפֿאַר פֿאַר דעם גאַנצן קיִעם פֿונעם ייִדישן קלייַנבירגערטום, יענער געפֿאַר, וואָס שאָלעם־אַליכעם האָט דערפֿילט אין די רעוואָליוציע־יאָרן.

ס'איז דעריבער געווען גאַנץ נאַטירלעך, וואָס שאָלעם־אַליכעמס אומצופֿרידנקייט מיטן ערשטן וואַריאַנט „צעזייט און צעשפּרייט" ווערט אַזוי שטאַרק אין 1905־טן יאָר. „אַף דער בינע ווערט געשפּילט אַ פּעליעטאָן — ניט קיין דראַמע" — אַזוי האָט שאָלעם־אַליכעם פֿאָרמולירט דעם אײַנדרוק פֿון דער ערשטער אופֿירונג פֿון „צעזייט און צעשפּרייט", וואָס איז געשפּילט געוואָרן לויטן טעקסט פֿונעם ערשטן וואַריאַנט. אין 1905־טן יאָר, באַם שײַן פֿון דער דערפֿאַרונג, וואָס דאָס ייִדישע קלייַנבירגערטום האָט שוין געהאַט אָנגעזאַמלט, האָט שאָלעם־אַליכעמען מער ווי אַלץ גענומען ערגערן דאָס, וואָס אינעם ערשטן וואַריאַנט „צעזייט און צעשפּרייט" איז ניט אָפּגעשפּיגלט די דראַמע פֿונעם ייִדישן קלייַנבירגערטום, זײַן שווערער געמיט־צושטאַנד אינמיטן דעם „מאַבל" פֿון רעוואָליוציאָנערע געשעענישן, זײַן ניט־זיכערקייט אינעם מאָרגנדיקן טאָג, זײַנע פּכאָדים און וואַקלענישן.

אַלץ, וואָס האָט אין דער פּיעסע ניט געהאַט צו טון מיט אָט דער צענטראַלער טעמע — דער „האָפֿענונג און שרעק", וואָס האָט דעמאָלט באַהערשט די אידעאָלאָגן פֿונעם ייִדישן קלייַנבירגערטום — האָט אין 1905־טן יאָר אויפֿגעהערט אינטערעסירן שאָלעם־אַליכעמען. דערפֿאַר האָט דער ערשטער וואַריאַנט אָנגעהויבן פֿאַר אים אויסזען ווי אַ פּעליעטאָן. דערפֿאַר האָט ער מיט אַלע מיטלען געשטרעבט צו פֿאַרשטאַרקן דעם

דראַמאַטיזם אין דער האַנדלונג פֿון „צעזייט און צעשפּרייט“, און ווי דאָס זיכערסטע ווירקונג־מיטל אַף צו פֿאַרשטאַרקן אָט דעם דראַמאַטיזם האָט שאָלעם־אַלייכעם אויסגענוצט די נײַ־אַרײַנגעפֿירטע געשטאַלט פֿון וואָלאָדיען. וואָלאָדיעס אויפֿירונג בא דעם פֿאָטער אין שטוב („מער ווי אַלץ האָב איך מוירע פֿאַר מײַנע וואָלאָדיען“ — קלאָגט זיך די מוטער זײַנע), וואָלאָדיעס אַרעסט, וואָס דערשיטערט מער ווי אַלץ מייער שאַלאַנטן („אָט דער וואָלאָדיע האָט מיר גאָר דעם קאָפּ אַראָפּגענומען... איך ווייס גאָרניט, ווי איך האַלט דאָס אויס“ — קלאָגט זיך מייער שאַלאַנט) — אָט דאָס אַלץ האָט געדאַרפֿט דעם ערשטן וואַריאַנט, דעם פֿעליעטאָן, ווי שאָלעם־אַלייכעם האָט עס באַצייכנט, פֿאַרוואַנדלען אין אַ דראַמע, ווי שאָלעם־אַלייכעם האָט, קאָנטיק, אויפֿגענומען דעם צווייטן וואַריאַנט „צעזייט און צעשפּרייט“.

---

אוועקשטעלן אין צענטער פֿון דער פּיעסע די דראַמע פֿונעם קליינבירגער, וואָס איז באַהערשט פֿון „האָפֿענונג און שרעק“ פֿאַר דער רעוואָליוציע, — אָט דאָס איז געווען די הויפּט־טענדענץ שאָלעם־אַלייכעמס באַם איבעראַרבעטן דעם טעקסט פֿון זײַן קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט“. אין העסקעם מיט אָט דער נײַער אײַנשטעלונג האָט שאָלעם־אַלייכעם, פֿאַרשטייט זיך, געמוזט אַרײַנטראָגן נאָך אַסאַך אַנדערע ענדערונגען אינעם טעקסט פֿונעם ערשטן וואַריאַנט. אָפּשטעלן זיך אַף אַלע דידאָזיקע ענדערונגען קאָנען מיר דאָ, ליידער, ניט — דערויף פֿאָדערט זיך אַ באַזונדערע גרעסערע אָפּהאַנדלונג. מיר וועלן דאָ נאָר פֿאַרצייכענען נאָך איינע אַן ענדערונג, וואָס האָט געהאַט אַ פּרינציפּיעלן באַטײַט פֿאַר שאָלעם־אַלייכעמס אַרבעטן אַפֿן טעקסט פֿון „צעזייט און צעשפּרייט“.

דער נײַער אינהאַלט, וואָס שאָלעם־אַלייכעם האָט אין 1905־טן יאָר געוואָלט אַרײַנלייגן אין מייער שאַלאַנטס פֿאַמיליען־דראַמע, האָט לאַכלוטן ניט געשטימט מיט יענער שילדערונג פֿון מייער שאַלאַנטס געשטאַלט, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין ערשטן וואַריאַנט. פֿאַרקערפּערן די דראַמע פֿונעם ייִדישן קליינבירגערטום, וואָס איז באַהערשט פֿון „האָפֿענונג און שרעק“ פֿאַר דער רעוואָליוציע, אין דער שילדערונג פֿון אַן אופּגעקומענעם גוויר, וואָס איז לויט דער טראַדיציע פֿון די פֿריִער־געשריבענע דראַמאַטישע ווערק אַלעמאָל אופּגעטראָטן בא שאָלעם־אַלייכעמען נאָר ווי דער אָביעקט פֿון סאַטירישער אָפּלאַכונג — דאָס איז

געוועג דורכויס אנ אומעגלעכע זאכ. שאָלעמ־אַלייכעמ האָט אָבער ניט אומזיסט אינ דער האקדאָמע צו דער צווייטער אויפלאגע געשריבנ וועגנ דעמ, ווי וויַיט ס׳האָט אימ „פארשלעפט״ דאָס איבעראַרבעטנ „צעזייט אונ צעשפּרייט״. שאָלעמ־אַלייכעמ האלט, אַז ער האָט „קימאט אָנגעשריבנ א גאנצ נייַע פּיעסע, אינ אייניקע פּאלנ איבערגעלאָזט אומפּארענדערט בלויז די נעמענ פונ די פּארשוינענ״. אָט אזא פּאל האָבנ מיר עס אויכ אינ דער שילדערונג פונ מייער שאלאנטנ אינ דער צווייטער אויסגאבע.

אינ דער ערשטער אויסגאבע ווערט מייער שאלאנט געשילדערט, ווי א טיפּישער פּאָרשטייער פונ די „יעהופּעצער נעגידימ״: ער איז אפּ דורכ אונ דורכ גיַיציק, ער איז שטענדיק דורכגעדרונגענ מיט דער מאכ־שאָווע וועגנ געלט, אלע זיַינע געדאנקענ אונ געפילנ קניפּנ זיכ אָנ אינ דעמ פּארלאנג צו איַינהאַבעווענ וואָס מער געלט. א בולטנ ביַישפּיל דערפונ האָבנ מיר אינ דער סצענע, ווענ זיַידנשטאמער קומט מיט א וויזיט צו שאלאנטנ. בעייסנ שמועס קומט מוישעלע זיַידנשטאמער ארופּ אפּ די רייד וועגנ „לופט״. דער שמועס פירט זיכ אזוי:

„ר ע ב מ ו י ש ע ל ע... לופט רייניקט אונדז די געבליטנ אינע־ווייניק — דאָס איז איינמאָל אוועק. ווּעהאשיינים באדארפנ מיר האָבנ לופט, אזוי ווי... וואָס זאָל איכ איַיכ קעדוימע לעמאָשל אָנכאפּנ?...

מ יי ע ר: נו, קעדוימע לעמאָשל, אזוי ווי געלט״...

נאָכמער טרעט ארויס מייער שאלאנטס באציִונג צו געלט אינ דער וויַיטערדיקער אנטוויקלונג פונ דערזעלבער סצענע, בעשאס זיַידנ־שטאמער בעט אויסליַיענ אימ צוויי טויזנט רובל. מייער שאלאנט ווערט דערביַי אזוי פּארציטערט, אז ער הייבט אָנ רעדנ אומגעלומ־פּערטע רייד:

„מ יי ע ר. כאס־וועכאָלילע. ווייס איכ וואָס איר רעדט! אזעלכע געלטנ האָב איכ ניט אונ האָב גאָר קיינמאָל ניט גע־האט...״

דיזעלבע באציִונג צומ געלט דרינגט דורכ אינ ערשטנ וואריאַנט אויכ מייערס שמועסנ מיט די קינדער. אזוי לייענענ מיר, לעמאָשל, אינ ערשטנ וואריאַנט אינ דער סצענע, ווענ כאנע זאָגט, אז זי איז מאס־קימ אָנשריַיבנ פונ איר פּאָטערס וועגנ דעמ בריוו צומ גראפ:

„מ יי ע ר. איכ האָב געוואָלט זענ, זאָלסט מיר זאָגנ ניינ! קארג האָב איכ געהאָרעוועט פונ איַיערטוועגנ, אויסגעריסנ גע־

וואָרנ, זיכ מאפקיר געווענ, זיכ געלאָזט קאָסטנ געלט? לעסאָפּ
אז עס קומט צו עפּעס, איז דער א פּאָרעצ אונ יענער א ציאָ־
ניסט... ארויסגעוואָרפנ געלט!..

כאנע. וואָס עפּעס פּלוצימ געלט?

מייער. וואָס? עפּשער ניינ? דו האָסט מיכ עפּשער ווינציק געלט געקאָסט?.. גימנאזיע, רוסיש אונ דײַטש, אונ פראנצויזיש, אונ אפּנ פּאָרטעפּיאנ שפּילנ, אונ טאנצנ, אונ... אונ... וואָס ניט?".

דער שמועס מיט כאנענ וואקסט זיכ נאָכדעמ פאנאנדער, מייער קאָנ זיכ מער ניט באהערשנ, עס קומענ צומ וואָרט זײַנע פארבאָרגנסטע מאכשאָוועס אונ מיר הערנ ווידער:

„מייער. זאָג מיר, וואָס טוט זיכ עס מיט אײַכ? איר האָט זיכ ווי אָנגערעדט אלע מיר טונ אפּ צולאָכעס! מיר דאכט, אז מע גיט אײַכ נאָכ אלצדינג: איר ווילט גימנאזיע — נאט אײַכ גימ־נאזיע! איר ווילט ארקאדיע—נאט אײַכ ארקאדיע... דאָס ברודערל דײַנס מאטוויי, א רעכטער גאָרנישט? פונדעסטוועגנ, וואָס פאר א מינ שידעכ האָב איכ פונ זײַנעטוועגנ ארויסגעזוכט!.. וויפל קאָסט עס מיכ געלט אונ וויפל געזונט!.. צי אשטייגער, די שוועסטער דײַנע, וויפיל האָט מיכ אָפּגעקאָסט איר כאסענע מיט איר געט; פונדעסטוועגנ לאָז נאָר גאָט צושיקנ עפּעס א רעכטנ זיוועג, וועל איכ ווידעראמאָל געבנ נאדנ... פונ דיר רעדט מענ ניט, אז איכ וועל דיר ניט זשאלעווענ קיינ פינפ אונ צוואנציק טויזנט, אונ עפּשער טאקע אלע דרײַסיק; אונ א כאָסנ וועל איכ מיסטאמע אויכ זענ דיר געבנ אזעלכנ, וואָס קאטאָרי..."

אינ די שמועסנ מיט זײַנ ווײַב, מאלקענ, איז מייער שאלאנט נאָכ מער אָפּנהערציק. דאָ טרעט ארויס זײַנ כאראקטער נאָכ אָפּענער אונ בוילעטער. לייענענ מיר דעריבער אינ דער ערשטער אויסגאבע אינ דער סצענע, ווו מייער רעדט צומ ערשטנ מאָל מיט זײַנ פרוי מאלקענ:

„מייער. זע נאָר, זי האָט זיכ עס צעלאָזט, זי רעדט אויכ פונ געלט. גוטע יאָרנ! זאָג מיר נאָר, כאכאָמע מײַנע, דו ווייסט כאָטש דעמ טײַטש פונ וואָרט „מאָעס־געלט”? בעהיימע, ווענ איכ האָב ניט מײַנ געלט, וואָלט זיכ דענ מיט מיר מעשאדעכ געווענ א מעיוכעס, ווי רעב מוישע זײַדנשטאמער? פאר געלט, נארעלע, קויפט מענ הײַנט אלצדינג אפּ דער וועלט! אונ פארקערט, לאָז

די וועלט אָנשמעקן, אז איך האָב כאָלילע ניט קיין געלט, איז או
עק, אויס רעב מייער, און אויס פּאני שאלאנט, אויס! זיי
דערקענען מיך שוין דעמאָלט ניט, אזוי ווי מע האָט מיך ניט גע־
קאָנט אמאָל, ניט הײַנט געדאכט, אז איך האָב נאָך ניט געהייסן
רעב מייער שאלאנט, נאָר פּאָשעט „מייער טשאָלנט". ע, נארעלע,
געלט—דאָס איז... דאָס לעבן, מיטן געזונט, מיטן כײַעס, מיט...
מיט... גאָט אליין!

מאלקע (א פּליעסק מיט די הענט). ביסט מעשוגע צי כאָסער־
דייע? דו האָסט שוין גאָר קיין מוירע ניט פאר גאָט באָרוך הו
ובאָרוך שמוי... (גייט אוועק).

מ יי ע ר (אייגער אליין, גייט ארום הין און צוריק). זי וועט מיר
דערציילן מײַסעס וואָס איז געלט... פּכע!... לאנג בין איך
געקראָכן אף אלע פיר פאר יעדן פּארך? וואָס איז? איך האָב
געמיינט, טאָמער וועל איך האָבן דורך אים א שטיקל טויווע...
לאנג האָב איך זיך אויסגעצויגן פאר א קערבל, א קערבל אף א
מאשקן, איך זאָל האָבן דעם דאָקטער צו באצאָלן, איך געדענק
נאָך די טרערן... עך, געלטעלעך! געלטעלעך!... ווי זאָגט איר:
באָרוך: געלט, אטאָ: געלט, ה: געלט!..."

פון די אלע רעפּליקעס מייערס ווערט קלאָר, אז דער מאָטיוו
„געלט" טרעט אוף אינעם ערשטן ווארִיאנט ווי דער הויפּט־מאָטיוו אין
דער שילדערונג פון מייער שאלאנטס געשטאלט. דורך אָט דעם הויפּט־
מאָטיוו ווערט אין מייער שאלאנטן אנטפּלעקט די גאַנצע ברוטאלקײַט
און פּארדאָרבנקײַט, וואָס דערנענטערט אים צו דעם טיפּ פון שאָלעם־
אלייכעמס סענדער בלאנק.

אנדערש זעט אויס מייער שאלאנטס געשטאלט אין דער צווייטער
אויסגאבע „צעזייט און צעשפּרייט". די אלע רעפּליקעס, וואָס מיר
האָבן נאָר־וואָס ציטירט פון מייערס שמועסן מיט זײַן פרוי מאלקען,
מיט זײַן טאָכטער כאנען און מיט דעם אלטן זײַדנשטאמער, זײַנען אין
דער צווייטער אויסגאבע קימאט אינגאנצן פארשוואונדן. דער מאָטיוו
„געלט", וואָס אין דעם זעט לעכאטכילע שאָלעם־אלייכעם דעם טרײַב־
קויעך פון מייער שאלאנטס אגרעסיווקײַט, ווערט אין דער צווייטער
אויסגאבע קימאט ווי אינגאנצן פארטושירט. שאָלעם־אלייכעם טוט עס
אָבער ניט מיט דעם צוועק, קעדיי צו „אנטפּלעקן" אין מייער שאלאנטן
די „איידעלע נאטור" פון אן „עמעסן" נאָגיד. שאָלעם אלייכעמס קאוואַ־

נע איז דערבײַ א גאנצ אנדערע. קירצנדיק מייערס רעפּליקעס, פארברייטערט שאָלעמ־אלייכעמ אײנצײַטיק די רעפּליקעס פונ שאלאנטס פרוי מאלקע. מאלקע רעדט מיט באדויערנ וועגנ דעמ, אז „זינט מיר האָבנ באקומענ געלט אונ ארויסגעפאָרנ אינ דערדאָזיקער שטאָט, זײַנענ מיר געוואָרנ מיט גאָטס הילפ גאנצע פּוסטעקראטנ". מאלקע דערמאנט אָנ שומ פארביטערונג יענע צײַט, ווענ מ'איז, ווי מייער דריקט זיכ אויס, געזעסנ אינעמ פארשטונקענעמ שטעטל אונ געפייגערט פאר א דרײַערל". זי בענקט אפילע נאָכ יענער צײַט. זי טײַנעט: „האלעווײַ וואָלטנ מיר ניט אוועקגעוואָרפנ די אלטע פארנאָסעס, ניט פארגלוסט קיינ גרינגע פייגעלעכ מיט קיינ פּריצימ, מיט קיינ גראפנ, מיט קיינ אימענינעס אונ ניט ארײַנבערגעפאָרנ אהער, אינ דערדאָזיקער פארשאָלטענער שטאָט צווישנ הולטײַעס, וואָס מע ווייסט נאָר אויסברענגענ, טרענצלענ קערבלעכ דער דועכ ווייס אפ וואָס, אפ שפּיגלענ מיט טאָפּטשאנעס, מיט טרעאטערס, מיט גימנאזיעס מיט סאָבראניעס, מיט גוליאניעס, טפו!" –

שאָלעמ־אלייכעמ אנטוויקלט אינ צווייטנ ווארִיאנט מאלקעס רעפּליקעס, ער פארשטארקט דעמ אקצענט פונ אמכאָדיקײַט אינ אירע רייד, ער א'ז אויסנ דורכ אָט די ברייטער אנטוויקלטע רעפּליקעס פונ שאלאנטס פרוי ווארפנ א געוויסע שײַנ אויכ אפ מייער שאלאנטנ גופע. שאָלעמ־אלייכעמ וויל באטאָנענ, אז אינ מייער שאלאנטס געשטאלט האָבנ מיר צו טונ ניט מיטנ אינערלעכ־פארדאָרבענעמ, קאָנסערוואטיוו־פארגליווערטנ בורזשוא (ווי זײַדנשטאמער, לעמאָשל), נאָר מיט א „פארפירטנ" קליינבירגער, איינע פונ די קליינבירגער־געשטאלטנ, וואָס שאָלעמ־אלייכעמ שילדערט מיט אזא גרויסער סימפּאטיע אינ זײַנע הויפּטווערק, ווי לעמאָשל, די געשטאלטנ פונ לייווי מאָזגאָוואָיער (אינ דער קאָמעדיע „גאָלדגרעבער"), די געשטאלט פונ טעוויע דעמ מילכיקנ, אָדער גאָר די געשטאלט פונ שימעלע סאָראָקער (אינ דער קאָמעדיע „דאָס גרויסע געווינס").

ווי מיר זעענ, האָט די ענדערונג אינ דער שילדערונג פונ מייער שאלאנטס פיגור געזאָלט זײַנ גאָר א ראדיקאלע. דאָסמאָל איז שאָלעמ־אלייכעמ בעעמעס גענויגט געווענ איבערצולאָזנ אומגעענדערט בלויז „די נעמענ פונ די פארשוינענ". די סאָציאלע כאראקטעריסטיק פונ די פארשוינענ האָט געזאָלט אינ גרונט געביטנ ווערנ. ווי ווײַט דאָס האָט זיכ אײַנגעגעבנ שאָלעמ־אלייכעמענ – דאָס אינ א באזונדער פראגע. פאר אונדז איז דאָסמאָל גענוג צו פארצייכענענ, אז דידאָזיקע ענדע־

רונג אין דער שילדערונג פון מייער שאַלאַנטן האָט געשטימט מיט דער אַלגעמיינער אײַנשטעלונג, וואָס שאָלעם־אַליכעם האָט געהאַט אין יאָר 1905. אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט באַשלאָסן אין צענטער פון זײַן פּיעסע אַוועקשטעלן די דראַמע פון דעם קליינבירגער, וואָס איז באַהערשט מיט „האָפענונג און שרעק" פאַר דער רעוואָליוציע, איז שאָלעם־אַליכעם, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געווען פאַרינטערעסירט אין דעם, אַז מייער שאַלאַנטס פיגור זאָל באַפרײַט ווערן פון די סענטימענטאַל־בלאַנק־שטריכן, וועלכע זײַנען נאָך זייער קענטיק אין דער שילדערונג פון דעם ערשטן וואַריאַנט. שאָלעם־אַליכעם האָט דעריבער סיסטעמאַטיש איבערגעאַרבעט מייער שאַלאַנטס רעפּליקעס, ער האָט זיי מערסטנטייל געקירצט, און אויך אין די, וואָס זײַנען געבליבן גאַנץ, האָט ער „געלײַטערט" דעם טאָן, אָפּגעוואָרפן דאָס, וואָס וואַרפט אַף שאַלאַנטן אַ צו געדיכטן שאָטן פון אַ מין סענדער בלאַנק־געשטאַלט.

---

ווי עס לאָזט זיך טאַרשטיין פון שאָלעם־אַליכעמס בריוו (געדרוקט אין „שאָלעם־אַליכעם־בוך"), האָט ער נאָך אַ צווייטן מאָל איבערגעאַרבעט זײַן „צעזייט און צעשפּרייט". אַזוי דערוויסן מיר זיך, אַז ער האָט נאָך סעפּטעמבער 1905 געהאַט פאַרטיק געמאַכט אַ דראַמע „מייער שאַלאַנט" ספּעציעל פאַר דעם יידישן טעאַטער אין אַמעריקע. לעכאַטכילע אין אַ בריוו פון 13־טן סעפּטעמבער שרײַבט שאָלעם־אַליכעם וועגן „מייער שאַלאַנט", ווי וועגן אַ פּראַקטיקע דראַמע. אָבער שוין גאָר אינגיכן, אין אַ בריוו פון 8־טן אָקטאָבער, פיגורירט די זעלבע פּיעסע, ווי אַ „דרײַאַקטיקע קאָמעדיע", וועלכע שאָלעם־אַליכעם שאַצט אַליין אָפּ אַזוי:

„איך דאַרף אײַך זאָגן אַפריער, אַז בענעגייע דער פּיעסע וועט אײַך מיסטאַמע אויסקומען אויסצושטיין אַ קאַמף, דערפאַר וואָס זי פאַרמאָגט ניט קיין עפעקטן... אין איר איז פאַראַן מער עמעס פון לעבן איידער אין דער פריערדיקער (סטעמפּעניו" — נ. א), האָגאַם אויך ווייניקער פּאָעזיע, ווי אין „סטעמפּעניו"...

דער טעקסט פון „מייער שאַלאַנט" איז ביז אַהער ניט פאַרעפנטלעכט, און אין וואָס די לעצטע באַאַרבעטונג פון „צעזייט און צעשפּרייט" איז באַשטאַנען איז אונדז דערווײַל ניט באַוווּסט.

אין אונדזער אויסגאַבע דרוקן מיר די פּיעסע „צעזייט און צעשפּרייט" לויט דער אַמעריקאַנער פֿאָלקס־פֿאָנד־אויסגאַבע, וואָס שטימט מיטן טעקסט פֿון דער צווייטער אויסגאַבע פֿון 1906 אין פֿאַרלאַג „ביכער פֿאַר אַלע". אין די „צוגאָבן" דרוקן מיר דעם „נײַעם אַקט", וואָס איז געווען געדרוקט אין 1903־טן יאָר אין דער „יידישער פֿאָלקסצײַטונג" און איז נאָכדעם אין 1905־טן אַרויסגעפֿאַלן פֿון דער פּיעסע.

---

# צומ איינאקטער „א דאָקטער" [1]

ר׳ שמועל-בייניש (בלײַבט אליינ, אביסל פארטומלט; שטייט, פארװיכערט א פאפיראָס אונ גייט ארומ איבער דער שטוב, רעדנדיק צו זיכ אליינ). המ... נא דיר א דאָקטער!... א שידעכ, א כאָסנ, א שווארצ יאָר... גיב אימ צוואנציק טויזנט קערבלעכ. איכ ווייס ווער ער איז, וואָס ער איז? אפי א דאָקטער!... באַ זיכ אינ שטוב קיינ דייע ניט... האָרעווע, ווער אויסגעריסנ, פארשווארצט ווי א הונט... קלויב געלט, מאכ א קאפיטאל — וואָס? וועג? וועמענ? ווער הערט דיכ? וואָס פאר א נאכעס? וואָס פאר א פאָדיאקע?... די טאָכטער וויל דאפקע א דאָקטער — נא דיר א דאָקטער! דער זונ וויל ביכער — נא דיר ביכער!... ניינ, איז אָבער קארג! מע וויל געלט אויכ, אונ דאפקע אסאכ געלט! גיב ניט — מאכט מענ דיר א פינצטערנ סאָפ; גיב יאָ — אויכ דער אייגענער קאָוועד!... דער זונ לאכט מיכ אויס — ער קענ אינ די ביכער אונ איכ ניט... די טאָכטער וויל מיט מיר ניט רעדנ, עס שטייט איר ניט אָנ, וואָס דער טאטע איז ניט קיינ „געבולבעוועטער"! דאָס ווײַב גיט זיי נאָכ די שמאד, זי מאכט פונ זיי א טעל, — כאפט אײַכ דער רועכ אלעמענ, לאָזט מיכ צורו! נאט אײַכ אָפ דאָס גאנצע געלט! (ער כאפט ארויס די שליסעלעכ פונ דער קעשענע אונ טוט זיי א וואָרפ אפנ טיש). נאט, ווארגט אײַכ! הענגט זיכ! נעמט! נעמט! ווערט פארסארפעט מיטנ געלט, מיטנ אלעמענ, א שיינע, ריינע קאפאָרע!... (שטייט אביסל אונ הייבט ווײַטער אָנ צו גיינ). אווארע איז קעדײַ געווענ טאקע אזויפיל אויסגעריסנ צו ווערנ, קריכנ אינ דער ערד ארײַנ, דרייענ, ברעכנ זיכ דעמ מויעכ, דארנ דעמ קאָפ, טריקענענ דעמ מארכ פונ די ביינער, ניט עסנ, ניט שלאָפנ, ניט טרינקענ, לויפנ, יאָגנ, כאפנ, רײַסנ, בײַסנ, מיט מעסוקנ נעפעש, מיט... מיט... מיט... טפו זאָל דאָס ווערנ! א מיסע מעשונע...

סאָרע-זיסעלע (לויפט ארײַנ א דערשראָקענע). מיט וועמענ רעדסטו דאָ? וועמענ שעלטסטו דאָ? אוי, האָסטו מיכ איבערגעשראָקנ! (כאפט זיכ באמ הארצנ) וואָס ליגנ עפעס די שליסעלעכ אפנ טיש? וואָס טוט זיכ דאָ מיט דיר, שמועל-בייניש? וואָס איז אזעלכס?

ר׳ שמועל-בייניש (צעמישט). גאָרניט, וואָס זאָל זײַנ? גאָרניט.

סאָרע-זיסעלע. וואָס הייסט „גאָרניט"? איכ בינ טויב? צי איכ טראכט זיכ אויס? דאכט מיר, אז איכ בינ נאָכ ניט טויב?

ר׳ שמועל-בייניש. ווער זאָגט דענ, אז דו ביסט טויב?

סאָרע-זיסעלע. ווער זאָגט? דו זאָגסט אלצדינג אפ מיר! ווער זאָגט, אז איכ בינ אנ אויסברענגערנ? ווער זאָגט, אז איכ בינ ניט קיינ געטרײַ ווײַב? ווער זאָגט, אז איכ גיב נאָכ די קינדער די „שמאד"?

ר׳ שמועל-בייניש. אָבער לאָז שוינ זײַנ גענוג! האָסט שוינ גערעדט מיט ליזענ?

---

1) מיר דרוקנ דאָ איבער דעמ פינאל-עפיזאָד פונעמ איינאקטער, ווי ער איז געווענ געדרוקט אינ דער ערשטער אויסגאַבע פונ 1887.

סאָרע-זיסעלע. וואָס-זשע? איך וועל וואַרטן אַף דיר, ביז דו וועסט זיך אַמאָל אויסקראַצן? קאַרג האָסטו די אויסגעמוטשעטע הײַנטיקע טאָג?

ר׳ שמועל-בייניש. נו, וואָס זאָגט זי?

סאָרע-זיסעלע, וואָס זאָל זי זאָגן?

ר׳ שמועל-בייניש. איך מיין, צי געפעלט איר דער דאָזיקער שידעך, וואָס שאָלעם שאַדכן לייגט איר פאָר?

סאָרע-זיסעלע. פאַרוואָס זאָל ער איר ניט געפעלן? וואָס איז ער? א שווינ-דלער? א גראָבער יונג?

ר׳ שמועל-בייניש. ווער זאָגט דען?

סאָרע-זיסעלע. איך פרעג דיך, ווער זאָגט דען? לעמײַ ווער זאָגט דען, אז מיר קענען ניט געבן קיין צוואַנציק טויזנט קערבלעך נאָרן דער טאָכטער? ווער זאָגט דען, אז ליזע דאַרף נישט נאָך קיין מאַלבושים? ווער זאָגט דען, אז זי דאַרף ניט?

ר׳ שמועל-בייניש. אוואַדע דאַרף זי!

סאָרע-זיסעלע. זי דאַרף? נו, און איך דאַרף ניט? וואָס בין איך עפּעס א דינסט בא דיר?

ר׳ שמועל-בייניש. פאַרוואָס-זשע זאָלסטו זיך ניט מאַכן? איך זשאַלעווע דיר?

סאָרע-זיסעלע. דו זשאַלעוועסט מיר ניט? כאַ-כאַ-כאַ! עס וואָלט נישט קרום געווען, כלעבן, זאָלסט מיר זשאַלעווען אַף א פּלאַטיע! וועסט עפּשער זאָגן, אז איך דאַרף נישט גיין געקליידט נאָך דער מאָדע? וועסט עפּשער זאָגן, אז... (א קאָל פון אַנדערן צימער: „מאַמע! מאַמע! דער שנײַדער איז געקומען!”). באַלד! באַלד! באַלד, ליזעטשקע! אָט גיי איך! (רעדט שטיל). שמועל-בייניש, גיב מיר אביסל געלט, שמועל-בייניש, א פּאָר קערבלעך, שמועל-בייניש...

ר׳ שמועל-בייניש (נעמט אַרויס א גאַנץ גרויסן בומאַזשניק און ציילט סאָרע-זיסעלען אין דער האַנט אַרײַן). איינס, צוויי, דרײַ, פיר — א הונדערטער; גענוג? (ער קוקט איר אין די אויגן אַרײַן און סאָרע-זיסעלע שווײַגט). פינף, זעקס, זיבן, אַכט — צוויי הונ-דערט; גענוג? (ער קוקט איר אין די אויגן אַרײַן; סאָרע-זיסעלע שווײַגט). נײַן, צען, עלף, צוועלף — דרײַ הונדערט, גענוג? (זיי קוקן זיך אין די אויגן אַרײַן; סאָרע-זיסעלע שווײַגט). דרײַצן, פערצן, פופצן, זעכצן — פירהונדערט; גענוג צי ניין? (סאָרע-זיסעלע לייגט אַרײַן דאָס געלט צו זיך אין קעשענע אַרײַן, לאָזט ניט אַראָפּ קיין אויג פונעם מאַן; לאָזט אַרויס א טיפן זיפץ — קימאַט א קוויטש — פונעם האַרצן און גייט פאַמעלעך אַוועק; שמועל-בייניש קוקט איר נאָך; שטייט א מינוט; טוט א שטאַרקן שפּײַ און גייט אַרויס דורך דער אַנדערער טיר).

(דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ).

# צום ערשטן אקט „צעזייט און צעשפּרייט“ [1]

## VII-טע סצענע

(מייער און מאטווי)

מאטווי. דו האָסט מיך גערופן?

מייער. גערופן... (באַטראַכט דעם זון פון קאָפּ ביז פיס). וואָס איז דאָס פאַר א מין מאלבעש?

מאטווי. פון געוואנט.

מייער. איך ווייס, אז פון געוואנט, ניט פון גאָלד... נאָר וואָס פאַר א פאסאָן? (דרייט אים אפּ אלע זײַטן). א בייזע, וויסטע כאלאַשעס!... טאָמער דערזעט דער מעכוטן, איז דאָס א שײַנדעלע...

מאטווי. אָט דאָ בין איך בעדאלעס!

מייער. אזוי גאָר? ס'איז דאָך דײַן מעכוטן!

מאטווי. איך האָב אים אין דער ערד!... האָסט דאָך מיך גערופן, פאפאשא? וואָס האָסטו געוואָלט זאָגן?

מייער (א קניימש מיט די פּלייצעס). זעץ דיך, וועסטו מיר אָנשרײַבן א בריוו צום גראפ, ער זאָל ווארטן מיטן וואלד, נישט פארקויפן ביז איך וועל קומען, וואָרעם מע וועט אים אָפּנארן...

מאטווי. דאָס איז שוין דײַן אייסעק (זעצט זיך שרײַבן).

מייער (דיקטירט). „יעווא סיאטעלסטווו יאסנאָוועלמאָזשנאָמו פּאנו זאבלודאָווס-קאָמו“... שוין?

מאטווי. שוין.

מייער (דיקטירט). „אדוינֵי פּאָרעץ! אזוי ווי דיר איז יאָדוע ווי ווײַט איך בין דיר איבערגעגעבן מיט לײַב און לעבן“ — שוין?

מאטווי. שוין.

מייער (דיקטירט). „קום איך צו בעטן דיך, אדוינֵי פּאָרעץ, אזוי ווי דו ווייסט ווי ווײַט געטרײַ איך בין דיר און איבערגעבן מיטן גוף און מיט דער נעשאָמע... נאָך דעם אלטער פּאָרעץ, זיכרוינע ליווראָכע, אז ער האָט געלעבט“...

מאטווי (שפּרינגט אונטער אפן בענקל). טאָמער וואָלט געווען גענוג צו כאנפענען דעם פּאָרעץ און קריכן אים אין דער נעשאָמע ארײַן? גאָכאמאָל אדוינֵי פּאָרעץ, און ווידעראמאָל אדוינֵי פּאָרעץ!...

1) מיר גיבן דאָ דעם טעקסט פון VII, VIII, IX סצענעס, ווי זיי זײַנען געווען געדרוקט אין דער „יידישער פאָלקסצײַטונג“ 1903, נומ. 5—6.

מייער (אַנגעצונדן). דערציילסט מיר מײַסעס, וויאַזוי צו שרײַבן צום פּאָרעצ א בריוו? יונגאטש! איך וויס נאָך עפּשער אזויפיל ווי דו, כאָטשט דו גייסט אין לאנגע שטיוול!

מאטווי. אז דו ווייסט, טאָ שרײַב אליין! (טוט א וואָרף די פּען און גייט אוועק).

מייער. א ווילדער זון!... א געראָטענער בען! טאַקע קעדײַ געווען אויסשיטן אזויפיל געלט צו גרייכן אזא שירעך פון דײַנעטוועגן! (קלינגט צום שטובמיידל). רופ מיר ארײַן כאַימען! (עס קומט ארײַן כאַימ א פארשלאָפענער).

## VIII־טע סצענע

(מייער און כאַימ)

מייער. זעצ דיך, וועסטו מיר אָנשרײַבן א פּאָר ווערטער. ווהין שלײַעסטו זיך ארום גאנצע נעכט? וואָס איז דאָס פאר זאסעדאניעס?

כאַימ. פון ציאָניסטן.

מייער. וואָס פאר א מעכוטן ביסטו מיט ציאָניסטן?

כאַימ. א גוטע מײַסע! איך דאכט זיך בין א ייִד צי ניין?

מייער. א ייִד ביסטו? וואָס זאָגט איר אפּ דעם ייִדן? א שנעק ביסטו נאָך, זאָלסטו מיר מויכל זײַן, א מאַלאָקאָסאָס! (כאַימ דרייט זיך אויס און לאָזט זיך גיין צו דער טיר; דער פאָטער שטעלט אים אָפּ). הער נאָר, דו, ציאָניסט מײַנער! לאָמיך זען, אז דו וועסט מיר ארומגיין מיט דיראָזיקע שלעפּערס!

כאַימ. וואָסערע שלעפּערס?

מייער. אָט די, וואָס ווילן אונדז איבערפירן קיין ערעצ־ייִסראָעל!

כאַימ. ערעצ־ייִסראָעל איז גאָרניט אזא בייזאָיען.

מייער. „ערעצ־ייִסראָעל־ייִדן" געוואָרן!

כאַימ. וואָס האָבן זיי דיר געטאָן, וואָס דו ביסט אזוי אופגעטראָגן?

מייער. איך האָב פײַנט, אז מע מאכט זיך נאריש... ציאָניסטן גאָר! פוסטעפּאסניקעס, ליידיקגייערס, האָבן ניט וואָס צו טון!

כאַימ. זאָלסט זיך לאָזן רעדן, וואָלט איך דיר דערקלערט דעם איניען...

מייער. דו וואָלסט מיר דערקלערט? וואָס זאָגט איר אפּ דעם כאָכעם? די נאָז שנײַץ אויס! (כאַימ גייט אוועק, ער שרײַט אים נאָך). ציאָניסטן געוואָרן! נײַע שטאדלאָנים! מעשוגאָים! (קלינגט, עס קומט ארײַן מאשע). רופ מיר ארײַן כאנען! (עס קומט ארײַן כאנע).

## IX־טע סצענע

(מייער און כאנע)

כאנע. פּאפּאשא, דאָס האָסטו מיך גערופן?

מייער. איך, איך! דאָס האָב איך געהאט דאָס אזעס מאטריעך זײַן דיך, מײַן טאָכטער! דאכט מיר, אז איך מעג מיר נאָך פארגינען דיך מאטריעך זײַן, צי ניין? זעצ דיך נאָר אוועק, וועסטו מיר אָנשרײַבן צום פּאָרעצ א בריוו. דאכט זיך, אז איך מעג דיך מאטריעך זײַן אָנשרײַבן א בריוו, צי ניין?

כאנע. ווער זאָגט דען, אז ניין?

מייער. איך האָב געוואָלט זען, זאָלסט מיר זאָגן ניין! קאָרג האָב איך געהאָרעוועט פון אײַערטוועגן, אויסגעריסן געוואָרן, זיך מאפקיר געווען, זיך געלאָזט קאָסטן געלט!

לעסאָפּ עס קומט צו עפּעס, איז דער א פּאָרעצ און יענער א ציאָניסט.... ארויסגעוואָרפנ געלט!

כאנע. וואָס עפּעס פלוצים געלט?...

מייער. וואָס? עפּשער ביינ? דו האָסט מיכ עפּשער ווינציק געלט געקאָסט?... גימנאַזיע, רוסיש, אונ דײַטש, אונ פראנצויז, אונ אפנ פּאָרטאָפּיאנ שפּילנ, אונ טאנצנ אונ... אונ... אונ... וואָס ניט?... צוליב וועמענ האָב איכ זיכ איבערגעצויגנ אהער אינ דעמ טומל, אז ניט צוליב אײַכ?

כאנע. דו ביסט גערעכט, פּאפּאשא, נאָר איכ וואָלט דיר מויכל געווענ דאָס שפּילנ מיטנ טאנצנ, אבי דו זאָלסט מיכ בעסער אָפּשיקנ אפ די קורסנ; דאָס וואָלט געווענ בא מיר טײַערער פונ אלצדינג...

מייער. וואָסערע קורסנ! וואָסערע פלאָמענ? מע דארפ נישט קיינ קורסנ, האָב איכ דיר אייגמאָל געזאָגט! גא דיר נאָכ קורסנ אינמיטנ דרינענ!

כאנע (פאר זיכ). אפּאָנעמ, נישט די גוטע שאָ (וויל אוועקגיינ).

מייער. שטיי נאָר! וואָס אנטלויפסטו? וואָס לויפט איר אלע? וואָס אנטלויפט איר? וואָס בינ איכ עפּעס, א בער? וואָס טוט זיכ עפּעס מיט אײַכ?

כאנע. דו טרײַבסט איטלעכנ באזונדער אונ זאָגסט, אז מע אנטלויפט פונ דיר...

מייער. וואָס איז דאָס פאר אנ ענטפער? וואָס איז דאָס פאר א מאָדע רעדנ מיט א טאטנ?...

כאנע. דו פרעגסט, ענטפערט מענ דיר. — (וויל אוועקגיינ).

מייער. שטיי נאָר, שטיי! זאָג מיר נאָר, כאנע, מיילע מאטוויי איז א פּוסטער באָכער, כאָימ איז גלאט א מעשוגענער, זיכ ארײַנגעלאָזט אינ נארישקײַטנ. אָבער דו ביסט דאָכ נישט קיינ נאריש מיידל, זאָג מיר, וואָס טוט זיכ עס מיט אײַכ? איר האָט זיכ ווי אָנגערעדט אלע מיר טונ אפ צולאָכעס! מיר דאכט, אז מע גיט אײַכ נאָכ אלצדינג: איר ווילט גימנאזיע — נאט אײַכ גימנאזיע; איר ווילט ארקאדיע — נאט אײַכ ארקאדיע... דאָס ברודערל דײַנס, מאטוויי, א רעכטער גאָרנישט? פונדעסטוועגנ, וואָס פאר א מינ שירעכ האָב איכ פונ זײַנעטוועגנ אויסגעזוכט! פונעמ שענסטנ ייִכעס!... וויפל קאָסט דאָס מיכ געלט אונ וויפל געזונט!... צי, אשטייגער, די שוועסטער דײַנע, וויפל האָט מיכ אָפּגעקאָסט איר כאסענע מיט איר געט! פונדעסטוועגנ, לאָז נאָר גאָט צושיקנ עפּעס א רעכטנ זיוועג, וועל איכ איר ווידעראמאָל געבנ נאדנ... פונ דיר רעדט מענ ניט, אז איכ וועל דיר ניט זשאלעווענ קיינ פינפ אונ צוואנציק טויזנט, אונ עפּשער טאקע אלע דרײַסיק; אונ א כאָסנ וועל איכ מיסטאמע אויכ זענ דיר געבנ אזעלכנ, וואָס קאָטאָרי...

כאנע. אדאנק דיר, פּאפּאשא! איכ האָב דיר געזאָגט וויפל מאָל, אז איכ דארפ ניט דײַנ נאדנ אונ דארפ ניט דײַנ כאָסנ, דו שיק מיר בעסער אָפּ אפ...

מייער (ארויס פונ די קיילימ). הא? וואָס? וואָס האָסטו געזאָגט? דו דארפסט ניט מײַנ נאדנ? דו דארפסט ניט מײַנ כאָסנ?... אָט אזוי דאנקט איר מיר אָפּ? אוועק פונ מײַנע אויגנ! (עס לויפט ארײַנ מאלקע. כאנע גייט אוועק).

## צום פינאל פונעם ערשטנ אקט

## „צעזייט אונ צעשפרייט״ [1]

### XII־טע סצענע

(מייער, מאלקע מיט די מעכוטאָנים)

מ י י ע ר (פריינטלעך). א ! באָרוכ האבאָ ! געסט !... זעצט זיך ! זיצט ! פארוואָס זיצט איר ניט ? (באזעצט די געסט, טוט א ווונק צום ווייב, מע זאָל עפעס דערלאנגענ צום טיש. מאלקע גייט אוועק אונ קומט אריינ צוריק מיט דער דינסט. די דינסט שטעלט אוועק א גרויסע זילבערנע טאצ מיט קאָלטווו : מאשקע אונ פארבייסנ, קאָל האמינימ לעקעכ אונ איינגעמאכטס). וואָס-זשע מאכט איר עפעס גוטס ? פארוואָס זעט מענ אייכ נימ ? וואָס מאכט עפעס די קאלע ? אונ ווי גייט עס אייכ אינ געזונט ?...

ר ע ב מ ו י ש ע ל ע (צענעמט די פּאָלעס פונ דער שאבעסדיקער קאפּאָטע, צעלייגט זיכ גאנצ ברייטלעכ אינ א ווייטנ פאָטעל, טראָגט אונטער א זילבערנ פושקעלע מיט טאבּאַק צו דער נאָז, רעדט הויכ, נאָר געציילטע ווערטער, לאָזט אויס אלע מאָל מיט א לאנגנ „אונ יאָ-אָ-אָ״... אונ איטעלע מיט מאלקענ רעדנ זיכ בעשאט-מייסע צווישנ זיכ שטילערהייט). וואָס איכ מאכ ? דאנקענ האשעמ-ייִסבאָרעכ... געגאנגענ פארביי... מיר וואָלטנ ניט אריינגעגאנגענ. זאָגט זי, די אלטע מיינע : „קומ לאָמיר אריינגיינ״, זאָג איכ : „קומ לאָמיר אריינגיינ״. איר דארפט וויסנ, אז מיר גייענ זיכ דורכ קימאט אלע טאָג... מיר האָט דער דאָקטער אָנגעזאָגט, איכ זאָל גיינ אונ גיינ ! לופט, לופט—האָט ער מיר אָנגעזאָגט ! אונ יאָ־אָ־אָ... די לופט, הערט איר, דאָס איז א גרויסע זאכ !... מיינ טאטע, אָלעוו-האשאָלעמ, פלעגט נאָכ זאָגנ, אז לופט דאָס איז... ע...ע...ע... איר פארשטייט ? (מאכט מיט די הענט).

מ י י ע ר. איכ פארשטיי, פארוואָס זאָל איכ ניט פארשטיינ... נעמט עפעס אינ מויל אריינ ! מאלקע, בעט זיי, זיי זאָלנ עפעס נעמענ אינ מויל אריינ.

מ א ל ק ע. איכ בעט אייכ, נעמט עפעס אינ מויל אריינ !

ר ע ב מ ו י ש ע ל ע. שייעכ זאָגנ איר פארשטייט ? וואָס פארשטייט איר ? איר פארשטייט גאָרניט, איר זענט פּראָסטע מענטשנ, לעמיי זאָלנ מיר זיכ בארג ? (ניסט, טוט זיכ א צי מיט דער האנט באמ לינקנ אויער אונ זאָגט „לישועתך קויתי ד׳״).

א י ט ע ל ע, מ י י ע ר א ו נ מ א ל ק ע (אלע דריי). צו געזונט אונ צו אריכעס יאָמימ !...

ר ע ב מ ו י ש ע ל ע. אראנק !... די מייסע דערפונ איז אזוי. דער טאטע מיינער, זיכרוינע ליווראָכע, פלעגט זאָגנ, אז לופט איז אזא מינ זאכ, וואָס קיינ מענטש אונ קיינ לעבעדיקע זאכ קאָנ זיכ אָנ דעמ נישט באגיינ. אונ יאָ־אָ־אָ... לופט רייניקט אונדז די געבליטנ אינווייניק — דאָס איז איינמאָל אוועק. וועהאשייניס, באדארפנ מיר האָבנ לופט, אזוי ווי... אזוי ווי... וואָס זאָל איכ אייכ, מעדוימע לעמאָשל, אָנכאפּנ ?

---

1) מיר גיבנ דאָ דעמ פינאל פונעם ערשטנ אקט, ווי ער איז געווענ געדרוקט אינ דער „יידישער פאָלקסצייטונג״ 1903, № 6.

מ ייע ר. נו, קעדוימע לעמאָשל, אזוי ווי געלט? נעמט עפּעס אינ מויל אריַינ!..
מאלקע, בעט זיי, זיי זאָלנ עפּעס נעמענ!...

מ א ל ק ע. איכ בעט איַיכ, נעמט עפּעס אינ מויל אריַינ!

ר ע ב מ ו י ש ע ל ע. הא? וואָס האָט איר געזאָגט? אזוי ווי געלט? א מאָשל כחרס הנשבר! נא דיר גאָר געלט!... אוי, זענט איר, מעכוטנ, א דאָס... כע-כע... בא איַיכ איז, אפּאָנעמ, דעריקער נאָר געלט? בא אונדז, זעט איר, איז פּונקט קאפּויר: געלט איז בלאָטע!... (ניסט, טוט זיכ א צי מיט דער חאָנט באַם לינקנ אויער אונ זאָגט: „לי־שועתך קויתי ד׳״).

א י ט ע ל ע, מ ייע ר אונ מ א ל ק ע (אלע דריַי). צו געזונט אונ צו אריכעס יאָמים!..

ר ע ב מ ו י ש ע ל ע. אדאנק!... בא אונדז איז, זאָג איכ, פּונקט דער היי פּכ געלט איז בלאָטע, בלאָטע שעבעבלאָטע!... בא אונדז איז דעריקער „מענטש״; פּריִער מענטש אונ נאָכדעמ מישפּאָכע. אונ יאָ-אָ-אָ... איר פאַרשטייט, וואָס מע רעדט צו איַיכ, מיש-פּאָ-כע!...

מ ייע ר. איכ פאַרשטיי, פאַרוואָס זאָל איכ ניט פאַרשטיינ? נעמט עפּעס אינ מויל אריַינ. מאלקע, בעט זיי, זיי זאָלנ עפּעס נעמענ אינ מויל אריַינ!

מ א ל ק ע. איכ בעט איַיכ, נעמט עפּעס וואָס ניט איז אינ מויל אריַינ!

ר ע ב מ ו י ש ע ל ע. מישפּאָכע — דאָס איז א גרויסער איניענ! אונ יאָ-אָ-אָ... מיַינ זיידע, אָלעוו-האשאָלעמ, ער זאָל האָבנ א ליכטיקנ גאנייִדנ, פלעגט זאָגנ אזוי: „הערט-זשע קינדערלעכ! איר זאָלט וויסנ, אז מיר קומענ ארויס פונ די זיַידנשטאמערס, פונ דעמ גרויסנ רעב מוישעלע זיַידנשטאמער״ (דאָס הייס איכ טאקע נאָכ אימ א נאָמענ), אונ יאָ-אָ-אָ... אָט דערדאָזיקער רעב מוישעלע האָט געהאט א ברודער, א יינגערנ פונ אימ, האָט ער געהייסנ רעב יאָסעלע, טאקע מיַינ אלטערס א זיידע... (צום וויַיב) אזוי, צי ניינ?

א י ט ע ל ע. אזוי, אזוי, ווי דענ? נאָר מיר דאכט, אז ניט דאָס האָסטו געוואָלט זאָגנ.

ר ע ב מ ו י ש ע ל ע. הא? יאָ, ביסט גערעכט. גוט, וואָס דו האָסט מיכ דערמאָנט. די מיַיסע, פאַרשטייט איר מיכ, איז אזא מיַיסע... דאכט זיכ מיר, אז אביסל באדארפט איר מיכ שוינ קענענ מיט מיַינ כאראקטער... איכ בינ א מענטש א שטילער, א רויִקער, איכ האָב פיַינט די אלע היַינטיקע פליִעכצנ, מיַינ פּי־פּו, ווי זאָגט ער: „גיי נישט גיכ, וועסטו ניט רייַסנ קיינ שיכ״. איר האָט געהאָרכט אמאָל דאָסדאָזיקע גליַיכווערטל?

מ ייע ר. געהאָרכט, וואָס דענ, ניט געהאָרכט?

ר ע ב מ ו י ש ע ל ע. נו, זאָלט איר וויסנ זיַינ, אז דאָסדאָזיקע גליַיכווערטל איז מיַינ זיידנס גליַיכווערטל... ער, זיכרוינע ליווראָכע, אוי, האָט ער געהאט אינ זיכ איַינפאלנ!... נאָר ווו האלט איכ? יאָ, בינ איכ מיר, הייסט עס, א מענטש א רויִקער, מיט א רויִקנ כאראקטער, זייער א רויִקנ כאראקטער! אונ יאָ-אָ-אָ... אָנקוקנ קאָנ איכ ניט אָט די פליִערס, מיט די היַינטיקע פיַינע בעריעס, מיט די היַינטיקע פאַרנאָסעס, מיט דעמ היַינטיקנ שניט... אונ יאָ-אָ-אָ... איכ בינ מיר געווינט געוואָרנ שטיל, פאַרשטייט איר מיכ, פּאַוואָלינקע, מיט קאָווער. איכ וועל ניט גיינ שווארצנ דאָס פּאָנעמ, שטיינ באַם פּאָרעצ בא דער טיר, זיַינ א פאקטער ווי אנדערע... אונ יאָ־אָ־אָ... איכ וועל מיר שוינ אָפּשטופּנ, ווי זאָגט ער, דאָס וועלטל אָט אזוי... (צום וויַיב) הא? וואָס זאָגסטו, איטעלע?

א י ט ע ל ע. אוודע אזוי! נאָר מיר דאכט, אז ניט דאָס האָסטו געוואָלט זאָגנ..

ר ע ב מ ו י ש ע ל ע. הא? גערעכט. איכ וועל באלד ארופּקומענ דערופ. אונ יאָ־אָ־אָ... איז, הייסט דאָס, וואָס? גאָרניט!... מיַינ שטוב, ווייסט איר דאָכ מיסטאָמע, מיטנ הויפ?

מייער. מיר ווייסן, וואָס דען? מיר ווייסן ניט? פאַרוואָס נעמט איר עפּעס ניט אין מויל אַרײַן? מאַלקע, בעט זיי, זיי זאָלן עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן!

מאַלקע. איך בעט אײַך, טוט מיר צוליב, נעמט עפּעס וואָס ניט איז אין מויל אַרײַן.

רעב מוישעלע. ווייסט איר, הייסט עס, מײַן שטיבל מיט מײַן הויף? א פּײַן שטיבל און א היפּשער הויף... און יאָ־אָ־אָ... האַלט איך איצטער בא איבערבױען דעם פליגל און דאַרף האָבן, פאַרשטייט איר מיך, געלט! און אויב איר ווילט ווייסן, באַדאַרף איך אַצינד זייער האָבן געלט און טאַקע נייטיק!... און איך, פאַרשטייט איר, אַז איך באַדאַרף האָבן געלט, איז ניט גלײַך ווי אַן אַנדערער, וואָרעם איך וועל אײַך קלאָר מאַכן: אַן אַנדערער, אַז ער דאַרף געלט, קאָן ער זיך אַן אייצע געבן, איבערדרייען דאָס, יענץ... און יאָ־יאָ־אָ.. און איך בין נישט גלײַך צו קיין אַנדערן, וואָרעם איך בין נישט קיין אַבי־וועער, לעמײַ זאָלן מיר זיך גאַרן? איך בין, פאַרשטייט איר מיך, א זײַדנשטאַמער, און די זײַדנשטאַמערס זענען בא זיך גרויסע גאַדלאָנים! און יאָ־אָ־אָ... א זײַדנשטאַמער וועט זיך לאָזן דעם קאָפּ אַראָפּנעמען און וועט נישט בעטן בא יענעם!... אָט אָט אַזאַ מין פאָלק איז דאָס! (ניסט, טוט זיך א צי מיט דער האַנט באַם לינקן אויער, זאָגט: „לישועתך קויתי ד׳״).

איטעלע, מייער און מאַלקע (אַלע דרײַ). צו געזונט און צו אַריכעס יאָמים!..

רעב מוישעלע. אַדאַנק... איז ווו האַלט איך, הייסט דאָס? און אָ, איז באַדאַרף איך איצטער זייער נייטיק האָבן געלט! וויאַזוי מיינט איר נייטיק? מאַמעש עס זעצן די אויגן פונעם קאָפּ! נישט מאַכמעס דאָס געלט גופע, נאָר צוליב די הכרחיות, וואָס איך קאָן זיך אָן דעם ניט באַגיין. און יאָ־אָ־אָ... דאָס הייסט, ווען לעמאָשל די הכרחיות גייט איבער, איז דעמאָלט בא מיר שוין דאָס געלט א לאַוו־דאַפקע. געלט און ניט קיין געלט איז דעמאָלט בא מיר אַלצייגס... אָט אַזאַ מענטש בין איך, און אָט אַזוי ווי איר זעט זענען מיר אַלע זײַדנשטאַמערס אַזעלכע (צום ווײַב). האַ? איטעלע, וואָס זאָגסטו, אַזוי צי ניין?

איטעלע. אַוואַדע אַזוי, ווי דען? נאָר מיר דאַכט, אַז דו האָסט זיי עפּעס אַן אַנדער זאַך געוואָלט זאָגן, פאַרוואָס זאָגסטו זיי ניט?...

רעב מוישעלע. וואָס זאָל איך זיי זאָגן? איך האָב זיי שוין אַלצדינג אָפּגעזאָגט. וואָס איז? אַזעלכע בעקיימעס זענען זיי, אַז זיי פאַרשטייען שוין ניט וואָס מע רעדט צו זיי? צי מע באַדאַרף זיי טאַקע אַרײַנלייגן א פינגער אין מויל אַרײַן, זיי זאָלן אים אָפּבײַסן?... מיר דאַכט, אַז דער סייכל האַיאָשער זאָגט זיי שוין אַליין, אַז איך, וויבאַלד איך באַדאַרף האָבן א גמילעס־כעסעד, באַדאַרף איך נישט גיין צו קיין פרעמדן, און א מעכוטן איז, דאַכט זיך, פאָרט עפּעס א שטיקל אייגענער, האַ?...

מייער. וויפל, אשטייגער, האָט איר באַדאַרפט האָבן דאָס... געלט, מיין איך? מאַלקע, פאַרוואָס בעטסטו זיי נישט, זיי זאָלן עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן?

מאַלקע. נו, טוט מיר צוליב, איך בעט אײַך, נעמט שוין עפּעס כאָטש וואָס ניט איז אין מויל אַרײַן!

רעב מוישעלע. וויפל איך באַדאַרף האָבן געלט? א שטוסערײַ, דאָס הייסט, בא מיר הייסט דאָס געלט, נאָר בא אײַך איז דאָס א גאָרנישט... סאַכאַקל א פּאָר טויזנט קערבלעך...

מייער (דערשראָקן). א פּאָר טויזנט?

רעב מוישעלע. אָפּ דער ערשטער צײַט, שפּעטער, אַז איך וועל זיך שטעלן בויען, וועל איך באַדאַרפן האָבן נאָך אַזעלכע צוויי־דרײַ טויזנט... רעכן איך, אַז איר זאָלט...

מ יי ע ר. כאס-וועכאָלילע! וואָ-וואָס רעדט איר? ווייס איך, וואָס איר רעדט! אזעלכע געלטנ האָב איך ניט און האָב גאָר קיינ... קיינ... קיינמאָל ניט געהאט!... פארוואָס נעמט איר עפּעס ניט אינ מויל אריינ? מאַלקע, בעט זיי, זיי זאָלנ עפּעס נעמענ אינ מויל אריינ!

מ א ל ק ע. איך בעט אייַך, טוט מיר צוליב, נעמט-זשע שוינ כאָטש עפּעס, כאָטש וואָס ניט איז, נעמט עפּעס אינ מויל אריינ!

ר ע ב מ ו י ש ע ל ע. א ז ע ל כ ע געלטנ האָט איר ניט? וואָס הייסט א ז ע ל כ ע געלטנ? וועלכע דענ געלטנ האָט איר?

מ יי ע ר. קיינ... קיינ... קיינ שום געלטנ האָב איך ניט! פארוואָס נעמט איר עפּעס ניט?... מאלקע!...

מ א ל ק ע. איך בעט אייַך, נעמט...

ר ע ב מ ו י ש ע ל ע (טוט זיך א וואָרפ צוריק אפנ פאָטעל). הייסט דאָס, זאָגט איר מיר אָפּעט?

מ יי ע ר. כאַז-וועכאָלילע! וואָס-וואָס הייסט איך זאָג אייַך אָפּעט? איך זאָג אייַך ניט אָפּ, נאָר קיינ געלט, זאָג איך, קאָנ... קאָנ... קאָנ איך אייַך ניט געבנ, מאכמעס איך... איך... איך האָב ניט...

ר ע ב מ ו י ש ע ל ע (שטייט אופ מיט א טיפנ זיפצ, דרייט זיך אויס צום ווייַב). דארפנ מיר נאָך גיינ, הייסט דאָס, אפ דער פּאָסט? הא? וואָס זאָגסטו, איטעלע?

א י ט ע ל ע. פארשטייט זיך, אפ דער פּאָסט!...

ר ע ב מ ו י ש ע ל ע. און פונדאָרטנ ערגעצ נאָך?... הא? וואָס זאָגסטו, איטעלע?

א י ט ע ל ע. פארשטייט זיך!... (זיי דרייענ זיך אויס ביידע מיט די פּענעמער צו דער טיר און גייענ אוועק מיט גרויס גארלעס אָנ א זייַ געזונט!).

## XIII־טע סצענע

(מייער און מאלקע אליינ, שטייענ א פּאָר מינוט ווי געליימט)

מ יי ע ר (צו מאלקענ). נו?...

מ א ל ק ע (צו מייערנ). ננו??... (א שטילע סצענע; דויערט א מינוט)

סאָפ פונעמ ערשטנ אקט.

# א נײַער אקט צו דער קאָמעדיע

## „צעזייט און צעשפּרייט“ [1]

די פּרישע פּאַרשוינען פונעם נײַעם אקט:

גדאליע קאטשער — דאווידקעס פאָטער, א בלינדער אפ ביידע אויגנ.
כאוועלע — זײַנ ווײַב, א קראנקע ייִדענע.
קלארע — זייער טאָכטער, מאטוויס געליבטע.
מאָטקע — זייער ייִנגערער זונ, וויל ארײַנ אינ גימנאזיע.
מארקושא — פונ דאווידקעס גוטע ברידער, שאדכנט זיכ צו קלארענ.
סאָרע-פייגע — א קעכנ בא די קאטשערס, א ייִדענע אָנ א נאָז.
בלומקע — איר טאָכטער, א מיידל א מאָדיסטקע.

(א געמיינ מעבלירט צימער, באשטייט פונ צוויי כאדאָרים. טיפ אינ דער סצענע שטייט א געמיינע הילצערנע בעט. — אקעגנ אינ ווינקל — א פּראָסט הילצערנ טישל מיט געפּעס אונ מיט א פארבוישעכטנ סאמאָוואר, מיט א פארויכערט לעמפל אפ דער וואנט. — פאָרנט, פאר געסט, אנ אלטע ווייכע, נאָר אויסגעטריפּעטע קאנאפּע. א פּאָר שטולנ, אויכ אזעלכע, א נאקעטער האלב־קײַלעכיקער טיש, אפנ טיש א צעוואָרפנ פּעשל קאָרטנ; אפ דער וואנט — דאָס בילד פונ מוישע מאָנטעפיורי. — דאָרט, אפנ בעט ליגט די קראנקע כאוועלע; פאָרנט אפ א בענקל זיצט קלארע מיט א רויט שאלעכל אפ די פּלייצעס, קוקט ארײַנ אינ א ביכל. — ווײַט אינ ווינקל באמ קליינעמ טישל זיצט ווי א סטאטוע גדאליע קאטשער מיט די בלינדע אויגנ, קוקט גלײַכ אינ איינ פּינטל ארײַנ, האלט די הענט אראָפּ אפ די קניִעס, רירט נישט מיט קיינ אייווער. — איבערנ שטוב גייט ארומ ווי א שאָטנ הינ אונ צוריק, אינ דערי לענג אונ אינ דער ברייט דער קליינער מאָטקע אונ כאזערט גראמאטיקע).

---

[1] מיר דרוקנ דאָ איבער דעמ טעקסט פונעמ „נײַעמ אקט“, ווי ער איז געווענ גע־דרוקט אינ דער „ייִדישער פאָלקסצײַטונג“ 1903, נומ. 30—31.

## I־טע סצענע

מאָטקע (האַלט דאָס ביכל אָפן הינטן, לערנט אַפּ אויסווייניק). אימעניטעלני — דיענגי, ראָדיטעלני — דיענעג, דאַטעלני — דיענגאַם, וויניטעלני — דיענגי...

גדאַליע. דיענגי, דיענגי, דיענגי! אומעטום — דיענגי! אפילע אין דער גימנאַזיע אויך דיענגי!

כאַוועלע (זעצט זיך אָפן בעטל, הוסט). אומעטום דאַרף ער שטופן די צונג. דאָס קינד גרייט זיך צום „אקזאַמענט", מישט ער זיך אַרײַן! מײַן הוסט אַפּ דיר!

גדאַליע. פאַרנוץ געזונט! איך זאָג דען עפּעס? איך שמועס נאָר, וואָס פאַר אַ וועלט ס׳איז הײַנט געוואָרן: נאָר געלט, און געלט, און געלט!

כאַוועלע. כ׳וואָלט וועלן וויסן, ווער פרעגט בא דיר?

גדאַליע. זאָל איך וואַרטן ביז מע וועט מיך פרעגן? לאַנג, האָב איך מוירע, וועל איך דאַרפן וואַרטן.

כאַוועלע. פּאָלג מיך, ווער אַנשטומט! כלעבן, מעגסט שוין שטומען ווי אַ הונט.

גדאַליע. אָמיין, גאַם אַטעם!

כאַוועלע (צו זיך אַליין). נישט געווען נאָך הײַנט דאַווידקע? פאַרוואָס זעט מען אים ניט אַזוי שפּעט?

גדאַליע. וואָס דאַרפסטו אַזוי דאַווידקען?

כאַוועלע (הוסט). נו־נו! דאָס געפעלט מיר דאַפקע, אַפּ וואָס איך דאַרף אַזוי דאַווידקען! אַ שיינע מײַסע, נאָר אַ קורצע! מע דאַרף צאָלן דירע־געלט... דעם דאָקטער דאַרף מען צוגרייטן אַ האַלב קערבל כאָטש... און דעם אַפּטייקער דאַרף מען שיקן. דער עפּעס דערהאַלט מיך בא מײַן לעבן... און נישטאָ אַ גראָשן...

גדאַליע. אַ נאָוועניע בא דיר זיצן אָן אַ גראָשן?

כאַוועלע. זיצן זאָלסטו אין געהאַקטע ווונדן!

גדאַליע. אָמיין, גאַם אַטעם! (עס עפנט זיך די טיר, עס קומט אַרײַן פון קעך סאָרע־פייגע די קאַרנאָסע מיט אַ גרויסן קאָשעק פיש און פלייש, ציבלקעס, קאַרטאָפליעס, פּעטרעשקע, כריין און רעטעך. — אינאיינעם מיט סאָרע־פייגען קומט אַרײַן איר מיידל בליומקע. — סאָרע־פייגע שטעלט אַוועק דעם קאָשעק כאַוועלען אין בעט אַרײַן און אַליין זעצט זי זיך צו אַפּ אַ בענקל בא דער זײַט און בליומקע גייט צו צו קלאַרען).

## II־טע סצענע

כאַוועלע (באַטראַכט דעם קאָשעק מיט אַלע גוטע זאַכן). אָט דאָס האָט איר געקויפט?

סאָרע־פייגע. ניין, חעהאַנוועט (געגאַנוועט).

גדאַליע. גוט געענטפערט, כלעבן.

כאַוועלע. אָט איז ער דאָ, מײַן הוסט אַפּ דיר! (פאַרהוסט זיך).

גדאַליע. פאַרנוץ געזונט!

קלאַרע. וואָס מאַכסטו, בליומקע? זיץ.

בליומקע (זעצט זיך צו אַפּ אַן עק בענקל). וואָס זאָל איך מאַכן? קלאַרעניו מײַן האַרץ! (קוקט זיך אַרום). איך האָב אַ בריוול... ערשט הײַנט באַקומען פון מײַן כאָסן...

לייענט דאָס מיר איבער, קלאַרעניו, איר קאָנט (גיט איר דאָס בריוועלע, קוקט זיך ארומ, צי. קיינער זעט ניט. קלאַרע לייענט פריִער אליינ).

כאוועלע (טאַפּט איבער מיט די הענט איטלעכעס ברעקל, וואָס אינ קאָשעק). שיינע פישלעכ! גאָלע ביינדלעכ! קײַ אונ שפּײַ! וואָס קאָסט דאָס ביסל פּליטקעס.

סאָרע־פּייגע. אנדערהאלבנ הילנ (גילנ) מיט צוויי הראָשנ (גראָשנ) מיט א האלבנ, הייסט דאָס אזוי הרייס (גרויס) ווי א פּערטעלע מיט א האלבנ הראָשנ (גראָשנ) טפו! מיינ איכ א פּערטעלע אָנ א האלבנ הראָשנ (גראָשנ).

גדאליע. כ׳האָב, כלעבנ, ניט געוווּסט, סאָרע־פּייגע, אז איר זענט אזא קאָפּ־מענטש, אָנ אײַנהאָרע א באַל־כעשבנ.

סאָרע פּייגע. א באלעבאָס טאָר אינ העכזאכנ (קעכזאכנ) זיך ניט מישנ.

כאוועלע. זע נאָר א מינ פלייש פונ א נעווײַלע! וואָס קאָסט דאָס ביסל ביינער?

סאָרע־פּייגע. האסריליהל (קאָסר־ליקל) דער האצעוו (קאַצעוו) מיט די בלינדע דויטע אויהנ (אויגנ), די האפּאָרע (קאַפּאָרע) זאָל ער ווערנ, אימ אליינ העשמיצט (געשמיצט) דאָס פלייש אינ פּאָנעמ...

גדאליע. אצינד באדארפ דאָס פלייש נאָכ קאָסריִעלס פּאָנעמ גאָר אנ אנדער טאַמ באַקומענ.

סאָרע־פּייגע. א באלעבאָס זאָל אײַכ ליב האָבנ אומעטומ זיך מישנ!

כאוועלע. געפעלט דיר ציבלקעס — גאָלע ווײַדלענ! אונ פּעטרעשקע מיט קאַר־טאָפּליאקעס — נישטאָ אפ וואָס צו קוקנ! וואָס קאָסט דאָס ביסל מיסט?

סאָרע־פּייגע (רעכנט אפ די פינגער שטילערהייט, האָט אלעמאָל א טאָעס, טוט א שפּײַ אונ הייבט אָנ נאָכאמאָל פונ אָנהייב. גדאליע זאָגט איר שטעכווערטלעכ. כאוועלע שעלט אימ: „מײַנ הוסט אפ דיר!“; גדאליע ווינטשט איר: „פארנוצ געזונט!“ — קלאַרע לייענט דאָס בריוול הויכ, בליומקע קוועלט).

קלארע (לייענט). „אזוי ווי שניי איז ווײַס אונ בייגל איז קײַלעכיק, אזוי טוט מיכ צו דיר מײַנ הארצ טונ טאָג ציִענ, בליומקע מײַנ זיס לעבנ, די זעל פונ מײַנ נעשאָמע, מײַנ קרוינ, מײַנ שאצ, מײַנ גליק, מײַנ ענגעל“...

בליומקע. וואָס הייסט דאָס „ענגעל“?

קלארע. ענגעל הייסט א מאלעכ פונעמ הימל (לייענט ווײַטער). „טאָג ווי נאכט טו איכ שטענדיק צו דיר גארנ, טאָמיד פונ דיר טראכטנ, נישט איכ עס, נישט איכ טרינק, איכ טו נאָר אימער קלערנ, ווענ וועל איכ שוינ מיט מײַנ זיס לעבנ אינ פּאראדיז טונ טאָנ שפּאצירנ?“...

בליומקע. וואָס הייסט דאָס „פּאראדיז“?

קלארע. אינ גאנײדנ הייסט דאָס (לייענט ווײַטער). „אונ איכ בעט דיכ, מײַנ זיס לעבנ, אויב דו האָסט שוינ עפּעס פארדינט, זאָלסטו מיר צושיקנ עטלעכע „קערלעכ“ וואָס צומ גיכסטנ, כאָטש א „קערלעכ“ צוואנציק, איכ מוז מיר מאכנ א פּאָר שטיבליעטנ, יענע האָבנ זיכ צעריסנ, אונ א קאמזויל א נײַעמ“...

בליומקע (שפּרינגט אונטער). א קאמזויל א נײַעמ? שארלאטאנ! ערשט ניט לאַנג ארויסגעשיקט אימ דרײַסיק קארבנ, בענעמאָנעס, אפ א נײַעמ אנצוג. איכ האָב מוירע, צי האָט ער עס ניט פארשפּילט אינ קאָרטנ.

קלארע. ער שפּילט אינ קאָרטנ?

בליומקע. אָהאָ, נאָכ ווי! אבי ער האָט מיט וואָס! צעטרענצלט ווו ער האָט

א גראָשנ. א רעכטער שארלאטאנ! (זיפצט) דערצו ער זאָל כאָטש ניט ליב האָבנ קייג קליידל... (פארטראכט זיכ).

ק ל א ר (אינ דער זײַט). אומעטום דאָזזעלבע לידל... אומעטום דערזעלבער ניטעקע. גלײַכע, אלטע צאָרעס...

ס אָ ר ע־פ יי ג ע (רעכנט אפ די פינגער נאָכאמאָל פונעמ אָנהייב). דרײַ הראָשנ (גראָשנ) ציבעלעס, אונ פאר דער פעטרישהע (פעטרישקע) האָב איכ באצאָלט א הראָשנ (גראָשנ) אונ פארנ ביסל כריינ אנדערהאלבנ הראָשנ (גראָשנ) אונ א הילנ (גילנ) די הארטאָפליעס אונ די פישלעכ אנדערהאלבנ הילנ (גילנ) מיט צוויי הראָשנ (גראָשנ) מיט א האלבנ, איז אינייִנעמ פינפ הילנ (גילנ) מיט אכצנ הראָשנ (גראָשנ) טפו! מיינ איכ וויפל איז איניי־ נעמ? (קוקט אפנ באלעבאָס).

ג ד א ל י ע. מע זאָל זײַנ מיט אכצנ קעפ, קענ מענ מיט דעמ כעשבנ קיינמאָל צו קייג עק ניט קומענ. פאָלגט איר מיכ, שטעלט אוועק די פיש באזונדער אונ די ציבלקעס באזונדער, דאָס ביסל כריינ בינ איכ אײַכ מויכל, אונ נעמט זיכ פריִער צו די קארטאָפליעס, אָדער, ווי זאָגט זי, קארטאָפליאקעס...

כ א ו ו ע ל ע. האָב דיר אכציק שווארצע יאָר, האָסט זיכ שוינ צעפלאפלט? ביסט קראנק איר אויסרעכענענ דעמ כעשבנ, דו אלטער שטורמאק איינער?

ג ד א ל י ע. אלטער שטורמאק? הע! איכ בינ אנ אלטער שטורמאק, אונ זי — דאָס יונגע ווײַבל! געפעלט אײַכ די יעפייפיע?

כ א ו ו ע ל ע. ברענענ זאָלסטו אפנ פײַער!

ג ד א ל י ע. אָמיינ, גאמ אטעמ!

כ א ו ו ע ל ע. מײַנ הוסט אפ דיר! (כאפט א קישנ אונ ווארפט דעמ מאנ אינ קאָפ ארײַנ. — עס עפנט זיכ די טיר אונ עס קומט ארײַנ מ א ר ק ו ש א אינ א ציליגדערהוט מיט געלע הענטשיקלעכ).

ג ד א ל י ע. פארנוצ געזונט! (כוט א וואָרפ צוריק דאָס קישנ אונ טרעפט גלײַכ מארקושענ. סאָרע־פייגע מיטנ קאָשעק גייט אָפ, בליומקע נאָכ איר).

## III־טע סצענע

מ א ר ק ו ש א (הייבט אופ דעמ צילינדער פונ דער ערד). א שיינער באָרעכאבע! אָט דאָס הייסט אופגענומענ געסט!

כ א ו ו ע ל ע. האָט נישט קיינ פאריבל, דער אלטער איז נעבעכ בלינד, דאָס האָט ער געוואָלט דערלאנגענ מיר א קישנ, האָט ער געטראָפנ אײַכ אינ קאָפ. איכ בעט אײַכ, ווי אנ אייגנ קינד, זײַט אימ הונדערט מאָל מויכל.

מ א ר ק ו ש א. מויכל, מויכל, מומעניו, וואָס זאָל איכ טונ? וואָס האָט געזאָלט זײַנ אײַכ, האָט מ י ר געטראָפנ... אביסל צעקנייטשט מיר דעמ צילינדער... המ...

ג ד א ל י ע. א קאפאָרע דער צילינדער, א גליק, וואָס ניט איג אויג.

מ א ר ק ו ש א. אדאנק, וואָס מיט א קישנ, ניט מיט עפעס אנדערש.

ג ד א ל י ע. וואָס מיינט איר עפעס אנדערש: מיט א האקמעסער? מיט א קאטשעלקע צי מיטנ אייבערשטנ פונעמ שטייסל?

כ א ו ו ע ל ע. וואָס זאָגט איר אפ דעמ כאָכעמ? א שלימאזל אונ זאָגט נאָכ ווערטלעכ!

מ א ר ק ו ש א. וואָס טויג מיר גרויס, איר לעבט זיך אָפּ, דאָס אַלטע פּאָר, מאַמעש ווי די טײַבעלעך, קיין אײַנהאָרע. אז מע קוקט אָפּ אײַך, קאָן מען מיינען, אַז איר זענט ערשט נעכטן פֿון דער כופּע (גייט צו קלארען).

ג ד א ל י ע. אָט אַזוי, ווי איר זעט, איז פֿון דער כופּע אָן מאַכט זיך איר גיט צו דאָס מויל.

כ א ו ו ע ל ע. ער האָט זיך שוין צערעדט פֿון פֿײַער און פֿון וואַסער! מײַן הוסט אָפּ דיר! (קערט זיך מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט, הוסט).

ג ד א ל י ע. פֿאַרנוץ געזונט! אָ, איר הערט? אָט אַזוי איז טאָמיד, שטענדיק, אַלע טאָג... (ער מיינט, אַז מאַרקושאַ הערט אים, רעדט ער, שיט מיט רייד). איר פֿאַרשטייט, צי ניין? ניט אומזיסט זאָגט שלוימע האַמײלעך: „חכמת המסכן בזויה — דעם אָרעמאַנס אַ חכמה איז אויך אַ נאַרעשקײַט, אָך און ווי איז מײַן וועלט!... (גדאַליע שטויסט זיך, אַז קיינער הערט אים ניט, ווערט ער סאָפּקאָלסאָפּ אַנשוויגן. — מאָטקע הערט נישט אויף אַרומשפּאַצירן איבערן שטוב און כאַזערן גראַמאַטיקע).

מ א ר ק ו ש א. וואָס איז דיר, קלארע? עפּעס ביסטו מיר זייער מאָרעשכוירעדיק!

ק ל א ר ע. מאָרעשכוירעדיק? ווער האָט דיר געזאָגט?

מ א ר ק ו ש א. וואָס־זשע דען? בערויגעז? ביסט אָפּ מיר בערויגעז?

ק ל א ר ע. אָפּ ד י ר בערויגעז?

מ א ר ק ו ש א. ווער ווייסט נאָך אַזוי ווי דו, ווי איך בין דיר געטרײַ?

ק ל א ר ע. ווער זאָגט דען ניין?

מ א ר ק ו ש א. ביסט מיר טײַער ווי אַ שוועסטער.

ק ל א ר ע. מאַזלטאָוו, דערציילט אַ נײַס.

מ א ר ק ו ש א. שאַדע, וואָס איך קאָן דיר גאָר ניט העלפֿן, דיך אָנרופֿן, אַז דו ביסט מײַנע, מײַנע אָפּ אייביק...

ק ל א ר ע. פֿאַרוואָס?

מ א ר ק ו ש א. וואָרעם איך בין דיך נישט ווערט.

ק ל א ר א. דו מיך?

מ א ר ק ו ש א. איך בין אַ שאַרלאַט שעבעשאַרלאַטים!

ק ל א ר ע (מיט אַ ביטער געלעכטער). כאַ־כאַ־כאַ!

מ א ר ק ו ש א (פֿאַרוווּנדערט). דו לאַכסט?

ק ל א ר ע (ערנסט). ביסט גערעכט, וויינען דאַרף איך (פֿאַלט מיטן פּאָנעם אָפּן האַנט, וויינט).

מ א ר ק ו ש א. דו וויינסט? ניט וויין, קלארע, איך קאָן ניט זען, ווי דו וויינסט. זאָג, וואָס איז דיר, קלארע? זאָג, כ'בין גרייט פֿון דײַנעטוועגן זיין פֿײַער און אין וואַסער. זאָג, דו ווייסט, דו האָסט אַ גוטן פֿרײַנט, און איך האָב מיר דאָס וואָרט געגעבן, איך זאָל מײַן פֿרײַהײַט נישט פֿאַרקויפֿן פֿאַר קיין שום געלט, נאָר ביכדיי דאָס לעבן דיר גרינגער צו מאַכן בין איך גרייט... (נעמט זי אָן בײַ דער האַנט).

ק ל א ר ע (הייבט אויף דעם קאָפּ, קוקט אָפּ אים און צעלאַכט זיך). כאַ־כאַ־כאַ! כאַ־כאַ־כאַ!

מ א ר ק ו ש א. דאָס מיידל איז נאָר געווירט!... ריין מעשוגע!... (עס עפֿנט זיך די טיר און עס קומט אַרײַן ד א ו י ד ק אָ, טוט אַ וואָרף דאָס היטל אָפּן טיש, כאַוועלע דרייט זיך אויס צו אים מיטן פּאָנעם, גדאַליע שטעלט אָן די אויערן).

## IV־טע סצענע

**דאווידקאָ** (צו דער מוטער). מאמע, נא דיר געלט. (ציילט איר אויס געלט איבּ האנט אריַינ).

**כאוועלע.** אָ, זייער גוט, מיַינ זונ! איכ דארפ עס טאקע נייטיק האָבנ. דער דאָקטער... די אפטייק... אוי, דער הוכט! דער הוסט! גאנצע טעג און גאנצע נעכט... (פארהוסט זיכ).

**מאָטקע** (גייט צו צו דאווידקען, ציט אויס די האנט און כאזערט בעשאס־מיַיסע גראמאטיקע). אימע־יטעלני — דיענגי, געב, דאווידקאָ, אביסל געלט, ראָדיטעלני — דיענעג, כ'דארפ האָבנ אפ פאפיר, דאטעלני — דיענגאמ, און אפ פענעז אינ אפ טינט, וויניטעלני — דיענגי...

**דאווידקאָ.** דיענגי, דיענגי, דיענגי! (רוקט אימ אריַינ א מאטבייע) אלע אינ איינ קאָל — דיענגי...

**גדאליע.** מיַינע ווערטער. נאָר דאנקענ גאָט, וואָס איכ דארפ קיינ געלט ניט האָבנ, איכ קאָנ מיכ שוינ באגייִנ אזוי, און שטעל דער גאנצער וועלט ארויס א פיַיג!

**דאווידקאָ.** מאמע! שיק נאָכ בראָנפנ מיט געזאלצנס צו פארבײַסנ, דארע קישקעס, פיפקעס, העלדזולעכ און עפשער טאקע לעקעכ אויכ.

**כאוועלע.** לעקעכ! אפ וואָס איז לעקעכ?

**גדאליע.** א לעקעכ און בראָנפנ לעקאָוועד וואָס?

**דאווידקאָ.** גלאט אזוי, פריילעכ אפנ הארצנ, כיַי געלעבט... און עפשער?... ווארט אביסל... א? מארקושא? (לאָזט זיכ גייִנ צו דער שוועסטער און צו מארקושענ).

**כאוועלע** (צו זיכ אליינ). וואָס איז פאר א גערולע פלוצימ? וואָס זאָל דאָס באטיַיטנ?

**גדאליע.** ס'א שידעכ: זעסט דאָכ, אז מארקושא רעדט מיט קלארענ שטילע ווערטער...

**כאוועלע.** דעריבער גייענ קאטשקעס באָרוועס? מע רעדט דאָכ ניט צו דיר, וואָס שטופסטו אריַינ די צונג?

**גדאליע.** וואָס קענ איכ טונ, אז גאָט האָט מיכ געשטראָפט? צוגענומענ די אויגנ און איבערגעלאָזט די צונג...

**כאוועלע.** מיַינ הוסט אפ דיר!

**גדאליע.** פארגונ געזונט!

**דאווידקאָ** (צו מארקושענ). ווי גייטס, מארקושע ברודער? און וואָס לאכט אזוי מיַינ שוועסטער?

**מארקושא.** אפאָנעמ, ס'איז איר פריילעכ, און עפשער לאכט זי גאָר פונ מיר?

**דאווידקאָ,** פונ דיר? איכ פארשטיי ניט וואָס דו מיינסט... ניַשט געווענ דאָ נאָכ מאטוויי?

**מארקושא.** ער דארפ דענ זיַינ? וואָס עפעס פלוצלינג היַינט?

**קלארע.** (רופט אָפ דאווידקען אפ א זיַיט. רעדט שטיל, ציטערט מיטנ גאנצנ לײַב). בו, דאווידקאָ, וואָס הערט זיכ עפעס ניַיס?... געווענ בא אימ?... געטראָפנ?... וואָס האָט איר דאָרט גערעדט?

דאווידקאָ. געוועג, געטראָסג אוג גערעדט... ער דאַרף דאָ זײַג אײַגגײַכג... זאָלסטו וויסג, קלארע, וואָס דו האָסט צו טוג...

קלארע. וואָס־זשע דארף איך טוג?

דאווידקאָ. רעדג!... רעדג, זאָגג, אלצדינג אים זאָגג! מע דארף ניט זײַג קיינ ווייכע קוואשע. מע דארף ניט וויינעג, קלאָגג, — רעדג דארף מעג! רעדג ווערטער!

קלארע. ווי קאָג איך רעדג, דאָווידל? דו ווייסט אליינ מײַג אומגליק, געטרײַער ברודער (פאלט דאווידקעג אפג האלדז אוג וויינט).

מארקושע (צו זיך אליינ). דאָס מיידל איז גערירט, ניט אנדערש, מעשוגע אוג געגוג! זי וויינט אוג לאכט אוג נאָכאמאָל געוויינט. (עס עפגט זיך די טיר, עס קומט ארײַג מאטוויי מיט א וועלאָסיפעד איג די העגט).

## V־טע סצענע

מאטוויי (אויסגעפוצט, מיט א גרינעם הוט, מיט לאנגע שטיוול, מיט וואָנצעס שטארק פארדרייט ארויף, מיט א בײַטשל איג דער האנט). א? מארקושא איז אויך דאָ? דאווידקאָ, א פרעפערגבס?

דאווידקאָ. אפ קיינ ניכטערג הארצג גייט קיינ טאנצ ניט, ווייסטו? (צו מארקושעג). קום, יאקימ, איך דארף דיר עפעס זאָגג... (דאווידקאָ אוג מארקושא גייעג ביידע ארויס פונעם כיידער, לאָזג איבער מאטווייעג מיט קלארעג אליינ).

מאטוויי (גייט צו צו קלארעג, גיט איר א קוש איג האנט). גוט מאָרגג, קלארע, וואָס ביסטו אזוי פארזאָרגט?

קלארע. איך האָב ווינציק וואָס צו זאָרגג מינאסטאמ?

מאטוויי. אוואדע, יעדער האָט זיך זײַנע דײַגעס, גלויב מיר, איטלעכער האָט געגוג. אָט האָב איך געהאט ערשט הײַנט פונ מײַג פאפאשע.

קלארע. וואָס איז שוינ ווידער?

מאטוויי. איך זאָל אים זאָגג, ווּהינ איך גיי.

קלארע. נו? אוג דו וואָס האָסט געזאָגט?

מאטוויי. איך, וואָס האָב געזאָגט? איך האָב אים דערציילט דעם רעכטג פאָסעק.

קלארע. צום בײַשפיל?

מאטוויי. אז איך גיי אהינ, ווּ מיר געפעלט, אוג רעד מיט דעמ, וואָס מיר איז ליב.

קלארע. וועמעג האָסטו דערמיט געמיינט, מאטוויי?

מאטוויי. דיך, געוויינטלעך.

קלארע. ליבער, טײַערער מאטוויי!

מאטוויי. וואָס דעג? איך הער זיי אלע מיטג קאָטער! ס'איז הײַנט אג אנדער וועלט געוואָרג! פרײַהײַט, פרײַהײַט טײַערער פונ אלצ! אָט ווייס איך וויל מײַג שוועסטער פלאָרא שפילט א ליבע מיט א רעכטג שאָלטעק, א פראָוויזער איז ער, ניט הײַנט איז מאָרגג, א וואַזשורעך וועט מעג מוזג מאכג.

קלארע. וואָס הייסט דאָס א „וואַזשורעך“?

מאטוויי. מע וועט אנטלויפג... אוג די אנדערע שוועסטער מײַנע, כאנע, די איז גאָר צונ אלדע שווארצע יאָר פארקראָכג — אפ די „קורסג“, זאָגט זי, וויל זי פאָרג!

קלארע. נו, מע לאָזט זי?

מ א ט ו ו יי. וועמען הערט זי? נאָר דער ברודער מײַנער, כאַיִם, דער איז גלאַט אַ שיפּעש! מיט די שויטים־ציִאָניסטן האָט ער זיך צונויפגעסקאָמפּאַניִעט און וויל די יידן קיין ערעצ־יִיסראָעל איבערפּעקלען. ער זאָגט, אַז...

ק ל א ר ע. מאַטוויי, פּאַרצײַ, איך שלאָג דיר איבער, וואָס האָט מיט דיר גערעדט מײַן ברודער הײַנט?

מ א ט ו ו יי. דאַווידקאָ? געהייסן, איך זאָל קומען. וואָס איז דען?

ק ל א ר ע (ברעכט די הענט, זוכט דאַווידקען). און ווײַטער גאָרניט?

מ א ט ו ו יי. און ווײַטער גאָרניט. און פֿון מײַן אומגליק האָבן מיר גערעדט.

ק ל א ר ע. פֿון וואָסער אומגליק?

מ א ט ו ו יי. פֿונעם אַלטן אומגליק. וויאַזוי און ווי אַרום איך זאָל מיך אַרויסרײַסן פֿונעם וויסטן שידעך... ס׳איז אַף מיר אַן אומגליק. אַן אָנשטעל און געווג.

ק ל א ר ע. אַן אָנשטעל? אַ שיינער אָנשטעל!

מ א ט ו ו יי. אַן אָנשטעל, אַ קאָמעדיע ביז אַ צײַט.

ק ל א ר ע. ביז אַ צײַט? ביז וואָסער צײַט?

מ א ט ו ו יי. איך דאַרף, פֿאַרשטייסטו מיך, זיי פֿירן בײַ דער נאָז. מיסטאַמע ווייס איך, וואָס איך האָב צו טון... מיסטאַמע האָב איך דאָך אַ כעשבן...

ק ל א ר ע. אַ כעשבן? נו, און נאָכדעם וואָס?

מ א ט ו ו יי. און נאָכדעם? נאָכדעם נאַפּליעוואַט! איך שיק זיי אָפּ די טנאָיִם און קום צו גיין אַהיים און זאָג זיי גלײַך: איך האָב אַ קאַלע, טוט מיר וואָס איר ווילט, איך האָב אַ קאַלע (נעמט זי פֿאַר די הענט), קלאַרע רופֿט מען זי.

ק ל א ר ע. זיסער, טײַערער מאַטוויי!

מ א ט ו ו יי. דו מיינסט, איך זאָג דאָס גלאַט אַזוי? איך שווער דיר בײַ מײַן לעבן! (קושט איר די הענט).

ק ל א ר ע. ליבער, טײַערער, געטרײַער! מוז דאָס זײַן וואָס פֿריִער... (קוקט זיך אַרום אַף אַלע זײַטן) און עפּשער טאַקע הײַנט...

מ א ט ו ו יי. וואָס איז? נאַרעלע! וואָס האָבן מיר קיין צײַט ניט?

ק ל א ר ע (שטאַרק צעטראָגן). מאַטוויי! טײַערער מאַטוויי! האָסט מיר געשווירן אַמאָל — געדענקסטו ווען? — אַז איך מעג דיר אַלעס זאָגן.

מ א ט ו ו יי. אַלעס, וואָס דו ווילסט. אָט האָסטו דיר מײַן האַנט, מײַן וואָרט, דאָס ערנוואָרט פֿון מאַטוויי מיראָנאָוויטש שאַלאַנט (גיט איר די האַנט).

ק ל א ר ע (וויל אָנהייבן עפּעס זאָגן, פֿאַלט אים אַפֿן האַלדז און וויינט). מאַטוויי! מאַטוויי!...

מ א ט ו ו יי. קלאַרעסיו, דו וויינסט? וואָס באַטײַטן דײַנע טרערן? (גלעט זי ווי אַ קינד).

ק ל א ר ע (ברעכט די הענט, וואַרפֿט זיך אַף אַלע זײַטן). וויפֿל מאָל איך קלויב מיר זאָגן, ניטאָ קיין ווערטער, כ׳קאָן ניט ברענגען פֿאַרן מויל! עס פֿאָלגט מיך ניט די צונג... און ווי אומגליקלעך איך בין!...

מ א ט ו ו יי. אום גאָטעס ווילן, קלאַרע, האַלבע ווערטער, זאָג, ניט וויין, נים רײַס מײַן האַרצ אַף צוויי!

ק ל א ר ע. אוי, וויי, מאַטוויי, זיסער, האַרציקער מאַטוויי!... (זי פֿאַלט אים אַפֿן האַלדז, רוימט אים אײַן אַ סאָד אַפֿן אויער... מאַטוויי לאָזט אָפּ די הענט און פּיס,

קוקט אפ קלארענ, עס עפנט זיכ די טיר אונ עס קומענ אָנ דאוװידקאָ מיטנ מאַרקושענ...).

## VI־טע סצענע

מ א ר ק ו ש א. כא־כא־כא! איכ הייב ערשט אָנ צעקײַענ, איכ הייב שוינ אָנ פאַרשטיינ!...

ד א װ י ד ק אָ (שטיל). קוימ געשטויסנ, אז דאָ שמועסט זיכ פונ א שידעכ... (הויכ) מאזלטאָװ דיר, שװעסטער! שעמ זיכ ניט, מאטװיי, ניטאָ מיט װאָס צו שעמענ זיכ!... מאַמע, הייס דערלאנגענ בראָנפנ אונ פאַרבײַסנ! קלארע װערט א קאלע אונ נעמט א פײַנעמ כאָסנ...

כ א װ ע ל ע (צו קלארענ). קומ אהער, מײַנ טאָכטער, לאָמיר זיכ צעקושנ (קלארע גייט צו צו דער מוטערס בעט, פאלט איר אפנ האלדז אונ װיינט). װאָס װיינסטו, טאָכטער?

ג ד א ל י ע. די מוטער כאװע האָט שוינ פארגעסנ, אז זי אַליינ האָט אויכ אמאָל געװיינט, בעשאט מע האָט איר אָנגעזאָגט די גוטע בסורע, אז גדאליע קאטשער איז איר כאָסנ...

מ א ר ק ו ש א. אזוי, מאטװיי! אונ איכ, בעהיימע, איכ זאָל דאָס אָנהייבנ צו װיסנ? מע דארפ מיר געבנ קײַענ שטרוי... שוינ לאנג בא דיר דערדאָזיקער ראָמאנ?

מ א ט װ י י (צעטראָגנ). שוינ לאנג? אָהאָ! אנ אָפגערעדטע זאכ בא אונדז פונ װייס איכ װענ!...

מ א ר ק ו ש א. נו, אונ מיט דער קאלע װאָס װעסטו טונ? דו האָסט דאָכ שוינ א קאלע, ביז הונדערט צװאנציק יאָר.

מ א ט װ י י. א קאלע? איכ שענק זי דיר אװעק מיט ר׳ מוישעלענ אינײנעמ (שפאצירנ ארומ ביידע אונטער די הענט, רעדנ שטילערהייט).

כ א װ ע ל ע (צומ מאנ). שטומ שוינ, שטומ! מײַנ הוסט אפ דיר! (הוסט).

ג ד א ל י ע. פארנוצ געזונט!... נו? װאָס האָב איכ דיר געזאָגט, איאָ א שידעכ?

כ א װ ע ל ע. װער ס׳איז שיינ, דו ביסט ביידע! קלארעטשקע, לאָז גאָט געבנ, ס׳זאָל זײַנ מיט גליק... (דרייט אויס דעמ קאָפ צו דער טיר). סאָרע־פייגע, װוּ ביסטו ערגעצ אינ דער ערד? (עס קומט ארײַנ סאָרע־פייגע. די קארנאָסע, כאװעלע גיט איר געלט אונ זי ברענגט צו טראָגנ בראָנפנ אונ פארבײַסנ).

ד א װ י ד ק אָ (גיסט אָנ אלעמענ צו גלעזלעכ). לעכאַימ, שװעסטער! לעכאַימ, ברודער! מארקושא, װארפ אראָפ די געלע הענטשקעלעכ אונ קומ אקאָרשט צו טיש.

מ א ר ק ו ש א. נו, קלארע, אָט דאָס הייסט געפריצעװעט א גוטנ ברודער... מאטװיי, מײַנ הארצ, איכ קענ דיר זאָגנ נאָר איינ װאָרט אצינד: „דעמ ערגסטנ הונט קומט אָנ דער בעסטער ביסנ“.

ד א װ י ד ק אָ. פארגינסט אימ ניט, נאכאל? זאלצ דיר אינ די אויגנ, שטיינער דיר אינ הארצנ!... מאטװיי, גיב אהער די מאָרדע דײַנע, לאָמיר זיכ צעקושנ (קושנ זיכ). מיקויעכ כופע שטעלנ װעלנ מיר נאָכ שמועסנ (צומ פאָטער). טאטע, קומ צומ טיש! (מאָטקע פירט צו דעמ בלינדנ גדאליע צומ טיש, דאװידקאָ דערלאנגט אימ א גלעזל בראָנפנ אונ אויכ דער מוטער טראָגט ער צו צומ בעט לעקעכ אונ בראָנפנ אונ רעדט עפעס שטילערהייט מיט איר אינ בעט).

גדאליע. לעכאיִם, קינדער! לעכאיִם, קלארע, גאָט זאָל געבן ס׳זאָל זײַן מיט מאזל! ווו איז דער כאָסן? קומ אהער, מארקושא, ווײַז אהער דײַן האנט, איך האָב שוין לאנג אפ דיר אן אויג געוואָרפן. איך האָב נאָך געקענט דײַן טאטן, א ליכטיקן גאניזרן, געווען א ווילער ייִד, פון יענע אלטע ווילע ייִדן, וואָס האָבן ניט געוווּסט נאָך פון קיין קאָרטן... הערט איר — עך, ניטאָ שוין הײַנט אזעלכע ייִדן! (אלע לאכן; קלארע שלאָגט אים איבער עטלעכע מאָל און קאָן אים ניט איבערעדן). מע שמועסט שוין ניט פון ייִכעס און פון קענען לערנען! געווען א ווילער מאכניס-אוירעך און א פארשוין א גרויסער...

קלארע (שלעפט דעם אלטן פארן ארבל). טאטע! טאטע! דו האָסט א טאָעס!

גדאליע. איך? איך האָב קיינמאָל ניט קיין טאָעס! איך האָב גוט געקענט זײַן טאטן! איך האָב גוט געקענט זײַן מאמען און איר ברודער נויעך. ער לעבט נאָך, דער פעטער נויעך? געווען א ווילער ייִד, א קלוגער, נאָר איין כיסאָרן: ער האָט ליב געהאט אביסל בראָנפן... (אלע לאכן; דאווידקאָ גייט צו, רופט אָפּ קלארען אפ א זײַט, רעדט שטילערהייט).

דאווידקאָ (צו קלארען). גערענק־זשע, שוועסטער, וואָס דו האָסט צו טון. נישט געמאכט קיין לאנגע שיִעס און באלד מיט אים געפאָרן אפ דער הייסער שאָ און געשטעלט א כופע (צו די איבעריקע). זע נאָר, וואָס איז דער געלעכטער?

מארקושא. דער אלטער מיינט, אז איך בין דאָס דער כאָסן...

גדאליע. ניטאָ שוין הײַנט אזעלכע ייִדן! אָט נעמט, אשטייגער, די נעגידימ, ניט אויסגערעדט זאָל זײַן, איך מיין מאטווייטשיקס טאטן, רעב מייערל שאלאנט; וואָס איז מיט אים דער ייִכעס אזוי ג״ויס געוואָרן? געווען אמאָל א פראָסטער ייִד, און טאקע גאָר א פראָסטער, איך געדענק אים נאָך, ניט הײַנט געדאכט, אָן שטיוול... מייער טשאָלנט האָט מען אים אמאָל גערופן...

דאווידקאָ (שלאָגט אים איבער). טאטע! דו האָסט א גרויסן טאָעס! זיך פארביטן מיט די יאָצרעס, נישט מארקושא איז דער כאָסן.

גדאליע. ווער דען איז דאָ דער כאָסן?

דאווידקאָ. מאטוויי, מאטוויי מיראָנאָוויטש שאלאנט.

גדאליע (בלײַבט שטיין א מינוט מיטן גלעזל אין דער האנט, דרייט זיך אויס מיטן פּאָנעם צו כאוועלען). נו? נו, ווער האָט געטראָפן — איך צי דו?

כאוועלע. פארשטייט זיך, דו, פונקט ווי א בלינדער אין גרוב ארײַנגעטראָפן.

גדאליע. וואָס דען? איך האָב שוין לאנג געוווּסט, אז ס׳איז א שידעך... מאטוויי איז מיר פון טאָמיד אָן געפעלן... און א טאטן האָט ער אויך א פײַנעם, המ... מאכטייסע. איך האָב קעגן דעם כאָלילע גאָרנישט וואָס צו זאָגן... לעכאיִם, קינדער! לעכאיִם, אלע

דאווידקאָ (כאפּט א טעלער, טוט אים א וואָרפ אין דער ערד ארײַן און צעברעכט אים). מאזלטאָוו! מאזלטאָוו!

אלע (סאָרע־פייגע און בלומקע אויך איבמיטן). מאזלטאָוו! מאזלטאָוו! מאזלטאָוו!

---

# שאָלעמ־אַלײכעמס בריװ װעגנ דער פּיעסע „דער לעצטער קאָרבנ“

קיעװ, 23־טנ נאָיאַבער, 1905

פילגעערטער פרײַנט דר. מ. פישבערג!

האָט קײנ פאַריבל ניט, װאָס איכ דערלױב מיכ צו שרײַבנ אײַכ הײַנט אפּ דער שפּראַכ פונ יענעמ פאָלק, װאָס האָט אַזױ אומענטשלעכ, אַזױ אומבאַראַכמאָנעס זיכ אָפּגערעכנט מיטנ ייִדישנ פאָלק דערפאַר, װאָס ער, אַזאַ קלײנ, נישטיק פעלקל, האָט געהאַט די העזע צו געפנ אימ, דעמ הערקולעס, אַ קאָנסטיטוציע. נאָר די רוסישע שפּראַכ־כלעפּנ, איז דאָ גאָט די נעשאָמע שולדיק 1).

גלײַכצײַטיק דערמיט שיק איכ אײַכ אַרױס מײַנ נאָר־װאָס אָנגעשריבענע דראַמע, װאָס איז אפּ מיר אָנגעהױכט געװאָרנ פונ דידאָזיקע בלוטיקע געשעענישנ. איכ האָב דער דראַמע געגעבנ צװײ נעמענ: „ד ע ר ל ע צ ט ע ר ק אָ ר ב נ“ אָדער „ד י ב ל ו ט י ק ע ט ע ג“. קלײַבט אײַכ אױס װאָסער נאָמענ איר װילט, אָדער נוצט בײדע. די דראַמע באַשטײט פונ פינפ אַקטנ, ניט קײנ גרױסע. אײנעמ שפּילנ װעלנ זײ קײנ סאַכ צײַט ניט פאַרנעמענ. פאַראַנ אַ ראָל אַ טראַגיקאָמישע מיט זײער אַ טראַגישנ סאָפּ — פאַר דעמ הער דושעק אַדלער. דאָס איז די ראָל פונעמ פרײלעכנ שנײַדערל י י ד ל ק אָ ט ו י נ ט י. פאַראַנ אַ ראָל פאַר אַ גוטער אַקטריסע. אַ ראָל פונ אַ פרױ אַ העלדנ. דאָס איז — ר אָ ז ע ז י ס ע ר מ אַ נ. פאַראַנ נאָכ אַ קאַרדינאַלע ראָל פונעמ יונגנ שוסטער, דעמ סאָציאַל־דעמאָקראַט י ו י ל י ק ד ר אַ ט װ ע — זײער אַ דאַנקבאַרע פאַר אַ גוטנ טראַגיקער. האַקלאַל, מע האָט באַװאָרנט (ניט איכ, נאָר סאַמע דאָס לעבנ) אַלעמענ. װאָס ס'איז שײַכ דער סצענישקײט פונ דער פיעסע, איז באַ אַ פינקטלעכער אױפירונג און מיט רײַכע דעקאָראַציעס װעט זי מאַכנ אַ פוראָר. אַ שאָד, װאָס איכ װעל ניט זײַנ אינ ניו־יאָרק אפּ דער פרעמיערע פונ דערדאָזיקער צײַטלעכער פיעסע. איכ װאָלט אינ איר אױסגעשטעלט די סצענע פונ דעמ פּאָגראָמ און די סצענע פונ די מאַניפעסטאַציעס אינ זײער גאַנצער רעאַליטעט. נאָר װאָס זאָל מענ טונ? איכ פאַרלאָז מיכ אפּ אײַערע אַרטיסטנ, אַז זײ װעלנ זיכ באַמיִענ אױפקצושטעלנ אַלצדינג װי עס באַדאַרפ צו זײַנ, ביכדײ עס זאָל זיכ באַקומענ אַזאַ אילױזיע, אַז יעדער אײנער פונ די צושױערס, זיצנדיק אינ ניו־יאָרק, זאָל האָבנ דאָס רעכט צו זאָגנ: „איכ בינ געװענ אינ רוסלאַנד אינ דידאָזיקע בלוטיקע טעג“...

איכ דריק אײַער האַנט

שאָלעמ־אַלײכעמ

---

1) דער בריװ איז, װי עס װײַזט אָפּ י. ד. בערקאָװיטש אינ „שאָלעמ־אַלײכעמ־בוכ“ (ז. 210), געשריבנ אפּ רוסיש — נ. א.

# שאָלעם־אליײכעמס בריוו וועגן זײַן אָפּמאַך מיטן ייִדישן טעאַטער [1]

וואַרשע, 30־טן יוני, 1905

פרײַנט טיסי!

ענדלעך האָב איך א פרײַע האַלבע שאָ צו שמועסנ מיט דיר.

פריִער פונ אלצ אונ דעריקער פונ אלצ — וועגנ צײַטונגענ, צײַטונגענ, צײַטונגענ. הונדערט טויזנט צײַטונגענ! אכוצ דער היגער צײַטונג „דער וועג", איז דערלויבט „די ייִדישע צײַטונג" אינ אדעס אונ עס אָרדנט זיכ אײַנ „דער טאָג" אינ ווילנע. אויסער דעמ רעדט מענ וועגנ א צווייטער צײַטונג „דער טעלעגראַפ", וואָס איז שוינ יאקבי דערלויבט אינ וואַרשע. מע וואַרט נאָר אפ פאָרמאַליטעטנ אוכעדוימ. — — — דערווײַל האָב איך מיכ אָפּגעבעטנ באמ „וועג" ביז שאבעס, ביז עס וועט קומענ די מאַמע, ווע־מענ איך האָב ארויסגערופנ אפ א באַראַטונג וועגנ נאָכ אנ איניענ, א טעאַטראַלישנ.

דערדאָזיקער צווייטער איניענ באַשטייט אינ דעמ, וואָס איך האָב שוינ אָפּגעמאַכט מיט דער דירעקציע פונ ספּיוואַקאָווסקי אונ אדלער, וועלכע האָבנ געדונגענ דאָס גרויסע טעאַטער אינ אדעס פארנ ווינטערדיקנ סעזאָנ. איך האָב גענומענ אפ זיכ, ערשטנס, א פאַרפּליכטונג איבערצוגעבנ אינ זייער אויסשליסלעכנ רעשוס מײַנע פּיעסעס אפ א גאַנצ יאָר; פּיעסעס, וואָס זײַנענ שוינ אָנגעשריבנ אונ וואָס דאַרפנ אָנגעשריבנ ווערנ פונ מיר. צווייטנס, רעדאַקטיר איך פּיעסעס, וואָס זײַנענ געשריבנ פונ אנדערע מעכאַברימ. איך דאַרפ בײַזײַנ אפ די רעפּעטיציעס אונ פּרעמיערעס פונ מײַנע פּיעסעס. עס וועלנ אופגעפירט ווערנ נ אָ ר מײַנע פּיעסעס, אָדער אזעלכע, וואָס איך וועל גוט־הייסנ. האַקלאַל, זיי האָבנ זיכ גענומענ מיט מײַנ הילפ ריכטיק אוועקצושטעלנ די זאַכ פונעמ ייִדישנ טעאַטער, אופצובויענ א מינ ייִדיש־ליטעראַריש קונסט־טעאַטער. — — — פארנ ערשטנ סעזאָנ האָב איך צוגעגרייט (אונ אַרבעט נאָכ איצט) צוויי גרויסע אונ פיר איינאַקטיקע פּיעסעס (עס זײַנענ געבוירנ געוואָרנ אינ קאָפּ נאָכ א צוויי־דרײַ גרויסע, פיר־ אונ פינפאַקטיקע פּיעסעס). אונ וואָס ס'איז שײַעכ דער אַרבעט, בינ איך גאָרניט מעכויעוו צו זיצנ אינ אדעס, נאָר איך קאָנ זיי שרײַבנ אינדערהיימ. איך וועל נאָר דאַרפנ, לעטויוועס האָיִניענ, בײַצוזײַנ אפ די רעפּעטיציעס אונ פּרעמיערעס.

אפ אזא אופנ האָט זיכ די טעאַטראַלישע זאַכ בא מיר ניט שלעכט אײַנגעשטעלט. אדלערס דירעקציע איז א רײַכע אונ די סאַמע אָנשטענדיקע אינ רוסלאַנד. מיט דער פאַרבעסערונג פונ דעמ רעפּערטואַר וועט אויכ פאַרבעסערט ווערנ דער צוזאַמענשטעל פונ דער טרופּע. ווינטער וועלנ זיי שפּילנ אינ אדעס, אונ זומער — גאַסטראָלירנ אינ רוסלאַנד אונ אינ פּוילנ.

עס וואָלט זייער גוט געווענ, ווענ צו דעמ אדעסער טעאַטער זאָל נאָכ זײַנ א צײַטונג אינ אדעס — דאָס וואָלט געווענ שוינ איינמאָל גוט! מיר וואָלטנ דעמאָלט גאָר איבערגעוואַנדערט קיינ אדעס.

נו, טיסיוניא, איך האָב דיר שוינ אלצדינג וועגנ אלצ אָנגעשריבנ. דאַכט זיכ, אלצ שטעלט זיכ גוט אײַנ. דערווײַל אָבער איז ניט אזוי פריילעכ. מיר לעבנ, הייסט עס, מיטנ מאָרגנ. שרײַב מיר אויכ אלצדינג וועגנ אלצ. איך קוש דיכ. דײַנ פּ א.

א גרוס דײַנ גאַנצער קאָלאָניע.

---

1) לויט „שאָלעמ־אליײכעמ־בוכ", ז. 64.

# ווערטער־דערקלערונגען צו „דראמאטישע שריפטן" 1 ב.

## „א דאָקטער"

1) „מאסקיל" — אן אופגעקלערטער.

2) בלתי (בילטי) — נאַר.

3) לכבוד ידידי היקר הנכבד והמופלג הנגיד והקצין איש חסיד וירא שמים כש"ת מוהר"ר שלום נ"י (ליכוויד יעדידי האיאָקאָר האניכבאָד וועהאמופלעג האנאָגיד וועהאָקאָצין איש כאָסיד וועיערי שאָמאַיִם קישמוי טיפארטוי מוירייינו האראוו רעב שאָלעם ניירוי יאָיר) — צו מײַן טײַערן פרײַנט, דעם געאכטן און וויללערנער, דעם נאָגיד און דעם פרומען גאָטספאָרטיקן מאן מיט זײַן גערימטן נאָמען רעב שאָלעם, זײַן שײַן זאָל לײַכטן. (סקארבאָווע מעליצעדיקע ווענדונג־פאָרם אין אמאָליקע בריוו).

4) ראשית אודיעכם (ריישיס אוידיאכעם) — ערשטנס קום איך אײַך צו מעלדן.

5) בקו החיים והשלום (בעקאוו האכאיִם וועהאשאָלעם) — לעב און בין געזונט.

6) השדוך עם הגביר שלכם (האשידעך אים האגוויר שעלאָכעם) — דער שידעך מיט אײַער גוויר.

7) ועם הגביר שלנו (וועים האגוויר שעלאָנו) — און מיט אונדזער גוויר.

8) יראכמאָנע ליצלאָן — גאָט זאָל אויסהיטן.

9) בעבור הגביר שלכם (באאוור האגוויר שעלאָכעם) — פאר אײַער גוויר.

10) מרת ביילע שתחיה (מאָראס ביילע שעטיכיע) — פרוי ביילע, זאָל לעבן.

11) בכל קצוי ארץ (בעכאָל קאצווייי ערעץ) — אין אלע עקן לאנד.

12) אלפי דיקדעק — לויט דער גראמאטיקע.

13) מושלעם — א קענער, געבילדעטער.

## „דער געט"

1) „אשת חיל" (איישעס כאיִל) — א בראווע פרוי, א בעריע.

2) יודע ספר (יוידייע סייפער) — א ווילגעלערנטער.

3) מאסקיל — זע „א דאָקטער" נומ. 1.

4) מהירות (מעהירעס) — געשווינדקײַט.

5) גענײידעם — שפּאָט-אויסדרוק אף „איידעמ".

6) סאָנע ציִען — פײַנט פון ציִען. (ריידארט, וואָס ווענדט אָפּ אין געשפרעך א קלאָלע פון זיך אף ייִדישע פײַנט).

7) נעפעש אכאס — איין נעשאָמע; נאָענט באפרײַנדעט.

8) באָסאָר וועדאָס — פארשפרייטע פאַראָדיע פונעם רייזאַרט „א באָסאָר וועדאָם" — פלייש און בלוט; א מענטש, ניט מער ווי א מענטש.

9) פראָמענע (אוקר.) — פון מיינעטוועגן.

10) פיזמוינעס — אויסגעטראכטע זאכן, באָבע־מייסעס.

11) פרעסטארעצ (אוקר.) — אלט-קלוגער, דערפארענער מענטש (איראָניש).

12) זיווג — פּאָר, באַשערטער.

13) מזווג זיווגים (מעזאַווועג זיוווגים) — צונויפפירער, שאדכן.

14) שמינית שבשמינית (שמינים שעבעשמינים) — אן אכטל פון אן אכטל. א מינדס-טער טייל.

15) מראה כהן (מארע קויהען) — דאָס אויסזען פונעם קויהען. מע זאָגט דאָס אפ א מענטשן, וואָס איז רויטלעך נאָך אביסל בראָנפן. (די ווערטער „מארע קויהען" זיינען פון א יאָמקיפּערדיקער טפילע, ווו ס׳איז באשריבן, ווי פייערלעך־פארפלאמט דער קויהען-גאָדל האָט אויסגעזען בעיס יאָמקיפּערדיקן גאָט-דינסט).

16) שיווע מעדוריי געגעם — זיבן אָפּטיילונגען פון גענעם; געברענטע צאָרעס.

17) קאָליסטראָי — פונעם רוסישן "сквозь строй„ — שווערע לייבשטראָף.

18) אישע צנוע — א פרומע, באשיידענע פרוי.

19) אשמעדיי — א מין שעד.

20) „יורה דעה", „אבן העזר" (יורע דייע, עווען־האָעזער) — ראבאָנישע ספאָרים; זאמלונגען פון דינים.

21) סאָרע־כאנצי באנוצט די העברעישע ווערטער (גענומענע פונעם סידער) לויט אירע אייגענע „אויסטייטשן", וואָס שטימען ניט מיט זייערווירקלעכן באטייט.

22) דוירעס — צערייסט, הארגעט.

23) אווודע־זאָרע — אן אָפּגאָט.

24) איז זיך מייכן צום סיידער האגעט — מאכט זיך גרייט צו דער פּראָצעדור פונ־נעם געט.

25) בר (באר) — דער זון.

26) סימן מובהק (סימען מווהעק) — א געוויער צייכן.

27) בעל (באאל) — דער מאן.

28) עדים (איידים) — איידעס.

29) לשמו ולשמה ולשם גירושין (לישמוי אולישמאָ אולעשעם גערושין) — צוליבן געט אליין. האָבן אינזיבענן נאָר דעם געט, אָן שום זייטיקע קאַוואָנעס.

30) מגרש (מעגארעש) — דער וואָס גיט אָפּ (דער מאן).

31) מויסער געווען — איבערגעגעבן.

32) באס — די טאָכטער.

33) אָן אונס (אָן אוינעס) — ניט געצוווּנגען, מיטן גוטן ווילן.

34) מעולם (מעוילעם) — ווען עס איז.

35) קסובע — א כאסענע-קאָנטראקט; אויך די היסכייווּעסן (וואָס זיינען אויסגערעכנט אין אָט דעם דאָקומענט) פונעם מאן בענעגייע דער פרוי אין פאל פון געט א. אז. וו.

36) חציצה (כאציצע) — צווישנשייד.

37) הרי זח גיטך והתקבלי גיטך ובו תהיי מגורשת ממני מעכשיו והרי את (האריי זע גיטאָכ, וועהיסקאבלי גיטאָכ, אוווי טעחיי מעגורעשעס, מימעני מעאכשאָוו, וועאהריי אט...) — טעקסט, וואָס דער מאנ זאָגט, בעייס ער גיט איבער דער פרוי דעם געט.

38) מינ האשאָמאַיִם — פונ הימל (פונ גאָט).

39) רח״ש (רעכאש) — אברעוויאַציע (קירצונג) פונ די ווערטער: ראָוו, כאזנ, שאמעס — : געלט, וואָס מע פלעג געבנ די קלייקוידעש בא א סימכע-געלעגנהײַט. דאָ — שארכאָנעס־געלט.

## „די אסיפע״

1) באל האלוואָע — דער, וואָס פארלײַט געלט אפ פראָצענט.

2) מאסקיל — זע „א דאָקטער״ נומ. 1.

3) ריישיס כאָכמע — צום אלעם ערשטנ.

4) העיויס... קעפי אזויווי — (טאווטאָלאָגיע) העיויס אונ קעפי איז דאָסזעלבע, וואָס אזויווי.

5) בראָש — שטענדיק אָבער ; כוצדעם.

6) האסקאָלע — אופקלערונג־באוועגונג בא יידנ.

7) מאָעס כיטים — ווייץ-געלט. געלט פאר אָרעמעלײַט אפ מאצע.

8) טאקסע — אָפצאָל אפ קאָשער פלייש.

9) קאטנ‍ִעס — א קלייניקײַט.

10) מאסע־אומאטנס — געשעפטנ.

11) נעמאָנ — קאסיר.

12) מי ומי ההולכים ? (מי וואָמי האהוילכימ) — ווער זײַנענ די גייערס ? דאָ : וועמענ זאָל מענ קלײַבנ פאר טשלענעס ?

13) „המגיד״ (האמאגיד) — ערשטע העברעיִשע וואָכנבלאט (1856—1890).

14) שלשה דברים (שלוישאָ דוואָרימ) — דרײַ זאכנ. (דוואָרימ איז אויכ רייד).

15) שבעה דברים בגולם (שיוואָ דוואָרימ בעגוילעם) — (פונ טאלמוד) זיבנ אייגנ־שאפטנ זײַנענ פאראנ בא א נאר (די אייגנשאפטנ ווײַזנ זיכ ארויס, בעייס מע פירט מיטנ נאר א שמועס).

16) רואה חשבון (רויע כעשבנ) — כעשבנ־פירער, בוכהאלטער.

17) „יעמוד עם כל הנערים״ (יאמויד אימ קאָל האנאָרימ) — (אינ קאָנטעקסט) צוזאמענ מיט אלע ייִנגלעכ.

18) מעסאקנ זײַנ — אופטאָנ.

19) מי ומי הטשלענעס (מי וואָמי האטשלענעס ?) — ווער זײַנענ דאָס די טשלענעס ?

20) דוואָרימ בטיילים — פוסטע רייד, נארישקײַטנ.

21) מי ומי ? (מי וואָמי ?) — ווער זײַנענ זיי ?

22) פינקעס (פונ א כעוורע) — פראָטאָקאָל־בוכ פונ א כעוורע, ווו ס׳ווערט פאר־שריבנ וועגנ דער גרינדונג פונ דער כעוורע, די טאקאָנעס, די נעמענ פונ די גאבאָיִמ א. אז. וו.

23) מי ומי המאכערס ? (מי וואָמי האמאכערס ?) — ווער זײַנענ די מאכערס ?

24) פראט; א פאָסעק פארנ פראט — פראט — דאטע-פארצייכעניש לויט דער יידישער צײַט־רעכענונג. די יידישע דאטע פלעג מענ געוויינלעכ שרײַבנ דורכ אויסיעס (יעדער אָט

פון אלעפבייז באטרעפט א באזונדער צאָל). דערבײַ פלעג מען זיך פלײַסן צוצוזוכן פארב „ראט״ א כראָנאָגראמע — א פּאָסעק, וואָס דער אינהאלט זײַנער סימוואָליזירט דעם אינ־יען, וועגן וועלכן עס רעדט זיך, און די אויסיעס זײַנע באטרעפן די נייטיקע צאָל פארב געגעבענעם יאָר.

## „יאקנעהאָז״

1) „מאָלקען״ — מילכ-קור אין געוויסע אויסלענדישע קוראָרטן.
2) ויאכלו (וואיויכיילו) — און זיי האָבן געגעסן.
3) „לעמאָנ״ — פארגרײַזט פון „לימאנ״. אָדעסער קוראָרט.
4) „ניטצ״ — פארגרײַזט פון ניצע. פראנצויזישער קוראָרט.
5) „גאטאליע״ — פארגרײַזט פון „איטאליע״.
6) אל תפל דר (אל טאפייל דאָוואָר) — (פון פורעמדיקער מעגילע) זאָלסט ניט מינערן קיין זאכ. עס קאָן אָבער אויך באטײַטן: „זאָלסט ניט לאָזן פאלן קיין רייד״. פאָסטערנאק טײַטשט „כאטא־פאָקרישקא״ (שא-שטיל).
7) זבין ותתחרט (זאבינ וועטיסכאָרעט) (וועסע כאָרעט) — (פון טאלמוד) קאָן סטו פארקויפן און דערנאָכ כאראָטע האָבן. פאָסטערנאק טײַטשט: א וואָרט און צוויי און א מאהריטש.
8) שקאָנטיסט — פראָצענטניק.
9) בואי בשלום (בויי בעשאָלעם) — א פאָסעק (און ערשטע ווערטער) פון א טפילע פרײַ־טיק צונאכטס. בא דעם פּאָסעק (וואָס איז געווענדט צו דער „קעניגן שאבעס״) קערעוועט זיך אויס דער כאזן מיטן פּאָנעם צום אוילעם, טרעט אָפּ אייניקע טריט אפ צוריק און נויגט זיך אפ רעכטס און אפ לינקס. „מאכט א בויי בעשאָלעם״ — מאכט א מין רעווערענס־
10) שארע — א שאָד.
11) אויוועד קרישמע — פארשפעטיקן די צײַט פון קרישמע (א טפילע); פארשפעטיקן.
12) אמור אל הכהנים (עמויר על האקויהאנים) — (פון כומעש) זאָג צו די קויהאנים. פאָסטערנאק טראָגט פריוואָליש אריבער דעם כומעש־אָנזאָג צו די קויהאנים מיטן ראשע־אויסטײַטש אפ די קאָרטנ־שפילער: זיי „זאָלנ ניט דרימלענ בא דער האגאָדע״ (ד. ה. בא קאָרטנ).
13) למנצח על הגתית (לאמנאצייעכ אל האגיטיס) — (פון טילים) וואָרטשפיל, וואָס איז געבויט אפ דער קלאנגען־ענלעכקײַט בא די ווערטער „גיתית״ (גיטיס) — „גייט עס״. בא פּאָסטערנאקן: גייט דאָס — גייט דאָס, ווען ניט — שטייט דאָס.
14) ווערקמירדיק — פארגרײַזט פון „מערקווירדיק״.
15 האָס (פראנצ.) — ווען דער קורס פון ווערט־פאפירן שטײַגט אפ דער בירזשע.
16) ביום ההוא אדו עשתונותיו (באיוים האהו אָוודו עשטוינויסאָוו) — (פון טילים) אין יענעם טאָג (נאָכן טויט) ווערן פארלוירן זײַנע געדאנקען (האָפענונגען). „עשטוינויסאָוו״ דערמאָנט קלאנגלעך דאָס וואָרט „שטאנעס״ (הויזן — штаны). פאָסטערנאק טײַטשט: מען איז דעמאָלט געבליבן אָן הויזן.
17) ווייצידקאָסכאָ — א פאלש-פרומער, א צוואק.
18) פיזמען — זע „געט״ נום. 10.
19) נשים דעתן קלות (נאָשים דאטאָן קאלויס) — פרויען זײַנען לײַכטזיניק; בא פּאָס־טערנאקן: ווײַבער זײַנען געגנדז.

20) בגפו יבוא, בגפו יצא (בעגאפּוי יאָווי, בעגאַפּוי יעיצײ) — אַליין (אָן פאמיליע) איז ער געקומען, אַליין (אָן פאמיליע) זאָל ער ארויסגיין. (פון כומעש; עס רעדט זיך פון א קנעכט, וואָס ווערט באַפרײַט). בא פּאָסטערנאַקן אַסאָציִירט זיך דער „ארויסגיין" (פרײַ) — ארויסגיין מיט א וואָסערער קאָרט דער שפּילער וויל. ער טײַטשט: איטלעכער שפּילט זיך, ווי ער פארשטייט זיך.

21) מערירן — געמיינט: מיר יִידן.

22) שעהאקל — א בראָכע אפּ וואַסער און אפּ אנדערע געטראַנקען.

23) אחרי רבים להטות (אכריי ראַבים לעהאטויס) — באַשטימען לויט דער מערהייט. דאָ: טון, ווי אַלע טוען.

24) בעס (פראנצ.) — ווען דער קורס פון ווערט-פּאַפּירן פאַלט אפּ דער בירזשע.

25) יום רביעי (יוים רעוויִי) — דער פערטער טאָג, מיטוואָך (ניט דינסטיק).

26) פלאו (דײַטש.) — שוואַך, שלאַבעריק.

27) סטעלאַזש (פראנצ.) — בירזשע־אָפּמאַך, נאָך וועלכן אײנער פון די צדדים האָט רעכט צו קויפן אָדער פארקויפן ווערט־פּאַפּירן לויט א פריִער־אײַנגעשטעלטן קורס.

28) אייץ האדאַאַס — בוים פון וויסן. דאָ: „פארזוכט פונעם אייץ־האדאַאַס" — פאַר־זוכט דעם טאַם פון א קערבל.

29) צער און רפּוי און שבת און בושת (צאַר און ריפּוי און שעוועס און בוישעס) — (נאָך דער גיבל. ווען איינער צעמאַזיקט דעם צווייטן, דאַרף ער אים באַצאָלן פאַרן ווייטיק, פארן היילן זיך, פארן ליידיקגיין און פארן בּיזאָיען. דאָ: צאָלן פאַר אַלצדינג, פאַר יעדעס פּיצעלע.

30) גרעצק — גרעטשעסקע, גריכישע גאַס אין אָדעס.

31) עפרות זהב (אפרויס זאָהאָיו) — גאָלדענע ערד. דאָ: ראיעל, ווי גאָלד.

32) וואַריאַציאָנען — פארשיידענע בירזשע־קאָניונקטורן.

33) נותן בצימבל הולך בטענצל (נויסן בעצימבל הוילעך בעטענצל) — (שפּריכוואָרט) אַז מע גיט אין צימבל ארײַן (אַז מע באַצאָלט די קלעזמער), גייט מען א טענצל; אַז מע שמירט, פאָרט עס.

34) קורטאַזש (פראנצ.) — קאָמיסיאָן, מעקלערײַ־געלט.

35) שמיטע — זיבעטער יאָר. איינמאָל אין א שמיטע — איינמאָל אין זיבן יאָר; זייער זעלטן.

36) בראָש — זע „אסיפע" נומ. 5.

37) „יחדיו" (יאַכדאָוו) — צוזאַמען; שותפעס.

38) מאַלאָסוי — זײַן קאָוועד, זײַן כשיוועס. א העפלעכע ווענדונג־פאָרם.

39) לכבוד בעלי הנגיד המפורסם החכם מופלג מהור"ר מנחם מענדל נ"י (ליכוויד באַלי האַנאָגיד האַמעפורסעם האַכאָכעם מופלעג מוירײנו האַראַוו רעב מענאַכעם מענדל ניירוי יאָיר) — צום כּאָשעווןּ מאַן מײַנעם, דעם באַוווּסטן, דעם באַרימטן כאָכעם רעב מענאַכעם־מענדל, זײַן שײַן זאָל לײַכטן (זע „דאָקטער" נומ. 3.).

40) זוגתי הצנוע (זוגאָסי האַצנוע) — מײַן פרומע (ערלעכע) ווײַב.

41) זכר צדיק לברכה (זייכער צאַדיק ליוורואָכאָ) — געבענטשט זאָל זײַן דער אָנדענק פונעם צאַדעק. (א פראַזע, וואָס רעליגיעזע יִידן פלעגן זאָגן בעיסן דערמאָנען א געשטאָרבענעם).

42) ר"ן (ראַן) — 250 (ר — 200, נ — 50 = 250).

43) ת"ק (טאַק) — 500 (ת — 400, ק — 100 = 500).

44) מקום פורעניות (מאָקעם פורעניעס) — אַן אָרט פון אומגליקן, אַ פאַרשאָלטן אָרט.

45) לעוילעם וואָעד — אױף אײביק.

46) מאַמאַן (פראַנצ.) — מאַמע.

47) הוב — אויסשטײער; קאַלע־קלײדער.

48) עדוקאַציע — דערציִונג, דערציִערעץ.

49) קוימעמיִוס — באַנקראָט. (אַבּרעוויִאַציע פון אַ געוויסער גראָבער פראַזע, וואָס אַמאָליקע סאָכרים פלעגן זאָגן אױף אַ באַנקראָט).

50) חצי שלי, חצי שלך (כאָצי שעלי, כאָצי שעלאָך) — אַ העלפט מײַנע, אַ העלפט דײַנע; אױף העלפט.

51) כי לאָך אױף אַ לאָך, כי לו נאה כי לו יאה" (קי לאָך אױף אַ לאָך, קי לוי נאָע, קי לוי יאָע) — ווערטער פון דער פייסעכדיקער האַגאָדע. אין טעקסט פון האַגאָדע איז ניט: „קי לאָך אױף אַ לאָך", ווי פּאָסטערנאַק „ציטירט", נאָר: „קי לעכאָ אױף לעכאָ".

52) האַלאַך לעוילאָמוי — אַוועק אין זײַן וועלט, אין זײַן רו אַרײַן; געשטאָרבן.

53) גד גדוד יגודנו (גאָד געדור יעגודענו) אַ פראַזע פונעם כומעש. גד (גאָד) דערמאָנט אינעם העברעיִשן וואָרט „גדי" (גדי) — אַ ציגעלע. פּאָסטערנאַק טײַטשט: אַז מע שערט די שאָף ציטערן די לעמעלעך.

54) אין עצה ואין חכמה ואין תבונה נגד... (אײן אײצע, וועיִן כאָכמע, וועיִן טווּנע נעגעד...) — ניטאָ (ס'העלפט ניט) קײן אײצע, קײן כאָכמע און קײן פאַרשטאַנד קעגן...

55) כולם ברורים (קולאָם ברורים) — (פון דאַוונען) אַלע זײַנען זײ צוגעקליבענע, אײנס אין אײנס. פּאָסטערנאַק טײַטשט צום גראַם: רײנע דיבּורים.

56) דבר שאי־אפשר (דאָוואָר שעי עפשער) — אַן אוממעגלעכע זאַך.

57) מײַטיוו זײַן — פאַרגיטיקן, דורכקומען.

58) באָקי — קלאָר, געניט.

59) וידבר על העצים ועל האבנים (וואַיעדאַבּער אַל האָײצים וועאַל האָאַוואָנים) — און ער האָט גערעדט אױף בײמער און אױף שטײנער. פּאָסטערנאַק טײַטשט מיט אַ ווערטל, קלוימערשט, ראַשע (קאָמענטאַטער אױף טאַנאַך) טײַטשט אַזױ: רעדט צו דער לאָמפּ.

60) לא היה ולא נברא (לוי האָיאָ וועלוי ניוורא) — דאָסזעלבע, וואָס: ניט געשטויגן, ניט געפלויגן.

61) „אני לדודי ודודי לי" (אַני לעדוידי וועדוידי לי) — (פון דער ביבל) איך געהער צו מײַן פרײַנט (צו מײַן געליבטן), און מײַן פרײַנט געהער מיר. אין קאָנטעקסט: נאָענטע מעכוטאָנים אײנער מיטן אַנדערן.

62) בקול רם (בּעקויל ראָם) — אין דער הויך.

63) „לכבוד מחותני הגביר המפורסם החכם המופלג המשכיל..." (ליכוווייד מעכוטאָני האַגוויר האַמעפורסעם האַכאָכעם האַמופלעג האַמאַסקיל...) — צו מײַן מעכוטן, דעם באַוווּסטן גוויר, דעם קלוגן מאַן, דעם מאַסקיל... (זע „אַ דאָקטער" נומ. 3).

64) „החכם המופלג מוהר"ר שמואל פּאָסטערנאַק נ"י (האַכאָכעם המופלעג מויריינו האַראַוו ר' שמועל פּאָסטערנאַק ניירוי יאָיִר) — דעם קלוגן מאַן, דעם מאַסקיל רעב שמועל פּאָסטערנאַק, זײַן שײַן זאָל לײַכטן. (זע „אַ דאָקטער" נומ. 3.).

65) החילות לנפול נפול תפול (האכילויסאָ ליגפויל, נאָפויל טיפויל) — (פינ דער בעגילע האָסטו אָנגעהויבנ פאלנ, וועסטו שוינ פאלנ אונ פאלנ.

66) שאבסע־צווינִיק — א צוואק, א פאלשער מענטש.

67). בשכבנו ובפיצקיינו (בעשאָכוויינו אוּוועפיצקיינו) — די ריכטיקע פּראזע (אינעם דאַווענען) איז: בעשאָכוויינו אוּוועקומיינו — ווענ מיר לייגנ זיכ אונ ווענ מיר שטייענ אוּפ. פאָסטערנאק אנדערשט איבער די פראזע אונ טײַטשט: אנידערגעלייגט אונ אָפּגעשמיסנ.

68) אל תצטחו בנדיבים (אל טיווטעכו בינדיווים) — (פונעמ דאַווענען) פארלאָזט זיכ ניט אפ די גוטהערציקע. פאָסטערנאק טײַטשט: קריכ ניט אינ פײַער ארײַנ.

69) „הבא להרגך, שמרגייהו נאזאר" (האבאָ לעהאָרגעכאָ שמאָרגייהו נאזאר) — די ריכטיקע פּראזע איז: האבאָ לעהאָרגעכאָ, האשקיים לעהוירגוי — קומט עמעצ דיכ הארגענענ, הארגע דו אימ פריִער. פאָסטערנאק פאראפראזירט דעמ „פאָסעק" אונ טײַטשט: האָסטו געכאפּט א פּאטש, שטעק אָפּ צוויי צוריק.

70) בור כרה ויחפרהו (בויר קאָראָ וואיאכפּערייהו) — אָנהייב פונ א פאָסעק אינ טילים. דער פאָסעק איז ריכטיק געטײַטשט, נאָר ניט שלוימע האמעלעכ האָט דאָס געזאָגט, אונ דאָס איז ניט פונ „ברכי נפשי" („ברכי נפשי" — נאָמענ פונ א קאפּיטל טילים).

71) טוביה חטא — אינ דער באמערקונג ברענגט שאָלעמ־אליכעמ דעמ ריכטיקנ טעקסט פונעמ טאלמודישנ אפאָריזמ: „טוביה חטא וזיגוד מינגד (טוויע כאָטאָ ווּעזיגאָד מינגעד) — טוויע האָט געזינדיקט אונ שלאָגנ שלאָגט מענ זיגאָדנ. בא פאָסטערנאקנ ווערט פונ זיגאָד מינגעד — זונטיק, מאָנטיק.

72) „קדירה דבי שותפא" ...— א שוטפעסדיקער טאָפּ... פאָסטערנאק מישט דאָ צונויפ שפּיקלעכ פונ צוויי באזונדערע טאלמודישע אפאָריזמענ, וואָס ענדיקנ זיכ מיט ענלעכע ווערטער („קירראָ" אונ „קאריאָ"), נאָר זיי האָבנ ניט קיינ שומ שײַכעס צווישנ זיכ. ער נעמט פונ איינ אפאָריזמ די קלאנגענ־ווערטער „קיש־קיש", וואָס זײַנענ ענלעכ צומ וואָליגער אויסשפּרוכ „קוש־קוש" (קושנ), אונ שפּעלט זיי ארײַנ אינ א צווייטנ אפאָריזמ. ס׳באקומט זיכ בא אימ: קדיירראָ דעביי שוטפאָ — אז מע הערט גיט דאָס ווײַב, איז קיש־קיש ווו די ייִדנ האָבנ גערוט.

73) זיוועג — זע „געט" נומ. 12.

74) „אם אין קמח אין לאָקשנ" (אימ איינ קעמעכ, איינ לאָקשנ) — אז ס׳איז ניטאָ קיינ מעל, איז ניטאָ קיינ לאָקשנ. פאָסטערנאקס א פאראפראזע פונעמ טאלמודישנ אפאָריזמ: „אימ איינ קעמעכ, איינ טוירע" — אז ס׳איז ניטאָ קיינ מעל, איז ניטאָ קיינ טוירע.

75) גם לי גם לך (גאמ לי גאמ לאָכ) — א ניט־פארענדיקטע פראזע פונ ביבל. די פולע פראזע: „גאמ לי גאמ לאָכ לוי ייִיע" — ניט מיר, ניט דיר.

76) מויסער מוידאָע — מעלדעט.

77) ראבויסיי — מײַנע הערנ.

78) „איוב לא היה ולא נברא" (איִעוו לוי האָיאָ וועלוי ניוורע) — איִעוו איז אפ דער וועלט ניט געווענ; די גאנצע מײַסע איז אנ אויסגעטראכטע. (איִעוו — נאָמענ פונ א ביבלישנ העלד, וועלכנ גאָט האָט געשטראָפט מיט פארלוסטנ אונ מיט פיזישע ליידנ, קעדיי אויסצופרווונ זײַנ פרומקײַט).

79) פאָרכאָ בישמאָסוי — די נעשאָמע איז אימ ארויסגעפלויגנ (פאר שרעק).

## „מאולטאָוו"

1) סטיקראַטנ — פאַרגרײַזט פונ „אַריסטאָקראַטנ".

2) קאַשר סינ — דאָזעלבע וואָס: בעסטער סאָרט, אַנ אַנטיק.

3) צום בלײַשטיפט — פאַרגרײַזט פונ „צום בײַשפּיל".

4) מע אָנו, מאָ כאיענו? — וואָס זײַנענ מיר און וואָס איז אונדזער לעבנ? וואָס פאַר אַ ווערט האָבנ מיר?

5) קאָפּלשמווינעדיקע — אַכטפּאַכיקע; זייער גרויסע, „געשוואָלענע".

6) „לישועתך קוית" (לישואָסכאָ קיוויסי) — ווערטער, וואָס פרומע ייִדנ פלעגנ זאָגנ בעייסנ געבנ אַ ניס.

7) שטרימפּ — זאָקנ.

8) מאַריכ יאָמימ וועסאָשימ זײַנ — די ריכטיקע ווינטש-פראַזע איז: מאַריכ יאָמימ וועשאָנימ זײַנ — האָבנ לאַנגע טעג אינ יאָרנ, לאַנג לעבנ. רעב אַלטער זאָגט פאַרגרײַזט (ווײַל אונטער אַביסל בראָנפנ, אָדער ער פאַראָדירט) אַנשטאָט שאָנימ (יאָרנ) — נאָשימ (ווײַבער).

9) זיווועג — זע „געט" נומ. 12.

10) מינ האשאָמאַיִמ — זע „געט" נומ. 47.

## „פאַרביטנ די יאָצרעס"

1) שמיטע — זע „יאַקנעהאָז" נומ. 35.

2) פאַרביטנ די יאָצרעס — פאַרבײַטנ איינ זאַכ אָפּ דער אַנדערער. (יאָצרעס — געוויסע טפילעס, וואָס מענ פלעגט זאָגנ בלויז אינ באַשטימטע שאַבאָסימ אונ יאָנטויוויִמ, אונ יעדעס מאָל אַנ אַנדערע. עס פלעגט דעריבער אָפט טרעפנ, אַז דאַוונער האָבנ געפּלאָנטערט אונ פאַרביטנ דידאָזיקע טפילעס).

3) סליוועק — שפּאָט-אויסדרוק אָפּ זיווועג (זיווועג — זע „געט" נומ. 12).

4) קעסעפ טאָהויר — ריינע זילבער; גוטע געלט.

## „צעזייט אונ צעשפּרייט"

1) כיבעט-האַקיִיוועס — (אינ קאָנטעקסט) געברענטע צאָרעס.

2) „פענ-דע-סיִעקל" (פראַנצ.) — סאָפּ (אונטערגאַנג) פונ יאָרהונדערט. מיט אָט דעמ טערמינ באַצייכנט מענ געוויינלעכ די צײַט סאָפּ 19-טנ יאָרהונדערט. „אַ גרושע פענ-דע-סיִעקל" — אַ גרושע (אַ געגעטע) מיט זיטנ פונ אַ הײַנטוועלטיקער פרוי; אַ לעבע-פרוי, וואָס האָט אַ פרײַענ קוק אָפּ פאַמיליענ-לעבנ.

3) פעטשענע-וואַרענע — שפּאָט-אויסדרוק אָפּנ ווײַבערשנ רעליגיעזנ סייפער „צענע-אורענע".

4) „מאָנטע-קאַרל" — פאַרגרײַזט פונ „מאָנטע-קאַרלאָ".

5) רייִשיס-כאָכמע — צום אַלעמ ערשטנ.

6) פוסטעקראַט — פאַרגרײַזט פונ „אַריסטאָקראַט".

7) ראַמבאַמ (רמב"ם) — אַבריעוויִאַציע פונ ראַבי מוישע בענ מײַמאָנ — אַ ייִדישער פילאָסאָפ אונ מעדיצינ-וויסער אינ 12-טנ יאָרהונדערט.

8) אַרבעה יסורות (אַרבאָאָ יעסוידעס) — פיר עלעמענטנ.

9) רוח, מים, אש, עפר — (רואַך, מאַים, אייש, אָפאָר) — לופט, וואסער, פייער,

10) אריכאס יאָמימ — לאַנגע יאָר.

11) זייכער צאַדיק ליווראָכאָ — זע „יאקנעהאָז" נומ. 41.

12) „באל האשויר שענאָגאַכ" — מעכאבער פונעם סייפער „האשויר שענאָגאַכ".

13) מיר זענען ניט גוירעס — מיר אנערקענען ניט.

14) מסית ומדיח (מייסיס אומאַדיעכ) — רעדט־צו צו שלעכטס, פירט אראָפּ פונ גוטנ וועג.

15) דוחק את השעה זיינ (דויכעק עס האשאָ זיינ) — איילנ, אונטערטרייבנ.

16) זכוסוי יאָגיינ אָליינו — זיינע גוטע מייסימ זאָלנ אונדז בײַשטיינ. (א פראזע, וואָס רעליגיעזע ייִדנ פלעגנ זאָגנ בעייסנ דערמאָנענ א געשטאָרבענעם).

17) טארנעגויל — האָנ.

18) אריינ ווי קוירעכ — אייַנגעזונקענ ווערנ אינ דר'ערד.

19) שאָלעמ־באַיס — הויז־פרידנ, רויִק פאמיליענ־לעבנ.

20) בואי בשלום (בויִ בעשאָלעמ) — מאכט א „בויִ בעשאָלעמ" — פארנויגט זיכ (זע „יאקנעהאָז" נומ. 9).

21) איעווס צאָרעס — צאָרעס, וואָס קומענ איינע נאָכ דער אנדערער. (איעוו — זע „יאקנעהאָז" נומ. 73).

---

# אינהאלט